# סאבינע



ראמאן

פון א קראנקן־שוועסטער

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 51

— אייער גליק... — האָט דייוויד גערעדט מיט אַ דראָענדיקן טאָן צו הערמאַנען — ווען נישט מיין כלה... וואָלט איר באַלד געפּלעגן מיט אַ צעשמעטערטן קאָפּ, ווי אַ משוגענער הונט.

דייוויד האָט זיך צוריק געזעצט אויף זיין אָרט.

— ביי אונדז אין אַמעריקע צערעמאָניעוועט מען זיך ווייניק מיט אַזאַ פּאַרשוין, ווי איר. — האָט דייוויד פאַרענדיקט — איך גיב אייך דעריבער אַ גוטע עצה: צו האַלטן די צונג צווישן די ציין...

הערמאַן האָט געציטערט פון שרעק... ער האָט זיך אָבער אויסגעגלייכט און מיט אַ שטאָלצער מינע אַ זאָג געטאָן:

— עס שטייט מיר גאָרנישט אָן זיך מיט אייך אויסצוטענהען... איך וויל אייך גאָרנישט ענטפערן...

ער האָט זיך אויסגעדרייט און אָן אַ „גוטן טאָג" זיך שנעל אָפּגעטראָגן...

פּאַר אַלעמען האָט ער געכאַפּט אַן אויטאָ און איז אַוועק צו דער באַנק... ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך אויף זיין קאָנטע צוויי טויזנט דאָלאַר. די לעצטע.

אָבער אויך דאָס איז פּאַר אים געווען אַ טרייסט, ווייל ער האָט פריער געמיינט, אַז ער האָט שוין גאָרנישט.

„דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איך קאָן נאָך אָפּראַטעווען"... — האָט ער געטראַכט.

ער האָט אויסגעשריבן אַ טשעק און אַרויסגענומען די צוויי טויזנט דאָלאַר...

ווען ער איז אַרויס פון באַנק מיט די צוויי טויזנט דאָלאַר אין דער קעשענע, האָט ער זיך ערשט גענומען אָפּגעבן אַ רעכענונג וועגן דעם, וואָס מיט אים איז איצט פאָרגעקומען.

„אָהאָ... — האָט ער געטראַכט — נאָך אַזאַ שאַנס וועל איך אַזוי שנעל נישט געווינען... און איך האָב אַלץ באַגראָבן"...

ער איז איצט אין כעס געווען אויף זיך אַליין און אויף דער גאַנצער וועלט...

„ביסט אַ טויגעניכטס... — האָט ער זיך אַליין פאָרגעוואָרפן — אַ בהמה ביזטו... האָסט געהאַט אַזאַ אוצר אין דער האַנט און דער פּיפּיקער מיסטער גאָלד האָט דיר אים אַרויסגענומען"...

„אייזל איינ.ער דו... שלימזל"!... — האָט ער זיך געזידלט — „ביזט דיר אליין אין אַלעם שולדיק... אַ מיליאָנען־פאַרמעגן האָסטו

פאַרפושט"...

„איך וואָלט דאָך אַלע מיינע יאָרן געקאָנט לעבן אין רייכ־קייט און אין לוקסוס... און איצט?"...

„איצט איז אַלץ צעשטערט און צעבראָכן".

„ס'איז פאַרשוווּנדן ווי א שיינער חלום"...

„אַלע מיליאָנען, אַלע פריידן, וואָס אַזאַ רייכקייט קאָן געבן זענען אַריבער אין די הענט פון דעם דאָזיקן פאַרהאַסטן מיפּטער גאָלדי!"...

„דער טייוול זאָל עס נעמען!...

פלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט אָן מאַרילען.

„דאָס איז זי דאָך שולדיק אין אַלעם!"...

זי האָט זיך אָן מיר נוקם געווען אויף אַ שרעקלעכן אופן...

זי האָט מיך צעשמעטערט...

„און איך וועל איר דאָס שווייגן?"... ניין!

ער האָט איצט געברענט פון נקמה־דורשט...

„איך וועל איר נאָך ווייזן, אַז איך קאָן אויך נקמה נעמען!"... — האָט ער צונויפגעביילט די פויסטן פון צאָרן.

זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט מיט אַ רשעותדיקן פייער, ווייזט אויס, אַז אין זיין מוח איז געבוירן געוואָרן אַ נקמה־פּלאַן קעגן מאַרילען...

קאַפּיטל זיבן און זעכציק

## די געמיינע אינטריגע

ווען פּאַלע בערמאַן האָט פאַרלאָזט ליזען, האָט ליזע ערשט פרייער אָפּגעאָטעמט...

„אפשר וועט זי מער שוין נישט קומען צו מיר"... — האָט ליזע געטראַכט מיט צופרידנקייט.

מ'האָט ווירקלעך געדאַרפט זיין אומפאַרשעמט ביז גאָר, כדי נאָכאַמאָל צו קומען, נאָכדעם, ווי ליזע האָט פּאָלען געגעבן אַזאַ אָפּשניט.

ווי גרויס איז דעריבער געווען ליזעס פאַרווונדערונג, ווען באַלד צומאָרגנס איז פּאָלע ווידער צו איר געקומען מיט אַ וויזיט...

„איך וועל זי איצט אַזוי אָפּגיסן מיט קאַלט וואַסער, אַז זי וועט מיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל צורו לאָזן!" — האָט ליזע געטראַכט.

אָבער ווען פאָלע איז צוגעקומען אַביסל נעענטער, האָט ליזע באַמערקט מיט שרעק, אַז פאָלעס רעכטע האַנט איז באַנדאַזשירט און אירע אויגן זענען פול מיט טרערן...

ליזע איז באַלד פול געוואָרן מיט רחמנות און מיטגעפיל צו פאָלען.

„וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט ליזע געטראַכט און עס האָט איר פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

איר גוט האַרץ האָט נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק צו יענעמס אומגליק. האָט יענער איר געמעגט זיין ווי נישט סימ־פּאַטיש...

נישט געקוקט אויף ליזעס באַשלוס, אויפצונעמען פאָלען קאַלט און פרעמד, איז זי איר אַנטקעגנגעלאָפן און פול מיט זאָרג גענומען אויספרעגן:

— וואָס איז דיר געשען, פאָלעשי? וואָס גייסטו עפּעס פאַר־באַנדאַזשירט?

— דו ווונדערסט זיך, מסתמא, וואָס איך בין אַזוי שנעל ווי־דער געקומען צו דיר... — האָט פאָלע אָנגעהויבן — גלויב מיר, איך האָב נישט געוואָלט דיר זיין צו לאַסט...

— ווי פאַלסטו אויס, פאָלע?... — האָט זיך ליזע פאַרענטפערט — ביסט ביי מיר אַ גאַנץ אָנגעלייגטער גאַסט.

— איך בין איצט מער נישט געקומען וועגן געלט... איך פאַרשטיי, אַז דו קאָנסט עס מיר נישט טאָן ביי דיין בעסטן ווילן...

— אָבער וואָס איז מיט דיר געשען? — האָט ליזע נאָכאַמאָל געפרעגט. — דו האָסט זיך אין אַלץ מודה געווען פאַר דיין חתן?

— יאָ...

— נו, און ער האָט דיר מוחל געווען, ניין?

פאָלע האָט פאַרדעקט מיט אַ טיכעלע אירע אויגן און זי האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול:

— אַך! דו קענסט אים נישט; ער איז געווען שרעקלעך איך כעס און ער האָט מיך אַרויסגעטריבן.

— אַרויסגעטריבן?!... וואָס רעדסטו".

— צווישן אונדז איז אַלץ געענדיקט!... — האָט פאָלע געכליי־

פּעס.

— „דו זאָלסט מער מיין שוועל נישט איבערטרעטן!" — האָט ער געשריגן.

— דאָס איז דאָך אומדערהערט! — האָט ליזע אויסגערופן — האָסט נישט גערעדט צו זיין געוויסן, נישט געגעבן אים צו פאַר־שטיין?...

— ער האָט מיר גאָרנישט געוואָלט אויסהערן... „אַרויס!" — האָט ער געשריגן, „אַרויס!"... ער האָט מיך געכאַפּט פאַר דער האַנט און אַרויסגעשטופּט אין דרויסן אַרויס...

— אָבער ווי אַזוי קאָן מען דאָס? — האָט ליזע אַלץ נישט געקאָנט זיך גלויבן.

— דו קענסט נישט אַדאַמען... אַז ער קומט אין כעס אַריין, ווערט ער פּשוט ווילד...

— וואָס פאַר אַ מענטש איז דאָס עפּעס?

— ער האָט מיך מיט כוח אַרויסגעשטופּט פון שטוב אַרויס... און ווען איך האָב זיך געוואָלט צוהאַלטן ביי דער טיר, האָט ער זי פאַרקלאַפּט און מיר איינגעקלעמט די פינגער...

— דאָס איז דאָך שרעקלעך!... און אַז ער האָט דאָס געזען, איז ער אַלץ נישט ווייכער געוואָרן?...

— גיי שוין, גיי... פריער האָט ער זיך אויסגעלאַכט.. „ס'איז דיר גאָרנישט" — האָט ער געזאָגט... אָבער באַלד האָט ער דערזען, ווי עס רינט פון מיר דאָס בלוט...

— נו, דאָס האָט אים שוין יאָ גערירט?...

— ער האָט מיר דאַן צוגעוואָרפן טויזנט פראַנק און געהייסן גיין צו אַ דאָקטאָר...

— נו, גאָרנישט... דאָס איז אַלץ...

— און ער האָט דיך אַרויסגעטריבן אויף הפקר, אָן געלט און אָן אַלץ?

— ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט טלאָזן אין דער באַנק פינף טויזנט פראַנק אויף מיין נאָמען... און מער וויל ער פון מיר נישט וויסן...

— איך פאַרשטיי נישט... — האָט ליזע זיך געוווּנדערט — אויב שטיינזאַלץ האָט דיך ליב, ווי אַזוי קאָן ער זיין אַזוי ברוטאַל צו דיר?...

— זעסט דאָך...
— אפשר... איך ווייס פון גאָרנישט...
— אפשר איז ער אייפערזיכטיק? דו ווייסט נישט? אַן אייפער־זיכטיקער מאַן איז אַזוי ווי אַ טיגער...
— איך בין גאָרנישט שולדיק...
— אָבער עפּעס איז געשען?... — האָט ליזע געפּרווט.
— איך וועל דיר דערציילן דעם גאַנצן אמת און זאָג דו אַליין, צי איך בין עפּעס שולדיק. ווען איך בין נעכטן אַוועק פון דיר, בין איך אַוועק אין קאַסינאָ.
— ווידער אין קאַסינאָ?...
— איך בין דאָך געווען צעבראָכן און פאַרצווייפלט... כ׳האָב נאָך געהאַט עטלעכע פראַנק, האָב איך זיך געטראַכט: כ׳וועל פּרווון מיין מזל. נישט איינער איז דאָ רייך געוואָרן.
— נו? און וואָס איז געשען?
— ביי דער ערשטער רונדע האָב איך פאַרשפּילט די פּאָר פראַנק... אַ פאַרצווייפלטע האָב איך זיך אויפגעשטעלט און זיך גע־גרייט צו פאַרלאָזן די קאַסינאָ. פּלוצלונג...
— איז אָנגעקומען דיין חתן... יאָ? — האָט ליזע געפּרווט טרעפן.
— ניין... פּלוצלונג איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגער, עלעגאַנ־טער הער...
— „גנעדיקעס פריילין", — האָט ער זיך געווענדעט צו מיר, — „דערלויבט אייך אַרויסצוהעלפן"...
— איך האָב אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס און אים דערקלערט:
— איך דאַנק אייך זייער, מיין הער. איך נעם נישט קיין געלט ביי אומבאַקאַנטע...
— ער האָט זיך דאַן העפלעך פאַרנויגט און זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר: „יאקוב מילשטיין, אַדוואָקאַט פון וואַרשע".
— נו? — האָט ליזע געפרעגט.
— ער איז אַהערגעקומען פאַרברענגען די זומער־וואַקאַציעס. — האָט ער דערקלערט.
— און וואָס איז ווייטער געשען? — איז שוין ליזע געוואָרן אַביסל אומגעדולדיק.

— ער האָט גערעדט אַזוי פיין און איז געווען אַזוי העפלעך...
נו?
— איך האָב איינגעשטימט, אַז ער זאָל מיר אַרויסהעלפן...
— נו? וואָס איז געוואָרן?
— איך האָב פאַרשפּילט עטלעכע טויזנט פראַנק פון זיין געלט... אָבער אים האָט עס גאָרנישט געאַרט... ער האָט מיך נאָך געטרייסט און... ער האָט מיר צוגעגעבן טויזנט פראַנק...
— און דו האָסט גענומען?... — האָט ליזע געפרעגט, פּילנדיק, אַז אירע באַקן ווערן רויט.
איך האָב נישט געוואָלט... כ'האָב זיך אָבער דערמאָנט, אַז איך בין אָן אַ גראָשן און... כ'האָב גענומען. אָבער פּלוצלונג...
פאָלע האָט איבערגעריסן איר דערציילונג און זיך צעהעשעט אויפן קול...
— שטעל דיר פאָר, — האָט זי דערנאָך ווייטערס דערציילט, כליפּענדיק, — איך האָב זיך דערשראָקן, ווען איך האָב פּלוצלונג נעבן זיך דערזען אַדאַמען... ווי אַ דונער וואָלט אַראָפּגעפאַלן אין מיטן העלן טאָג...
— נו? וואָס האָט ער געזאָגט?
— איך בין געבליבן שטיין ווי אַ צעשמעטערטע... ער האָט מיך אָנגעקוקט, ווי אַ מערדער.. דערנאָך האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם אַדוואָקאַט:
— „מיט וואָס פאַר אַ רעכט אינטערעסירט איר זיך אַזוי שטאַרק מיט מיין כלה און איר שענקט איר אַזש געלט?...
— דער אַדוואָקאַט איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן:
— אַנטשולדיקט מיר זייער... איך האָב נישט געוווסט, אַז ס'איז אייער כלה...
— ער האָט זיך פאַרנויגט און איז אַוועק... אַ דאַנק דעם איז אַרויסגעקומען דער גאַנצער סקאַנדאַל... אהיימקומענדיק אין האָטעל, האָט אַדאַם מיר געמאַכט די אמתע אייפערזוכטס־סצענע...
— נו, זעסט שוין! — האָט ליזע געזאָגט — איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט אייפערזוכט.
— ווען ער איז נאָך דערצו געוווּיר געוואָרן וועגן די פאַרשפּיל־טע צען טויזנט פראַנק, האָט ער מיך אַרויסגעטריבן...

— דו האָסט שוין לאַנג מסתּמא געשעפּטן מיט דעם דאָזיקן פֿאַרשוין, — האָט ער געשריגן — דו פֿאַרראַדסט מיך מסתּמא מיט אַן אַנדערן!...

— קיין שום אויפֿקלערונגען און פֿאַרענטפֿערונגען האָט ער נישט געוואָלט הערן. איך שווער דיר אָבער, ליזע, אַז איך בין גאָט די נשמה שולדיק..

ליזע האָט געקוקט מיט רחמנות אויף דער פֿאַרצווייפֿלטער פֿאָלען.

און וואָס רעכנסטו איצט צו טאָן? — האָט ליזע געפֿרעגט.

— איך ווייס?... — האָט פֿאָלע געכליפּעט.

— אָבער דאָך?

— אויב איך וועל נישט קענען איבערבעטן אַדאַמען, וועל איך זיך אַריינוואַרפֿן אין ים אַריין... איך קאָן אָן אים נישט לעבן!

— אָבער, באַרואיק זיך פֿאָלע!

— ניין ליזע. מיין לעבן האָט אָן אים סיי־ווי קיין ווערט נישט. נעבן אים בין איך געווינט געוואָרן צו אַ רייך לעבן. איך קאָן שוין נישט צוריק ווערן קיין מאַשין־שרייבערין, וואָס פֿאַרדינט פֿופֿציק זלאָטעס אַ חודש.

— מען מוז זיך אָבער צופּאַסן צום שיקזאַל... — האָט ליזע זיך אָנגערופֿן.

— ניין. איך וויל בעסער שטאַרבן. האָט פֿאָלע געכליפּעט.

— איך פֿאַרשטיי דיך, פֿאָלע. איך וואָלט דיר אויך גערן געהאָלפֿן, ווען איך וואָלט געקאָנט, — האָט ליזע געזאָגט מיט אויפֿריכטיקן מיטגעפֿיל.

— טייערע ליזע! — האָט פֿאָלע אָנגעכאַפּט אירע הענט — נאָר דו אַליין קאָנסט מיר העלפֿן!

—איך?... זאָג מיט וואָס?

— איך וויל איבערבעטן אַדאַמען!

— נו, ווילסט, אַז איך זאָל גיין צו אים?...

— ניין. איך וויל אים אָנשרייבן אַ בריוו. אים דערציילן וועגן מיין גרויסער ליבע צו אים און וועגן מיינע ליידן... אפשר וועט דאָס ווייך מאַכן זיין האַרץ... איך וואָלט אַליין געשריבן, אָבער מיט דער פֿאַרוואונדעטער האַנט קען איך נישט...

— אַלזאָ, וואָס פֿאַרלאַנגסטו?

— דו זאָלסט אַזוי גוט זײַן און מיר אָנשרײַבן דעם בריוו.
ווי אַזוי האָט עס גאָר ליזען געקאָנט אײַנפאַלן, אַז פּאָלע וועט אַזוי אַרום אַ טײַוולאָנישע נעץ אונטער אירע פֿיס?

— ביטע, — האָט ליזע אײַנגעשטימט, — איך וועל עס דיר גערן טאָן...

ליזע האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר שרײַבטיש. פּאָלע האָט איר דיקטירט:

„מײַן טײַערער, מײַן אײנציקער אַדאַם!

איך בין נעכטן אַרויס פֿון דיר אַ באַליידיקטע און אַ צעבראָכענע, האָב איך זיך געוואָלט וואַרפֿן אין ים אַרײַן.

מײַן לעבן אָן דיר האָט סײַ־ווי קײן ווערט נישט.

צי קאָן מען דען לעבן אָן דער זון? אָן איר וואַרעמקייט און ליכט?

דו ביזט די זון אויף מײַן הימל. אָן דיר איז מײַן לעבן פֿינצטער און קאַלט.

איך בין געשטאַנען אויפֿן ברעג פֿון ים און באַטראַכט זײַנע שטורמישע כוואַליעס.

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זײ ווינקען צו מיר און רופֿן מיך: קום צו אונדז...

איך האָב שוין געוואָלט אַ שפּרונג טאָן און מאַכן אַ סוף צו מײַנע טיפֿע לײדן.

אָבער אַן אינערלעכע שטים האָט זיך אָנגערופֿן אין מײַן האַרץ: גײ, פּרוּוו נאָכאַמאָל צוריקגעווינען דײַן גליק...

אַדאַם טײַערער! האַרציקער מײַנער!

דו ביזט קעגן מיר נישט גערעכט געווען! צי קענסטו צווייפֿלען אין מײַן לײדנשאַפֿטלעכער ליבע צו דיר?

איך בין באַגאַנגען אַ פֿעלער. איך האָב קעגן דײַן ווילן אײנמאָל געשפּילט אויף דער רולעטקע.

אָבער צי קומט פֿאַר אַזאַ קלײן פֿאַרברעכן אַזאַ שווערע שטראָף? צי דאַרף איך דערפֿאַר פֿאַרלירן מײַן יונג לעבן?

באַרעכן זיך, ליבער! זײ מיר מוחל דאָס אײנע מאָל. איך וועל שוין קײנמאָל נישט טאָן קײן שום זאַך קעגן דײַן ווילן.

דײַן אײפֿערזוכט צום ה׳ מ. איז אָן אומבאַגרינדעטע. דער דאָזיקער הער איז מיר אינגאַנצן גלײַכגילטיק. ווי קומט ער צו דיר? כאָטש ער איז זײער רײַך און זאָגט מיר צו גליקלעך צו

מאַכן, ווען איך וועל ווערן זיין פרוי, ביז איך צו אים אינגאַנצן גלייכגילטיק.

איך שעץ אים טאַקע, ווייל ער האָט מיר אַרויסגעהאָלפן אין אַ נויט. מיין האַרץ געהערט אָבער נאָר צו דיר.

זאָל דיר דער ה׳ מ. נישט אינטערעסירן. ער איז ווייט און מיר זענען נאָענט צווישן זיך.

שענק מיר ווידער דיין ליבע! איך חלש נאָך יענע זיסע נעכט פון ליבע און ליידנשאַפט, וועלכע איך האָב איבערגעלעבט צוזאַמען מיט דיר...

די דאַזיקע נעכט קען איך נישט פאַרגעסן און איך וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

גערדענקסטו יענע וווּנדערבאַרע נעכט?...

דערמאָן זיך און דו וועסט מיך צוריקרופן צו זיך...

אַדאַם איינציקער מיינער!

דו האָסט מיך געלערנט, וואָס עס הייסט אַזעלכעס אמתע ליבע, דו האָסט אויפגעוועקט אַלע מיינע ליידנשאַפטן און דו האָסט מיר געגעבן דאָס העכסטע גליק...

נעם ביי מיר נישט צו דיין ליבע, ווייל זי איז מיין לעבן!

וואָס פאַראַ ווערט האָט ער פאַר מיר אינגאַנצן אַקעגן איין דרוק פון דיינע שטאַרקע אָרעמס!

אַדאַם טייערער!

זיי מיר מוחל און קום צו מיר. איך וואַרט אויף דיר מיט אָפענע אָרעמס, פול מיט בענקשאַפט.

פאַרלאָז מיך נישט, ווייל איך קען אָן דיין ליבע נישט לעבן!

אינגאַנצן דיינע".

פאָלע האָט דעם בריוו דיקטירט פּאַמעלעך, געוואויגן און געמאָסטן יעדעס וואָרט. זי האָט יעדע ווייל זיך פאַרטראַכט.

ס׳איז פאַר פאָלען געווען נישט אַזאַ לייכטע אַרבעט צו געדענקען אויסנווייניק דעם גאַנצן בריוו, וועלכן זי האָט אויסגעטראַכט צוזאַמען מיט אַדאַשן...

אָנגעשריבן האָט פאָלע געזומען ביי ליזען דעם בריוו און אים איבערגעלייענט.

— איך דאַנק דיר זייער, טייערע ליזע! — האָט זי געזאָגט — אונטערשרייבן וועל איך אים שוין אינדערהיים, ווען איך וועל מיר

אויפבינדן די פאַרוואונדעטע האַנט.

— גוט, גוט. דו ווילסט אפשר צו אַ קאָנווערט? — האָט ליזע געפרעגט.

— איך בעט דיך זייער. שרייב מיר טאַקע באַלד אויף דעם אַדרעס. — האָט פאָלע געבעטן.

ליזע האָט אַריינגעלייגט דעם בריוו אין אַ קאָנווערט, אָנגעשריבן דעם אַדרעס און דעם בריוו דערלאַנגט פאָלען.

פאָלע האָט אַריינגעלייגט דעם בריוו אין איר האַנט־בייטל און אַ פרעג געטאָן:

— און ווי מיינסטו, ליזע? דער בריוו וועט אַדאַמען ווייכער מאַכן?

— איך מיין, אַז יאָ. — האָט ליזע געענטפערט. זי האָט דערביי געפילט אַ שטאַרקן ווידערווילן צו פאָלען.

„דער גאַנצער בריוו איז נישט מער ווי אַ קאָמעדיאַנטיש שטיקל“ — האָט ליזע געטראַכט.

עס האָט איר באַנג געטאָן, צו וואָס זי האָט צוגעטאָן אַ האַנט דערצו. ס'איז אָבער שוין געווען פאַרפאַלן.

פאָלע האָט קוים באַהאַלטן איר גרויסע צופרידנהייט:

„דאָס שטיקל אַרבעט איז מיר געלונגען!“... — האָט זי געטראַכט — „דאָס ווייבעלע ווייסט אַליין נישט, אַז זי איז שוין פאַרפלאָכטן אין דער נעץ.

פאָלע האָט שוין געהאט דאָס איריקע אָפּגעטאָן. זי האָט אַלזאָ געדאַנקט ליזען פאַר דער גרויסער טובה, זיך געזעגנט און אַוועק.

ווי נאָר זי האָט זיך אַביסל דערווייטערט פון דער ווילע, ווו ליזע האָט געוווינט, האָט זי אַראָפּגענומען דעם באַנדאַזש פון דער האַנט.

איר האַנט איז געווען גאַנץ גוט און געזונט...

דערנאָך איז זי אַריין אין אַ קראָם פון שרייב־מאַטעריאַלן און זיך געהייסן געבן אַ פלעשעלע בלויען טינט — אזעלכן, ווי דער, וועלכן ליזע האָט באַנוצט.

זי איז אַהיימגעגאַנגען אַ פריילעכע און אַן אויפגעמונטערטע.

אַריינגעקומען, איז איר אַדאַש אַקעגנגעלאָפן:

— נו? עס איז דיר געלונגען? — האָט ער געפרעגט.

— אָט האָסטו דעם בריוו!.. האָט פאָלע זיגעריש געשמייכלט.

— צווישן ליזען מי טמאָרגענטאַלן איז שוין אויס... קאָנסט שוין זיכער זיין...

אַדאַש האָט גענומען דעם בריוו, אים אויפמערקזאַם דורכ־געזיכט.

אָבער דאָס שטיקל „אַרבעט איז נאָך נישט געווען אָפּגעטאָן אינגאַנצן: מען האָט נאָך געדאַרפט אונטערשרייבן דעם בריוו מיט ליזעס אונטערשריפט...

ווען ליזע האָט פאָלען געגעבן איר אַדרעס ביי זייער ערשטער באַגעגעניש, האָט זי אים אויפגעשריבן אויף דער איינטריטס־קאַרטע אין דער קאָסינאָ.

אויף דער קאַרטע האָט זיך געפונען ליזעס אונטערשריפט.

אַדאַם האָט אַוועקגעלייגט דאָס קאַרטל אויפן טיש און גענומען נאָכמאַכן ליזעס אונטערשריפט, אז זי אַליין וואָלט נישט דערקאָנט, אַז ס'איז נישט איר אייגענע.

איצט האָט ער שוין דעם בריוו געקאָנט אונטערשרייבן.

אין אַ מינוט אַרום האָט פון בריוו שוין אַראָפּגעקוקט די אונ־טערשריפט „ליזע”...

איצט האָט פאָלע צוגעשריבן נאָך אַ בריוו צו אַדאָלף מאָר־גענטאַלן און זי האָט ביידע בריוו אַריינגעוואָרפן אין פאָסט־קעסטל.



אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט פון גאָרנישט.

ווי אַזוי האָט ער געקענט וויסן, וואָס פאַר אַ געמיינע אינ־טריגע עס ווערט דאָ געוועבט קעגן דער אומשולדיקער ליי־זען.

ער האָט איבערגעלייענט פאָלעס בריוו איין מאָל און נאָכאַמאָל און איבעראַמאָל...

ער האָט נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויגן... אָבער דער בייגעלייגטער בריוו מיט ליזעס האַנטשריפט געשריבן — האָט ביי

אים אַרויסגענומען יעדן צווייפל...

„זי פאַרראַט מיך"... — האָט ער געטראַכט און געקריצט מיט די ציין — „די דאָזיקע כלומרשט באַשיידענע פרוי איז גאָרנישט בעסער פון מאַרילען"...

אָט וואָס פּאָלע האָט געשריבן אין איר בריוו:

„געערטער הער אַדאָלף מאָרגענטאַל!

אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך שרייב צו אייך וועגן אַ זאַך, וואָס וועט אייך פאַרשאַפן גרויס ווייטאָג. איך בין אויך אַן אומגליקלעכע און אַ שותּפטע צו אייערעליידן..

איך האָב זיך לאַנג נישט געקאָנט אַנטשליסן צו אייך צו שרייבן וועגן דעם, ווי אייער כלה דזשעני גליקסאָן פאַרראַט אייך.

איר דאַרפט מיך געדענקען. איך הייס פּאָלע בערמאַן. איך האָב ביי אייך געאַרבעט און צוליב ליזעס פּליאָטקעס האָט איר מיך באַזייטיקן פון פּאָסטן.

דערנאָך האָב איך זיך באַקענט מיטן לאָדזשער פאַבריקאַנט אַדאַם שטיינזאַלץ, וועלכער האָט זיך פאַרליבט אין מיר און באַשלאָסן מיט מיר חתונה האָבן.

פאַרברענגענדיק אין מאָנטע־קאַרלאָ, האָב איך זיך באַגעגנט מיט ליזע גליקסאָן. איך האָב זי באַקענט מיט מיין חתן.

מיין חתן איז איר באַלד שטאַרק געפעלן געוואָרן, אָבער ווען האָט געזאָלט איינפאַלן, אַז זי וועט אים באַלד אַריינ־פלעכטן אין איר נעץ?

פּלוצלונג האָב איך באַמערקט, אַז מיין חתן ווערט צו מיר פון טאָג צו טאָג אַלץ קעלטער און גלייכגילטיקער.

גאַנצע טעג האָט ער פאַרברענגט ביי ליזען... איך נאָר האָב אָבער גאָרנישט חושד געווען. ביז איך האָב פּלוצלונג געפונען אין מיין חתנס קעשענע דעם בייגעלייגטן בריוו פון ליזען.

ס'איז פאַר מיר געווען, ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג.

דער בריוו זאָגט עדות, אַז זיי זענען אין די נאָענטסטע באַ־ציאונגען.

פון בריוו זעט איר, אַז זיי האָבן זיך צעקריגט, אָבער

מסתמא האָבן זיי זיך שוין איבערגעבעטן און זיי האַלטן ווייטער אונטער זייערע באַציאונגען...

אין אָנהויב האָב איך געוואָלט מאַכן מיין חתן אַ סקאַנדאַל. איך האָב זיך אָבער באַרעכנט, אַז דערמיט וועל איך גאָרנישט אויפטאָן.

זיי וועלן זיך בלויז בעסער היטן פון מיר און אַלץ וועט בלייבן ביים אַלטן.

האָב איך זיך בעסער געמאַכט נישט וויסנדיק און זאָלן זיי מיינען, אַז איך ווייס גאָרנישט און איך הער אונטער יעדן שמועס.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך אונטערגעהערט, ווי זיי שמועסן זיך אָפּ, זיך צו טרעפן אין ליזעס ווילע... דערביי האָבן זיי זיך געקושט און געהאַלדזט...

איך האָב געמיינט, אַז דאָס האַרץ פּלאַצט אין מיר פון ווייטאָג. איך האָב שוין געקלערט זיך בלוטיק נוקם צו זיין. אָבער איך האָב בעסער באַשלאָסן צו שרייבן צו אייך. אפשר וואָלט איך צוריקגענומען אייער כלה קיין וואַרשע און מיינע ליידן וואָלטן אויפגעהערט.

געערטער הער!

אויב איר ווילט זיך איבערצייגן אין דעם אמת פון מיינע רייד, קומט צו פאָרן אויף פרייטיק, דעם 13־טן דעם חודש קיין מאָנטע־קאַרלאָ.

זיבן אזייגער אָונט וועט איר ביי אייער כלה אין דער ווילע טרעפן מיין חתן אין אַ פּאָזע, וואָס וועט נישט איבערלאָזן קיין שום צווייפל...

מיט אַכטונג

פּאָלע בערמאַן

דאָס בלוט האָט אַדאָלפן אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין...

אין דער ערשטער רגע האָט ער דעם בריוו געוואָלט צערייסן און אַוועקוואַרפן אים מיט עקל.

„ליזע פאַרראַט מיך? ליזע?... ס'איז אַן אומזין!... — האָט ער געטראַכט.

ער האָט איצט געזען פאַר זיך איר זיס פּנים און דעם ריינעם, אומשולדיקן בליק פון אירע גוטע אויגן...

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די דאָזיקע אויגן בעטן זיך ביי אים:

„גלויב נישט אין דעם... זע, דאָס דאָזיקע געזיכט, די דאָזיקע אויגן קאָנען נישט פאַרראַטן“...

— ס'א ליגן? ס'א ליגן! — האָט אַדאָלף געשריגן און געלאָפן ווי אַ משוגענער פון איין ווינקל פון קאַבינעט אין אַנדערן, — ס'אַ געמיינער ליגן!...

ער האָט נאָכאַמאָל געכאַפּט דעם בריוו צו אַדאָלף שטיינזאַלץ, וואָס איז געווען געטריבן מיט ליזעס האַנטשריפט און דורך איר אונטערגעשריבן.

ס'איז דאָך אָבער דאָך איר האַנטשריפט... קען מען אַזוי נאָכמאַכן אַ האַנטשריפט...

דער צווייפל האָט מיט שנעלע טריט זיך אַריינגעשלייכט אין אַדאָלפס האַרץ.

„ליזע איז בלויז אין דיינע אויגן אַזוי ריין און אומשולדיק... דו ביזט פאַרבלענדט פון דער ליבע... און מאַרילע? האָסטו איר נישט אַמאָל פונקט אַזוי געגלויבט?...

„„אין דער ריכטיקייט פון ליזעס בריוו איז דאָך אוממעגלעך צו צווייפלען!. די האַנטשריפט — איז אירע, די אונטערשריפט — אירע.. אפילו דאָס בייגעלע פּאַפּיר איז דאָס זעלבע, וואָס אירע אַלע ביז איצטיקע בריוו... דער קאָנווערט — אויך“..

„ווי אַזוי איז מעגלעך איצט נאָך צו צווייפלען?

„און די געשיכטע מיטן צוזאַמענטרעף דעם 13־טן?... ווען דאָס וואָלט געווען אַ ליגן, וואָלט דאָך פאַלע אים נישט געהייסן קומען קיין מאַנטע־קאַרלאָ“...

איןֹ זיין האַרץ האָט געבושעוועט אַ שטורם...

די אייפערזוכט האָט אין אים געברענט, ווי אַ העליש פייער...

ער האָט געשפּאַנט אַהין און צוריק איבער זיין קאַבינעט, ווי אַ צערייצטער טיגער...

זיין פאַרצווייפלונג איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

נישט געקוקט אויף אַלע באַווייזן, וואָס האָבן דייטלעך עדות געזאָגט אויף ליזעס פאַרראַט, האָט ער אַלץ נישט געקאָנט פועלן ביי זיך, אין דעם צו גלויבן...

„ליזע האָט מיך פאַרראַטן?... ל י ז ע ״ . . .

אָבער באַלד איז געקומען די פראַגע:
„און די באַווייזן?... די קלאָרע באַווייזן?
„דאָס בעסטע איז צו פאָרן קיין מאָנטע־קאַרלאָ אויפן 13־טן און זיך אַליין איבערצייגן. — האָט אַדאָלף באַשלאָסן.
ער האָט באַלד אָנגעשריבן אַ ביטע וועגן אַן אויסלענדישן פּאַס.
„אַז איך וועל אַרויספאָרן איבערמאָרגן", — האָט טאַדאָלף געטראַכט, — וועל איך קומען דעם 13־טן צוועלף אַזייגער ביינאַכט קיין מאָנטע־קאַרלאָ"...
„פונקט אין דער רעכיטקער צייט... דעמאָלט דאַרף איך טרעפן ביי איר דעם געליבטן, אויב פּאָלע שרייבט נאָר דעם אמת.
אויפצומאָרגנס אין דער פרי האָט אַדאָלף באַקומען מיט דער פּאָסט אַ בריוו פון ליזען.
דער בריוו איז געווען מיט צערטלעכע ווערטער. זי האָט אים ווידער דערציילט וועגן איר בענקשאַפט, אַז זי קוקט שוין אויס דעם טאָג. ווען ער וועט צו איר קומען...
אָנשטאָט צו וועקן אין אים ליבשאַפט, האָט ליזעס בריוו נאָך מער פאַרשטאַרקט זייַן צאָרן און פאַרביטערונג.
אך! ווי אַזוי קאָן זי צו מיר אַזוי שרייבן, ווען זי פאַרראַט מיך טאָג טעגלעך מי טאיר געליבטן?... און דאָס איז ליזע? מיין ליזע?... גאָט אין הימל!...
טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן אַריין... אין זיין האַרץ האָט געשטאָכן אַ טיפער ווייטאָג...
ער האָט פאַרגליכן ליזעס נאָר וואָס אָנגעקומענעם בריוו מיט יענעם בריוו צו שטיינזאַלצן...
די זעלבע האַנטשריפט ... יאָ, די זעלבע
גאָט מיינער. ווי אַזוי האָט די זעלבע האַנט געקאָנט שרייבן דיביידע בריוו?"...
און זי האָט גאָרנישט קיין ציטער געטאָן?"...
די צוויי טעג, וואָס האָבן נאָך געדאַרפט געדויערן ביז דער רייזע, האָבן זיך אים אויסגעוויזן, ווי אַן אייביקייט...



דפוס אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 52

ער פלעגט זיך פֿאָרשטעלן אין זיין פֿאַנטאַזיע די ליבעס־סצענעס פֿון ליזען מיט איר געליבטן און ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט אַראָפּ פֿון זינען...

אין די נעכט איז ער געלעגן אַ שלאָפֿלאָזער און זיין צעהיצטע פֿאַנטאַזיע האָט אים געוויזן בילדער — איינס שרעקלעכער פֿונעם צווייטן...

אָט האָט ער געזען ליזען אַ האַלב-נאַקעטע, אין אירע אָרעמס האַלט זי דעם קאָפּ פֿון איר געליבטן... זי באַדעקט זיין געזיכט מיט קושן און שעפּטשעט צו אים הייסע ווערטער מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם...

אָט זעט ער, ווי דער געליבטער קלאַמערט זי אַריין אין זיינע פֿעסטע, מענלעכע אָרעמס... ווי זיינע ליידנשאַפֿטלעכע הענט בלאָנדזשען איבער די קיילעכדיקע פֿאָרמען פֿון איר פּרעכטיקן קערפּער...

אינדערפֿרי פֿלעגט ער אויפֿשטיין אַ מידער און אַ צעבראָכענער...

זיינע אויגן זענען געווען רויט פֿון נישט דערשלאָפֿן און פֿון וויינען...

ער האָט דעריבער לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען אויפֿן דריטן טאָג פֿאַרטאָגס איז ער ענדלעך איינגעשטיגן אין שנעלצוג, וואָס האָט אים געפֿירט אין דער ריכטונג פֿון דרום.

ס׳איז אים פֿריער גאָרנישט איינגעפֿאַלן, אַז ער וועט אַמאָל פֿאָר צו ליזן מיט אַ זאַ געפֿיל, ווי ער פֿאָרט איצט...

קאַפּיטל אכט און זעכציק

## צו שפּעט...

רעגינע איז אַרויס פֿון סאַלאָן ווו לעאָן און הענריק זענען געזעסן, און האָט זיך געלאָזט צו לעאָנס קאַבינעט.

איר מידקייט איז בלויז געווען אַן אַנשטעל... זי האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן אָפּרוען זיך...

זי האָט געברענט פֿון נייגער. זי האָט ענדלעך זיך געוואָלט

דערוויסן דעם אינהאַלט פון יענע פאַרגעלטע בייגעלעך פּאַפּיר, וואָס זענען געלעגן אויפן שרייבטיש אין לעאָנס קאַבינעט.

זי האָט אונטערגעהערט איינציקע ווערטער פון לעאָנס שמועס מיט הענריקן.

פון די אויבנדערמאָנטע ווערטער האָט זי זיך געכאַפּט, אַז די דאָזיקע בייגעלעך פּאַפּיר האָבן עפּעס געמיינזאַמעס מיט סאַבינען...

„ווידער די סאַבינע!"... — האָט זי געטראַכט מיט צאָרן. — „צי וועל איך שוין פון דעם אומגליק קיינמאָל נישט פּטור ווערן?"...

ווען רעגינע האָט זיך פריער אָוועקגעזעצט אויף לעאָנס שטול, האָט זי דורכגעלייענט איינצלנע שורות פון די פאַרגעלטע בייגעלעך.

די דאָזיקע שורות האָבן נאָכמער צעפלאַקערט איר נייגעריקייט.

זי איז אַלזאָ, הענדום־פּענדום אַריינגעלאָפן אין לעאָנס קאַבינעט, צוגעלאָפן צום שרייבטיש און אַ כאַפּ געטאָן די פאַרגעלטע בייגעלעך פּאַפּיר...

רעגינע האָט גענומען לייענען און איר שטוינונג איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

אַדורכלייענענדיק אַלע בייגעלעך — איז זי געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט פון איבערראַשונג.

די כיטרע רעגינע האָט זיך באַלד געכאַפּט, וואָס פאַראַ צוזאַמענהאַנג די דאָזיקע בייגעלעך פּאַפּיר האָבן מיט סאַבינען.

זי האָט דאָך געוסט, אַז איר פאָטער, סאַמועל קייזערשטיין, האָט סאַבינען דעמאָלט פאַרשלאָסן אין יענער חורבה אין עק פּאַלאַץ.

זי האָט דאָך געוווּסט, אַז איר פאָטער, סאַמועל קייזערשטיין, זענען אַוועק זוכן סאַבינען, האָבן זיי געפונען אַ טיר, וואָס פירט אין די קעלערן פון פּאַלאַץ.

„סאַבינע איז אַנטלאָפן דורך די קעלערן. איז קלאָר, אַז זי האָט טאָקע די דאָקומענטן דאָרט געפונען"... האָט רעגינע געטראַכט.

„דער אוצר וועט, אַלזאָ געהערן צו סאַבינען"...

אין רעגינען האָט דאָס בלוט אויפגעקאָכט פון צאָרן.

„אָבער וואָס האָט הענריק דערמיט צו טאָן?" — דאָס האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין.

„אפשר קען ער זיך מיט סאַבינען?"...

„דאָס וועל איך שוין ביי אים געוואָר ווערן, ווען ער וועט

זיך געפונען מיט מיר אויג אויף אויג"... — האָט רעגינע געטראַכט.

„ס'איז גענוג, אַז איך זאָל זיך נאָר צורירן צו אים, וועט ער ווערן אַזוי הייס, אַז אַלע שלעסער פון זיין האַרץ וועלן צעשמאָלצן ווערן"...

„ער וועט שוין פאַר מיר אַלץ דערציילן, נישקשה"...

„דאָס אַלץ וועט געשען שפּעטער. אָבער וואָס טוט מען איצט?" — האָט רעגינע זיך געשטעלט אַ פראַגע.

„איצט מוז איך אַלץ טאָן, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז די פאַר־שאָלטענע סאַבינע זאָל ירש'ענען דעם אוצר!"" — האָט זי זיך באַלד אַליין געענטפערט.

ס'איז דאָך אונערהערט! — האָט רעגינע מיט זיך אַליין איינ־געטענה'ט — בלויז צוליב דעם, ווייל סאַבינע האָט צופעליג גע־פונען די פּאַפּירן, געהער שוין דאָס געלט צו איר?...

„סאַבינע איז דאָך אַ פרעמדע, ווי קומט זי צו ירש'ענען מיין מומען?"...

רעגינע האָט ביי זיך באַשלאָסן נישט צו וואַרטן קיין מינוט לענגער.

„איך וועל אַראָפּ אין קעלער און אַרויסנעמען דאָס ביכל פון דער באַנק"... — האָט זי שנעל געטראַכט.

„שנעלער! שנעלער!" האָט זי זיך אַליין אונטערגעיאָגט — „לעאָן און הענריק קאָנען אַמאָל אַראָפּגיין אין קעלער אַ קוק טאָן אין דער באַהעלטעניש דאָרט אין דער וואַנט"...

רעגינע האָט פאַרשטאַנען, אַז לעאָן וועט דעם אוצר זיכער אַוועקגעבן סאַבינען...

„ניין! צו דעם טאָר איך נישט דערלאָזן!" — האָט זי באַ־שלאָסן.

זי האָט אַלזאָ גענומען לויפן צו דער חורבה אין עק פון פּאַלאַץ.

זי האָט נישט ווינציקער פון לעאָן, געקאָנט די פינצטערע דורכגענג און קאָרידאָרן, וועלכע האָבן געפירט צו דער חורבה.

ענדלעך איז זי אַריין אינם פינצטערן צימער.

איר האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט. נישט אַזוי פון שרעק, ווי פון אומגעדולד. זי האָט שוין געוואָלט האָבן דאָס באַנק־ביכל אין אירע הענט...

באַלד איז זי אַריין אינם צווייטן טונקעלן צימער און אַר׳יס

דורך דער טיר צווישן די אָפּגעריסענע טאַפּעטן.
זי איז אַראָפּ אין קעלער.
ווען זי האָט דערזען די שווערע טיר מיטן גרויסן שלאָס — האָט איר האַרץ אַ קלאַפּ געטאָן:
— ווער ווייס, צי לעאָן האָט דעם קעלער נישט פאַרשלאָסן ? — האָט זי געשעפּטשעט — וואָס וועל איך איצטער טאָן ?...
זי איז צוגעגאַנגען נאָענט צו דער טיר און זי גענומען באַטראַכטן.
באַלד האָט זי באַמערקט, אַז דער שלאָס איז אַרויסגעריסן פון צעפּוילטן האָלץ.
זי האָט קוים אײַן זיך דערשטיקט דאָס פרייד-געשריי, וואָס האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון איר האַרץ...
זי האָט אַ שטופּ געטאָן די טיר און איז אַריין אין קעלער.
אַ שאַרפער ריח פון פייכקייט האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין.
זי האָט אָנגעהויבן שפּרייזן טיפער אין קעלער אַריין און עס האָט איר אָנגעהויבן צו באַפאַלן אַ מורא.
אַרום איר האָט געהערשט אַ שטאָק פינצטערניש...
אָבער רעגינע איז ווי אַ קרעט, געקראָכן אין דער פינצטערניש, טאַפּנדיק מיט די הענט...
די געלט־גיריקייט האָט ביי איר באַזיגט דעם פּחד...
ענדלעך איז זי צוגעקומען צו יענעם גרויסן שיין...
זי האָט גענומען בלינד טאַפּן מיט די הענט די ווענט פונם קעלער...
באַלד האָט זי אויך געפונען יענע פאַרטיפונג וועגן וועלכע עס האָט דערציילט דער צוואה-בריוו פון די צוויי זעלבסטמערדער...
זי האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט גענומען דאָר טזוכן, טאַפּנדיק מיט די פינגער...
זי האָט לאַנג דאָרט געגראַבלט מיט די פינגער און שיער נישט זיך צעשריגן אויפן קול פון פרייד...
אָבער פלוצלונג האָט אַ בלענד געטאָן אין קעלער דער שיין פון אַן עלעקטריש לעמפּל...
רעגינע האָט אַ ציטער געטאָן... זי האָט שיער נישט אויסגעשריגן פון שרעק...

זי האָט זיך דעמאָלט געגומען טוליען צו דער וואַנט, ווי זי וואָלט זיך אין איר געוואָלט איינגראָבן...

זי האָט באַלד אויך דערהערט די שטימען פון לעאָנען און הענריקן.

— נו, ווו איז עס? — האָט הענריק געפרעגט.

— אָט־אָ־דאָ דאַרף עס זיין... — האָט לעאָן געענטפערט און דער שטראַל פונעם עלעקטרישן לעמפל האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן צום אָרט, ווו רעגינע איז געשטאַנען.

רעגינע האָט געציטערט אינגאַנצן... זי האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן אויף איר אָרט, זוכענדיק אַ וועג ווו צו אַנטלויפן... אָבער צו לויפן איז נישט געווען ווו...

אין דעם מאָמענט האָבן הענריק און לעאָן דערהערט דעם שאָרך פון רעגינעס באַוועגונגען...

דער שטראַל פון דעם עלעקטרישן לעמפל האָט זיך אַ רוק געטאָן און איז געבליבן שטיין אויף רעגינען...

אַ ווייַלע זענען אַלע דריי געבליבן שטיין, ווי פאַרגליווערטע פון איבערראַשונג...

ענדלעך האָט לעאָן זיך דערנענטערט צו רעגינען... זיינע אויגן האָבן געגליט פון צאָרן... זיין געזיכט האָט געפלאַמט פון בושה.

— אַנטשולדיק מיר, רעגינע, וואָס איך שטער דיר.. — האָט לעאָן געזאָגט מיט שפּאָט.

— איך... איך... — האָט רעגינע געשטאַמלט אַ פאַרלוירענע.

— איך פאַרשטיי, רעגינע... דו האָסט מסתמא איבערגעלייענט די דאָקומענטן אויף מיין שרייבטיש... יאָ?

— איך... איך... — האָט רעגינע אינגאַנצן געצאַפּלט פאַר שרעק

— און דו האָסט געוואָלט אַרויסראַטעווען דעם אוצר, אײדער ער וועט אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט... אמת?

— יאָ... יאָ...

— איך דאַנק דיר זער... פיין... אָבער דו קאָנסט זיך פאַרלאָזן אויף מיר, רעגינע...

לעאָן האָט זיך באַמיט צו רעדן אין אַ מילדן טאָן... ער האָט זיך געשעמט פאַר הענריקן. ער האָט נישט געוואָלט, אַז הענריק זאָל מיטאַמאָל דערזען רעגינעס אמת'ן פּרצוף...

אָבער לעאָנס מילדער טאָן האָט רעגינען צוגעגעבן מוט...
ביסלעכווייז איז זי געקומען צו זיך.

— לעאָן! — האָט זי ענדלעך אויסגערופן מיט צאָרן.

— וואָס רעגינע? — האָט לעאָן געפרעגט מיט אַ מילדן טאָן.

— עס וווּנדערט מיך שטאַרק אויף דיר, לעאָן...

— וואָס וווּנדערט דיך?...

— ווי אַזוי באַהאַנדלסטו מיך עפּעס? האָסט גאָרנישט געפונען פאַר נויטיק מיר צו דערציילן וועגן דעם געהיימניספולן דאָקומענט? איך בין דאָך פּונקט אַזאַ יורשטע, ווי דו?

— אַנטשולדיק מיר זייער, רעגינע, — האָט לעאָן אַלץ איינגעהאַלטן זיין צאָרן און גערעדט מיט אַ מילדן טאָן, — איך האָב אַן אַנדער מיינונג וועגן דעם...

אָבער רעגינע האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן.

דער געדאַנק, אַז לעאָן קאָן דעם אוצר אַוועקגעבן סאַבינען, האָט זי ווילד געמאַכט...

— איך ווייס, וועגן וואָס עס גייט דיר, מיין מאַן!... — האָט זי אויסגערופן מיט צאָרן. — דו ווילסט דעם אוצר אַוועקגעבן אַ פּערזאָן, וועלכע האָט צו אים נישט קיין שום רעכט...

לעאָן האָט שאַרף אַ קוק געטאָן רעגינען אין די אויגן אריין.

— איך וועל טאָן אַזוי, ווי עס איז געשריבן אין דער צוואה!

— האָט ער ערקלערט.

— אין דער צוואה, וועלכע עס האָט געשריבן אַ משוגענע?...

— די צוואה האָט נישט געשריבן קיין משוגענע, נאָר אַ מענטש מיט אַגעזונטן פאַרשטאַנד... דער אוצר געהער צו דעם, וואָס האָט דער ערשטער געפונען די דאָקומענטן...

— וועגן דעם וועט אורטיילן דאָס געריכט!... — האָט רעגינע דורכגעזיפּט דורך די ציין. — איך וועל זיך נישט אָפּזאָגן פון מיינע רעכט אויפן דאָזיקן געלט!...

— רעגינע... — האָט לעאָן זיך אַלץ באַמיט צו רעדן רואיק.

— צו וואָס רעגסטו זיך אומזיסט אויף?.. ס'איז דאָ אַ צוואה און מיר דאַרפן זי אויספירן...

— וועגן דעם וועט אורטיילן דאָס געריכט... — האָט רעגינע פאַרביסן איבערגעחזרט אירע רייד.

— רעגינע... באַרואיק זיך... דו פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז

אַז מיר קאָנסטו אין גערי‏כט נישט אַנקלאָגן... איך בין דאָך דיין מאַן...

אין רעגינעס אויגן האָבן אויפגעגליט צוויי גרינע האָס־פייערלעך.

— גוט! זאָל זיין אַזוי!... — האָט זי אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און דערלאַנגט לעאָנען דאָס באַנק־ביכל — נעם דיר דאָס געלט און גיב דאָס אַוועק דיין קאָכאַנקע...

— רעגינע!... ווי אַזוי רעדסטו צו מיר?

אָבער רעגינע האָט ווייטער געשריגן מיט ציין-קריצעניש:

— זי איז דאָך אַנדערש נישט געווינט, די גרעפין דיינע.. פאַרמעגנס דאַרף זי האָבן!...

אָבער לעאָן האָט אַלץ איינגעהאַלטן זיין גלייכגעוויכט.

— רעגינע... איך בעט דיך... באַרואיק זיך... דו פאַרשטייסט נישט, אַז אַזאַ פאַרהאַלטן זיך איז אַ חרפה פאַר דיר...

— און ד י י ן פאַרהאַלטן זיך?... די מעגסט מיט באַליידיקן?

— גלויב מיר, רעגינע, ווען דו וועסט זיך אַ ביסל באַרואיקן, וועסטו אַליין באַדויערן דיינע רייד... זאָג, וואָס האָסטו צו סאָבינען? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט זי דיר געטאָן?...

— וואָס איך האָב צו איר?... — האָט רעגינע געקריצט מיט די ציין — גאָרנישט... אָבער איך וויל פון איר נישט וויסן!..

— נו, גוט... אָבער וואָס טויג דיר דאָס געלט? ביסט דען אָרעם? עס פעלט דיר דען עפּעס?... דו לעבסט דאָך אין רייכקייט און אין כל טוב. האָסט די רייכסטע קליידער און צירונג און קיין געלט פעלט דיר נישט...

— דעריבער?...

— דעריבער דאַרפסטו נישט צונעמען ביי סאָבינען דאָס, וואָס עס געהער צו איר.

— אירס איז עס? ניין! דאָס געהער נישט צו איר!

— אירס... אַזוי שרייבט די צוואה. דאָס דאָזיקע אָרעמע מיידל ראַנגלט זיך שווער און ביטער פאַר איר עקזיסטענץ און נויט און מאַטערניש...

— ווייניק מענטשן ליידן נויט? — האָט רעגינע געפרעגט — דעריבער קומט איר אונדזער געלט?...

— שטעל דיר פאָר, רעגינע, — האָט לעאָן אין איר אַריינ־

געטענה׳ט, — אַז סאַבינע האָט זיך אָפּגעזאָגט צוצונעמען דאָס געלט...

רעגינעס אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן...

— איך טאָר אָבער דאָס געלט נישט צונעמען... — האָט לעאָן צוגעגעבן — דאָס געלט געהער צו סאַבינען און עס מוז איר צוריקגעגעבן ווערן...

— וואָס ?! — האָט רעגינע אַ שפּרונג געטאָן ווי אַ טיגערין — דו ביסט פון זינען אַראָפּ ?...

— רעגינע... — האָט לעאָן אַלץ מילד גערעדט — דו שעמסט זיך נישט מקנא צו זיין סאַבינען ?...

— איך בין אין איר נישט פאַרליבט... — האָט רעגינע בייסיק געענטפערט — אוז איר שייח זיך גאַרנישט צו זען אין איר אַן איינפאַך, ביז גאָר איינפאַך מיידל...

— רעגינע !... האָט לעאָן אויסגערופן אַן אויפגערעגטער.

— כאַ-כאַ-כאַ־כאַ !... — האָט רעגינע זיך שפּאָטיש צעלאַכט און גענומען גיין צום אויסגאַנג.

זי איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט פון צאָרן, אַז זי האָט זיך צומאָל נישט אומגעקוקט אויף הענריקן.

ער איז געשטאַנען עטוואָס אָפּגערוקט פון לעאָנע אָן אַ זייט. אַ בלאַסער און אַ צעטומלטער פון דער אומאַנגענעמער סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר זיינע אויגן.

ווען רעגינע איז פאַרשוונדן, האָט זיך לעאָן אויסגעדרייט צו אים:

— קום, הענריק ! מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו טאָן. — זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיקע און פאַרטראַכטע.

באַלד זענען זיי צוריק געווען אין לעאָנס קאַבינעט.

זיי האָבן באַטראַכט דאָס באַנק־ביכל. ס׳איז שוין געווען פאַר־געלט פון אַלטקייט, פּונקט ווי די פאַרשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר.

ס׳איז נאָך אָבער געווען גאַנץ און נישט פאַרמעקט.

אַלץ איז געווען געשריבן אַזוי, ווי ס׳איז געווען אַנגעוויזן אין דער געפונענער צוואה.

לעאָן האָט דאָס באַנק-ביכל פאַרשלאָסן אין זיין אייזערנער קאַסע, וועלכע נאָר לעאָן האָט געוווסט ווי אַזוי צו עפענען מיט אַ ספּעציעלן שליסל.

איצט האָבן זיי געדאַרפט אַריינגיין אין סאַלאָן טרינקען קאַ־ווע מיט רעגינען...

אָבער נאָך דער פאַרגעקומענער סצענע האָבן נישט לעאָן און נישט העניק חשק געהאַט דערצו...

— נו, איך וועל גיין! — האָט העניק אַ זאָג געטאָן — איך האָב נאָך צו דערליידיקן אין דער היים אַ ריי וויכטיקע געשעפטן. אָבער לעאָן האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם.

— וואַרט אַ ווײַלע האָט ער געזאָגט — איך גיי אויך מיט דיר. איך מוז שוין זען סאַבינען...

העניק האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פאַרוווּנדערונג.

— איך פאַרשטיי דיך, לעאָן... — האָט ער געזאָגט — אָבער...

— אָבער וואָס?

— אָבער צו דאַרפסטו זיך איצט זען מיט סאַבינען?... וואָס הייסט?...

— דו ביזט דאָך פאַרבונדן מיט רעגינען?...

— מיט רעגינען?... לעאָן האָט מיט בײדע הענט צוגעדריקט זײַנע שלעפן, וועלכע האָבן געקלאַפּט ווי צוויי העמערלעך.

— וואָס ווילסטו פון דער אומגליקלעכער סאַבינען?...

— וואָס איך וויל פון סאַבינען?... אַך, מיין גאָט!...

די דאָזיקע ווערטער האָבן געשניטן לעאָנס האַרץ, ווי מיט מעסערס...

— דו וועסט זיך איצט באַווייזן פאַר סאַבינען נאָך אַזאַ לאַנגער צעשיידונג... — האָט העניק ווייטער גערעדט — און דערנאָך וועט איר זיך שיידן אויף אייביק...

— ניין! העניק... ניין! — האָט לעאָן אָנגעהויבן האַסטיק צו שפּרייזן איבערן קאַבינעט — ניין!... איך... איך ווער משוגע!

— אָנשטאָט פרייד וועט אייך דאָס דאָזיקע באַגעגעניש בלויז ברענגען ליידן און פּיין.. — האָט העניק דערקלערט.

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? — האָט לעאָן נישט געפרעגט נאָר אויסגעשריגן מיט פאַרצווייפלונג.

— סאַבינע האָט שוין מסתמא שלום געמאַכט מיט איר שיק־זאַל. זי באַרואיקט זיך ביסלעכווייז. אַז דו וועסט זיך פאַר איר באַווייזן, וועלן די פאַרהיילטע וווּנדן זיך צוריק עפענען.

לעאָן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פאָטעל און באַהאַלטן זיין

געזיכט אין בײדע הענט...

אַ װײַלע איז ער אַזױ געזעסן אַ שװײַגנדיקער. דערנאָך האָט ער זיך אױפגעריסן פון זײַן אָרט.

פּאַרשטײ! פּאַרשטײ, הענריק, אַז אָן איר װעל איך אומ־קומען! — האָט לעאָן אױסגערופן. — אײנמאָל, אײנמאָל מוז איך זי זען!...

— און דערנאָך... — האָט הענריק רואיק געפרעגט

— דערנאָך... דערנאָך מעג איך שטאַרבן! איך מוז איר זאָגן, אַז איך ליב זי נאָך אַלץ אַזױ הײס װי אַמאָל. אַז אױב מיר איז באַשערט אומצוקומען אָן איר, װיל איך זיך כאָטש מיט איר געזעגענען.

— אָבער דאָס װעט דאָך סאַבינען פאַרשאַפן אומגעהױערע לײדן — האָט הענריק דערקלערט.

— דאָס ביזטו גערעכט — האָט לעאָן אײנגעשטימט — טאָ גיב מיר אַן עצה, הענריק, װאָס דען זאָל איך טאָן?

— הער, לעאָן! — האָט הענריק געענטפערט — איך מײן, אַז דאָס בעסטע װאָלט געװען, װען איך זאָל פריער איבערשמועסן מיט סאַבינען.

— איבערשמועסן? דו מיט איר?

— יאָ, איך װעל איר דערצײלן װעגן דײן װוּנטש זיך צו זען מיט איר. זאָל עס זי כאָטש נישט טרעפן אומגערעכט.

— אַזױ מײנסטו, װעט בעסער זײַן?

— אַזױ מײן איך. זי װײסט, אַז איך בין אַװעק צו דיר מיט די געפונענע פּאַפּירן. זי װאַרט זיכער אױף מיר מיט אומגעדולד.

— אַלזאָ װאָס װעסטו איר זאָגן?

— איך װעל איר איבערגעבן אונדזער שמועס. איך װעל איר זאָגן, אַז דו ליבסט זי נאָך און װעל איר פרעגן, צי זי װיל זיך זען מיט דיר. אױב זי װעט װעלן, װעל איך דיר צו װיסן טאָן.

לעאָן האָט װאַרעם געדריקט הענריקס האַנט.

— איך דאַנק דיר, ליבער פרײַנט; דאָס געלט, זאָלסטו איר זאָגן, װעל איך נישט צונעמען. עס געהער צו איר...

אין אַ װײַלע אַרום האָט הענריק זאַלצבערג פאַרלאָזט לעאָנס פּאַלאַץ.

בײַ אײנעם פון די פענצטער פון ערשטן שטאָק איז רעגינע

געשטאַנען אונטערן פאָרהאַנג און באַגלייט העגריקן מיט צאָרנדיקע בליקן.

רעגינע האָט געברענט פון צאָרן און באַליידיקונג.

„ער האָט זיך גאָרנישט באַמיט צו זען זיך מיט מיר, איידער ער איז אַוועק... — האָט זי געטראַכט און איר האַרץ האָט געקלאַפּט פון כעס.

„ער איז אַ גאָרנישט, דער דאָזיקער העגריק. אין קעלער האָט ער זיך אויך נישט אָנגענומען פאַר מיר מיט קיין איין וואָרט״.

דער כעס האָט זי אויפגעפרעסן...

„און אפשר האָט אויף העגריקן געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק מיין שטעלן זיך איבער געלט?״ — האָט זי באַלד צוריקגעטראַכט.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז העגריק איז אָפּגעקילט געוואָרן צו איר, ווייל אַנדערש וואָלט ער אַזוי נישט געהאַנדלט.

דאָס האָט רעגינען שטאַרק געקרענקט. עס האָט איר באַנג געטאָן, פאַרוואָס זי האָט זיך אַליין אַזוי דעמאַסקירט פאַר העגריקן אין די אויגן.

„אַלץ איז די דאָזיקע גייציקייט!״... — האָט זי זיך אַליין פאָרגעוואָרפן — „אָן דעם געלט פעלט מיר עפּעס?

ווען זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז דאָס געלט וועט אַריבער אין סאַבינעס הענט אַריין — האָט איר דאָס האַרץ שיער געפּלאַצט פון קרענקונג.

אָבער נאָך מער האָט איר געקרענגט, וואָס העגריק איז צו איר קעלטער געוואָרן.

זי האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל מיט איר אינגאַנצן נישט איבעררייסן און פון איר טרוים וועגן שיכורע ליבעסנעכט וועט זיך אויסלאָזן אַ טייך...

רעגינעס שרעק איז נישט געווען אומזיסט.

העגריק האָט טאַקע אין דעם מאָמענט געטראַכט וועגן רעגינען אַזעלכע געדאַנקען, וואָס האָבן זי נישט געקענט פרייען...

פאָרנדיק אַהיים, האָט העגריק אין זיין געדאַנק פאַרגליכן די שיינע רעגינע מיט דער באַשיידענער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע.

„געוויס״, — האָט העגריק געטראַכט, — „רעגינע איז אַ פּרעכטיקע רייצנדע פרוי... אָבער פאַרגלייכן זי מיט סאַבינען קאָן מען פאָרט נישט״...

„די דאָזיקע אומשולדיקע, האַרציקע, גוטע סאַבינע האָט אַזאַ חן, וואָס איז הונדערט מאָל מער ווערט, ווי רעגינעס גאַנצע שיינקייט״..

„ווי אַזוי האָב איך געקאָנט פאַרגעסן אָן דעם דאָזיקן זיסן מיידל צוליב דער ליידנשאַפט צו רעגינען?... — האָט ער זיך אַליין פאָרגעוואָרפן.

„די דאָזיקע סאַבינע איז דאָך אַן אמתער מלאך אין מענטשלעכן געשטאַלט״...

ווי נאָר העינריק איז אַהיימגעקומען, איז ער גלייך אַריין צו דער קראַנקער מוטער.

ער איז זיכער געווען, אַז ער וועט דאָרטן טרעפן סאַבינען.

„סאַבינע איז מיין גוטער מלאך״... — האָט ער געטראַכט. — איין בליק פון אירע זיסן אויגן — און זי וועט מיך באַפרייען פון דעם איינפלוס פון דער טייוועלשער רעגינע״...

אָבער סאַבינע איז נישט געווען אין צימער פון דער קראַנקער.

העריק האָט זי געזוכט אין עס־צימער. אין סאַלאָן. אָבער אויך דאָרט איז סאַבינע נישט געווען.

ווען ער איז ענדלעך אַריין אין זיין קאַבינעט און צוגעגאַנגען צום שרייבטיש — האָט אַ שרעק־געשריי זיך ארויסגעריסן פון זיין ברוסט.

אויפן שרייבטיש איז געלעגן אַ פאַרקלעבטער קאָנווערט אָן אַ פאָסטמאַרקע. אויפן קאָנווערט איז געווען אויפגעשריבן:

„פאַר העינריק זאַלצבערג

דאָ״.

ס׳איז קלאָר געווען, אַז דער בריוו איז נישט געקומען מיט דער פאָסט, נאָר ער איז דאָ אַוועקגעלייגט געוואָרן דורך דעם, וואָס האָט אים געשריבן.

העינריק האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער בריוו איז פון סאַבינען.

זיין האַרץ האָט אַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן.

ער האָט מיט ציטערנדיקע הענט אויפגעריסן דעם קאָנווערט,

אַרויסגענומען פון אים אַ פאַרשריבן בייגעלע פּאַפּיר און גענומען לייענען:

„זייער געערטער הער הענריק זאַלצבערג!

איך דאַנק אייך זייער פאַר דעם אַלעם, וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיר.

איך דאַנק אייך פאַר דעם שוץ און פאַר דער וואַרעמער נעסט, וואָס איך האָב געפונען אין אייער גאַסטפריינטלעכן הויז.

ספּעציעל דאַנק איך אייך פאַר דער טובה, וואָס איר האָט מיר געטאָן, איבערגעבנדיק די דאָקומענטן דעם הער לעאָן קייזערשטיין.

איר ווייסט גאָר נישט, ווי דאַנקבאַר איך בין אייך דערפאַר.

ס'איז מיר ווירקלעך זייער שווער צו פאַרלאָזן אייער הויז, ספּעציעל נאָך אויף אַזאַ אופן.

איך האָב אָבער נישט קיין אַנדער ברירה.

נישט מיין שולד איז עס.

דער גרויזאַמער שיקזאַל פאַרפאָלגט מיך, ווו איך שטעל נאָר אַוועק אַ פוס. דער שיקזאַל פאַרטרייבט מיך אויך פון אייער הויז.

איך מוז קעגן מיין ווילן פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע הויז, אין וועלכן איך האָב פאַרברענגט די בעסטע טעג פון מיין לעבן.

איר און אייער מוטער זענט געווען זייער גוט צו מיר. אייער גוטסקייט איז געווען, ווי אַ היילנדיקער באַלזאַם אויף די ווונדן פון מיין בלוטנדיקן האַרץ.

צו מיין טיפע באַדויערן מוז איך אָבער פאַרלאָזן מיין וואַרעמע נעסט אין אייער הויז און קאָן צומאָל נישט אַ פריינטלעכן דרוק טאָן אייער האַנט.

נאָך אייער באַזוך ביי לעאָנען ווייסט איר שוין מסתמא ווער איך בין און וואָס עס בינדט מיך מיט לעאָנען...

איר פאַרשטייט דעריבער אַליין, אַז איך מוז פאַרלאָזן אייער הויז, כדי זיך נישט צו באַגעגענען מיט לעאָנען, ווען ער געהערט שוין צו אַן אַנדערער...

ס'איז פאַר מיר צו ווייטיקלעך אַריבערצוטראָגן דעם גע־

דאַנק, אַז יעדן טאָג קאָן איך אומגעריכט זיך באַגעגענען מיט לעאָנען.

איך וויל אַזאַ באַגעגעניש אויסמיידן.

איך וויל שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז לעאָן איז פאַר מיר פאַרלוירן אויף אייביק. כאָטש עס איז מיר שווער שלום צו מאַכן מיטן דאָזיקן געדאַנק...

נאָר אַזוי וויל דער גרויזאַמער שיקזאַל.

ער האָט מיך פאַראורטיילט צו גיין איינזאַם און פאַר־וואָגלט אויפן פיינפולןליידסוועג פון מיין לעבן.

די שרעקלעכסטע איבערלעבונגען פון די לעצטע חדשים האָבן מיך טיף דערשיטערט. איך וויל געפינען רו פאַר מיין ליידנדיקער נשמה.

איך מוז זיך ווייטער לאָזן אין מיין וואַנדערונג, כדי די רו צו זוכן.

אפשר וועל איך זי ערגעץ ווו געפינען, ווער ווייס?

איך פאַרלאָז אייער הויז. איך גיי אַוועק. וווהין? איך ווייס אַליין נישט...

איך גלויב אָבער, אַז דער גוטער גאָט, וואָס האָט ביז איצט געוואַכט איבער מיר, וועט מיך אויך ווייטער נישט פאַרלאָזן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיר. אָבער ווייטער ביי אייך בלייבן קאָן איך נישט.

אַנטשולדיקט מיר!

זאָגט אייער ליבהאַרציקער מוטער, אַז זינט מיין זעליקע מאַמע איז געשטאָרבן, איז נאָך קיינער נישט געווען אַזוי גוט צו מיר, ווי זי...

לעאָנען גיט איבער מיין לעצטן „זיי געזונט". ער קאָן זיכער זיין, אַז אַזוי לאַנג, ווי מיין האַרץ וועט קלאַפּן, וועט עס קלאַפּן פאַר אים...

איך ווינטש אייך געזונט און גליק. דערמאָנט אייך אַמאָל אין דער שוועסטער סאַבינע, וועלכע איז אַוועק אין דער ווייטער, פרעמדער און קאַלטער וועלט...

מיינע האַרציקסטע גרוסן

סאַבינע־רייזמאַן".

סאַבינעס בריוו האָט געטראָפן הענריקן, ווי א דונער אינמיטן העלן טאָג.

אַ דערשלאָגענער און אַ צעשמעטערטער האָט ער זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף זיין פּאָטעל.

ער איז דערנאָך לאַנג געזעסן, אַ פּאַרטראַכטער אינגאַנצן, און געבלאָנדזשעט מיט זיין בליק אין דער ווייטקייט...

זיין פאַנטאַזיע האָט אים איצט אויסגעמאָלן אַ לאַנגן, גע־שלענגלטן וועג, פול מיט שפּיציקע שטיינער און געפערלעכע גריבער...

אויפן דאָזיקן וועג האָט געוואַנדערט סאַבינע... אירע פיס האָבן געבלוטיקט פון די ווונדן, וואָס די שפּיציקע שטיינער האָבן אין זיי געמאַכט..

איבער איר קאָפּ לאָזט זיך אַראָפּ אַ רויטע, פאַרגייענדיקע זון און באַשטראַלט איר זיס, בלאַס געזיכט, וואָס זעט אויס, ווי דאָס געזיכט פון אַ הייליקער...

דער גאַנצער זוניקער טרוימען־געוועב, וואָס הענריק האָט אויסגעוועבט אין זיין געדאַנק וועגן סאַבינען — איז מיטאַמאָל צעריסן און צעפליקט געוואָרן...

— שוין... איך וועל שוין מער סאַבינען קיינמאָל נישט זען... קיינמאָל. — האָט הענריק געשעפּטשעט צו זיך אַליין און דאָס האַרץ האָט געוויינט אין אים, ווי אַ געשלאָגן קינד.

— פאַרוואָס האָסטו פאַרלאָזן מיין הויז, גוטער מלאך מיינער?

— טרערן האָבן אָנגעהויבן פליסן איבער הענריקס באַקן....

„דאָס האָט דיך גאָט אַזוי שטרענג באַשטראָפט דערפאַר, וואָס דו האָסט פאַרראטן דיין פריינט". — האָט זיך אין הענריקן אָנ־גערופן די שטים פון געוויסן.

„ווייל דו האָסט זיך געלאָזט פאַנגען אין די נעצן פונעם טיוול, האָט דיר דיין גוטער מלאך פאַרלאָזט"...



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 53

קאַפּיטל ניין און זעכציק

# אַ פֿאַרשאָלטענער טאָג

פלאָרע האָט ווידער אַ געגעץ געטאָן...

— אַ פאַרשאָלטענער טאָג היינט! — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין — מ׳קאָן שטאַרבן פון לאַנגווייליקייט! איצט איז מיך באַ־פאַלן אַ געגעצן, אַז איך קאָן בשום אופן נישט איינהאַלטן...

— א—א—א—א! — האָט זי ווידער אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגן געגעץ...

זי איז געלעגן אויפן אָטאָמאַן, אָנגעטאָן אין אַ לייכט קליידל, זי האָט געשמעקט צו די בלומען, וועלכע הערמאַן האָט איר צו־געשיקט, זי האָט געפּלאַפּלט צום פּאָפּוגיי, געצויגן ביים ווייִדעלע פון איר באַליבט ווייס קעצל...

פלאָרען איז אָבער געווען שרעקלעך לאַנגווייליק.

ס׳איז נאָך געווען אַ שטיק פאָרמיטאָג, און דער טאָג איז נאָך אַזוי גרויס.

פלאָרע האָט געטראַכט מיט שרעק וועגן דעם, וויפל שעה עס וועלן נאָך ציען, ביז דער טאָג וועט זיך ענדלעך ענדיקן...

די שעהן זענען איצט געקראָכן, ווי די טשערעפּאַכעס.... גלייך עמעצער וואָלט זיי אָנגעגאָסן בליי אין די זוילן.

זינט איר אינצידענט מיט מאַרילען האָבן זיך אירע רעפּע־טיציעס אין טעאַטער איינמאָל פאַר אַלעמאָל געענדיקט. עפּעס אַנ־דערש וואָס צו טאָן האָט זי נישט געהאַט.

לעצטנס איז איר אָנגעמעסטע פאַרווײַלונג געווען — הער־מאַן. אָבער היינט וועט ער דאָך נישט קומען. אין טאָג פון זיינע תנאים מיט דזשענין?

„איך האָב דאָך אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט ווייזן פאַר מיר ביז ער וועט נישט צוטראַכטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיך נוקם צו זיין אין מאַרילען”. — האָט פלאָרע געטראַכט.

— לאַנגווייליק... לאַנגווייליק... — האָט פלאָרע זיך געקלאָגט פאַר זיך אַליין און ווידער געגענעצט — א—א—א—אַ...

נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, האָט פלאָרע אָנגעהויבן צו פאַנטאַזירן וועגן איר צוקונפט.

„מיין סצענישע קאַריערע איז געענדיקט"... האָט זי געטראַכט — „וועגן דעם איז מער נישטאָ וואָס צו רעדן"...

„דערפאַר האָב איך אָבער הערמאַנען"...

צי האָט זי הערמאַנען ליב געהאַט?

די דאָזיקע טענצערין איז געווען צו קאַלט און צופיל אויסגע־רעכנט, אַז זי זאָל קאָנעןווירקלעך ליב האָבן.

ליבע איז ביי איר שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט נוצן... און זי האָט געקאָנט ליב האָבן נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זי האָט געהאַט דערפון נוצן...

הערמאַן איז טאַקע געווען אַ גענוג שיינער מאַנספאַרשוין, אַז ער זאָל קאָנען געפעלן אַ פרוי.

דערצו איז ער געווען עלעגאַנט און פיין דערצויגן.

אָבער נישט בלוי דערפאַר האָט פלאָרע „געליבט" הערמאַ־נען... צום שטאַרקסטן האָבן געוועקט איר „ליבע" מיסטער קאָפּער־פעלדס מיליאָנען...

די דאָזיקע מיליאָנען האָבן דאָך געדאַרפט אינגיכן ווערן הערמאַנס...

די כיטרע, דורכגעטריבענע פלאָרע האָט שוין לאַנג דערשנאַפּט, אַז הערמאַן איז אַ גרויסער קבצן און די באַרימערייען וועגן זיין גרויס פאַרמעגן אין וואַרשע זענען בלאָף...

„אָבער זאָל ער נאָר ווערן דזשעניס חתן", — האָט פלאָרע געטראַכט, — „דעמאָלט וועט ער האָבן געלט, ווי וואַסער"...

„ס'וועט זיך אָנהויבן דאָס אמתע לעבן"... — האָט זי פאַנטאַזירט — „הערמאַן וועט מיר נישט זשאַלעווען קיין געלט. איך וועל ווערן די עלעגאַנטסטע דאַמע אין ניו־יאָרק"...

פלאָרע האָט פאַרשטאַנען, אַז כדי הערמאַן זאָל נישט מיד ווערן צו געבן געלט, דאַרף מען אים אָנציען...

דעמאָלט וועט גאָרנישט זיין צו טייער פאַר אים און ער וועט איר נאָכגעבן אַלץ, וואָס זי וועט נאָר פון אים פאַרלאַנגען...

מ'דאַרף אַלזאָ אָפּשטעלן מיטן אַקעגנקומען זיינע באַגערן... זאָל ער נאָר וואַרטן...

פלאָרע איז געווען אַ מייסטערין אין דער קונסט פון ליבע...

פאַרטיפט אין די דאָזיקע געדאַנקען, האָט זיך פלאָרע מער נישט געלאַנגווייליקט און נישט געגענעצט...

פלוצלונג האָט דאָס טיר־גלעקל זיך צעקלונגען און אויפגעוועקט פלאָרען פון אירע טרוימערייען.

„ווער קאָן עס זיין?" — האָט פלאָרע זיך געוואונדערט.

זי האָט זיך אויפמערקזאַם געגומען איינהערן.

דאָס צופרידענע שמייכעלע האָט זיך פלוצלונג אַראָפּגעגליטשט פון איר רויטן מיילכל.

דער אַריינגעקומענער האָט גערעדט מיטן שטוב־מיידל און פלאָרע האָט דערקענט אין דער שטים אַז דאָס איז הערמאַן...

„הערמאַן?"...

„וואָס טוט ער איצט דאָ?"...

„וואָס איז עפּעס געשען?"...

פלאָרע איז זיכער געווען, אַז דאָס, וואָס איז געשען, איז זיכער נישט פריילעך...

איר האַרץ האָט דעריבער אָנגעהויבן צו קלאַפּן.

אין אַ ווייַלע אַרום איז הערמאַן אַריינגעקומען.

— אַך, דו ביסט עס, טייערער? — האָט פלאָרע געפרעגט און אויסגעצויגן צו הערמאַנען איר ווייסע האַנט — כ'האָב זיך גאָרנישט געריכט אויף דיר. היינט קומען דאָך פאָר דיינע תנאים?...

פלאָרע האָט זיך שאַרף איינגעקוקט אין הערמאַנס געזיכט.

— גאָט מיינער! האָט זי אויסגערופן — וואָס ביסטו עפּעס אַזוי בלאַס?...

הערמאַנס געזיכט איז ווירקלעך געווען ווייס ווי שניי... ער האָט אויסגעזען ווי אַ צעקנייטשטשטער אינגאַנצן...

אונטער זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעזען צוויי בלויע רייפלעך... די באַקן האָבן אויסגעזען דאַרער און איינגעפאַלן...

— וואונדער זיך נישט, טייערע, וואָס איך זע אויס אַזוי שלעכט, — האָט הערמאַן געענטפערט, — איך האָב געהוליעט אַ גאַנצע נאַכט...

— זע, דיך! — האָט אים פלאָרע אָנגעוויזן אויף דער קאַנאַפּע ביי איר צופוסנס.

הערמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן אָנגעוויזענעם אָרט.

— אַ שאַד, פלאָרע, וואָס דו ביסט נישט געקומען אויף דער נעכטיקער הוליאַנקע... — האָט הערמאַן געזאָגט — ס'איז געווען אַ פיינע צוגעקליבענע געזעלשאַפט... שאַמפּאַניע האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער...

— כ'האָב לײדער נישט געקאָנט קומען, וואָס איך באַדויער זײער... — האָט פּלאָרע דערקלערט. — איך זע אָבער, אַז קײן געזונט איז דיר פון דער הוליאַנקע נישט צוגעקומען...

הערמאַן איז אַביסל צעטומלט געוואָרן.

— מײן טײערע: — האָט ער געזאָגט — דו ווײסט דאָך, נאָך אַזאַ הוליאַנקע טוט געוועגלעך ווײ דער קאָפּ... וועגן דעם איז דאָך נישטאָ וואָס צו וווּנדערן זיך?...

— און דײן כלה דערלויבט דיר אַזוי צו גײן אויף הוליאַנקעס? און וואָס זאָגט זי דערצו, אַז אָנשטאָט צו פאַרברענגען מיט איר, קומסטו גאָר צו מיר?...

— זעסטו דאָך... — האָט הערמאַן געענטפערט אומקלאָר.

— דײן דזשעני מוז זײן נישקשהדיק נודנע, אַז דו קאָנסט בײ איר נישט אײנזיצן... און װעגן מאַרילען האָסטו עפּעס צוגעטראַכט אַ פּלאַן?...

— לײדער... — האָט הערמאַן זיך מודה געווען — כ'האָב קײן צײט נישט געהאַט...

— אויף דיר, זע איך, קאָן מען זיך פאַרלאָזן... — האָט פלאָרע איראָניזירט — אָבער איך בין נישט בײז אויף דיר... איך האָב שוין אַלײן עפּעס צוגעטראַכט...

— ווירקלעך? — האָט הערמאַן זיך דערפרײט.

— אָבער צום אויספירן דעם פּלאַן מוז איך האָבן דײן הילף.

— האָט פלאָרע דערקלערט. — טאָמער ווּעסטו מיר דערין אָפּזאָגן, וועלן מיר איבעררײסן אונדזערע באַציאונגען אויף שטענדיק...

הערמאַן איז שוין געווען נײגעריק צו וויסן, אין וואָס עס באַשטײט פלאָרעס פּלאַן.

איצט האָט ער דאָך אויך געוואָלט נקמה נעמען אין מאַרילען פאַר איר בריוו צו דזשענין...

— דערצײל, וואָס פאַר אַ פּלאַן האָסטו? — האָט הערמאַן געפרעגט.

פלאָרע האָט דאַן איבערגעגעבן הערמאַנען איר פּלאַן, וועלכער איז געווען אַזוי טײוולאָניש צוגעטראַכט, אַז ער האָט געקאָנט מאַכן אַ סוף צו מאַרילעס גאַנצער קאַריערע.

— ווי דו זעסט, דאַרף מען האָבן אַ סך געלט אויף דורכצופירן מײן פּלאַן, — האָט פלאָרע צוגעגעבן, אײנשפּיזנדיק איר בליק אין

הערמאַנס געזיכט. — איך ווייס אָבער, אַז דו ליבסט מיך...
הערמאַן האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פול מיט דאַנקבאַרקייט.
— איך גלויב, אַז קיין שום סומע וועט פאַר דיר נישט זיין צו הויך, ווען דו וועסט וויסן, אַז פאַר דער דאָזיקער סומע וועסטו געווינען מיין ליבע... — האָט פלאָרע פאַרענדיקט.
זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים אירע נאַקעטע אָרעמס...
הערמאַן איז אָבער געווען אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט עס גאָר נישט באַמערקט...
— וויפל וועט עס דאַרפן קאָסטן ?... — האָט ער געפרעגט.
— דאָס געפעלט מיר נישט, טייערער... — האָט פלאָרע דערקלערט — ביז איצט פלעגסטו זיך קיינמאָל נישט פרעגן וויפל עס קאָסט, אויב איך האָב עפּעס פאַרלאַנגט...
— ניין... איך בין גאָרנישט אויסן געווען... — האָט הערמאַן געשטאַמלט — איך האָב בלויז גלאַט אַזוי געפרעגט...
— טויזנט דאָלאַר... — האָט פלאָרע געענטפערט.
הערמאַן האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.
„טויזנט דאָלאַר", — האָט ער געטראַכט, — דאָס הייסט : אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן... אַבי נאָר אַ העלפט... וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען עס דאַרף קאָסטן פינף טויזנט ?"...
— טויזנט דאָלאַר ? און ווען דו פאָדערסט צוויי טויזנט, וואָלט איך דיר אָפּגעזאָגט ?... — האָט הערמאַן געמאַכט אַ ברייטן אָנשטעל.
פלאָרע איז איצט אַנטציקט געווען פון הערמאַנען...
זי האָט אים אַרומגענומען און צוגעלייגט אירע ליפּן צו זיינע...
זייערע ליפּן האָבן זיך באַהאַפטן אין אַ לאַנגן קוש...
— ביסט אַ ווילינקער... — האָט פלאָרע געשעפּטשעט — אויב דו וועסט אַלץ אויספירן ווי עס געהער צו זיין, וועל איך דיר שוין גאָרנישט אָפּזאָגן... גאָרנישט... הערסט ?.
הערמאַן האָט זיליידנשאַפטלעך צוגעצויגן צו זיך.
— גיב דערווייל אַ קאָנטע... אַ קליין קאָנטע... —האָט ער געבעטן מיט אַ שעלמישן שמייכל.
די כיטרע קאָקעטקע האָט זיך אָבער גלייך אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט...
— היינט, הערמאַן ?... — האָט פלאָרע געפרעגט — אין טאָג

פון דיינע תנאים?... שעמסט זיך גאָרנישט אַזוי צו פאַרראַטן דיין כלה?...

— דו שפּאַסט, פלאָרע?...

— איך מיין עס ערנסט... אויב דו האָסט נישט קיין געוויסן,

— לאָז צורו מיטן געוויסן, פלאָרע...

— און אַ חוץ דעם, מוזטו דאָך פריער דערליידיקן די זאַך מיט מאַרילען... איך ראָט דיר שוין היינט אים אָנצושטאָטן אַ וויזיט...

— וואָס ברענט עס דען? — האָט הערמאַן געפרעגט.

— נישט שטענדיק טרעפט מען אים אין דער היים. ספּעציעל פאַר מאַרילעס פּרעמיערע וועט ער זיין שטאַרק פאַרנומען. — האָט פלאָרע געזאָגט.

— אַלזאָ גוט, איך וועל אַלץ דערליידיקן ווי אַמבעסטן. — האָט הערמאַן פאַרזיכערט.

— איך דאַנק דיר, הערמאַן! וועסט עס נישט באַדויערן...

הערמאַן האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט פלאָרען און איז אַרויס.

ווי נאָר הערמאַן האָט פאַרמאַכט די טיר, איז פלאָרע צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אָנגעקלונגען.

— האַלאָ!... סעמיועל?... דו ביסט עס?. האַלאָ! אַ גוטן מאָרגן! איך האָב היינט אַ פרייען אָונט... קום צו מיר... האַלאָ! יאָ. ניין אַ זייגער אין אָוונט.

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און זיך איינגעהערט אין יענעמס רייד דערנאָך האָט זי ווייטער גערעדט:

— מיר וועלן עסן קאָלאַציע אין קאַפע „אַמעריקאַ"... דער־נאָך... נו, דאָס וועסטו שוין זען... וועסט זיין צופרידן. פּאַ פּאַ! צום ווידערזען!....

אין דעם זעלבן מאָמענט איז הערמאַן געפלויגן אין אַן אויטאָ איבער די ניו־יאָרקער גאַסן.

ער האָט זיך געפילט זייער קלאָגעדיק. אין זיין נשמה האָט זיך אויפגעהויבן אַ מוראדיקער קאַצן־יאָמער...

פריער, ווען ער איז געגאַנגען צו פלאָרען, איז ער געווען אַנט־שלאָסן איר אויסצוזאָגן דעם גאַנצן אמת, אַז ער האָט ענדגילטיק איבערגעריסן מיט דזשעניִן.

„פלאָרע וועט מיר זיכער מיטפּילן"... — האָט ער געט

ראַכט — „זי וועט זיך דאַן באַמיען מיך צו באַרואיקן און צו טרייסטן״...

אָבער וואָס נאָענטער ער איז געקומען צו פּלאַרעס האָטעל, אַלץ מער איז אים פון פאַרשוווּנדן די זיכערקייט.

„ווער ווייסט ?״ — האָט ער געטראַכט — „ס׳קאָן זיין, אַז ווי נאָר זי וועט געוואָר ווערן, אַז מיט מיינע מיליאָנען איז אויס, וועט זי מיר ווייזן די טיר ?״...

ער האָט דעריבער פאַר פּלאַרען גאָרנישט דערציילט.

ער האָט מיט אַ גרינג געמיט באַשטאַנען איר אָוועקצוגעבן אַ העלפט פון זיין פאַרמעגן. ער האָט דאָך אַזוי לאַנג געטרוימט וועגן באַזיצן זי...

ער וואָלט זיין גאַנץ פאַרמעגן אויך אָוועקגעגעבן, אַבי כאָטש איין מאָל צו פילן דעם גרויסן רייץ פון באַזיצן די דאָזיקע שיינע פרוי...

איין מאָל זי האָבן און שטאַרבן !...

דערווייל האָט דער אויטאָ, אין וועלכן הערמאַן איז געפאָרן, זיך אָפּגעשטעלט.

הערמאַן האָט באַצאָלט דעם שאָפער און איז אויסגעשטיגן.

ער איז אַריין אין טויער און זיך אַריינגעזעצט אין דער ווינדע.

באַלד איז ער געשטאַנען פאַר דער טיר, אויף וועלכן ס׳איז געהאָנגען אַ מעטאַלן בלעטל מיט דער אויפשריפט : „נייטען מאָריסאָן״.

הערמאַן האָט אַ דריק געטאָן אין עלעקטרישן גלעקל און די טיר האָט זיך געעפנט.

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן אַ יונג מיידל.

— צו וועמען דאַרפט איר ? — האָט זי געפרעגט.

— צו מיסטער מאָריסאָן. — האָט הערמאַן געענטפערט.

דאָס מיידל האָט אַריינגעלאָזט הערמאַנען אינעווייניק, אין ביוראָ.

דאָס איז געווען אַן אָפּגעלאָזן, נישט איבעריק ריין צימער, מיט אָפּגעריסענע, פאַרשטויבטע טאַפּעטן. דאָ און דאָרט זענען געהאָנגען טעאַטער־אַפּישן וואַריעטע־רעקלאַמעס.

אויף איין וואַנט איז געהאָנגען אַן אַלטער זייגער... אויף אַ פענצטער איז געהאָנגען אַ דראָטן שטייגל מיט אַן אויסגעקראָכענעם קאַנאַרעק... אויף אַ צעבראָכענעם, לאָמען שרייב־טיש איז

געשטאַנען אַן אַלטע שרייב־מאַשין, וועלכע האָט געקלאַפּט, ווי מיט האַמערס...

דאָס יונג מיידל, וועלכע האָט הערמאַנען געעפנט די טיר, האָט זיך צוריקגעזעצט צו דער שרייב־מאַשין און איצט האָט זי ווידער געקלאַפּט דעם פריער אָנגעהויבענעם בריוו.

הערמאַן איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב און זיך אומגעקוקט. אַ חוץ דעם מיידל איז קיינער נישט געווען אין צימער.

— און ווו איז מיסטער מאָריסאָן? — האָט הערמאַן געפרעגט אומגעדולדיק.

— ער וועט באַלד אַריינקומען! — האָט דאָס מיידל געענטפערט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך טאַקע געעפנט די טיר, וואָס האָט געפירט אין די ווייטערדיקע צימערן און מיסטער מאָריסאָן האָט זיך באַוויזן.

דאָס איז געווען אַ מיטל־וווּקסיקער פאַרשוין מיט אַ קיילעכדיק, שמייכלענדיק, שוין נישט יונג געזיכט. ער איז געווען ריין ראַזירט און זייער עלעגאַנט געקליידעט.

ער האָט זיך העפלעך פאַרנויגט פאַר הערמאַנען און מיט אַ האַנט־באַוועגונג איס פאַרבעטן אין זיין קאַבינעט.

דער דאָזיקער קאַבינעט איז שוין געווען פיין און ריין איינגעאָרדנט.

פּלושענע שטולן, אַ פיינער שרייב־טיש, עטלעכע סטאַטועס און בילדער אויף די ווענט. נעבן שרייב־טיש — באַקוועמע, ווייכע פאָטעלן.

מיסטער מאָריסאָן האָט געבעטן הערמאַנען זיצן.

— וואָס ווינטשט איר זיך, מיסטער? — האָט מאָריסאָן געפרעגט.

— איך האָב געהערט, אַז איר האָט פאַרבינדונגען אין דער טעאַטער־וועלט, — האָט הערמאַן אָנגעהויבן — און איך בין צו אייך געקומען וועגן אַ זאַך, וואָס האָט אַ שייכות צום טעאַטער.

— ביטע, ביטע, — האָט מיסטער מאָריסאָן געזאָגט, — ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, בין איך שוין געווען אַ טעאַטער־מענטש. נישט איין טעאַטער־שטערן האָט מיר צו פאַרדאַנקען זיין רייכטום און רום...

איך ווייס וועגן דעם, מיסטער מאָריסאָן, — האָט הער־מאַן דערקלערט, — דעריבער טאַקע בין איך צו אייך גע־קומען. צי קאָן איך דאָ זיין זיכער, אַז קיינער וועט אונדז נישט אונטערהערן?...

— וועגן דעם קאָנט איר זיכער זיין, מיסטער!

הערמאַן האָט דאַן איבערגעגעבן מאָריסאָנען, וואָס ער פאַר־לאַנגט פון אים.

— איך האָב זיך שוין נישט איין מאָל פאַרנומען מיט אַזעל־כע זאַכן, — האָט מאָריסאָן געזאָגט. — אָבער אין דעם פאַל וועט עס אַנקומען זייער שווער... — האָט מאָריסאָן דער־קלערט.

— פאַרוואָס? — האָט הערמאַן געפרעגט.

— מאַרילע מאָרגענטאַל איז צופיל באַרימט, אַז מען זאָל זיך קאָנען אַזוי שנעל מיט איר אָפּפאַרטיקן... אָבער פאַר אַ גע־העריקן האָנאָראַר קען מען עס מאַכן...

— פאַרשטייט זיך, — האָט הערמאַן דערקלערט, — אָבער וויפל דאַרף עס קאָסטן?

מאָריסאָן האָט זיך פאַרטראַכט.

— אַרום און אַרום, שוין מיט אַלע קאָסטן און ריזיקעס, מוז עס קאָסטן פופצן הונדערט דאָלאַר.

הערמאַן איז אַזש בלאַס געוואָרן...

„דאָס הייסט, דריי פערטל פון מיין פאַרמעגן"... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דינגען. ער האָט געוואָלט אָפּ־דינגען ביז טויזנט דאָלאַר. אָבער מיסטער מאָריסאָן האָט ביי קיין פאַל נישט געוואָלט ווייניקער, ווי טויזנט צוויי הונ־דערט.

— זעקס הונדערט דאָלאר וועט איר מיר שוין איינצאָלן קאָסע, — האָט מאָריסאָן געזאָגט, — די רעשט וועט איר מיר דערנאָך באַצאָלן.

הערמאַן האָט מיט אַ ווייטאָג אין האַרץ אַרויסגעשלעפּט דעם פאָרטפעל פון זיין בוזעם־קעשענע און אויסגעצאָלט דעם מיסטער מאָריסאָן זעקס הונדערט דאָלאר.

— זייט זיכער, אַז אַלץ וועט זיין אָל־רייט!... — האָט מיסטער

מאָריסאָן פאַרזיכערט הערמאַנען.

הערמאַן האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט מיסטער מאָריסאָן און פאַר־לאָזט זיין ביוראָ.

פאָרנדיק אין אַ טאַקסי צוריק פון מיסטער מאָריסאָן האָט הערמאַן גענומען באַטראַכטן די לאַגע, אין וועלכער ער געפינט זיך.

„מיין לאַגע איז גאָרנישט מקנא צו זיין"... — האָט ער גע־טראַכט — „מיין פּאָרטפעל ליידט אויף אַ כראָנישן שווינדזוכט און ער ווערט דאַרער פון טאָג צו טאָג"...

„און וואָס וועט זיין, ווען די פּאָר דאָלאר וועלן זיך אויס־לאָזן?"...

„כדי נקמה צו נעמען אין מאַרילען איז טאַקע אַלץ ווערט, ווער רעדט נאָך כדי צו געווינען פלאָרעס ליבע... אָבער וואָס וועל איך טאָן, ווען דער פּאָרטפעל וועט שוין זיין ליידיק?"...

דער קאָפּ־ווייטאָג, וועלכער איז געהאַט פאַרשוואונדן נאָך זיין באַזוך ביי פלאָרען, האָט זיך צוריק אויפגעוועקט אין אַ נאָך שטאַר־קערער מאָס.

זיין געזיכט איז פאַרפאָרן צום האָטעל, ווו ער האָט געוווינט, און אַריין אין זיין צימער.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן.

ער איז אזוי געלעגן אַ צייט, דערנאָך איז ער איינגעשלאָפן מיט אַ פעסטן שלאָף.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט.

הערמאַן האָט געלאָזט דורכגיין אין זיין געדאַנק אַלע פּאַסי־רונגען פונעם פאַרגאַנגענעם טאָג.. אַ געפיל פון טיפן באַדויערן האָט אים באַהערשט.

„איצט פאַרברענגט מסתמא, ביי די קאָפּערפעלדס דייוויד גאָלד, דער שותף פון מיסטער קאָפּערפעלד"... — האָט ער גע־טראַכט און זיך געפרעסן פון קנאה.

„און איך ליג דאָ אַליין אַן איינזאַמער אין האָטעל־צי־מער"...

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין בעט פול מיט צאָרן און

פאַרצווייפלונג.

„פאַרוואָס האָב איך נישט געזאָגט פלאָרען דעם אמת?" — האָט ער זיך אַליין פאָרגעוואָרפן — „איך וואָלט כאָטש ביי איר געקאָנט פאַרברענגען דעם היינטיקן אָוונט"...

אָבער ווער ווייס, צי ווען איך זאָג איר אויס דעם אמת, וואָלט זי מיך אין גאַנצן שוין געוואָלט קענען?"... — האָט ער זיך אַליין דערווידערט.

ווידער האָט אים אָנגעהויבן בויערן אין מוח דער געדאַנק וועגן זיין צוקונפט.

„מיין לאַגע איז אַ האָפענונגסלאָזע". — האָט ער געטראַכט — „די עטלעכע הונדערט דאָלאר וועלן זיך שנעל אויסלאָזן און וואָס וועט זיין דערנאָך?"...

„מ'מוז זיך שאַפן אַ ביסל געלט!"

„דאָס איז מעגלעך נאָר דורך שפילן"...

אינעם נאַכט־לאָקאַל פון דער מיסיס פרענטש האָט זיך געפונען אַ חוץ סעפּאַראַטע צימערלעך, אויך אַ געהיימער שפּיל־קלוב.

וועגן דעם דאָזיקן קלוב האָבן געוווסט נאָר די שטאַם־געסט. די גאָר היימישע מענטשן.

הערמאַן האָט געוווסט וועגן דעם דאָזיקן שפּיל־קלוב. ער האָט באַשלאָסן אַהינצוגיין און פּרווון זיין מזל...

„אויב דאָס מזל וועט מיר נאָר שפּילן, קאָן איך נאָך היינטיקע נאַכט זיין אַ באַזיצער פון אַ שיין פאַרמעגן"... — האָט ער זיך געטראַכט.

„פאַרשפּילן ווידער קאָן איך דאָך נישט מער, ווי איך פאַרמאָג... קיין גרעסערער קבצן, ווי איך בין, קאָן איך שוין נישט ווערן"...

ער האָט זיך צורעכט געמאַכט זיין טואַלעט און אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער פאַרפאָרן פאַרן לאָקאַל פון מיסיס פרענטש.

הערמאַנס באַווייזן זיך אין לאָקאַל פון מיסיס פרענטש האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע.

אַלע האָבן דאָך געוווסט, אַז איצט דאַרפן פאָרקומען זיינע

תנאים מיט מיס דזשעני קאָפּערפעלד, וואָס־זשע טוט ער איצט דאָ?

— וואָס איז געשען, מיסטער גרינפעלד? וואָס טוט איר עפּעס איצט דאָ? — האָבן זיך איצט געשיט צו אים פראַגן פון אַלע זייטן.

— כ׳האָב איבערגעריסן מיט מיס קאָפּערפעלד! — האָט ער ענדלעך געענטפערט.

— פאַרוואָס עפּעס?

— ס׳איז מיר מיאוס געוואָרן... איך וויל זיך נישט פאַרקויפן צום דאָזיקן גראָבן געלט־זאַק...

— פונדעסטוועגן. אַזאַ גליק־שידוך.. — האָט מען זיך געוווּנדערט פון אַלע זייטן

— איך האָב גענוג גרויסע איינקונפטן פון מיינע אונטערנעמונגען אין וואַרשע, — האָט הערמאַן זיך געריימט, — איך דאַרף נישט מיסטער קאָפּערפעלדס דאָלאַרן און נישט זיין נאַרישע טאָכטער...

הערמאַן איז געווען שטאַרק צופרידן, ווען ער האָט געזען, אַז זיינע שיינע ווערטער נעמען אויס...

„זיי באַטראַכטן מיך פאַר אַ העלד“... — האָט ער זיך געטראַכט און אָנגעקוואָלן פון זיך

ענדלעך האָט מען זיך אַוועקגעזעצט שפּילן.

אין אָנהויב האָט הערמאַן געשפּילט מיט קליינע „סטאַוּקעס“. דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט.

זעענדיק, אַז עס גייט אים, האָט ער אָנגעהויבן איינצושטעלן גרעסערע סומעס.

דאָס מזל האָט אים ווייטער געשפּילט...

אין אַ קורצער ווייל אַרום איז אויפן טיש נעבן הערמאַנען געלעגן אַ היפּשע קופּקע גאָלדענע מטבעות און אַסיגנאַציעס.

ער האָט שוין געהאַט געוווּנען אַ גענוג באַדייטנדיקע סומע.

ווען ער הערט אויף צו שפּילן אין דער ריכטיקער צייט, וואָלט ער אויף אַ לאַנגער צייט געווען פאַרזאָרגט מיט זיין אויסקומעניש.

ער איז אָבער אַריינגעצויגן געוואָרן אין האַזאַרד...

ער האָט געשטעלט וואָס אַמאָל אַלץ גרעסערע און גרעסערע !

סטאַוקעס.

פלוצלונג האָט דאָס ראָד פון מזל זיך אַוועקגעדרייט פון אים...

די קופּע געלט וואָס איז געלעגן נעבן אים, האָט גענומען איינשרומפּן זיך און קלענער ווערן.

אָבער הערמאַן האָט נישט געקוקט אויף גאָרנישט און ווייטער געשפּילט.

דאָס מזל האָט זיך מער נישט געוואָלט אומקערן צו אים.

ער האָט געשפּילט מיט פאַרביסנקייט און פאַרצווייפלונג. אויף זיין שטערן האָבן זיך געשטעלט גרויסע טראָפּנס שוויס, זיין געזיכט איז בלאַס געוואָרן ווי קרייד.

ער האָט אויסגעטרונקען איין גלאָז ווייַן נאָכן אַנדערן און אויסגערויכערט אַ גאַנץ שאַכטל ציגאַרן...

ער האָט כסדר פאַרשפּילט...

— איך אויף אייער אָרט וואָלט אויפגעהערט צו שפּילן... — האָט אים עמעץ אַ שעפּטשע געטאָן אויפן אויער — ס׳איז היינט נישט אייער טאָג.

— לאָזט צורו! — איז הערמאַן בייז געוואָרן און פאַרטאָפּלט די סטאַווקע.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און הערמאַנס פּאָרטפעל איז געוואָרן ליידיק. דער לעצטער הונדערטער־דאָלאר איז געלעגן פאַר אים אויפן טיש...

הערמאַנס האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן.

„די לעצטע האָפענונג"... — האָט ער געטראַכט.

ער האָט איינגעשטעלט דעם גאַנצן הונדערטער מיטאַמאָל...

ער האָט פאַרשפּילט...

קיינעם פון די אַנוועזנדיקע איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער „רייכער" הערמאַן גרינפעלד איז איצט אַ קבצן אין זיבן פאַלעס און פאַרמאָגט נישט צומאָל קיין איין סענט..

— איר זענט גערעכט געווען, — האָט הערמאַן זיך געווענדעט צו יענעם, וואָס האָט אים פריער געראָטן נישט צו שפּילן מער, — ס׳איז מיר היינט נישט געגאַנגען...

— אַז איך האָב אייך געזאָגט, זענט איר בייז געוואָרן...

— נו, ס׳מאַכט נישט אויס... — האָט הערמאַן געהאַלטן פאַסאָן,

— אָבער ס'גלוסט זיך מיר נאָך נישט צו לייגן זיך. עס איז ערשט צוויי אַזייגער. איר קאָנט מיר אפשר באָרגן הונדערט דאָ־לאַר?

— ביטע זייער! — האָט יענער געענטפערט און דערלאַנגט הערמאַנען אַ הונדערטער.

אָבער אויך דער דאָזיקער הונדערטער האָט הערמאַנען נישט צוריקגעברענגט דאָס מזל...

ערשט איצט האָט הערמאַן זיך אויפגעשטעלט.

מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן וועל איך אייך דעם הונדערטער אָפּגעבן. — האָט דערקלערט הערמאַן.

— ס'מאַכט נישט. ס'מאַכט נישט. — האָט יענער געענט־פערט.

ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט פאַרשטעלן, אַז הערמאַן גרינ־פעלד, וואָס האָט מיט אַזאַ לייכטער האַנט אָפּגעלאָזן דעם שידוך מיט דער מיליאָנערשער טאָכטער, פאַרמאָגט נישט קיין איין סענט...

הערמאַן האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט זיינע קלוב־קאָלעגן און פאַרלאָזט מיסיס פרענטשס לאָקאַל.

ערשט אויף דער גאַס האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פון זיין לאַגע...

ער האָט איצט נישט געהאַט קיין געלט צוצוצאָלן דעם מיס־טער מאָריסאָן. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין גראָשן צום לעבן.

כדי צו האָבן צו עסן אויף די נאָענטסטע עטלעכע טעג, וועט ער מוזן פאַרזעצן זיין גאָלדענעם זייגער און דעם ברילִיאַנטענעם רינג, וואָס דזשעני האָט אים געשענקט...

אַ קירכן־זייגער האָט אויסגעהילכט אין דער נאַכטיקער לופט די צייט:

א־יי־נ־ס! צ־וו־יי! ד־ר־יי! ...

„שוין אַלזאָ דריי אזייגער ביינאַכט" האָט הערמאַן אַ טראַכט געטאָן.

הערמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און פאַרטראַכט זיך.

אין אָנהויב האָט ער געטראַכט אַהיימצוגיין אין האָטעל. אָבער ער האָט איצט נישט געהאַט דעם מינדעסטן חשק אהין צו גיין.

שלעפּערדיק איז ער נישט געווען. ער איז דאָך געשלאָפן ביז די נאָכמיטאָג־שעהן, וואָס וועט ער אַצינד טאָן אין האָ־טעל ?

צי קאָן דען זיין אַ לאַנגווייליקערע זאַך, ווי ליגן אַ וואָ־כעדיקער אין בעט און קוקן אויף די ליידיקע ווענט, אָדער אָפּסער־ווירן דעם שפּאַציר פון אַ פליג אויפן סופיט ?

אָבער ווו דען זאָל ער גיין.

אוודאי, אַז מען האָט אַביסל דאָלאַרס אין קעשענע, פעלט איצט אויך נישט ווו צו פאַרברענגען... און קיין אַדרעס האָט מען הערמאַנען אויך נישט געדאַרפט אָנווייזן.

הערמאַן האָט שוין געוווסט, ווו ס'עפנט זיך אַ טיר אין ניו־יאָרק.

ער האָט דאָך אָבער נישט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה...

בלאָנדזשענדיק אַזוי מיט זיינע געדאַנקען, איז אים געקומען אויפן זין — פלאָרע.

„איר פּרעכטיקע קערפּער רוט שוין געוויס לאַנג אין בעט"... — האָט הערמאַן געטראַכט און דערביי זיך אויסגעמאָלט אין דער פאַנטאַזיע אירע רונדיקע, קיילעכדיקע גלידער..

„ווען זי זאָל וויסן, ווי איר הערמאַן ווערט נעבעך פאַרפּאָלגט פונעם שיקזאַל!... אפשר וואָלט זי אים צוגעטוליעט צו זיך און אים געטרייסט"...

אַזוי האָט זיך הערמאַן געטראַכט און עס האָט אים אַרומ־געכאַפּט אַ נאָגענדיקע בענקשאַפט צו דער שיינער פלאָרען.

„ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איך זאָל איצט פילן אין מיינע הענט די וואַרעמקייט פון איר צאַרטן לייב!... — האָט הערמאַן פאַנטאַזירט.

ס'האָט אים אָנגענומען אויך אַ מאָדנער רחמנות אויף פלאָרען.

„זי ליגט נעבעך עלנט און אַליין און טרוימט אפשר אויך וועגן דער צאַרטקייט פון מיינע הענט און שטאַרקייט פון מיינע מענערישע אָרעמס"... — האָט ער געטראַכט.

דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט פון גרויס מיטגעפיל.

אַלע ביז איצט דערשינענע עבראַשורן, קאָן מען באַשטעלן אין דער אַדמיניסטראַציע פון „יידישע צייטונג", אלנבי 85 ת"א.

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 54

נישט אָפּגעבנדיק זיך אַליין קיין רעכענונג ווו ער גייט, האָט הערמאַן פלוצלונג באַמערקט, אַז ער געפינט זיך נישט ווייט פון פלאָרעס האָטעל...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ווו גיי איך עס, האַ? — האָט ער זיך אַליין אַ פרעג געטאָן.

„נאָר בין איך שוין דאָ, לאָמיך כאָטש אַ קוק טאָן אין די פענצטער פון אירע צימערן"... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און איז ווייטער געגאַנגען. און אָט איז שוין די האָטעל־געביידע...

„הינטער די דאָזיקע פענצטער דאָ אַנטקעגנאיבער שלאָפט זי אין א זיסן שלאָף... פונעם שניי־ווייסן בעטגעוואַנט שיינט אַרויס איר פּרעכטיקער קערפּער, וואָס זעט אויס, ווי פון מאַרמאָר־שטיין"...

„אַ קרוין פון פּרעכטיקע לאָקן באַצירט איר קאָפּ און פאַלט אַראָפּ אויף די נאַקעטע אַקסלען".

„ווען איך קאָן כאָטש שטיין נעבן איר בעט און באַוואונדערן דאָס טרוים־שמייכעלע אויף אירע בלוט־רויטע ליפּעלעך!... די ווייסקייט פון אירע פולע ברוסטן, וועלכע באַוועגן זיך אין אָטעמען, ווי צוויי שלאָפנדיקע טויבן".

אַ שכורער אין גאַנצן פונעם בילד, וואָס עס האָט אים אויסגעמאָט זיין פאַנטאַזיע — האָט הערמאַן אויסגעצויגן זיינע אָרעמס אַנטקעגן די פענצטער...

אָבער די פענצטער האָבן שטום געקוקט אויף אים, ווי פאַרלאָשענע אויגן, פאַרדעקטע מיט בעלמעס ראָלעטן.

דער רויש פון אַן אָנפאָרנדיקן אויטאָמאָביל האָט הערמאַנען פלוצלונג אַרויסגעריסן פון זיינע טרוימערייען.

דער אויטאָ איז פאַרפאָרן פאַר פלאָרעס האָטעל און זיך אָפּגעשטעלט.

אויס פשוטער נייגעריקייט האָט הערמאַן זיך צוגעקוקט, ווי דאָס טירל פון אויטאָ עפנט זיך און עמעצער גייט פון אים אַרויס.

אָבער פלוצלונג האָט זיין האַרץ מעכטיק אַ קלאַפּ געטאָן.

הערמאַן האָט זיך אינסטינקטיוו אויסגעווישט די אויגן.

„צי חלומט ער נישט?"

„ניין, ס'איז נישט קיין חלום. ס'איז פלאָרע"...

זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ פּרעכטיקן אָונט־טואַלעט,

אין וועלכן זי איז נאָך שענער געווען, ווי שטענדיק.

„צי אי זזי אַליין?“... — האָט הערמאַן געטראַכט און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס האַרץ וועט אים אַרויסקריכן פון דער ברוסט. — „ניין, זי איז נישט אַליין“...

נאָך איר איז פונעם אויטאָ ארויס אַ דיקער, עלטערער הער...

הערמאַנען האָט אויפגעקאָכט דאָס בלוט פון צאָרן. די אייפער־זוכט האָט אים געפרעסן, ווי זשאַווער..

ער האָט אין גאַנצן אויפגעציטערט, ווען ער האָט געזען, ווי דער עלטערער, דיקער הער גייט אַריין צוזאַמען מיט פלאָרען אין האָטעל אַריין

„וואָס? ער פאָרט גאָרנישט אַוועק, נאָר ער בלייבט דאָ נעבן־טיקן מיט פלאָרען?“. — האָט עס הערמאַנען געהאַמערט אין קאָפּ.

אויף דעם האָט ער זיך נישט געריכט. ער איז זיכער געווען, אַז דער באַיאָרטער הער באַגלייט בלויז פלאָרען ביזן טויער, אָבער אַז ער זאָל מיט איר אַרויפגיין אין האָטעל — דערויף האָט הער־מאַן זיך נישט געריכט...

הערמאַן איז געשטאַנען, ווי אַ פאַרגליווערטער און זיך צוגע־קוקט ווי דער טויער פאַרמאַכט זיך צוריק הינטער פלאָרען מיט איר באַגלייטער...

אַ ווײַלע אַרום האָבן פלאָרעס פענסטער אויפגעלויכטן פון עלעקטרישן שיין...

הערמאַן האָט געקאָכט פון צאָרן. ער האָט פון פאַרצווייפלונג זיך צעביסן די ליפּן ביז בלוט... ער האָט ביז ווייטאָג צונויפגע־דריקט זיינע פינגער אין פויסטן.

הערמאַן וואָלט איצט גערן אַראָפּגעלאָזט זיינע צונויפגעבייל־טע פויסטן אויף פלאָרעס קיילעכדיקע פּלייצעס... ער וואָלט אין זיי געפּויקט, אַז זי זאָל זיך אַזש צעשרייען פון ווייטאָג.

„אַ געמיינע גאַסן־פרוי איז זי, נישט מער!“. — האָט ער געטראַכט מיט צאָרן — פאַר מיר מאַכט זי דעם אָנשטעל פון אַ צנועה, און הינטער מיינע פּלייצעס גיט זי זיך איבער ווען עס לאָזט זיך“.

„אַ פאַרקויפטע בריאה“...

הערמאַנען האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע בייזע גייסטער האָבן זיך

אויף אים היינט פאַרנומען.

„פון אַלע זייטן... פון אַלע זייטן". — האָט ער זיך געטראַכט — „דאָס אומגליק יאָגט מיך אומעטום נאָך".

„בין איך געגאַנגען אויף דער הוליאנקע צו מיסיס פרענטש, האָט דער טייוול אַהינגעטאָן דזשענין... בין איך געגאַנגען צו דזשענין, האָט דער טייוול אָנגעטראָגן דעם מיסטער גאָלד.. „בין איך ענדלעך געגאַנגען אין שפּיל־קלוב, איז מיר אויך דאָ דער שלימזל נאָכגעגאַנגען".

„איצט נאַדיר דעם גראָבן פּאַרשוין דאָ ביי פלאָרען"...

„אַ שלים־שלימזלדיקער טאָג היינט!".

ער איז געשטאַנען אויף דער גאַס אַ בלאַסער. ווי אַ מת, אַ שווייגנדיקער, מיט פאַרקריצטע ציין, און געקוקט צו פלאָרעס פענצטער.

„דאָרט זיצט זי איצט מיט דעם גראָבן פאַרשוין און קושט זיך און צערטלט זיך מיט אים". — האָט הערמאַן געטראַכט מיט צאָרן.

ער איז לאַנג אזוי געשטאַנען.

ער האָט געפילט, אַז בלוט טריפט פון זיין האַרץ.

פלוצלונג האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון זיין אָרט און גענומען לויפן, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

ער האָט אַליין נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז געווען פאַר אים, וואָס ער האָט באַצייטנס זיך אָפּגעטראָגן פון הינטער פלאָרעס פענצטער.

ווען ער שטייט נאָך אַ קורצע ווײַלע, וואָלט ער געזען, ווי דאָס ליכט אין פלאָרעס פענצטער לעשט זיך אויס און עס צינדט זיך אָן דאָס ראָזע נאַכט־לעמפל פון איר שלאָפצימער.

דער דיקער פאַרשוין איז אויך דעמאָלט פון האָטעל נישט אַרויס.

וואָלט הערמאַן נישט געפּלאַצט דאָס האַרץ פון קרענקונג, ווען ער זעט דאָס צו מיט זיינע אייגענע אויגן?.

נאָר עס איז אים סיי־ווי נישט געווען וואָס מקנא צו זיין.

די דאָזיקע נאַכט איז געווען פאַר אים אַן אומענדלעכע קייט פון ליידן און פּיין.

אַ גאַנצע נאַכט איז ער געלעגן אַ וואַכעדיקער אויף זיין געלע־

גער און זיך געקאָרטשעט פון אייפערזוכט און אומבאַהאָלפענעם צאָרן...

ער האָט צעביסן זיינע ליפּן און פינגער ביז בלוט... ער האָט זיך אַריינגעדריקט זיינע אייגענע נעגל אין לייב און געריסן פון זיך פּאַסן...

די אומבּרחמנותדיקע פאַנטאַזיע האָט אים כסדר געריייצט מיט די שרעקלעכסטע בילדער, וואָס זי האָט אים געמאָלן...

ער האָט געזען, ווי דער עלטערער דיקער פּאַרשוין פירט זיינע פעטע הענט איבער פלאָרעס שיינעם, נאַקעטן לייב, ווי ער זויגט זיך איין אין איר מיט זיינע דיקע ליפּן...

און פלאָרע?

זי שטויסט דעם דיקן נישט אָפּ אַזוי ווי אים, הערמאַנען, נאָר זי טוליעט צו זיך זיין גרוילעכן קאָפּ און קושט אים אין סאַמע פּליך אַריין.

„בר—ר—ר—רר..."

הערמאַן האָט דערפילט אַ שוידער פון עקל און האָט צו יענעם דיקן, באַיאָרטן הער.

נאָר צו יענעם דיקן פּאַרשוין? אויך פלאָרען האָט ער איצט געהאַסט, אָבער איר רייץ איז צוליב דעם נישט קלענער גע־וואָרן.

— אַך! זאָל דער טייוול נעמען! — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט — זי ליגט דאָרט איצט מיט דעם פליכעוואטן בער און איך ליג דאָ אַליין, ווי אַ הונט?.

— ווי געפעלט דיר די צנועה?. „מ'דאַרף וואַרטן ביז די ליבע וועט רייף ווערן"... צום פליכעוואַטן בער איז די ליבע שוין רייף...

„וואָס טוט מען אַצינד מיט איר?" — האָט הערמאַן געטראַכט. „אַוועקוואַרפן זי, ווי אַ קרעציקן הונט!" — האָט ער זיך אַליין געענטפערט.

„מאָרגן וועל איך צושיקן אַ בריוו, אַז עס וועט איר פינצטער ווערן פאַר די אויגן".

„שוין? און דאָס איז אַלץ?". — האָט ער זיך אַליין צוריק־געפרעגט מיט אומצופרידנקייט, — „דאָס וועט שוין זיין איר גאַנצע שטראָף פאַר דעם געמיינעם פאַרראַט?...

„ניין! דאָס איז ווייניק!".

„איך מוז זי אַװעקלייגן אַ טויטע צוזאַמען מיט איר געליבטן!".

ער האָט אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער, אים אָנגעלאָדן און אַרונטערגעלייגט אונטערן קישן...

„באַגינען וועל איך אויפשטיין און מאַכן אַ סוף מיט זיי!" — האָט ער געטראַכט.

אָפּפאַרטנדיק זיך מיט זיי אין געדאַנק, איז ער אַ מידער פונעם גאַנצן טאָג מיט שווערע איבערלעבונגען איינגעשלאָפן מיט אַ פעסטן שלאָף.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען נאָענט צו מיטאָג.

— אַ שאַד! — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, — ווען איך כאַפּ זיך אויף צו דער צייט — וואָלט איך זיי דערשאָסן ווי די הינט.

אָבער אין דער אמתן האָט הערמאַן זיך אַליין אָפּגענאַרט.

ער איז אַ גרויסער פּחדן און ער וואָלט עס סיי ווי נישט געטאָן. ער האָט זיך נאָר געוואָלט קילן דאָס האַרץ מיט די מערדערישע געדאַנקען.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין געלעגער, זיך אָנגעטאָן און גענומען שפּרייזן אַן אויפגערעגטער אַהין און צוריק איבערן האָטעל־צימער.

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? — האָט ער זיך געפרעגט — לאָזן זי לויפן און נישט אָנקוקן זי מער? אָבער איך וועל משוגע ווערן פון בענקשאַפט און פון ליידנשאַפטלעכן באַגער!

און זאָל איך אפילו נישט נעמען נקמה אָן איר?. זי האָט דאָך מיך אַזוי מיאוס פאַרראַטן. און מיט וועמען? מיט עפּעס אַ פליכעוואַטן פלייש־פּעסל...

אויסגעשריגן און אויסגעזידלט פאַר זיך אַליין, האָט הערמאַן אָנגעהויבן צוריקצודרייען דאָס רעדל...

„און אפשר טומל איך זיך גלאַט אַזוי צוליב גאָרנישט?... אפשר איז דער דיקער הער פלאָרעס אַ פעטער?... אָדער גאָר — אַן אייגענער טאַטע. ס'קאָן דאָך זיין"...

„אַט ס'ארא שוטה איך בין!. באַלד היץ איך זיך"...

„פריער דאַרף מען צו איר אַריבערגיין און פרעגן זי, ווער דער פליכטוואַטער איז געווען".

„ווערט זיך אַרויסווייזן, אַז זי איז שולדיק — נו, נו, וועל איך איר שוין דערציילן אַ מעשה... אָבער טאָמער איז זי גאָט די נשמה שולדיק... איך וועל איר דאַן אויסקושן יעדעס ביינדעלע"...

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן הערמאַנען אין גאַנצן באַרואיקט.

ער האָט זיך אַלזאָ צורעכט געמאַכט דעם טואַלעט און זיך איילִיק געלאָזט צו פלאָרעס האָטעל.

דאָרט האָט אים אָבער דערוואַרט אַ ביטערע אַנטוישונג...

## קאַפּיטל זיבעציק

# די נייע היים

אויף אַ באַנק אין דאַנציקער וואָקזאַל אין וואַרשע איז געזעסן אַ פריילין מיט אַ קליין וואַליזקעלע אין דער האַנט.

זי איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ קראַנקן-שוועסטער. און איר שיינקייט האָט צוגעצויגן אַלעמענס בליקן.

איר געזיכט איז געווען בלאַס און זי האָט אויסגעזען אויפ־געֶרעגט און נערוועז.

ביי יעדן צוג, וואָס איז אָנגעקומען, פלעגט זי פרעגן ביים באַן־באַאַמטן, וואָס לאָזט אַרויס אויפן פעראָן, צי איז עס דער צוג, מיט וועלכן זי דאַרף פאָרן.

איר צוג איז אָבער נאָך נישט געהאַט געקומען.

וווהין האָט זי געדאַרפט פאָרן?

זי האָט געהאַט אַ בילעט קיין לובלין. ווייל ווען דער קאַסירער האָט זי געפרעגט, וווהין זי וויל אַ בילעט, האָט זי זיך אַרויסגע־כאַפּט: קיין לובלין.

אין דער אמתן איז איר געווען גלייכגילטיק וווהין זי וועט פאָרן ווייל זי האָט נישט געהאַט וווהין און צו וועמען צו פאָרן...

ס'איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז דאָס מיידל, וואָס איז געזעסן אין וואָקזאַל און געוואַרט אויפן צוג, איז געווען די קראַנקן־שוועס־טער סאַבינע רייזמאַן...

זי האָט מיט אַ ווײַלע צוריק געהאַט פאַרלאָזן דאָס הויז פון

די זאַלצבערגס. זי איז גלייך אויפגעזעסן אויפן טראַמוויי און פאַר־פאָרן צום דאַנציקער וואָקזאַל.

זי איז געווען שטאַרק דענערווירט און אויפגערעגט.

עס איז נישט שווער געווען צו דערקענען, אַז אין איר שיינעם קאָפּ שפּאַצירן איצט נישט קיין פריילעכע געדאַנ־קען...

זי האָט געמאַכט איבער זיך אַ זייער שמערצלעכע אָפּעראַציע. זי האָט געוואָלט אַרויסרייסן פון איר האַרץ אַ געפיל, וואָס איז דאָרט געווען טיף אַריינגעוואַקסן.

זי האָט געוואָלט פאַרגעסן אין איר פאַרגאַנגענהייט און אין אַלע אירע איבערלעבונגען.

צי איז דען נישט די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייט טויט פאַר איר? לעאָן געהער שוין צו אַן אַנדערע און ער קען שוין מער צו איר נישט געהערן... וואָס־זשע דען איז איר איצט געבליבן צו טאָן, אויב נישט צו באַמיען זיך צו פאַרגעסן אָן אים?

אָבער צי וועט זי אָן אים פאַרגעסן?.

יעדנפאַלס וועט זי אַלץ טאָן, כדי צו פאַרגעסן.

פאַרגעסן — איז געווען די איינציקע רעטונג אירע, דאָס איינ־ציקע מיטל אָפּצושטעלן דאָס כסדרדיקע בלוטיקן פון איר האַרץ...

וואַרטנדיק מיט אומגעדולד אויפן צוג וואָס וועט זי באַלד פירן קיין לובלין, האָט סאַבינע געפּרוווט אויך אַ טראַכט טאָן וועגן דער צוקונפט.

„וואָס וועל איך טאָן אין לובלין?"...

אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט זי קיין ענטפער נישט גע-האַט. זי האָט דעריבער געזוכט אויפמישן אין איר געדאַנק די אי־בערלעבונגען פון די לעצטע טעג.

זי האָט פאַרמאַגט דאָס בילד פון איר לעצטער באַגעגעניש מיט לעאָנען.

די דאָזיקע באַגעגעניש האָט צוריק אויפגעריסן אַלע קוים פאַר־היילטע וווּנדן אין איר האַרץ.

ווי הייס האָט זי געבענקט נאָך דער דאָזיקער מינוט„ ווען זי וועט ענדלעך דערזען לעאָנען, איר לעאָנען!...

ווי האָט זי געוועבט טרוימען וועגן דער דאָזיקער הייס־באַ־

גערטער מינוט ...

„איך וועל זיך וואַרפן אין זײַנע אָרעמס און קײנער וועט אים שוין נישט קענען אָוועקרײַסן פון מיר!". — האָט סאַבינע געטראַכט.

אָבער עס האָט זיך גאָר אַנדערש אויסגעלאָזט, ווי סאַבינע האָט געטרוימט וועגן דעם.

ווען לעאָן האָט זיך באַוויזן אין דער טיר פון מאַדאַם זאַלצבערגס צימער, האָט די אומגליקלעכע סאַבינע זיך דערמאָנט אַז אין סאַלאָן זיצט איצט לעאָנס פרוי, רעגינע...

„איך האָב מער נישט קײן רעכט אויף זײַן ליבע"... — האָט זי געטראַכט — לעאָן געהער מער נישט צו מיר, נאָר צו רעגינען"...

סאַבינע האָט דאַן דערשטיקט אין זיך דאָס געשרײ, וואָס האָט זיך געריסן פון איר ברוסט.

אָנשטאָט צו וואַרפן זיך אין די אָרעמס פון דעם, וואָס זי האָט ליבער געהאַט פון איר אײגן לעבן, האָט זי פאַרמאַסקירט איר געזיכט מיט די שוואַרצע ברילן...

לעאָן האָט זי נישט דערקענט...

זי האָט אים אָבער די גאַנצע צײַט אָבסערווירט און נאָכגעקוקט מיט האַרץ־קלאַפּעניש זײַן יעדן באַוועגונג...

ער האָט נישט אויסגעזען גליקלעך. זײַנע באַקן זענען געווען שרעקלעך בלאַס, די אויגן — טיף אײַנגעפאַלן, אויף די ליפּן איז געלעגן אַ טרויעריקער שמײכל...

ווי שטאַרק האָט איר האַרץ געצאַפּלט אין דעם דאָזיקן מאָמענט!

מיט וואָס פאַר אַן אומענדלעכער פרייד וואָלט זי אָפּגעפּרעסט אַ הייסן קוש אויף לעאָנס טרויעריק שמײכלענדיקע ליפּן!...

„אָבער צי מעג איך דאָס טאָן?" — האָט זי געטראַכט — „צווישן מיר און לעאָנען שטײט דאָך איצט אַ דיקע וואַנט?"...

„איך מוז זיך באַהערשן"!...

סאַבינעס געדאַנקען האָט איבערגעריסן אַ לאַנגער פּײַף פון אַן אַנטלויפנדיקן צוג.

עס איז געווען דער צוג, וואָס איז געפאָרן קײן לובלין.

סאַבינע האָט געאײַלט מיט די אַנדערע פּאַסאַזשירן אויפֿן פּעראָן און אײַנגעשטיגן אינעם שטייענדיקן צוג, אין אַ וואַגאָן פֿון דריטן קלאַס.

זי האָט זיך איצט אין געדאַנק נאָכאַמאָל געשטעלט די פֿראַגע:

„וואָס וועל איך טאָן אין לובלין?"

„נו, פֿאַר אַלעמען וועל איך זיך ווענדן אין דאָרטיקן שפּיטאָל, אפֿשר דאַרף מען דאָרט אַ קראַנקן־שוועסטער".

„אויב נישט — וועל איך זיך ווענדן אין יידישן מעדי־צינישן אַנשטאַלט. לובלין איז דאָך אַ גרויסע יידישע שטאָט און איך וועל מסתמאַ ערגעץ קריגן אַרבעט".

זיצנדיק אַזוי אַ פֿאַרטראַכטע, פֿאַרטיפֿט אין אירע געדאַנקען, האָט סאַבינע גאָרנישט באַמערקט, אַז נעבן איר זיצט אַן עלטע־רע דאַמע.

די דאָזיקע דאַמע האָט געהאַט אַ שאַרף שפּיציקן געזיכט. ווי אַ פֿויגל. דאָס דאָזיקע געזיכט איז געווען ווייט נישט סימפּאַטיש. אויף אירע ליפּן איז געלעגן אַ פֿאַלש, כיטרע שמייכע־לע.

זי האָט כסדר אָבסערווירט סאַבינען און פֿון אירע באַוועגונגען איז געווען צו דערקענען, אַז זי וואָלט געוואָלט זיך צעשמועסן מיט איר.

ענדלעך האָט זיך די עלטערע דאַמע מער נישט געקאָנט אײַנהאַלטן. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו סאַבינען און אַ פֿרעג געטאָן:

— אַנטשולדיקן זי, פֿרײַלין! פֿון אינס אָנטאָן זע איך, אַז זי זענען אַ קראַנקן־שוועסטער?...

—יאָ. איך בין אַ קראַנקן־שוועסטער. — האָט סאַבינע גע־ענטפֿערט.

— אָבער צי איז פֿאַר אין נישט שווער די דאָזיקע אַרבעט?... זי זעען אויס אַזאַ איידעלע... — האָט די עלטערע דאַמע ווייטער געפֿרעגט.

— פֿאַר דעם, וואָס האָט די אַרבעט ליב, איז זי נישט צו שווער, — האָט סאַבינע דערקלערט.

— און ווו פֿאָרן זי? אין אַ שפּיטאָל אַרײַן?

— איך פֿאָר זוכן אַרבעט.

— און אַן אַנדערע אַרבעט וואָלט זי אָנגענומען ?
— ס'ווענדעט זיך וואָסערע.
איך האָב פאַר אײן אַ לײכטערע און אָנגענעמערע אַרבעט.
— איך גלויב נישט, אַז װעלכע עס איז אַרבעט זאָל פאַר מיר זײן לײכטער און אָנגענעמער, װי פלעגן אומגליקלעכע קראַנקע. אָבער װאָס פאַר אַן אַרבעט מײנען זי? — האָט סאַבינע געפרעגט.
די עלטערע פרוי האָט זיך נעענטער צוגערוקט צו סאַבינען.
— איך, מײן קינד, בין אַן אלמנה. אי דהאָב אַ גרויס מאַנופאַקטור געשעפט און דרײַ הײַזער. איך האָב בלויז אײן קינד, אָבער מיר פירן זײער אַ ברײט הויז.
די דאַמע האָט אָפּגעזיפצט און װײטער דערצײלט:
— מײן ײנגל איז זײער אַ פּעאיקער און אַלע האָבן אים ליב ס'לעבן. איך האַלט אַ דינסט און אַ קעכין. עס איז אָבער נישטאָ װער עס זאָל פירן די װירטשאַפט. זי פאַרשטײען?
— יאָ.
— איך װאָלט אַלזאָ געדאַרפט אַן אינטעליגענטע פרײלין, װאָס זאָל קענען פירן אַ װירטשאַפט און גלײכצײטיק זאָל איך קאָנען מיט איר פאַרברענגען, אַ װאָרט אויסרעדן...
סאַבינע האָט זיך פאַרטראַכט:
„אפשר טאַקע אָננעמען דעם דאָזיקן פּאָסטן? אפשר װעל איך אַלס קראַנקן־שװעסטער אינגאַנצן נישט קריגן קײן אַרבעט?”
— װיפל װאָלטן זי געצאָלט אַזאַ פרײלין? — האָט סאַבינע געפרעגט.
— נו, גאָר קײן סך בין איך נישט אימשטאַנד צו צאָלן.... צװאַנציק גילדן אַ חודש װאָלט איך געגעבן...
— דאָס איז גאַנצן?
—און אַ עלעגאַנט צימער מיט באַהײצונג און באַלויכטונג, ערשטקלאַסיקע באַשפײזונג... װאָלטן זי נישט אָנגענומען דעם פּאָסטן?
סאַבינען איז שװער געװען זיך צו אַנטשליסן.
װאָס פאַר אַ לוין איז דאָס צװאַנציק גילדן אַ חודש? אַ דינסט מײדל קריגט דאָך פיל מער!
די מאַדאַם װײנשטײן, אַזוי האָט די עלטערע פרוי געהײסן, האָט אָבער געהאַלטן אין אײן אײַנרעדן סאַבינען:

— אַזוי גוט, ווי עס וועט אין זיין ביי מיר, וועט אין אין ערגעץ נישט זיין! עס וועט זי נישט פעלן, גלויבן זי מיר, פון קיין פויגל־מילך!....

— זאָל זיין! — האָט סאַבינע אייַנגעגאַנגען.

ס׳האָבן דען שוין געוואַרט אויף איר בעסערע שטעלעס?

„און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל אַזאַ פּאָסטן אויך נישט קריגן? אַז איך וועל אין גאַנצן נישט באַקומען קיין אַרבעט? דער־מאָלט וועט בעסער זיין? וואָס וועל איך דעמאָלט טאָן?" — האָט סאַבינע געטראַכט.

מאַדאַם ווייַנשטיין איז צופרידן געווען.

זי האָט אייַנגעהאַנדלט אַזוי ביליק, ווי זי האָט זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט... און דאָס מיידל זעט אויך אויס אַ פייַנע, אַן אָרנטלעכע.

אויך סאַבינע איז נישט אומצופרידן געווען.

„גאָט פאַרלאָזט מיך נישט". — האָט זי געטראַכט. — „כ׳האָב נאָר וואָס פאַרלאָזט דאָס גאַסטפרייַנטלעכע הויז פון די זאַלצבערגס, איז מיר איצט אונטערגעקומען די דאָזיקע מאַדאַם ווייַנשטיין".

זי האָט געהאָפט, אַז אין הויז פון דער מאַדאַם ווייַנשטיין וועט זי זיך פילן פונקט אַזוי גוט, ווי ביי די זאַלצבערגס.

ענדלעך האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט פאַרן דעמבלינער וואָקזאַל. דאָ האָט מען געדאַרפט איבערגיין אין אַן אַנדער צוג, וואָס פאָרט שוין דירעקט קיין לובלין.

סאַבינע איז אויסגעשטיגן פון צוג צוזאַמען מיט דער מאַ־דאַם ווייַנשטיין.

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען אין וואָקזאַל אַריין, ווען זיי האָבן געדאַרפט אָפּוואַרטן דעם לובלינער צוג.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין בופעט־צימער און זיך געהייסן דערלאַנגען טיי.

מאַדאַם ווייַנשטיין האָט דערווייל דערציילט סאַבינען וועגן אירע געשעפטס־זאַכן און וועגן איר ווירטשאַפט, רעדנדיק לאַנג און נודנע וועגן אַלע אייַנצלהייטן.

סאַבינען האָט שוין געמישט אין קאָפּ פון דעם טייך מיט רייד וואָס האָט כסדר געשטראָמט אויף איר פון דער באַרעדעוודי־קער מאַדאַם ווייַנשטיין.

אַ מידע פון דעם שטראָם רייד האָבן סאַבינעס אויגן געוואַנדערט איבער דעם פאַרביקן מענטשן־געזעמל אין וואָקזאַל.

פלוצלונג האָט איר בליק זיך אָפּגעשטעלט אויף איין פּונקט און איז געבליבן ווי צוגעשמידט צו אים.

נעבן עטלעכע גרויסע וואַליזעס איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן און געשמועסט מיט אַן עלטערן הער. דער עלטערער איז געשטאַנען אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס צו סאַבינען.

אָבער די דאָזיקע געשטאַלט איז סאַבינען געווען אויסטערליש קענטלעך.

די דאָזיקע האַלב־איינגעבויגענע פּלייצעס, דער רויטלעכער קאַרק, נאָך מער די באַוועגונגען מיטן קאָפּ און מיט די אַקסלען — זענען עפּעס היימישע און באַקאַנטע.

„ווער קאָן דאָס זיין?" — האָט סאַבינע געטראַכט.

נאָר באַלד האָט דער עלטערער מאַן אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, סאַבינע האָט דערזען זיין פּראָפיל און זי איז בלאַס געוואָרן, ווי די וואַנט.

דער אַלטער הער איז געווען — סאַמועל קייזערשטיין...

מאַדאַם ווייַנשטיין, וועלכע האָט אַלץ געהאַלטן אין איין רעדן, האָט באַמערקט די פּלוצלונגע פאַרענדערונג אויף סאַבינעס געזיכט.

— וואָס איז אין, פריילין סאַבינע? — האָט זי געפרעגט אַ דערשראָקענע.

— גאָרנישט... גאָרנישט... איך פיל מיך אַביסל מיד... — האָט סאַבינע געשעפּטשעט.

סאַבינעס האַרץ האָט איצט געקלאַפּט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט.

זי האָט איצט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט יענע שרעקלעכע סצענע, ווען דער אַלטער אויסוואורף האָט זי אַריינגעבאַרט אין דער האַלב־פינצטערער שטוב און זי דאָרט פאַרמאַכט...

פאַר אירע אויערן האָבן ווידער געקלונגען יענע שרעקלעכע ווערטער זיינע:

— דאָ, מיין קינד, וועט איר צוואַרטן אויף לעאָנען... איר זאָלט זיך אָבער נישט וווּנדערן, אויב איר וועט דאַרפן וואַרטן אַביסל לענגער... איך מיין, אַז נישט היינט און נישט מאָרגן און

נישט אין עטלעכע וואָכן אַרום וועסטו אים זען...
און דערנאָך זיין שרעקלעך טייוולאָנ͏יש געלעכטער...
סאַבינעס בלוט האָט אויפגעקאָכט פון צאָרן...
„ס'איז געגנוג בלויז איין פּיפּס פון מיין מויל און דער דאָזיקער אויסוואורף זאָל געשמידט ווערן אין קייטן"... — האָט סאַבינע געטראַכט — „אָבער צי קאָן איך עס טאָן? ער איז דאָך היינט לעאָנס שוואָגער?... און צי קאָן איך אויפדעקן מיין געהיימ־ניש?...
סאַבינע איז דעריבער געזעסן אַ בלאַסע און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דעם פאַרברעכערישן אַלטן.
„זאָל דיר גאָט באַצאָלן פאַר דיינע פאַרברעכערישע טאַטן — האָט זי געטראַכט. — און זאָל דיין לעבן אַזוי צעבראָכן ווערן, ווי דו האָסט מיינס צעבראָכן"...
פּלוצלונג אָבער האָבן סאַבינעס אויגן זיך ברייט צעעפנט.
דער אַלטער קייזערשטיין האָט זיך אויסגעדרייט און זיך אָנגעהויבן דערנענטערן אין דער ריכטונג ווו סאַבינע איז געזעסן...
אָבער ווען ער איז שוין געווען אַ צען טריט נאָענט פון סאַבינען, האָט ער פּלוצלונג דערפילט דעם ברענענדיקן בליק, וואָס שפּיזט אים דורך.
ער האָט אַ קוק געטאָן אויף סאַבינען און איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער.
זיינע אויגן זענען געווען ברייט צעעפנט און זענען געווען פול מיט שרעק.
מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג אָבער האָט ער פאַרקערעוועט אָן אַ זייט און איז שנעל פאַרשוווּנדן, ווי ער וואָלט איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד.
סאַבינע האָט פאַרמאַכט די אויגן... ווידער איז פאַר איר אויפגעשווומען איר פאַרגאַנגענהייט...
„זי פאַרפאָלגט מיך, זי גייט מיר נאָך, זי לאָזט מיך נישט צורו". — האָט זי געטראַכט מיט פאַרצווייפלונג.
— פאַננאָ סאַבינא, וואָס איז אין? אפשר ווילן זי עפּעס נעמען אין מויל צום דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ? — האָט די מאַדאַם ווינשטיין געפרעגט.
— ניין. איך דאַנק. איך דאַנק...

דערווייל איז אָנגעקומען דער לובלינער צוג.

—נו, מען דאַרף באַצאָלן פאַר דער טיי. — האָט די מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט און געעפנט דעם האַנטבייטל.

זי האָט אַרויסגעגראַבלט פון דאָרט אַ קליין בייטעלע און לאַנג זיך געפּאָרעט דאָרט.

— פאַננאָ סאַבינאַ! — האָט מאַדאַם וויינשטיין ענדלעך אַ זאָג געטאָן — זי האָבן צו באַצאָלן פאַר אינס טיי. איך האָב, זע איך, גאָרנישט קיין קליין־געלט...

— ביטע זייער.... — האָט סאַבינע געענטפערט — איך קאָן פאַר אייערע אויך באַצאָלן. איך האָב גענוג קליינגעלט...

— איך דאַנק אין זייער... כוועל שוין אָפּגעבן אין דער היים...

סאַבינע האָט שוין זיך איצט געכאַפּט, מיט וואָס פאַר אַ פאַר־שוינטע זי האָט דאָס איצט צו טאָן.

זי האָט שוין פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די מאַדאַם וויינשטיין „איז נישט אימשטאַנד" צו צאָלן מער, ווי צוואנציק גילדן אַ חודש... זי איז פון קורחס משפּחה"... — האָט סאַבינע געטראַכט — „פון די, וואָס זאַמלען אוצרות אונטערן קישן און פאַרגינען זיך נישט דאָס לעבן"...

סאַבינע האָט שוין איצט אויך זיך קלאָר פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי עס וועט אויסזען ביי מאַדאַם וויינשטיין די „ערשטקלאַסיקע באַשפייזונג".

„זאָל איך נישט אָננעמען דעם פּאָסטן?" — האָט זי געטראַכט — „און וואָס ווייז, אַז איך וועל קיין אַנדערן נישט קריגן?"...

„און פאַרלאָזן דעם פּאָסטן ביי מאַדאַם וויינשטיין האָב איך דאָך שטענדיק צייט".

ענדלעך איז דער צוג צוגעקומען צום לובלינער וואָקזאַל.

זיי זענען אויסגעשטיגן פון צוג און מאַדאַם וויינשטיין האָט גענומען דינגען אַ דראָזשקע.

דריי דראָזשקאַרעס האָבן נישט געקאָנט מיט איר דורכקומען. אַנדערע האָבן זי שוין געקאָנט און זיי האָבן אין גאַנצן נישט געוואָלט רעדן מיט איר.

— גיין זי צופוס, מאַדאַמעשי, — האָבן זיי געזאָגט מיט שפּאָט, — וועלן זיי זיך איינברענגען אַ גילדן...

ענדלעך איז די מאַדאַם דורכגעקומען מיט אַ דראָזשקאַר און

ער האָט ארויפגעלייגט אירע וואַליזקעס אויף דער דראָזשקע. דער־נאָך איז זי אַליין אויפגעזעסן מיט סאַבינען.

— אָך! אָ! — האָט די מאַדאַם וויינשטיין דעם גאַנצן וועג געקרעכצט — וואָס פאַר אַ יקרות... פאַר אַ פּיצל וועגס צאָל זיי אַ גאַנצן גילדן... נישט אויסצוהאַלטן!

ענדלעך זענען זיי פאַרפאָרן פאַר מאַדאַם וויינשטיינס הויז. ס׳איז געווען אַן אָפּגעלאָזן הויז, אַ האַלבע הורבה.

זאַמלט די בראָשורן. מיר וועלן זיי שפּעטער בינדן אין בוך־פאָרם.

קויפט, לייענט און רעקאָמענדירט צו לייענען אייערע פריינט און באַקאַנטע אַלע בראָשורן. צו באַקומען איז אין אַדמיניסטראַציע „יידישע צייטונג״ אלנבי 85 ת״א. מיר שיקן אויף נאָכנאַמע.



דפוס „אור״ בע״מ פאַרלאַג „תקוה״

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 55

סאַבינע האָט פאַרשטאַנען די סיבה פון דער דאָזיקער אָפּגע־לאָזנקייט: די מאַדאַם וויינשטיין וויל נישט אַריינלייגן קיין גראָשן אויף רעמאָנט און זי זאַמלט בעסער קניפּלעך...

ס'איז אַריינגעקומען די דינסט, וועלכע האָט צוזאַמען מיטן דראָשקאַר געגומען אַריינטראָגן די וואַליזעס אין שטוב אַריין.

— און ווו איז מיין סאַלאָמאָן? — האָט מאַדאַם וויינשטיין געפרעגט דער דינסט — דו ווייסט נישט, אַנדזשע?

— ער איז אַוועק אין שטאָט. ער וועט באַלד צוריקקומען — האָט אַנדזשע געענטפערט.

— אַ שאָד... אַ שאָד... — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך גע־ווענדט צו סאַבינען, צעשמעלצנדיק זיך פון נחת — אַך, ווי איך וואָלט איצט געוואָלט צודריקן צום האַרץ מיין טייער יינגל!...

זי האָט אָפּגעזיפצט.

— קומען זי מיט מיר, פאַננאָ סאַבינאָ! כ'וועל אייך ווייזן אייער צימער.

זיי זענען אַרויפגעגאַנגען דורך קרומע צעבראָכענע טרעפּ אויף אַ גאָרן.

די מאַדאַם וויינשטיין האָט אַריינגעפירט סאַבינען אין אַ קליין פּאַציאָט־שטיבעלע מיט געבויגענע ווענט.

— אָט דאָס איז עס!... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט מיט אַ זיס שמייכעלע.

סאַבינע האָט זיך אַרומגעקוקט.

„גאָר עלעגאַנט איז דאָס צימערל נישט"... — האָט סאַבינע געזאָגט.

דאָס „מעבל" אין „עלעגאַנטן צימער" איז געווען צונויפגע־קלאַפּט פון אומגעהובליעוועטע ברעטער; דאָס געלעגער איז געווען האַרט ווי אַ שטיין...

דער אומגעהובליעוועטער טיש איז צומאָל נישט געווען באַ־דעקט מיט קיין טישטוך...

מיט איין וואָרט: „עלעגאַנט" — ערשטע קלאַס...

אָבער סאַבינע האָט זיך צומאָל קיין קרים נישט געטאָן...

זי האָט רואיק אויפגענומען די נייע באַשערונג פון שיקזאַל...

סאַבינע האָט געעפנט איר וואַליזקע און גענומען אויספּאַקן איר ביסל „האָב און גוטס"...

זי האָט איינגעלייגט אינעם שענקל איר אָרעם ביסל וועש און די עטלעכע קליידלעך.

אָבער באַלד איז אַנדזשע אַרויפגעקומען און געמאָלדן:

— פאַננאָ סאַבינאָ! די פאַני און דער פאַן וואַרטן אויף אײַך מיט דער קאָלאַציע!

סאַבינע איז אַראָפּ איבער די קרומע טרעפּ און אַריין אין מאַדאַם ווײַנשטיינס עס־צימער.

אין סאַבינעס אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ שטאַרקע פאַר־וווּנדערונג.

נעבן טיש איז געזעסן צעשפּרייט די מאַדאַם ווײַנשטיין אין אַ צעבראָכענעם פּליושענעם פאָטעל. זי האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פונעם יונגנמאַן, וואָס איז געזעסן נעבן איר.

אַ גרויסער שטאָלץ האָט אַרויסגעקוקט פון מאַדאַם ווײַנ־שטיינס אויגן...

דער יונגערמאַן האָט אויסגעזען אַלט צו זיין אַ יאָר פיר און צוואַנציק.

ער איז געווען אַ קליינער און אַ ברייט־פּלייציקער, אַ שטאַרק־באַוואָקסענער מיט געדיכטע געלע האָר.

די אויגן זיינע זענען געווען אַזוי געל, ווי די האָר, און פונקט אַזעלכע מאַטע און אָפּגעבליאַקעוועטע.

זיין געזיכט איז אין גאַנצן געווען באַדעקט מיט גרויסע זומער־שפּרינקעלעך. עס האָט אַראָפּגעקוקט דערפון אַן אויסטערלישע טעמפּקייט און ברוטאַליטעט...

זענע געלע אויגן זענען געווען פול מיט גיריקייט און ליידנ־שאַפט...

אָנגעטאָן איז ער געגאַנגען מיט אַן איבערגעטריבענער עלעגאַנץ, זיין גאַנץ געשטאַלט אין די עלעגאַנטע מלבושים האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ להכעיס, אַ בייזער חוזק...

„דאָס איז, אַלזאָ, מאַדאַם ווײַנשטיינס „בן־יחיד”. דאָס „ליבע יינגל”, מיט וועלכן זי שטאָלצירט אַזוי? — האָט סאַבינע גע־טראַכט און נישט געקאָנט אָפּרייסן אירע אויגן פונעם בייז־וווּנדער...

סאַבינע האָט געמיינט, אַז דאָס בן־יחידל איז אַ קליין יינגל פון זעכסטנס אַ יאָר צוועלף. זי האָט געטראַכט, אַז זי וועט זיך

גערן מיט אים פֿאַרנעמען.

ס'איז זיך דעריבער לייכט פֿאָרצושטעלן סאַבינעס איבער־ראַשונג, ווען זי האָט דערזען דעם דאָזיקן געלן, געשפּרינקלטן בער...

— פֿאַנגאַ סאַבינאַ! באַקענען זי זיך מיט מיין זון סאַלאָמאָן... — האָט מאַדאַם וויינשטיין פֿאָרגעשטעלט.

סאַלאָמאָן האָט זיך העפֿלעך און מיט אַן עלעגאַנטן קניקס פֿאַרנויגט פֿאַר סאַבינען.

— געערטעס פֿריילין! — האָט ער געזאָגט, חנדלענדיק זיך — איך מוז גראַטולירן מיין ליבע מוטער פֿאַר איר גוטן אויסוואַל... איך פֿאַרהאָף, אַז זי וועלן זיך פֿילן ביי אונדז, ווי ביי זיך אין דער היים.

ער האָט מיט זיין מגושמדיקער ברייטער האַנט, וואָס איז פֿול געווען מיט געלע האָר און זומער־שפּרינקלעך, אַ דריק געטאָן סאַבינעס צאַרט הענטל.

דערביי האָט ער געוואָרפֿן אַ פֿיל־זאָגנדיקן בליק אויף אירע אויגן...

די פֿאַרוואונדערונג, וואָס סאַלאָמאָן האָט דייטלעך געזען אין סאַבינעס אויגן, האָט ער זיך אויסגעטייטשט צום גוטן...

„איך האָב אויף איר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק"... — האָט ער זיך געטראַכט. — „פֿאַר מיר קריגן אַלע מיידלעך די פּלאַץ!..." — האָט ער געקוואָלן פֿון זיך.

סאַלאָמאָנען האָט עס נישט געוווּנדערט, וואָס ער האָט דער־פֿאָלג...

„צי בין איך דען נישט קיין שיינער, עלעגאַנטער יונגער־מאַן?... — האָט ער געטראַכט נישט מיט קיין קליינעם שטאָלץ.

סאַבינע האָט אים קאַלט געענטפֿערט אויף זיין באַגריסונג און זיך אַוועקגעזעצט אויף איר אָרט.

די קאָלאַציע איז באַשטאַנען פֿון ברויט מיט פּוטער און זויער־מילך.

אָבער סאַבינע האָט זיך דערמיט פֿולשטענדיק באַגנוגנט.

ביים עסן האָט סאַלאָמאָן זיך באַמיט צו מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק אויף סאַבינען...

סאַבינע איז אים גאָר שטאַרק געפֿעלן...

„אַ שיינע מויד, ווי גאָלד!"... — האָט ער זיך באַקלערט אין געדאַנק.

„איצטער וועט גאָר ליכטיקער און פריילעכער זיין אין שטוב!"...

— האָט ער געטראַכט מיט גרויס צופרידנקייט.

„איך וועל שוין נישט דאַרפן לויפן איבער דער שטאָט, זוכן שיינע מיידלעך... אַזעלכעס פאַרמאָגט גאָר לובלין נישט"...

סאַבינע האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט קיין אָנונג וועגן די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך איצט געפּלאָנטערט אינעם טעמפּן קאָפּ פון דעם געלן בער...

די בליקן, וואָס ער האָט אויף איר געוואָרפן, זענען טאַקע געוואָרן וואָס אַ מאָל חוצפּהדיקער און אומאַנגענעמער, אָבער סאַבינע האָט געענטפערט העפלעך אויף אַלע סאַלאָמאָנס פראַגן.

זי האָט דאָך נישט געקאָנט באַלד דעם ערשטן טאָג איינרייסן מיט איר נייער „ברויט־געבערין".

די מאַדאַם וויינשטיין, וועלכע האָט נישט פיינט געהאַט אַ רעד צו טאָן, האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות און איז געזעסן אַ שווייגנדיקע.

זי האָט געוואָלט לאָזן זיך אויסרעדן דעם זון.

זי איז געווען זיכער, אַז סאַבינע וועט זיך פילן גליקלעך, וואָס איר סאַלאָמאָן רעדט צו איר...

„איז דען נאָך דאָ אַזאַ חכם ווי מיין סאַלאָמאָן איז!"... — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין געטראַכט — „ער איז דאָך אַ צווייטער שלמה המלך"...

זי איז געווען זיכער, אַז סאַבינע איז שוין פאַרליבט איבער די אויערן אין איר געראָטענעם בן־יחיד...

נאָך דער קאָלאַציע האָט סאַלאָמאָן זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט און אויפגעעפנט דעם הינקענדיקן פאָרטעפּיאַן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פונעם עס־צימער.

— פאַננאָ סאַבינאָ! — האָט סאַלאָמאָן זיך פאַרנויגט פאַר סאַבינען מיט אַ קניקס — ווילן זי אפשר פאַר אונדז עטוואָס אויפשפּילן?...

נישט געקוקט אויף איר אָרעמקייט, האָט סאַבינעס מוטער פאַר אירע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס געלערנט איר איינציק טעכטערל שפּילן פּיאַנאָ.

סאַבינע האָט נישט שלעכט געשפּילט.

אירע מוזיק־לערערינס האָבן אַפילו געזען אין איר אַ מוזי־קאַלישן טאַלאַנט.

סאַבינע איז אויפגעשטאַנען פון איר אָרט.

— ביטע זייער! — האָט זי געזאָגט און זיך אַוועקגעזעצט בײַם פּאָרטעפּיאַן.

זי האָט אָנגעהויבן שפּילן בעטהאָווענס אַ סאָנאַטע.

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט, ווייזט אויס, געהאַט אַ גאָר קנאַפּן אינטערעס צו דער דאָזיקער מוזיק. זי האָט עטלעכע מאָל געגע־נעצט אויפן קול און געמרוזשעט די אויגן פון שלעפעריקייט...

אָבער אײַך איר געראָטענעם זון האָט די דאָזיקע מוזיק שטאַרק געלאַנגווײַליקט...

ער האָט בלויז אויס העפלעכקייט אויסגעהערט און זיך קוים דערוואַרט אויפן סוף...

ווען סאַבינע האָט געענדיקט, האָט ער עטלעכע מאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט די גראָבע הענט אויף בראַוואָ, אַז ס׳האָט אַזש גע־הילכט...

דערנאָך האָט ער זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר סאַבינען און אַ זאָג געטאָן:

— פאַנגאָ סאַבינאָ! עפּעס פריילעכס... פריילעכס, פאַרשטייען זי... אַ טאַנגאָ, אָדער אַ פאָקסטראָט...

סאַבינע האָט איצט פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַר אַן „איידעלער" געזעלשאַפט זי איז איצט אַרײַנגעפאַלן...

— און דאָס, וואָס איך האָב איצט געשפּילט, געפעלט אײַך נישט? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— נײַן, מ׳קען נישט זאָגן, דאָס איז א ו י ך גאַנץ שיין... אָבער איך האָב ליב פריילעכס... אַז די פיס זאָלן אונטערטאַנצן צום טאַקט...

סאַבינע האָט דעמאָלט אויפגעשפּילט אַ פריילעכן וואַלס.

דאָס איז נאָך אויך נישט געווען דאָס, וואָס סאַלאָמאָן האָט געמיינט... אָבער בעסער איז עס שוין געווען...

סאַלאָמאָן האָט זיך דאַן צעהאָפּקעט און ווילד צוגעפּאַטשט מיט די הענט...

ער האָט געטאַנצט ווי אַ ווילדער, ווי אַן אמתער בער...

די מאַדאַם וויינשטיין, וועלכע איז דערווייל איינגעשלאָפן, האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט שרעק פון איר זונס ווילדן האָפען און פּאַטשן מיט די הענט.

— סאַלאָמאָן! וואָס טוט זיך מיט דיר? — האָט זי אויסגערופן. — דו פירסט זיך דאָך אויף, ווי אַ ווילדער מענטש... וואָס ווערט טראַכטן וועגן דיר די פאַננע סאַבינע?...

אָבער סאַלאָמאָן האָט זיך אַזוי איינגעהערט אין זיין מוטערס רייד, ווי מ'הערט דאָס בילן פונעם הונט אין דרויסן...

ער האָט ווייטער ווילד געהאָפּקעט, ביז סאַבינע האָט אויסגעשפּילט דעם גאַנצן וואַלס.

ער האָט ווידער געפּאַטשט בראַוואָ מיט די גראָבע, באַוואָקסענע הענט.

— פּאַננאָ סאַבינאָ! — האָט סאַלאָמאָן אויסגערופן — איצטער עפּעס אַ שלאַגער!... אַזוי, מיט טעמפּעראַמענט...

סאַבינע האָט זיך אויפגעשטעלט פונעם פּאָרטעפּיאַן...

— אַזעלכע האָב איך קיין מאָל נישט געלערנט... — האָט זי דערקלערט — איך קאָן דעריבער נישט פון אויסנווייניק.

אָבער סאַלאָמאָן האָט זיך נישט געפּוילט און גענומען זוכן נאָטן אין אַלע שופלעדער און אויף די שענק, צווישן די קופּעס פּאַרשטויבטע צייטונגען.

די מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך דאַן אויפגעשטעלט.

— סאַלאָמאָן! טייערער! ס'איז שוין צען אַ זייגער... — האָט זי געזאָגט — מיר האָבן שוין לאַנג נישט געלייגט זיך אַזוי שפּעט...

— וואָס וויל די מאַמעשי? צען אַ זייגער איז שפּעט? — האָט סאַלאָמאָן זיך קעגנגעשטעלט.

סאַבינע איז אים צו שטאַרק געפעלן, אַז אים זאָל זיך גלוסטן זיך שוין צו שיידן מיט איר...

אָבער די מוטער האָט זיך געהאַלטן איינגעשפּאַרט ביי דאָס איריקע:

— מ'קאָן נישט זיצן גאַנצע נעכט און ברענען די לאָמפּן... מאָרגן איז דאָך אויך אַן אָוונט...

סאַבינע האָט געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און איז אַרויף מיט די קרומע טרעפּ אין איר „עלעגאַנטן צימער"...

— נו, ווי געפעלט דיר עפּעס דאָס מיידל? — האָט מאַדאַם

וויינשטיין געפרעגט איר זון.

— זיכער אַ ווילע און אַ סימפּאַטישע! האָט סאַלאָמאָן גע־ענטפערט.

— און ווען דו זאָלסט וויסן, זון מײַנער, ווי ווייניק געלט זי נעמט!... — האָט די כיטרע יידענע געקוואָלן.

— וויפל? — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט.

— צוואַנציק גילדן אַ חודש...

— צוואַנציק גילדן? — האָט זיך סאַלאָמאָן געוווּנדערט.

— שטעל זיך פאָר! איז דאָס נישט אַן אמת גליק?... ווען איך נעם צו אַ מיידל פון פאַריין, וואָלט איך איר געמוזט צאָלן דריי מאָל אַזוי פיל...

— אוודאי. — האָט סאַלאָמאָן אײַנגעשטימט.

— און די מיידלעך פון פאַראיין זענען אַזעלכע חוצפּהדיקע און פוילע... זיי היטן זיך באָר, אַז זיי זאָלן זיך חלילה נישט איבער־אַרבעטן... ז י וועט זיך, דאַכט זיך מיר, פאָלגן...

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט.

— איך דערקען שוין... וואָס אַן אמת, איך האָב איר נאָך נישט געזאָגט, וואָס פאַר אַן אַרבעט זי וועט דאַרפן אויספירן... איך רעכן אָבער, אַז זי וועט זיך נישט אָפּזאָגן צו טאָן, וואָס איך וועל איר הייסן....

— וואָס ווילסטו דען, זאָל זי טאָן?

— נו, אויסוואַשן אַ ביסל וועש... צוהעלפן דער קעכין... און זי איז אַ שייגינקע, האַ, סאַלאָמאָן?

סאַלאָמאָן האָט זיך צעשמייכלט.

— יאָ, מ׳קאָן נישט זאָגן...

סאַבינע איז דערווייל אַרויף אין איר פאַרציאַט־צימערל.

זי האָט זיך אויפגעבעט דאָס בעט און זיך גענומען אויסטאָן. פלוצלינג האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

— ווער איז דאָרט? — האָט סאַבינע געפרעגט מיט שרעק.

## קאַפּיטל איין און זיבעציק
# אין פּייער פון אייפּערזוכט

אַ הילכיקער פייף פונעם לאָקאָמאָטיוו האָט דורכגעשניטן די לופט און דער צוג האָט אַ ריר געטאָן פונעם אָרט.

באַוועגנדיק זיך פּאַמעלעך, האָט דער לאָקאָמאָטיוו כסדר פאַר־שנעלערט זיין גאַנג און באַלד האָט ער גענומען לויפן מיט אימפּעט.

ער האָט געשפּיגן מיט געדיכטע וואָלקנס רויך, געמישטע מיט בלישטשענדיקע פונקען...

אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן וואַגאָן פונעם צוג איז געזעסן אַדאָלף מאָרגענטאַל.

איצט האָט ער געהאַט צייט צו טראַכטן וועגן ליזען און וועגן דער ידיעה, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון פּאָלאַ בערמאַן.

„וואָס וועל איך טאָן, אַז אַלץ וועט זיך אַרויסווייזן אַלס אמת? — האָט אַדאָלף געטראַכט, — „צי וועל איך זי נישט דער־הרגענען?"...

אַדאָלף האָט איינגעשטערט ביים דאָזיקן געדאַנק...

ער האָט נישט געהערט צו די מענטשן, וואָס כאַפּן זיך באַלד צו רעאַגירן מיט די הענט.

די אַנטוישונג איז אָבער אַ צו שרעקלעכע, אַז ער זאָל קאָנען באַהערשן זיינע נערוון...

„גאָט מיינער!" — האָט ער געטראַכט — „ליזע אויך?... טאָ וועמען קאָן מען שוין גלויבן?... זאָל עס זיין אמת, אַז אַלע זענען פאַררעטעריש?...

„עס וואָלט געווען שרעקלעך צו לעבן אויף דער וועלט, ווען דאָס זאָל זיין אמת"...

„צי וועל איך קאָנען צוימען מיין צאָרן און אויפרעגונג?"...

„איין זאַך איז יעדנפאַלס זיכער: מיט ליזען וועל איך איבער־רייסן"...

דער דאָזיקער געדאַנק האָט ווי אַ מעסער זיך אַריינגעשניטן אין זיין האַרץ...

„איז טאַקע קיין אמתע ליבע אויף דער וועלט נישטאָ?... — האָט ער ווייטער געטראַכט — „יעדע פאַרבינדונג צווישן מאַן און

ווייב מוז זיך ענדיקן מיט פֿאַרראַט, פֿון זיין זייט אָדער פֿון איר זייט?"...

„זענען די מענטשן געגליכן צו ווילדע חיות און איין מענטש צום אַנדערן איז אַ וואָלף?"...

נישט דאָס, וואָס ער האָט פֿאַרלוירן ליזען, האָט אים צום שטאַרקסטן וויי געטאָן. ניין! פֿיל מער האָט אים וויי געטאָן דאָס, וואָס ער האָט פֿאַרלוירן דעם גלויבן אינעם מענטש און אין אַלץ, וואָס מענטשן פֿאַרהייליקן...

דער צוג איז געלאָפֿן פֿאַרביי די זעלביקע פּרעכטיקע לאַנד־שאַפֿטן, וועלכע ליזע האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק אַזוי באַ־וווּנדערט.

אָבער אַדאָלף האָט איצט אין גאַנצן נישט געזען די אַרומיקע נאַטור־שיינקייט.

אַ שרעקלעך פֿאַרצווייפֿלטער, אַ צעבראָכענער אין גאַנצן — איז ער געזעסן איינגעבויגערט אין אַ ווינקל פֿון וואַגאָן.

ווען ס'איז ענדלעך צוגעפֿאַלן די נאַכט, איז ער איינגעשלאָפֿן אַ מידער אין אַ טיפֿן שלאָף.

די שרעקלעכע פֿאַרצווייפֿלונג האָט אַדאָלפֿן אויך אין שלאָף נישט געלאָזט צו רו. זי האָט אים געפּייניקט מיט שרעקלעכע חלומות און טרויס־זעאונגען.

אָט האָט זיך אים געחלומט, ווי ער קומט אַריין אין ליזעס ווילע און גייט צו איר מיט אָפֿענע אָרעמס.

אָבער ליזע קוקט אים אַלץ אָן קאַלט און פֿרעמד...

— ווער זענט איר? — פֿרעגט זי — איך קען אייך נישט...

אין דעם מאָמענט געשעט אַ ווונדערלעכע זאַך:

ליזעס געזיכט פֿאַרענדערט זיך פּלוצלינג נישט צום דערקענען... נישטאָ מער איר מילדער בליק און אומשולדיקער שמייכל...

אירע אויגן קוקן פֿאַרשייט און אויסגעלאַסן... איר שמייכל איז דער שמייכל פֿון אַ פֿאַלשער קאָקעטקע...

— ליזע! — האָט אַדאָלף געשעפּטשעט אין שלאָף — דאָס ביסטו? ליזע!...

אָבער פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן עפּעס אַ פֿאַרשייטער יונג מיט אַ גרויסן הונט...

אַרומנעמענדיק ליזען אַרום דער טאַליע, האָט דער יונג אַ צי־

בּישן ווּנק געטאָן מיט זיינע אויגעלעך און ביידע — דער יונג און ליזע — האָבן זיך הויך צעלאַכט מיט אַ פרעך געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ־אַכאַ־כאַ־כאַ!

ווען אַדאָלף האָט גענומען צו לויפן צו זיי מיט אַ געביילטער פויסט, האָט דער יונג אָנגערייצט אויף אים זיין גרויסן הונט:

— נעם אים, נעראָ! נעם אים!...

דער הונט האָט אַ ווילדן שפרונג געטאָן און אויסגעשטשירעט זיינע שאַרפע ציין...

אַדאָלף וויל אַנטלויפן, אָבער ער קאָן מיט קיין פוס נישט קיין ריר טאָן... ער וויל רופן נאָך הילף, אָבער די שטים בלייבט פאַרשטיקט אין זיין קעל...

ער שטרענגט אָן אַלע זיינע קרעפטן אַ געשריי צו טאָן.

אין דעם מאָמענט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געעפנט די אויגן...

אַ ווײַלע האָט ער געבלאָנדזשעט מיט זיין בליק אַרום זיך. עס איז אים שווער געווען זיך צו דערמאָנען, ווו ער געפינט זיך און פון וואַנען ער קומט דאָ אַהער אינעם לויפנדיקן צוג...

ענדלעך איז ער געקומען צו זיך.

ער האָט אַרויסגענומען אַ טיכל און אָפּגעווישט דעם שטערן, וועלכער איז געווען באַדעקט מיט שווייס...

אַדאָלף האָט זיך ווידער איינגעגראָבן אין זיין ווינקל און זיך ווידער גענומען גריבלען אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען.

דער צווייטער טאָג פון דער רייזע איז אַריבער פונקט ווי דער ערשטער.

אַדאָלף איז געווען שרעקלעך מיד און פאַרמאַטערט פון דער רייזע און פון זיינע פיינלעכע נאָכטראַכטענישן ווי נאָר ס׳האָט צוגעשלאָגן דער אָוונט — איז ער דעריבער איינגעשלאָפן מיט אַ פעסטן שלאָף.

ווען דער צוג איז אַרום האַלבער נאַכט אָנגעקומען קיין ניצא, איז שוין אַדאָלף געווען אויסגעשלאָפן און אויסגערוט.

אין עטלעכע מינוט אַרום וועט ער שוין זיין אין מאָנטע־קאַרלאָ...

ער האָט צונויפגענומען זיינע זאַכן און ווי נאָר דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מאָנטע־קאַרלאָ, איז אַדאָלף אויסגעשטיגן.

נישט דאָס ערשטע מאָל האָט אַדאָלף באַזוכט די דאָזיקע שיינע שטאָט.

ער האָט נישט איין מאָל פאַרברענגט דאָ מיט מאַרילען...

פאַר אַלעם האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין אַ טאַקסי און זיך געהייסן צופירן אין זיין עלעגאַנטן האָטעל.

אָבער אַלץ, וואָס אַדאָלף האָט איצט געטאָן, האָט ער געטאָן, ווי אין חלום.

ער האָט געדונגען אַ צימער אין האָטעל, אויסגעפּאַקט זיינע זאַכן און אַפּי האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז עס איז אַ חלום...

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ווען אַדאָלף איז אַרויס אין שטאָט אַריין.

אין דרויסן, אויף דער קילער נאַכטיקער לופט, האָט אַדאָלף זיך אַ ביסל אויסגעניכטערט און ער האָט גענומען באַטראַכטן זיין לאַגע.

אַ לאַגע — נישט מקנה צו זיין...

זיין האַרץ האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק און צאָרן...

אַנדערש, אין גאַנצן אַנדערש, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט זיין ערשטן שפּאַציר איבער די גאַסן פון מאָנטע־קאַרלאָ...

ער האָט טאַקע געטראַכט וועגן מאַכן ליזען אַ סיורפּריז און קומען צו איר אומגעריכט. אָבער ווי אַנדערש האָט ער זיך עס פאָרגעשטעלט!...

ער האָט גאַנצע נעכט געחלומט וועגן דעם מאָמענט, ווען ליזע וועט אַן איבערראַשטע פון זיין קומען, אים אַנטקעגנלויפן מיט אַ פרייד־געשריי און אַ גליקלעכע זיך וואַרפן אין זיינע אָרעמס...

איצט איז ער טאַקע געקומען אומגעריכט, אָבער גאָר אויף אַן אַנדערן אופן...

ער איז געגאַנגען איבער דער פּרעכטיקער פּאַלמען־אַלעע. זיין קאָפּ איז געווען אַראָפּגעזונקען צו דער ברוסט. די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט האָט ער אין גאַנצן נישט באַמערקט...

וואָס פאַראַ באַדייטונג האָט פאַר אים געהאַט די גאַנצע נאַטור מיט אירע אַלע שיינקייטן, אַנטקעגן דער פראַגע:

— ליזע איז שולדיק, צי איז זי נישט שולדיק?...

די דאָזיקע פראַגע האָט אים געבויערט דעם מוח, ווי טיטוסן

דאָס ווערעמעל... זי האָט קיין אַנדערן געדאַנק צו אים נישט צו־געלאָזט...

די גאַסן זענען געווען פוסט. דאָ און דאָרט האָבן בלויז שפּאַ־צירט פאַרשפּעטיקטע ליבעס־פּאָרלעך, וועלכע האָבן זיך געקושט און געטוליעט זיך איינער צום אַנדערן...

דאָ און דאָרט האָט אַרויסגעשטראָמט אַ כוואַליע פון עלעק־טריש ליכט פון אַ נאַכט־לאָקאַל, ווו עס האָט געהילכט ציגיינער־מוזיק און דאָס פריילעכע געלעכטער פונעם פובליקום.

ליזעס ווילע איז געלעגן אַן איינזאַמע, אָפּגערוקט פון אַנדערע הייזער, איינגעטונקט אין גאַנצן אין גרינס און אַרומגעצוימט מיט שטאַכעטן.

דאָס טירל, דורך וועלכן מ׳איז אַריינגעגאַנגען פון דרויסן איז געווען אָפן.

אין מאָנטע־קאַרלאָ טרעפן זיך זעלטן גניבות און איינברוכן. די גנבים קומט לייכטער אָן זייער „מלאכה״ ביי די גרינע טישלעך פון קאַסינאָ און עס לוינט זיי נישט די נאַכט־אַרבעט...

אַדאָלף איז אַריין אין גאָרטן פון ליזעס ווילע.

ער האָט אָנגעשפּיזט זיין פאַרשנדיקן בליק אין די פענצטער פון ערשטן שטאָק, ווו ליזע האָט געוווינט.

זיין האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן...

אין איינעם פון די פענצטער האָט זיך געזען ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט דורך די זשאַלוזיעס.

באַטראַכטנדיק גענוי דאָס באַלויכטענע פענצטער, האָט אַדאָלף באַמערקט, אַז דאָס איז נישט קיין פענצטער, נאָר אַ גלעזערנע טיר.

די דאָזיקע טיר איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ קליינער ווערענדע, פון וועלכער עס האָבן אַראָפּגעפירט טרעפּ אין גאָרטן אַריין.

פון די שילדערונגען אין ליזעס בריוו, האָט ער געוווסט, אַז דאָ איז טאַקע ליזעס שלאָף־צימער.

אַדאָלף האָט געוווסט, אַז ליזע שלאָפט אַליין.

אין אַ הויב איז אויך לאָלעקס בעט געשטאַנען אין איר צי־מער. דערנאָך האָט מען אָבער לאָלעקס בעטל אַרויסגענומען פון דער מוטערס שלאָף־צימער און איבערגעטראָגן אין צימער פון דער פרוי שוואַרץ, לאָלעק פלעגט זיך פרי אויפוועקן און שטערן דער מוטערס שלאָף.

דאָס ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט דורך דער אַראָפּגעלאָז־טער זשלוזיע, האָט געטריפט מיט סם אין אַדאָלפס בלוט אַריין.

„היינט איז דאָך טאַקע פריייטיק צו נאַכטס... האָט פאָלע, אַלזאָ, געשריבן דעם אמת"... — האָט אַדאָלף געטראַכט.

די גאַנצע צייט האָט ער זיך געפּרוווט טרייסטן מיט דער האָ־פענונג, אַז די גאַנצע געשיכטע וועט זיך אַרויסווייזן פאַר אַ ליגן.

„ניין... ס'איז נישט קיין ליגן, נאָר אַ שרעקלעכער וואָר"... — האָט ער איצט געטראַכט און די פאַרצווייפלונג אין זיין האַרץ איז געוואָקסן...

„וואָס דען טוט ליזע אַזוי שפּעט ביי נאַכט? פאַר וואָס שלאָפט זי נאָך נישט?"...

„דער דאָזיקער פאַררעטערישער פרוי פאָלט גאָרנישט איין, אַז הינטער איר פענצטער שטייט איר אָפּגענאַרטער געליבטער"...

אַדאָלף האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ פּלאַצט אין אים פון ווייטיק.

דאָס געוויין, וואָס האָט זיך געריסן פון זיין ברוסט און איז דורך אים דערשטיקט געוואָרן, האָט פּלוצלינג זיך געטאָן אַ שפּאַר צו זיין האַלדז...

אַ שטראָם פון טרערן האָט אַ פלייץ געטאָן פון זיינע אויגן און אים נאַס געמאַכט דאָס פּנים. ער האָט זיך צעהעשעט, ווי אַ קליין, אומבאַהאָלפן קינד...

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? — האָט ער געשעפּטשעט אינעם נאַכטיקן דרויסן.

אָבער קיינער האָט אים אויף זיין פראַגע נישט געענטפערט...

אַ לאַנגע צייט איז אַדאָלף אַזוי געשטאַנען און געוויינט.

אויסגעווויינט זיך, האָט ער זיך געפילט אַ ביסל באַרואיקט.

איצטער האָט ער שוין געטראַכט ניכטערער:

„פאַר אַלעם, דאַרף איך אין זיך דערשטיקן יעדעס געפיל צו דער דאָזיקער פרוי... מען מוז זיין שטאַרק און אומברחמנותדיק"...

„די דאָזיקע פאַררעטערישע שלאַנג פאַרדינט נישט, אַז איך זאָל צוליב איר פאַרגיסן טרערן"...

ער האָט זיך דערמאָנט אין מאַרילען.

„ליזע איז נאָך ערגער פון איר"... — האָט ער געטראַכט „וויפל מאַרילע האָט מיך נישט געוואָלט נאַרן, האָב איך דאָך גע־

פּילט פֿון איר אַ קעלט צו מיר״...

„אָבער ליזע? די גאַנצע צייט מאַכט זי דעם אָנשטעל, אַז זי האָט מיר פֿייערדיק ליב און איז מיר איבערגעגעבן מיט לייב און זעל?״...

„פֿאַרראַטנדיק מיך אויף רעכטס און אויף לינקס, האָט זי מיך פֿאַרשיט מיט בריוו, פֿול מיט כלומרשטער ליבע און בענקשאַפֿט״...

אַדאָלפֿס בלוט האָט אויפֿגעקאָכט פֿון צאָרן...

„היינט וועל איך אַ סוף מאַכן מיט דער דאָזיקער שענדלעכער קאָמעדיע!״ — האָט ער ווייטער געטראַכט — „איך מוז זי כאַפּן אויף דער הייסער מינוט!״...

„דעמאָלט וועט זי מער נישט קאָנען מיך פּרוּוון ווייטער נאַרן מיט אירע פֿאַלשע ריידלעך און ליגנס!... ווי וועט זיין צו איר!״...

ער האָט מיט פֿעסטע טריט גענומען גיין אין דער ריכטונג פֿונעם באַלויכטענעם פֿענצטער.

אָבער שטעלנדיק עטלעכע טריט, האָט ער זיך ווידער אָפּגע־שטעלט.

„דער הילך פֿון מיינע טריט קאָן נאָך איבערשרעקן דעם געליבטן״... — האָט אַדאָלף געטראַכט — „ער קאָן דערווייל מאַכן ויברח דורך אַן אַנדערן אַרויסגאַנג״...

„מען מוז האָבן געדולד און וואַרטן, ביז דער געליבטער וועט אַרויסגיין פֿון ליזעס שלאָף־צימער... ער וועט דאָך דאָרט נישט זיצן ביז אין דער פֿרי.

מ׳האָט ווירקלעך געדאַרפֿט האָבן אַן אייזערנעם געדולד צו קאָנען אַזוי שטיין הינטערן פֿענצטער און וואַרטן, וויסנדיק, אַז אינעם שלאָף־צימער פֿאַרברענגט די געליבטע מיט אַ צווייטן גע־ליבטן...

אַדאָלף איז פֿון דעסטוועגן געשטאַנען און געוואַרט...

אָבער אויך זיין געדולד האָט געפּלאַצט, ווען ער האָט באַמערקט ווי די זשאַלוזיע פֿון ליזעס שלאָף־צימער האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן...

אַדאָלף האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים און זיך איינ־געקוקט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג...



פאָלעס פלאַן איז אַדאַשן גאַנץ גוט געפעלן געוואָרן.
ער האָט דאָך שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויג אויף ליזען.

„אַ געשמאַק ווייבעלע"... — האָט ער זיך פאָסמאַקעוועט מיטן געדאַנק וועגן איר — „ס'לוינט אַ ביסל מי צו געבן זיך, אַבי זי צו האָבן"...

אַדאַש האָט אויך גוט געדענקט דעם פּאַטש, וועלכן ער האָט געקריגן פון איר... פאַרן דאָזיקן פאַטש וואָלט ער זיך געוואָלט נוקם זיין...

און וואָס קאָן זיין אַ בעסער און אָנגענעמערע נקמה, ווי האָבן זי און איר געליבטער זאָל דערפון געוויר ווערן...

„דערנאָך, אַז איר רייכער חתן וועט זי אָוועקוואַרפן, וועט זי מער שוין פאַלן צו די פיס און בעטן זיך ביי מיר, אַז איך זאָל זי נעמען"...

אַזוי האָט זיך אַדאַש געטראַכט און צוגעשמייכלט מיט אַ זיגער־ריש שמייכעלע, פונקט ווי דאָס וואָלט נישט געווען דערווייל בלויז אַ הוילע פאַנטאַזיע, נאָר רעאַלע ווירקלעכקייט...

איין זאַך האָט בלויז באַאומרואיקט אַדאַשן:

„ווער ווייסט, וואָס אַדאָלף מאָרגענטאַל קאָן אַ מאָל אָפטאָן אין צושטאַנד פון צעפלאַקערטער אייפערזוכט?... ער קאָן אַ מאָל אַרויס־כאַפּן אַ רעוואָלווער און מיך דערשיסן, ווי אַ הונט"... — האָט אַדאַש געטראַכט.

„אָדער מיט אַ שטעקן מיר צעפלעטן דעם קאָפּ"...

קיין גרויסער העלד איז אַדאַש נישט געווען. ער האָט געציטערט פאַר אַ קלאַפּ, ווי אַ שד פאַר ווייררויך...

— פאָלע... — האָט אַדאַש זיך געקווענקלט — ווי מיינסטו? דער דאָזיקער מאָרגענטאַל קאָן נישט אַ מאָל מיך אונטערשיסן, ווי אַ האָז?...



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

— מעגסט זיך שעמען, אַדאַש... — האָט פּאָלע אים פּאָרגע־וואָרפן — מיטן מויל ביסטו אַ גאַנצער פלאָקנשיסער און אַז עס קומט צו עפּעס, ציטערסטו, ווי אַ פיש... אַ וואַזשנער מאַנספּאַר־שוין צו ם טיש...

— אָבער אַקעגן אַ רעוואָלווער קאָן מען נישט זיין קיין חכם...

— נאַר איינער, — האָט אים פּאָלע אַלץ אויסגערעדט, — איין שפּרונג און דו ביסט אין גאָרטן... אַזוי שווער איז עס?... דו מוזט אים דען שפּרינגען גלייך אין די אויגן אַריין?...

— דער לאָדזשער אינדוסטריעלער אַדאַם שטיינזאַלץ... האַ, פּאָלע? — האָט אַדאַש געוווּנקען מיט אַן אייגל — זאָג כאָטש, פּאָלע, האָב איך עס גוט אָפּגעאַרבעט?...

אָבער פּאָלע האָט איצט נישט געהאַט דעם קאָפּ צו אַדאַשעס באַרימערייען. זי האָט אין זינען געהאַט דאָס איריקע.

— און ליזע וועט זיך שוין מעגן געזעגענען מיט אירע האָפע־נונגען צו ווערן מאַדאַם מאָרגענטאַל... — האָט זי געזאָגט מיט פאַרביסנקייט.

— אָבער וואָס וועט פאָרט זיין, אַז ער וועט שיסן?... — האָט אַדאַש אַלץ מורא געהאַט.

— רעד נישט נאָך אַ מאָל איבער וועגן דעם, ווייל ס'איז אַ חרפּה! — האָט פּאָלע אים געשפּילט אויף דער אַמביציע — אויפן ערגסטן פאַל, נעם מיט דיין ברוינינג...

צוגעדריקט צו דער וואַנט, איז אַדאַש איינגעגאַנגען אויף פּאָ־לעס פאָרשלאָג.

פרייטיק פאַר נאַכט איז אַדאַש אַוועק אין ליזעס ווילע.

פּאָלע האָט אים איבערגעגעבן, אַז יעדן פאַרנאַכט מאַכט ליזע אַ שפּאַציר מיט לאָלעקן און פרוי שוואַרץ. דעמאָלט קאָן מען זיך לייכט אַריינגבענען אין איר וווינונג...

אַדאַש האָט טאַקע געפונען אָפן דאָס טירל אין גאָרטן אַריין, אויך די גלעזערנע טיר פון איר שלאָף־צימער מיט די טרעפּ אין גאָרטן אַריין — איז געשטאַנען אָפן...

אַדאַש איז אַריין אין גאָרטן, דערנאָך איז ער דורך די טרעפּ אַרויף אין ליזעס שלאָף־צימער...

ס'איז דאָרט נישט געווען קיין לעבעדיקער מענטש...

אַדאַש האָט זיך גענומען אַרומקוקן איבערן צימער.

דאָס צימער איז געווען איינגעאָרדנט מיט געשמאַק, אָבער ביז גאָר באַשיידן.

אַ ווייס צוגעבעט בעט, אַ ווייכע קאָזעטקע, אַ טישל, אַ טואַלעט־טישל מיט אַ שפּיגל, עטלעכע געבעטע שטולן, אַ שרייב־טישל — דאָס איז געווען אַלץ.

אַדאַש האָט געזוכט אַ פּאַסיק אָרט, ווו ער זאָל זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן...

ענדלעך איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס בעסטע אָרט וועט זיין אונטערן טישל.

דאָס טישל איז געווען צוגעדעקט מיט אַ גרויס טישטוך, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון אַלע זייטן ביז דער ערד.

דאָ וועט מען אים נישט אַרויסזען...

ווען ליזע וועט שוין פאַרלעשן דעם לאָמפּ און זיך לייגן שלאָפן וועט ער זי אומגעריכט באַפאַלן...

טאָמער וועט זי וועלן שרייען, וועט ער איר צושטעלן אַ מעסער צו דער ברוסט און צווינגען זי צו שווייגן...

דערנאָך וועט זי זיך שוין אַליין אונטערגעבן און ער וועט טאָן מיט איר, וואָס זיין האַרץ וועט גלוסטן...

אַדאַשן איז בייס דאָזיקן געדאַנק אַ זיסער שוידער אַדורך דורכן לייב...

ער איז טאַקע אַרונטערגעקראָכן אונטערן טישל און ער האָט גענומען וואַרטן מיט אומגעדולד אויף ליזעס צוריקקומען...

זיצנדיק אַזוי אונטערן טישל, האָט ער זיך באַרעכנט, אַז אַרויסקריכן פון דאָרט דאַרף ער ערשט נאָך האַלבער נאַכט.

„דער צוג, מיט וועלכן מאָרגענטאַל קאָן קומען פון וואַרשע, דאַרף אָנקומען ערשט צוויי ביי נאַכט" — האָט אַדאַש געטראַכט — „טאָמער וועל איך אַרויסקריכן פריער, קאָן אַלץ קאַליע ווערן"...

אַדאַש האָט דאָך נישט געקאָנט אין גאַנצן זיכער זיין, אַז עס וועט אים אָפּגיין מיט דערפאָלג!

טאָמער וועט זי זיך נישט דערשרעקן און טאַקע מאַכן אַ געוואַלד, וועט ער דאָך מוזן מאַכן פליטה...

סטראַשען איז עפּעס אַנדערש און טאַקע שטעכן — איז ווידער עפּעס אַנדערש... אַדאַש איז געווען צו פיל פחדן, אַז ער זאָל ריזיקירן מיט אַזאַ שרעקלעך פאַרברעכן...

ענדלעך האָט אָנגעהויבן צופאַלן דער אָוונט.

אַדאַש איז דערנאָך נישט לאַנג געזעסן און שוין האָט ער דערהערט טריט אין די שכנותדיקע צימערן.

באַלד האָט ער אויך דערהערט ליזעס שיטם, ווי זי רעדט מיט פרוי שוואַרץ און מיטן קליינעם לאָלעק.

פון דעם קלאַנג פון לעפל און טעלערס, וואָס האָט זיך געהערט פונעם עס־צימער, האָט אַדאַש פאַרשטאַנען, אַז זיי עסן קאָלאַציע.

דערנאָך האָט ער געהערט אַ פליוסקען פון וואַסער און לאָלעקס פריילעכע געשרייען.

„וואָס באָדט מען דעם קליינטשיקן פאַרן לייגן שלאָפן" — האָט אַדאַש געטראַכט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך געהערט דאָס אײַנוויגנדיקע זינגען פון פרוי שוואַרץ, וועלכע האָט אײַנגעשלעפערט לאָלעקן.

ענדלעך איז פרוי שוואַרץ אַנטשוויגן געוואָרן.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ טויט־שטילקייט אין דער ווילע.

אַדאַש איז געזעסן באַהאַלטן אונטערן טיש מיט אַ פאַרכאַפטן אָטעם. ער האָט געוואַרט אויף ליזען...

ער האָט נישט לאַנג געדאַרפט וואַרטן. אין אַ ווײַלע אַרום איז ליזע אַרײַנגעקומען אין שלאָף־צימער.

זי האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן דער געפאַר, וואָס דראָט איר.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער אָפענער טיר און אײַנגעטאָטעמט אין זיך די קילע, שמעקנדיקע נאַכטיקע לופט.

אינעם טישטוך איז צופעליק געווען אַ קליין לעכל. דורכן דאָזיקן לעכל האָט אַדאַש נאָכגעקוקט ליזעס יעדן ריר...

ער האָט אין גאַנצן געפיבערט פון ליידנשאַפט און נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן די מינוט, ווען ליזע וועט זיך שוין נעמען אויסטאָן...

ער איז געווען אויסערגעוויינלעך נײַגעריק צו זען ליזעס נאַקעטן קערפּער און צו באַוווּנדערן די שיינקייט פון אירע גלידער...

צו אַדאַשעס גרויסער פאַרוווּנדערונג און באַדויערן, האָט ליזע בלויז אויסגעטאָן איר שפּאַציר־קאָסטיום און אָנגעטאָן אַ

שטוב־קלייד.

„צי וועט זי זיך שוין גאָרנישט לייגן שלאָפן"... — האָט אַדאַש געטראַכט מיט צאָרן — „וואָס רעכנט זי דען נאָך צו טאָן?".

ליזע האָט אָנגעצונדן דאָס ראָזע לעמפּל אויפן שרייב־טישל און זיך גענומען שרייבן אַ בריוו צו אַדאָלפן.

די לעצטע טעג האָט ליזע קיין שום בריוו נישט געקריגן.

ליזע האָט זיך דעריבער שטאַרק באַאומרואיקט.

„ווער ווייסט, וואָס מיט אַדאָלפן איז געשען?" — האָט ליזע געטראַכט — „זיין נישט־שרייבן איז נישט גלאַטיק"...

זי האָט זיך דעריבער אַוועקגעזעצט אָנצושרייבן אַ גרויסן בריוו, אין וועלכן זי זאָל אים דערציילן וועגן איר גרויסער ליבע און וועגן איר אומרואיקייט צוליב זיין נישט־שרייבן.

אין דער זעלבער צייט, ווען ליזע איז געזעסן און געשריבן איר בריוו, פול מיט הייסע ווערטער פון ליבע און בענקשאַפט, איז אַדאָלף געזעסן אין וואַגאָן פול מיט פאַרצווייפלונג און צאָרן...

ער איז שוין געווען נאָענט פון מאָנטע־קאַרלאָ. זיין האַרץ איז פול געווען מיט האַס און פאַרביטערונג קעגן דער אומשולדיקער ליזען, וועלכע האָט נישט געוווסט פון גאָרנישט...

עטלעכע שעה איז ליזע אָפּגעזעסן ביי איר שרייבטישל און דעם בריוו אַלץ נישט פאַרענדיקט. עס איז איר שווער געווען צו געפינען די פּאַסיקע ווערטער, וועלכע זאָלן אויסדריקן אירע געפילן...

פּלוצלונג האָט ליזע דערהערט עפּעס אַ מאָדנע גערויש אין שטוב. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, ווי עס וואָלט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן...

ליזע האָט זיך אַרומגעקוקט אַן אומרואיקע. זי האָט אָבער געזען, אַז דאָס צימער איז ליידיק און מען זעט נישט קיין שום פאַרדעכטיקס.

„די גלעזערנע טיר האָט זיך מסתמא אַ באַוועג געטאָן פון ווינט"... — האָט ליזע געטראַכט.

זי האָט זיך אַלזאָ צוריק גענומען צו שרייבן דעם בריוו.

„איך האָב דאָך נאָך אַזויפיל צו זאָגן אַדאָלפן און איך האָב

אים נאָך גאָרנישט געזאָגט... ווו נעמט מען ווערטער דאָס אַלץ אויסצודריקן ?״... — האָט זי געטראַכט.

אַדאַש איז דערווייל געזעסן אין זיין באַהעלטעניש אויף געהאַקטע צרות.

די הענט און פיס זענען ביי אים ווי אָפּגענומען געוואָרן פון זיצן די גאַנצע צייט „טשיפּקע״ אונטערן טיש...

אַ שווייס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן גאַנצן לייב...

ווען ער זאָל זיך כאָטש קאָנען אַ ריר טאָן!

אַדאַשן האָט זיך געדאַכט, אַז ווען עס זאָל אים אים אויסקומען אַזוי צו זיצן נאָך איין פערטל שעה — וועט ער אַוועקפאַלן אין חלשות.

ער האָט אין געדאַנק פאַרשאָלטן פּאָלען מיט אַלע קללות, וואָס זענען אים נאָר געקומען אויפן זינען.

„אַלץ איר קאָפּ״. — האָט ער זיך געטראַכט — „און איך נאַר לאָז זיך פירן פון איר, ווי אַ בהמה אויפן שטריקל״.

ווי לאַנג וועל איך דאָ אַזוי זיצן? איך מוז זיך איצט אַ ריר טאָן! איך מוז!״...

זייער פּאָרזיכטיק האָט ער זיך קוים אַ ריר געטאָן פון אָרט.

אָבער די פּאָדלאָגע האָט דערביי אַ סקריפּ געטאָן און ס׳האָט זיך געהערט אַ לייכטער גערויש.

ליזע האָט דאָס דערהערט און זיך אויסגעדרייט.

אַדאַש, וועלכער האָט דורכן לעכל אין טישטוך נאָכגעקוקט ליזעס יעדע באַוועגונג, האָט דאָס דערזען.

ער איז דעריבער געבליבן זיצן, ווי אַ פאַרגליווערטער, אָן אָטעם.

ליזע איז ווייטער געזעסן און אַלץ געשריבן איר בריוו.

אַדאַשן האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט פון זינען אַראָפּ פון אומגעדולד און פון דער שרעקלעכער פּיין צו זיצן אַזוי לאַנג איינגעקוועטשט, ווי אַ וואָרעם...

ס׳איז ווידער אַדורך אַ שעה אין שרעקלעכער פּיין און אין אַנגסטן...

„צי מוז איך טאַקע וואַרטן, ביז זי וועט זיך לייגן שלאָפן ?...

— האָט אַדאַש אַ טראַכט געטאָן — „פאַר וואָס זאָל איך שוין נישט אַ נעם־טאָן זיך צו איר"...

עס האָט אים אָבער געפעלט מוט דערצו...

„און וואָס וועט זיין, אַז זי וועט מאַכן אַ געוואַלד?"... — האָט ער געטראַכט מיט שרעק.

„שיין וואָלט איך דאָס אויסגעזען... מ'וואָלט מיך מיט פאַראַד אָבגעפירט איןַ דער פאָליציי און דאַן"...

„מ'קאָן מיר דאָרטן אויפמישן מיינע וואַרשעווער מעשים־טובים און דעמאָלט מעג איך זיך געזעגענען מיט דער פרייהייט אויף אַ שיינע פאָר יאָר"...

"די שכנים קאָנען מיך דערהרגענען נאָך איידער מ'וועט מיך נעמען אין דער פאָליציי... די דאָזיקע פראַנצויזן זענען אַ היציק פאָלק. אַז זיי קומען אַריין אין צאָרן.. נו־נו"

נאָר אָט האָט ליזע שוין ענדלעך פאַרענדיקט דעם בריוו...

זי איז אויפגעשטאַנען פון איר אָרט..

ערשט איצט האָט ליזע זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שוין שפעט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און צעעפנט די אויגן פון פאַרוואונדערונג.

מיד פון דער לאַנגער אָנשטרענגונג ביים שרייבן, איז ליזע צוגעגאַנגען צו איר בעט און זיך גענומען אויסטאָן...

זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס קלייד.

פּלוצלונג האָט ליזע באַמערקט עפּעס אַן אויסטערלישע זאַך: דאָס טישטוך, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פונעם טישל ביז דער ערד, האָט זיך לייכט אַ ריר געטאָן...

זי איז בלאַס געוואָרן פון שרעק...

אַ ווײַלע איז ליזע געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי פאַרגליווערט... זי האָט איינגעשפּיצט איר בליק אינעם טישטוך...

„צי האָב איך געהאַט אַ טעות? צי האָט זיך עס מיר בלויז אויסגעדוכט?" — האָט ליזע געטראַכט

אָבער זי האָט קיין טעות נישט געהאַט.

אַדאַש האָט געוואָלט בעסער זען דורכן לעכל פון טישטוך, ווי ליזע טוט זיך אויס... ער האָט זיך דעריבער מער צוגעבויגן און דאָס טישטוך האָט זיך אַ ריר געטאָן...

„אַ גנב, מסתמא"! — האָט ליזע געטראַכט.

זי האָט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש, צוגעגאַנגען צום טישל און מיט איין האַנט־באַוועגונג אויפגעהויבן דאָס טישטוך...

ליזע האָט געוואָלט אויסשרייען פון איבערראַשונג, אָבער די שטים האָט זיך איר פאַרהאַקט...

זי האָט דערזען הינטערן טישל דאָס איר גוט באַקאַנטע פּנים פון אדאשן...

אַ נישט ווייניקער איבערראַשטער און דערשראָקענער, איז אַדאַש געבליבן זיצן, ווי אַ פאַרגליווערטער, אין זיין איינגעקור־טשעטער פּאָזיציע...

אַ ווײַלע האָבן ביידע זיך אָנגעקוקט שווייגנדיקע. ענדלעך האָט ליזע זיך באַהערשט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַזעלכעס? — האָט זי אויסגערופן פול מיט צאָרן — וואָס טוט איר דאָ איצט?... אומפאַרשעמטער יונג איינער!

אַדאַש האָט גענומען אַפּירקריכן פון אונטערן טיש...

פּונעם לאַנגן זיצן אַזוי איינגעקורטשעטערהייט זענען אים די הענט און די פיס ווי אָפּגענומען געוואָרן. ער האָט נישט גע־קאָנט קיין ריר טאָן מיט זיי.

— אַך... מאַדאַם גליקסאָן. — האָט ער געשטאַמלט — איר ווייסט שוין פון לאַנג, אַז איך ליב אייך. איך ווער משוגע פון ליבע. כדי זיך צו ראַטעווען, האָב איך זיך דאָ אַריינגעגנבעט...

— דאָס געפעלט מיר זייער. — האָט ליזע שפּאָטיש געזאָגט

— איר זענט זייער אַן אָריגינעלער מענטש... אָבער טראָגט אייך די מינוט אָפּ פון דאַנעט, ווייל...

— אַך, מאַדאַם... זייט נישט אַזוי שטרענג.

—איר טראָגט אייך אָפּ. צי ניין? — האָט ליזע שוין אויסגערופן מיט אויפרעגונג — אויב איר טראָגט איין נישט אָפּ די מינוט, וועל איך אָנקלונגען נאָך דער דינערשאַפט...

— צו וואָס, מאַדאַם גליקסאָן?...

— זיי וועלן אייך שוין ווייזן דעם וועג... אין דער פּאָליציי.

ליזע איז שנעל צוגעגאַנגען צו דער גלעזערנער טיר און האָט געוואָלט אויפהויבן די אַראָפּגעלאָזטע זשאַלוזיע.

אָבער אַדאַש האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג.

— האָט אויף מיר מיטלייד, מאַדאַם. — האָט אַדאַש גע־

בעטן — פֿאַרטרייבסט מיך נישט. זייט איינמאָל נאָר גוט צו מיר...

ליזע האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק פֿול מיט פֿאַר־אַכטונג און ווידערווילן.

— איר דערלויבט אייך צו פֿיל! — האָט זי געשריגן מיט כעס. — פּרוווט נישט וועקן קיין רחמנות ביי מיר! — איר זענט אַן אומפֿאַרשעמטער יונג און אַן אויסוואורף. אַרויס!

— פֿאַרוואָס זידלט איר מיך? — האָט אַדאַש גערעדט מיט אַ בעטנדן טאָן.

—ווייל איר האָט זיך צו מיר אַריינגעריסן, ווי אַ גנב איך קען אייך שוין פֿון לאַנג פֿאַר אַ גאַסניונג... אויב איר ווילט נישט ווידער קריגן פּעטש, טאָ טראָגט אייך אָפּ!

אַדאַש האָט דערהויל אויסגעגלייכט זיינע ביינער פֿון דער פֿאַרשטאַרטקייט צוליבן זיצן איינגעקורטשעט.

— ליזע, טייערע. האָב רחמנות אויף מיר. — האָט ער זיך צו איר צוגערוקט — איך גיי אויס פֿון ליבע צו דיר. זיי איין מאָל מיינע.

ליזע איז געבליבן אַן לייַן פֿון אויפֿרעגונג. הענט און פֿיס האָבן איר געציטערט פֿון צאָרן.

אָבער אַדאַש איז נישט אָפּגעשטאַנען און ווייטער אין איר אַריינגערעדט.

— איין מאָל לאָמיך פֿילן די וואַרעמקייט פֿון דיינע גע־טאָקטע גלידער. קיינער וועט וועגן דעם נישט וויסן...

ליזע איז געשטאַנען אַ בלאַסע און געציטערט פֿון צאָרן. זי איז אינגאַנצן ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן פֿון כעס.

אין דעם מאָמענט האָ טאַדאַש זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר, ווי אַ צערייצטע חיה.

אין דער ערשטער סעקונדע האָט ליזע געוואָלט מאַכן אַ געוואַלד. זי האָט זיך אָבער באַלד באַרעכנט, אַז גאַנץ מאָנטע־קאַרלאָ וועט זיך אָנלויפֿן אויף בייז ווונדער. אַלע צייטונגען וועלן מיט איר פֿול זיין.

ליזע האָט דעריבער זיך גענומען ראַנגלען מיטן אָנפֿאַלער. אין ערשטן מאָמענט איז אַדאַשן געלונגען צוצושלעפּן זי צום בעט...

אָבער ווען ער האָט זי געוואָלט אַ וואָרף טאָן אויפן גע־לעגער, האָט זי זיך שנעל אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט און האָט אים מיט דער גאַנצער קראַפט אַראָפּגעלאָזט אַ הילכיקן פּאַטש.

דער פּאַטש איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז אַדאַש האָט זיך צוריקגערוקט אַ באַטויבטער איינגאַנצן.

— אויסוואורף איינער! — האָט ליזע געשריגן — אַרויס, זאָג איך דיר! אויב די צוויי פּעטש זענען דיר ווייניק, טאָ וואַרט אַ ווײַלע, וועלן די שכנים זיך אויפכאַפּן און עס וועלן דיר נישט פעלן קיין צרות.

אַדאַשן איז שוין סיי־ווי פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט זיך נאָך אַ מאָל אָנצוהויבן מיט איר. אַ דערשלאָגענער, אַ באַליידיקטער, האָט ער כסדר געריבן די ווײַ־טוענדיקע, אָנגעשוואָלענע באַק.

ליזע איז צוגעגאַנגען צו דער באַלקאָן־טיר און אויפגעהויבן ביז דער העלפט די אַראָפּגעלאָזטע זשאַלוזיע.

— נו, מאַרש! — האָט זי אויסגערופן — טראָגט אייך!...

אַדאַש האָט אַ דערשראָקענער און צעטומלטער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און איז אַרויס.

גייענדיק איבער די טרעפּ אַראָפּ אין גאָרטן אַרײַן, האָט ער געשאָלטן פאָלען מיט טויטע קללות:

— דער שוואַרץ יאָר האָט זי פריער געדאַרפט נעמען, איי־דער דאָס איז איר איינגעפאַלן. זאָל איר דער קאָפּ פאַרדאַרט ווערן פאַר אירע „שטיקלעך”...

„אָנשטאָט הייסע קושן, האָב איך גאָר געקראָגן אַ פלאַ־מיקן פּאַטש”... — האָט ער געטראַכט מיט האַרצווייטיק.

„און צו וואָס האָט געטויגט דאָס גאַנצע עסק? אַדאָלף מאָר־גענטאַל וועט סיי ווי וועגן דעם גאָרנישט וויסן”.

אַדאַש האָט נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצושטעלן דעם פוס פון לעצטן טרעפּל, און עס איז פאַר אים אויסגעוואַקסן אין דער נאַכט־פינצטערניש אַן עלעגאַנט־געקליידעטער הער...

— פון וואַנען קריכסטו דאָס, אויסוואורף? — האָט יענער אויסגערופן מיט אַ פאַרשטיקטער שטים, קריצנדיק מיט די ציין.

— איך וועל דיר דאָ ווייזן!...

אַ הילכיקער פּאַטש האָט ווידער אָפּגעקלונגען אויף אַדאַשעס געשוואָלענער באַק.

—וו—וו—וו—אָס איז? פאַרוואָס? — האָט אַדאַש גענומען שטאַמלען — וו—וואָס ווילט איר פון מיר?. — ער האָט זיך גענומען אַרויסרייסן.

אָבער יענער האָט אים פעסט געהאַלטן פאַר אַן אָרעם...

— וואָס איך וויל פון דיר, פרעגסטו? — האָט יענער שפּאָטיש געזאָגט — איך וויל דיר באַצאָלן.

אַדאָלף מאָרגענטאַלס פויסט האָט כסדר זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט איבער אַדאַשעס געזיכט...

אַדאַש האָט געפילט, ווי פון דער נאָז און פון די ציין רינט אים בלוט...

„ער וועט מיך דערהרגענען". — האָט אַדאַש געטראַכט מיט שרעק.

ער האָט אַריינגעשטעקט זיין האַנט אין דער טאַש און באַלד האָט אין דער פינצטערניש אַ בלישטש געטאָן אַ גלאַנציקער ברוינינג פאַר מאָרגענטאַלס אויגן.

אָבער מיט איין האַנט־באַוועגונג האָט מאָרגענטאַל אַדאַשן אַרויסגעשלאָגן דעם רעוואָלווער פון דער האַנט.

דער ברוינינג איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

ווידער האָט מאָרגענטאַלס קרעפטיקע פויסט אָנגעהויבן אַ ווילדן טאַנץ איבער אַדאַשעס געזיכט...

— האָט רחמנות!... — האָט רחמנות! — האָט אַדאַש זיך אָנגעהויבן בעטן — האָט רחמנות און שענקט מיר דאָס לעבן.

אַ מוראדיק צעשלאָגענעם און צעבלוטיקטן האָט אים מאָרגענטאַל אָפּגעלאָזן.

— טראָג זיך אָפּ מנוול! — האָט מאָרגענטאַל אים נאָכגעשריגן — און קום מיר נישט נאָכאַמאָל אונטער די הענט...

ליזע האָט גאָרנישט געוווסט וועגן דער סצענע, וואָס שפּילט זיך אָפּ הינטער איר פענצטער.

אַ נערוועזע, אַן אויפגערעגטע, האָט זי כסדר געשפּאַנט אַהין און צוריק איבער איר צימער.

— אַזאַ אומפאַרשעמטער יונג! — האָט זי גערעדט צו זיך

אַליין — ווי דערנעמט זיך עס צו אים אַזאַ אומפּאַרשעמטע חוצ־פּה!...

זי איז איצט געווען צו שטאַרק אויפגערעגט, אַז זי זאָל זיך קאָנען לייגן שלאָפן.

„דער דאָזיקער שטיינזאַלץ האָט זיך מסתּמא געוואָלט נוקם זיין אָן מיר פאַר מיין קאַלטער באַציאונג צו אים"... — האָט ליזע געטראַכט.

„ס'איז אומגלויבלעך, אַז די ליידנשאַפט האָט אים געטריבן צו אַזאַ נידערטרעכטיקע האַנדלונג...

„אַך! וואָס וואָלט פּאָלע געזאָגט, ווען זי ווייסט וועגן דעם?... זעט אויס, אַז דער בריוו, וואָס איך האָב פאַר אים געשריבן, האָט קנאַפּ געווירקט אויף שטיינזאַלצן".

„אָבער פּאָלע האָט ווייניק וואָס צו באַדויערן... האָבן אַזאַ אויסוווּרף פאַר אַ מאַן, איז גאָרנישט אַזאַ גליק".

פאַרטיפט אין די דאָזיקע געדאַנקען, האָט ליזע נאָך אַ ווײַלע געשפּאַנט אַהין און צוריק איבער איר שלאָפצימער.

אַ מידע, איז זי ענדלעך צוגעגאַנגען צו איר בעט און זי האָט געוואָלט זיך לייגן שלאָפן.

פלוצלונג האָט זי אויפגעציטערט אינגאַנצן פון שרעק.

פון די טרעפּ, וואָס האָבן אַראָפּגעפירט אין גאָרטן אַריין, האָט זיך דערהערט דער אָפּהילך פון פעסטע מענלעכע טריט...

באַלד האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אָן דער אַראָפּגעלאָזטער זשאַלוזיע פון דער גלעזערנער טיר...

## אויף גליטשיקע וועגן...

פלאָרע איז נאָר וואָס געהאַט אַרויס פון דער וואַננע אַן אויפגעלעבטע און דערפרישטע.

פאַרהילט אין אַ דורכזיכטיק ווייך קלייד איז זי געלעגן אויף דעם אָטאָמאַן אַ פוילע און קאַפּריזנע.

אירע שיינע לאָקן האָבן שעמערירט אין די זון־שטראַלן, וואָס האָבן אַריינגעשטראָמט אין די פענצטער פון איר בודואַר.

אויף אירע רויטע ליפּעלעך האָט זיך געשלענגלט אַ פריילעך שמייכעלע...

מיט איין האַנט האָט זי אונטערגעשפּאַרט איר פּרעכטיק קעפּל, אין דער צווייטער האָט זי געהאַלטן אַ צייטונג.

זי איז געווען שטאַרק פאַרטיפט אין לייענען. ווייזט אויס, אַז זי האָט געפונען אין דער צייטונג עפּעס אַן אינטערעסאַנטע נייעס.

פּלוצלינג האָט עמיץ אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

באַלד האָט דאָס שטוב־מיידל געמאָלדן:

— דער מיסטער הערמאַן גרינפעלד.

— בעט אים אַריין! — האָט פלאָרע באַפוילן.

הערמאַן האָט גערעכנט, אַז ער וועט טרעפן פלאָרען אַ מידע און אַ פאַרמאַטערטע נאָך דעם נעכטיקן נאַכטוויזיט.

אָבער צו זיין גרויסער פאַרוווּנדערונג, האָט ער זי היינט געטראָפן אַ פרישע און אַן אויפגערוימטע, ווי נאָך קיין מאָל ניש...

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער צייטונג און אים אָנגעקוקט מיט אַ שעלמיש און שפּאַסיש שמייכעלע.

— אָ, אַ גוטן מאָרגן! — האָט זי געענטפערט אויף זיין באַגריסונג.

אויף אַזאַ באַגעגעניש האָט הערמאַן זיך נישט געריכט...

ער איז צוגעגאַנגען צו פלאָרען אַן אָנגעלאָדענער, ווי אַ האַרמאַט...

„איך וועל איר געבן!... איך וועל איר ווייזן!... — האָט ער דעם גאַנצן וועג זיך געזאָגט אין געדאַנק.

אָבער איר שמייכעלע און דער אופן פון דערלאַנגען אים די האַנט האָבן אים אין גאַנצן געפּלעפט און אָפּגענומען דעם קוראַזש...

אַ חוץ דעם האָט איר טייוולאָנישע שיינקייט אַזוי פאַרשיכורט, אַז זיין צאָרן איז באַלד צעגאַנגען, ווי רויך, ווי דער שניי אונטער דער זון פון פרילינג...

— גוט מאָרגן! גוט מאָרגן, יינגל מיינס... — האָט פלאָרע איבערגעחזרט. — ביסט אַוודאי געקומען מיר דערציילן, ווי עס זענען צוגעגאַנגען דיינע אונטערהאַנדלונגען מיט מיסטער נייטען מאָריסאָן?

— יאָ... — האָט הערמאַן געענטפערט.

— נו? די זאַך איז דערליידיקט?... — האָט פלאָרע געפרעגט.

— אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג! — האָט קערמאַן דערקלערט — מיסטער מאָריסאָן האָט זיך אונטערגענומען אַלץ דורכצופירן אַזוי, ווי דו האָסט צוגעטראַכט. דו וועסט זיין צו־פרידן.

— פיין, פיין, יינגל מיינס... ס׳קאָסט אַ סך, הערמאַן?... — האָט פלאָרע געפרעגט.

— נו, אַ קלייניקייט... — האָט הערמאַן אַ בר׳ייטן מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— און פאַר וואָס שטייסטו עפּעס, הערמאַן? זעץ זיך. דאָ אָ, נעבן מיר...

הערמאַן האָט זיך נישט געזעצט, ווייל ער איז דאָך געקומען זיך אָפּרעכענען מיט פלאָרען פאַר דער נעכטיקער נאַכט... און אַזעלכע זאַכן טוט מען נישט זיצנדיקערהייט...

ער האָט שוין אָבער געהאַט ר׳עזיגנירט דערפון... ער האָט זיך דעריבער אַוועקגעזעצט אויף דער קאָזעטקע, ביי פלאָרעס טריט.

— נו, וויפל נעמט מאָריסאָן פאַר זיין אַרבעט? — האָט פלאָ־רע נאָך אַ מאָל געפרעגט.

— ער האָט נישט געוואָלט ווינציקער, ווי טויזנט מיט צוויי הונדערט דאָלאַר. אַ העלפט האָב איך אים באַלד געמוזט אויס־צאָלן. די אַנדערע העלפט מוז מען אים צוצאָלן נאָך דער פרע־מיערע.

פלאָרע האָט זיך אַ קרום געטאָן:

— צו וואָס דערציילסטו מיר די אייגצלהייטן?... פאַר מיסטער קאָפּערפילדס איידעם האָט דאָך דאָס קיין באַדייטונג נישט...

הערמאַן האָט געפילט, ווי זי צאַפּט אים דאָס בלוט...

ער האָט אָבער געשוויגן, ווי די וואַנט...

— יאָ, כ׳האָב דיר פאַרגעסן צו פרעגן... — האָט פלאָרע אַ זאָג געטאָן — ווי זענען עפּעס צוגעגאַנגען די תּנאים?... ס׳איז עפּעס געווען פריילעך?...

הערמאַן איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן...

— שטעל דיר פאָר... — האָט ער געזאָגט מיט אַ נישט זיכערן טאָן — אַלץ איז פאָרגעקומען מיט אַזאַ שריייענדיקער

כאַמפּע, אַז...

— וואָס דו רעדסט!... — האָט פלאָרע געזאָגט מיט כלומר־שטער איבערראַשונג.

הערמאַן האָט גאָרנישט באַמערקט דאָס חוזק־שמייכעלע אויף פלאָרעס ליפּן...

ער האָט ווייטער דערציילט:

— ביי דער קאָלאַציע האָט געשפּילט דער פילהאַרמאָנישער אָרקעסטער... דערנאָך האָבן געגעבן נומערן די גרעסטע אַרטיסטן פון די ניו־יאָרקער טעאַטערן...

— אַזוי?... איז דאָך געווען גאָר פריילעך... — האָט ווידער אַ שפּאָטיש שמייכעלע אַ בלישטש געטאָן אין פלאָרעס אויגן.

אָבער הערמאַן איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין זיין דערציילן, אַז ער האָט ווידער גאָרנישט באַמערקט...

— אַ גליק נאָך, — האָט הערמאַן ווייטער דערציילט, — וואָס דער אַלטער קאָפּערפילד האָט צוגעגרייט אַ פיין אַרטיסטיש פּראָגראַם, אַז נישט, וואָלט איך געשלאָפן פון לאַנגווייליקייט נעבן מיין כלה...

אַ ווילע האָט געהערשט אַ שטילשווייגן. דערנאָך האָט הער־מאַן אַ פרעג געטאָן מיט אַ שטרענגן און ערנסטן טאָן:

— און דו? ווי אַזוי האַסטו פאַרברענגט די היינטיקע נאַכט? האַ, פלאָרע?...

— איך?... איך האָב זיך נישקשהדיק געלאַנגווייליקט... איך בין אַליין געזעסן אין דער היים...

— און דו האָסט געטראַכט וועגן מיר... ניין פלאָרע?... — האָט הערמאַן שפּאָטיש צוגעגעבן.

פלאָרע האָט אויף אים אויפגעהויבן אַ פאַרוווּנדעטן בליק.

— געוויס... אָבער וואָס זאָל דאָס באַדייטן דער דאָזיקער טאָן?... האַ, הערמאַן?...

הערמאַן האָט זיך ביטער צעלאַכט.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!... דו האַלטס מיך שוין ווירקלעך פאַר אַ צו גרויסן נאַר, פלאָרע... מיינסט טאַקע, אַז איך בין אַזאַ נאַר, אַז איך וועל דיר גלויבן, דו אומטרייע, דו!...

פלאָרע איז רויט געוואָרן, ווי פייער. אין אירע אויגן האָבן אויפגעבליצט צאָרן־פייערלעך.

אָבער הערמאַן האָט ווייטער געפּייערט אויף איר:

— פאַר וואָס נאַרסטו מיך? פאַר וואָס זאָגסטו נישט דעם אמת אַז דו האָסט די נאַכט גאַנץ גוט פאַרברענגט?...

— וו—וו—וואָס? גוט פאַרברענגט?... — האָט פלאָרע געקאָכט אין גאַנצן פון צאָרן.

אָבער הערמאַן האָט זי נישט געלאָזט רעדן און איבערגע־האַקט אירע רייד.

— ווער איז עס געווען דער פאַרשוין, וועלכער האָט נעכטן דריי אַ זייגער ביי נאַכט דיך באַגלייט אַהיים און ביי דיר געבליבן נעכטיקן?... — האָט ער ביין אויסגערופן, — זאָג, ווער?!...

ער איז אין גאַנצן רויט געווען פון צאָרן. זיינע אויגן האָבן געשיט מיט בליצן. פלאָרע האָט זיך אָבער ווייניק גענומען צום האַרץ זיין היצן זיך...

— איך וואָלט זייער געוואָלט וויסן, — האָט זי זייער רואיק געפרעגט — מיט וואָס פאַר אַ רעכט דו רעדסט צו מיר מיט אַזאַ טאָן?...

— מיט וואָס פאַראַ רעכט?...

— יאָ... מיט וואָס פאַראַ רעכט?... איך בין נישט דיין ווייב, אַפילו נישט דיין געליבטע... מיט וואָס פאַראַ רעכט, אַלזאָ, פאָדערסטו פון מיר, איך זאָל דיר אָפּגעבן אַ רעכענונג?... וואָס איז?...

— אָבער...

— קיין שום „אָבער"!.. איך וואָלט דיך זייער לייכט געקאָנט אָפּנאַרן און זאָגן דיר, אַז דאָס איז געווען אַ פריינד פון מיין פאַר־שטאָרבענעם פאָטער, אָדער עטוואָס ענלעכס...

— אָבער פלאָרע!...

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 57

— אַז ס'איז געווען אַן אומשולדיק באַגעגעניש... אַז ער האָט געטרינקען ביי מיר אַ גלעזל טיי... אָבער איך וויל פון דיר גאָר־נישט באַהאַלטן...

די ווייטקייט פון הערמאַנס געזיכט איז פאַרשוווּנדן. ער איז איצט בלאַס געווען, ווי קרייד...

אַ פאַרלוירענער, אַן איינגעבויגענער איז ער געשטאַנען און פלאָרעס רייד זענען איף אים געפאַלן, ווי די שמיץ פון אַ בייטש...

— איך בין זיך פאַר דיר אָפן מודה, — האָט פלאָרע ווייטער געזאָגט, — אַז זינט אַ געוויסער צייט, האָב איך אַן אמתן פריינד...

— יאָ... אַ פריינד, וועלכער ציטערט נישט איבער די פּאָר דאָלאַר, אַזוי ווי דו... ער זשאַלעוועט מיר נישט קיין געלט... דו מיינסט, אַז פון בלומען און אַ מאָל אַ רינג דאָרט קען מען שוין לעבן ?...

— המ...

— אַ חוץ דעם מאַכט ער מיר נישט קיין אייפערזוכטס־סצענעס און שפּיאָנירט מיך נישט נאָך... ער ווייסט ווי צו שוינען מיין פרייהייט...

— דיין פרייהייט...

— יאָ... ווייל ער איז אַליין אַ פאַרהייראַטער און ווייסט, וואָס עס הייסט זיין צוגעבונדן...

הערמאַן האָט מער נישט אויסגעהאַלטן און איז אויפגעשפּרונ־גען פון זיין אָרט...

— דיין אומפאַרשעמטקייט גייט איבער יעדער מאָס!... — האָט ער אויסגערופן — נעכטן האָסטו מיר פאַרזיכערט, אַז דו טראַכסט נאָר וועגן מיר...

— נעכטן...

— אַז אַ גאַנצע נאַכט הלומסטו וועגן מיר... און היינט ביסטו זיך ציניש מודה, אַז דו האָסט אַ געליבטן, וועלכער האָט ביי דיר פאַרברענגט די נעכטיקע נאַכט...

— די נעכטיקע נאַכט...

— אומפאַרשעמטע ליגנערין! קאָמעדיאַנטקע איינע!...

פלאָרע האָט געקוקט אויף הערמאַנען מיט פאַרזשמורעטע

אויגן. דאָס שפּאָטישע שמייכעלע איז נישט אַראָפּ פון אירע ליפּן...

— נו־נו... היץ זיך נאָר נישט אַזוי... — האָט זי געזאָגט מיט אַ בייסיקער איראָניע — און האָסט מיך נאָך קיין מאָל נישט אָפּגענאַרט?

— איך? — האָט הערמאַן געפרעגט.

— דו... שווער זיך, אַז אַלץ, וואָס דו האָסט מיר ביז איצט דערציילט וועגן זיך, איז דער ריינער אמת!...

— איך פאַרשטיי נישט...

פלאָרע האָט זיך הילכיק און פאַרשייט צעלאַכט:

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!... אַ פיינער אַדוואָקאַט פונעם אמת ביסטו, מיין טייערער!... נישטאָ וואָס צו רעדן... אַז איך וועל דיך אָנהויבן צו וואַשן, נו־נו...

— איך פאַרשטיי נישט... כ'פאַרשטיי גישט... — האָט הערמאַן געשטאַמלט.

— וועסט באַלד פאַרשטיין... מיט עטלעכע מינוט צוריק האָסטו מיר געשילדערט דיינע תנאים מיט דזשענין...

הערמאַן האָט געפילט, ווי אין האַרץ רייסט זיך אים עפּעס אָפּ...

זיין פּנים האָט געפלאַמט פון בושה... ער האָט נישט געוווּסט וווּ די אויגן אַהינצוטאָן...

און פלאָרע האָט ווייטער געשמייכלט מיט איר ציניש שמייכעלע...

— פיין, פיין געשילדערט... — האָט זי בייסיק געחוזקט — וואָלסט געקאָנט ווערן אַ ראָמאַנען־שרייבער... אָבער זע נאָר, וואָס מען שרייבט אין דער צייטונג.

פלאָרע האָט דערלאַנגט הערמאַנען די צייטונג, וואָס איז נעבן איר געלעגן אויפן אָטאָמאַן.

פון דער ערשטער זייט האָט אַראָפּגעקוקט אַ גרויסער קאָפּ מיט דיקער, פעטער שריפט:

**אַ גרויסע סענסאַציע אין ניו־יאָרקער פינאַנס־קרייזן — מיליאָנערישע טאָכטער וואַרפט אַוועק איר חתן אין טאָג פון די תנאים.**

**זי וועט גאָר חתונה האָבן מיטן הויפּט־פּראָקורענט פֿון איר פֿאָטערס פֿירמע.**

„די ניו־יאָרקער אַריסטאָקראַטישע און פֿינאַנס־קרייזן האָבן נעכטן אין אָוונט געזאָלט פֿייערן די תּנאָים פֿון מיס דזשעני קאָפּערפֿילד, די טאָכטער פֿונעם באַרימטן מיליאָנער מיסטער ווירדראָ קאָפּערפֿילד, מיטן יונגן, רייכן סוחר, הערמאַן גרינפֿעלד, וועלכער איז נישט לאַנג צוריק געקומען אַהער פֿון וואַרשע.

„מיס קאָפּערפֿילד האָט זיך בקאַנט מיט אים אויף דער שיף און ביידע יונגע מענטשן האָבן זיך פֿאַרליבט איינער אינעם אַנדערן.

„אין דער לעצטער מינוט זענען די תּנאָים אָבער אָפּגערופֿן געוואָרן, ווייל די כּלה איז כּלומרשט פּלוצלונג קראַנק געוואָרן.

„פֿון אַ זיכערער קוועלע איז אָבער אונדזער רעפּאָרטער גע־וואָר געוואָרן, אַז די געשיכטע מיט מיס קאָפּערפֿילדס קראַנק ווערן איז נישט אַזוי גלאַט...

„עס ווייזט זיך, נעמלעך, אַזויס, אַז מיר קאָפּערפֿילד האָט אין דער נאַכט פֿון די תּנאָים געפּאַקט איר התן הוליען מיט פֿריי־לעכע מיידלעך אין אַ ניו־יאָרקער נאַכט־לאָקאַל...

„מיס קאָפּערפֿילד האָט מיט איר חתן איבערגעריסן און אין די נאָענטסטע טעג זאָלן פֿאָרקומען אירע תּנאָים מיטן יונגן פּראָ־קורענט פֿון דער פֿירמע קאָפּערפֿילד, מיסטער דייוויד גאָלד...

„מיסטער דייוויד גאָלד ווערט אויך אַ שותּף צו דער פֿירמע קאָפּערפֿילד“...

הערמאַן האָט געלייענט די דאָזיקע נאָטיץ און די אותיות האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען פֿאַר זיינע אויגן, ווי שטיפֿערישע לצימלעך...

— אַ בע!... אַ בע!... — האָט זיך הערמאַנען געדאַכט, אַז די אותיות רייצן זיך מיט אים און שטעלן אים אַרויס זייערע שוואַרצע צינגעלעך...

ווען עס עפֿנט זיך פֿאַר אים אַ גרוב, וואָלט ער געגרן אין אים אַריינגעשפּרונגען פֿאַר גרויס בושה...

ער האָט די גאַנצע צייט געפֿילט אויף זיך פֿלאָרעס חוזקדיקע בליקלעך, וועלכע האָבן אים געברענט, ווי טראָפּנס הייסער בליי...

אַ צעבראָכענער, אַ צעשמעטערטער, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פּאָטעל...

ער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט אויפצוהויבן די אויגן... דאָס גאַנצע פּנים האָט אים געפלאַמט פון היץ...

— נו?... איצטער האָסטו נאָך טענות צו מיר, פאַר וואָס איך האָב דיר נישט געזאָגט דעם אמת?... — האָט פלאָרע געפרעגט.

— נו?... ווער פון אונדז איז אַ גרעסערער ליגנער, איך צו דו?...

הערמאַן האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן:

— דו ביסט אַ גרויזאַמע, פלאָרע... — האָט ער געזאָגט — נאָר צוליב דיר האָב איך דאָך אָפּגעלאָזט דעם שידוך... איך האָב נישט געקאָנט מיט איר חתונה האָבן, זייענדיק פול מיט ליבע צו דיר...

— אַזוי גאָר?... דו האָסט, זע איך, ווייניק אויפמערקזאַם געלעזן די צייטונג... דאָרט שרייבט מען גאָר עפעס אַנדערש...

— מילא וואָס מען שרייבט דאָרט!... מיסטער קאָפּערפילד וועט דערלאָזן, אַז די וועלט זאָל וויסן, ווי איך האָב זיין טאָכטער אַוועקגעוואָרפן?...

— האָסט זי טאַקע אַוועקגעוואָרפן?...

— און אין דעם זעלבן מאָמענט, ווען איך האָב פאַר דיר געבערענגט דעם דאָזיקן קרבן, האָסטו זיך אָפּגעגעבן אַן אַנדערן... פאַר געלט...

— אַהאַ... דו הויבסט שוין ווידער אָן?...

— איך האָב פאַרלוירן אַ ריזיקן רייכטום צוליב דיר, און דו האָסט מיך מיאוס פאַראַטן...

הערמאַן האָט דאָס געזאָגט מיט אַ טראַגישן, ליידנדיקן טאָן. ער איז זיכער געווען, אַז זיינע רייד וועלן רירן פלאָרעס קאַלטע האַרץ...

אָבער הערמאַן זיך ווידער זיך טועה געוועזן...

פלאָרעס האַרץ איז נישט גערירט געוואָרן...

זי איז אויסגעבראָכן אין אַ הילכיק געלעכטער...

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!... אויב דאָס, וואָס דו זאָגסט, איז אמת — האָט זי דערקלערט — מוז איך דיר זאָגן, אַז איך האָב נאָך זינט איך לעב נישט געזען אַזאַ אייזל, ווי דו...

הערמאַנס געזיכט האָט געפלאַמט פון בושה... ער האָט געזוכט

אַ פּונקט, ווו אַהינצוטאָן זיינע אויגן...

— כדי מיך צו געווינען — האָט פלאָרע ווייטער געחוזקט — האָסטו אַוועקגעוואָרפן דאָס פּאַרמעגן... נאַרעלע! צי פאַרשטייסטו נישט, אַז כדי מיך צו געווינען, דאַרפסטו האָבן דאָס פּאַרמעגן?...

הערמאַן איז איצט געווען אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז ער האָט זיך שיעור נישט צעוויינט פון צרות, ווי אַ קינד...

אָבער פלאָרע האָט אים ווייטער געשיט זאַלץ אויף די ווונדן.

— וואָס קאָן איך מאַכן מיט אַ געליבטן אַ קבצן?... איך וועל לעבן פון לופט און פון ליבע?... אַ ליאַדע טאָג וועסטו בלייבן אָן אַ גראָשן און...

— איך בין שוין אָן אַ גראָשן... — האָט הערמאַן איר איבער־געריסן די רייד און אַ שווערן זיפץ געטאָן. — צום אומגליק, האָב איך געכטן פאַרשפּילט ביז אַ גראָשן... איך האָב נאָך צוגעבאָרגט הונדערט דאָלאַר....

— געבאָרגט... — האָט פלאָרע געזאָגט גאַליק.

הערמאַן האָט איצט אויסגעזען אַזוי נעבעכדיק און קלאָגנדיק, אַז פלאָרעס האַרץ איז ענדלעך גערירט געוואָרן און זי האָט אים אָנגעהויבן צו גלעטן איבער די באַקן, ווי מען גלעט אַ קינד...

— אָרעם יינגל מיינס!... — האָט זי געזאָגט האַלב מיט שפּאָס האַלב מיט מיטגעפיל — און פון דעסטוועגן האָסטו צוליב מיר באַ־שטאַנען אויסצוגעבן צוועלף הונדערט דאָלאַר...

הערמאַן האָט אויפגעהויבן זיין בליק אויף פלאָרען. ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי פילט זי אים אויף אַן אמת מיט, אָדער הוזקט זי בלויז.

אָבער פלאָרע האָט נישט אַזוי לייכט געלאָזט דערקענען...

— האָסט דאָס לעצטע געלט אַוועקגעגעבן, כדי צו נעמען פאַר מיר נקמה אין מאַרילען... אַ העלפט שוין באַצאָלט... ווו וועסטו נעמען די צווייטע העלפט?... — האָט זי געפרעגט.

הערמאַן האָט געהויבן די אַקסלען.

— איך זאָל אַזוי וויסן פון בייז... — האָט ער דערקלערט — עס בלייבט מיר בלויז איבער צו געבן זיך אַ קויל אין קאָפּ אַריין...

פלאָרע האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— וואָס?... אַזוי ווייט האַלטסטו שוין?... אָרעם יינגל מיינס! — האָט זי געזאָגט און אירע אויגן האָבן פלוצלינג אויפגעגלאַנצט.

וויַיזט אויס, אַז ס'איז איר איינגעפאַלן עפּעס אַ נייער געדאַנק. אויף אירע ליפּן האָט זיך אויסגעלייגט אַ פריילעך שמייכעלע.

— הער, הערמאַן! — האָט זי אַ זאָג געטאָן — קיין מיליאָנערן אין אַמעריקע פעלן נישט און אַ שיינער יונגערמאַן ביסטו, זוך דיר אויס אַ נייעם שידוך מיט אַ טאַטנס אַ טעכטערל...

— דו מיינסט, אַז דאָס איז אַזוי לייכט?... — האָט הערמאַן טרויעריק געענטפערט.

— מיין ווידער נישט, אַז ס'איז אַזוי שווער... — האָט פלאָרע איבּ געטרייסט. — איך האָב אַ שידוך פאַר דיר...

— דו?...

— יאָ... איך.

— מאַכסט חוזק, פלאָרע...

— איך מאַך נישט חוזק...

— נו, איז עס מסתמא עפּעס אַ קאַליקע; אַ לאָמע, אַ שטומע, אַ הויקערדיקע, אָדער אַ געזונטע, נאָר אַ פאַרזעעניש... — האָט הערמאַן געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— ניין... כאַ־כאַ־כאַ־כאַ... פאַרקערט... אַ זייער שיינע און אין דיין גוסט...

— אין מיין גוסט?...

— יאָ... אין דיין גוסט... און קענסט זי אויך...

— יאָ... זי הייסט: פלאָרע בערגער...

הערמאַן איז אַזש אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט פון גרויס איבעראַשונג... זיינע אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן...

— פלאָרע!... איז דאָס אמת?... — האָט ער אויסגערופן — דו ווילסט ווערן מיין פרוי?... כאָטש איך פאַרמאָג נישט קיין גראָשן?...

— יאָ... יאָ. מיין ייִנגל!... ביסט אַ שיינער יונג און איצטער ביסטו דאָך געוואָרן פאָפולער אַלס געוועזענער התן פון מיס קאָפּער־פילד... מענער וועלן מיר נאָכלויפן, ווי די הינט...

הערמאַן האָט זי אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער. די לעצטע ווערטער האָט ער נישט פאַרשטאַנען... צו וואָס דאַרף זי, אַז מענער זאָלן איר נאָכלויפן?...

די כיטרע קאָקעטקע האָט באַלד פאַרשטאַנען זיין פאַרוווּנדערונג. זי האָט דאַן צוגעגעבן:

— און קיין געלט וועט אונדז שוין נישט פעלן...

הערמאַן האָט געפילט, ווי מען וואָלט אים אַראָפּגעוואָרפן פון הימל אין אַ שמוציקן גרוב אַריין...

— דעריבער, הייסט עס, ווילסטו מיט מיר חתונה האָבן? — האָט ער בייז געברומט — ווילסט פון מיר מאַכן אַ שפּאַניש ווענטל פאַר דיין בעט?...

— ייִנגל, ייִנגל מייִנס!... נעם עס נישט אַזוי טראַגיש... — האָט פלאָרע אים געפּרוּווט באַרואיקן. — שטעל דיר פאָר, איך האָב שוין נעכטן גערעדט וועגן דעם מיט סעמיועלן...

— מיט סעמיועלן?...

— נו יאָ. דעם, וואָס דו האָסט געזען ביי נאַכט אַרויפגיין מיט מיר... ער איז גרייט דיר צו געבן אַ שיינעם נדן... איז עס נישט פאַר דיר אַ גוטע געלעגנהייט?...

הערמאַן האָט נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויערן...

„דאָס איז שרעקלעך"... — האָט ער געטראַכט.

— הער אויף, פלאָרע, מיט די דאָזיקע וויצן... — האָט ער געפּרוּווט צונישט מאַכן אירע רייד — איך ווייס, אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע התונות...

— נו, געוויס...

— דער חתן זעט דאָס ערשטע מאָל די כלה אונטער דער חופּה און דאָס צווייטע מאָל —ביים גט... איך וועל דערויף נישט איינגיין...

— אָבער ווער האָט עס דיר געזאָגט? אַז מיר וועלן חתונה האָבן וועלן מיר לעבן ווי מאַן און ווייב... מיר וועלן זיין צוזאַמען אין...

— פלאָרע!... — האָט הערמאַן איבערגעריסן אירע רייד — צו וואָס טרייבסטו שפּאַס מיט מיר?... דאָס טוט מיר וויי!...

— נאַרעלע, וואָס דו ביסט! איך מיין עס ערנסט. דו וועסט זיין מיין מאַן און איך וועל זיין דיין ווייב. פאַרשטאַנען? האָסטו זיך אַ מאָל געריכט דערויף?...

הערמאַנען האָט זיך דער קאָפּ פאַרדרייט... דער געדאַנק צו באַזיצן פלאָרען האָט אים שיכור געמאַכט... די ליידנשאַפט האָט זיך אין אים צעפלאַקערט...

— אויב דו מיינסט עס ערנסט, פלאָרע, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געשטיקטער שטים — טאָ ווו וועלן מיר נעמען אויף

צום לעבן?

ער איז אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— אויב ווידער איך וועל נאָר זײַן אַ פּאַראַוואַן, טאָ ווי אַזוי וועסטו מיר קאָנען שענקען דײַן ליבע?...

— אָך! דו ביסט אַן אמתער גרינגער... — האָט פלאָרע גע־הוזקט — וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט! ביזנעס איז ביזנעס און ליבע איז ליבע...

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט...

— נו, צופיל וועל איך דיך נישט פאַרראַטן נאָך דער חתונה. בלויז פאַר סעמיועלן וועל איך מאַכן אַן אויסנאַם... ער איז אַזאַ ליבער... אַז דו וועסט אים דערקענען, וועסטו אים זיכער ליב קריגן...

— ליב קריגן... — האָט הערמאַן אַ בורטשע געטאָן.

— ער איז אַן עלטערער הער!... ער וואָלט געקאָנט זײַן מײַן פאָטער... און רײַך איז ער נישט ווינציקער, ווי מיסטער קאָפּער־פילד... וואָס אַרט עס דיך, אַז ער וועט מיך אַ מאָל באַזוכן?...

— באַזוכן...

— קיינער וועט וועגן דעם נישט וויסן... פאַר מענטשן וועט עס הייסן, אַז ער איז מײַן בעטער... דו אַליין דאַרפסט אים אַזוי באַטראַכטן...

— המ...

— דערפאַר וועלן מיר זײַן פאַרזיכערט אויפן גאַנצן לעבן... עס קאָן זײַן, אַז נאָך זײַן טויט וועלן מיר נאָך קריגן אַ פײַנע ירושה... סעמיועל האָט נישט קיין קינדער און אַן אַלט, מיאוס ווייב...

— המ... המ...

— דאָס ווייב וועט זיכער שטאַרבן נאָך פאַר אים...

אין הערמאַנען האָט געקאָכט דאָס בלוט. ער האָט פון דעסטוועגן געלאָזט אויסרעדן פלאָרען ביזן סוף. ער האָט געוואָלט זען, ווי ווײַט עס דערגרייכט איר אומפאַרשעמטקייט...

— און דו גלויבסט, אַז איך וועל לעבן פון דײַן געליבטנס געלט?... — האָט ער אויסגערופן.

— דו מאַכסט שוין ווידער אַ טראַגישע מינע... טויזנטער מע־

נער מאַכן אַזוי אַרום אַ קאַריערע און דו בייזערסט זיך נאָך, ווען איך גיב דיר אַזאַ גוטע געלעגנהייט...

— אַזאַ גוטע געלעגנהייט... — האָט הערמאַן אַ בורטשע געטאָן.

— נו... אפשר האָסטו אַן אַנדערן אויסוועג... — האָט פלאָרע געזאָגט פאַרזשמורעוודיק כיטרע איין אויג — איבערמאָרגן קומט פאָר מאַרילעס פּרעמיערע... מ׳דאַרף באַצאָלן מאָריסאָנען... און די פאַרשפּילטע הונדערט דאָלאַר?...

„פלאָרע איז געדעכט"... — האָט הערמאַן געטראַכט. — „קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ... און ווען איך וואָלט חתונה געהאַט מיט דזשענין?... וואָלט דאָך עס אויך געווען נאָר צוליב געלט"...

„מיט דזשענין וואָלט עס נאָך ערגער געווען... דזשענין האָב איך דאָך נישט ליב... און פלאָרען האָב איך דאָך ליב?"....

„און וואָס איז דען אַ נפקא מינה, צי דאָס געלט גיט דער פּאַפּאַ קאָפּערפילד, צי דער „אָנקל" סעמיועל?"...

די כיטרע פלאָרע האָט אַ שווייגנדיקע נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון הערמאַנען. זי האָט דערקענט אין זיין געזיכט, וואָס פאַראַ געדאַנקען עס שפּאַצירן איצט אַרום אין זיין קאָפּ.

— טייער ייִנגל מיינס!... — האָט זי זיך געטוליעט צו אים — דו האָסט מיך שוין נישט ליב?... דו ווילסט, אַז מיר זאָלן זיך שיידן אויף אייביק?...

— אָך, ניין! ניין! — האָט הערמאַן אויסגערופן — איך בין גרייט אויף די גרעסטע קרבנות, אַבי דיך צו האָבן אין מיינע אָרעמס...

ער האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס און הייס געקושט אירע ליפּן, די אויגן, דעם האַלדז.

פלאָרע האָט אים איצט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד...

אָבער ווען הערמאַן איז צו איר שטאַרקער צוגעשטאַנען — האָט זי ווי אַ שלאַנג זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע אָרעמס...

— ניין... נישט איצט... נישט איצט... — האָט זי געשעפּטשעט — איך האָב נישט קיין צייט... איך מוז צוגרייטן אונדזער חתונה...

מיט איין שפּרונג איז זי אַריין אינעם צווייטן צימער און באַלד האָט הערמאַן דערהערט איר שטים. זי האָט אַריינגערעדט אין טעלע־פאָן־טרייבל.

פלאָרע האָט פריער פאַרמאַכט די טיר. ס׳האָט איר מסתמא

נישט געלוינט, אַז דער חתן זאָל אויסהערן איר טעלעפאָן־געשפּרעך...

אָבער איינציקע ווערטער האָט זיך דערטראָגן צו הערמאַנס אויער. פון די דאָזיקע ווערטער האָט הערמאַן זיך אָנגעשטויסן, וועגן וואָס זי רעדט.

זפי האָט גערעדט מיט סעמיועלן... זי האָט אים צו וויסן געגעבן, וועגן דעם געשלאָסענעם „געשעפט" מיט הערמאַנען... אַז מ'דאַרף האָבן געלט דורכצופירן די חתונה...

באַלד איז פלאָרע צוריק אַריינגעקומען.

— איך זאָג דיר, הערמאַן, — האָט פלאָרע געשמייכלט מיט צופרידנקייט — סעמיועל איז אַ גאָלדענער מענטש!... אַ שאָד, וואָס דו קענסט אים נישט...

— איך בין דיר מוחל די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט... — האָט הערמאַן אַ מרוקע געטאָן...

— נו־נו... — האָט פלאָרע גענומען גלעטן הערמאַנען איבערן קאָפּ — מרוקע נישט... וועסט זיך צוגעוווינען... מיר וועלן האָבן אַ שיינע חודש־פּענסיע... אויף דערווייל וועלן מיר באַלד דערהאַלטן דריי טויזנט דאָלאַר...

הערמאַן איז אַלץ געזעסן אַן אָנגעכמורעטער און אָנגעברוגזטער. פּלוצלינג האָט זיין געזיכט אויפגעלעבט.

— הער, פלאָרע! — האָט ער זיך אָנגערופן — אפשר וואָלט סעמיועל, אַנשטאָט אַ חודש־פּענסיע, דיר בעסער געגעבן אַן איינמאָליקע סומע?...

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! — האָט פלאָרע זיך פריילעך צעלאַכט — כדי דו זאָלסט אים דערנאָך קאָנען אַראָפּוואַרפן פון אַלע טרעפּ, האַ?... אין וועל פּרווון... איך גלויב אָבער נישט, אַז ער זאָל זיין אַזאַ נאַר...

הערמאַן האָט שוין מער נישט גערעדט... ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַרויסקריכן פון דער בלאָטע וועט ער שוין נישט...

דאָס שטוב־מיידל איז אין אַ ווײַלע אַרום אַריינגעקומען און אַריינגעברענגט אַ בריוו, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען. דאָס זענען געווען סעמיועלס דריי טויזנט דאָלאַר...

פלאָרע האָט געעפנט דעם קאָנווערט, צוויי טויזנט געגעבן הערמאַנען און טויזנט גענומען פאַר זיך.

— אויף עטלעכע טעג וועט עס סטייען פאַר דיר, האַ, הער־

מאַן? — האָט פלאָרע געפרעגט מיט אַ שעלמיש שמייכעלע...

הערמאַן האָט גענומען דאָס געלט מיט אַ ציטערנדיקער האַנט...

„דו ביסט נידעריק געפאַלן, הערמאַן"... — האָט ער זיך אַליין פאַרגעוואָרפן אין געדאַנק.

„רב שלמה גרינפעלד, דער דאָזיקער פון דער וואַרשעווער יידי־שער גמינע, האָט זיך נישט געריכט, אַז זיין זון זאָל אַזוי אַרום „פאַרדינען" געלט...

הערמאַן האָט זיך פאַרטראַכט. זיין גאַנצער לעבנסוועג איז איצט פאַרביי זיין קאָפּ, ווי אַ פאַרביקער פילם־באַנד, ער האָט זיך דערמאָנט אין מאַרילען.

ס'איז אים איינגעפאַלן איצט צו דערציילן פלאָרען דעם גאַנצן אמת וועגן איר.

— פלאָרע! — האָט ער פלוצלינג זיך אָנגערופן — דו ווייסט וועמ ס'איז שולדיק, פאַר וואָס פון מיינע תנאים מיט דזשענין איז גאָרנישט געוואָרן?

— ווער? — איז פלאָרע געוואָרן נייגעריק.

— מאַרילע...

— מאַרילע?... וואָס הייסט?... ווי קומט זי דאָ אַהער?... זי קען דיך דען?...

— צי זי קען מיך?...

הערמאַן האָט פלאָרען דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון זיין ליבע מיט מאַרילען...

פלאָרעס אויגן האָבן אויפגעליט פון אייפערזוכט.

— די דאָזיקע שלאַנג איז געווען דיין געליבטע?... — האָט זי אויסגערופן — אַ שאָד... ווען איך ווייס עס פריער, וואָלט איך עס איר געוואָרפן אין פנים אַריין אַלעמען אין די אויגן...

— און דאָס וואָלט זייער שלעכט געווען. — האָט הערמאַן געזאָגט. — איך בין דאָך נאָך געווען דזשעניס חתן און ס'וואָלט אַרויסגעקומען אַן עפנטלעכער סקאַנדאַל...

— און מאַרילע האָט דיך פאַרשיט?... אַזאַ נישט־גוטע!...

— זי איז ווירקלעך אַ נישט־גוטס, אַן אמתער טייוול! — האָט הערמאַן צוגעגעבן — אָבער מיר וועלן זיך אין איר נוקם זיין, נישט געזאָרגט!...

— און דערנאָך וועלן מיר חתונה האָבן...

הערמאַן האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט. ער האָט אַרומגענומען פלאָרען צום געזעגענען און אָפּגעפרעסט אַ הייסן קוש אויף אירע ליפּן.

פלאָרע האָט אים באַגלייט ביז דער אַריינגאַנגס־טיר.

אָבער דאָ האָט זיי דערוואַרט אַ סיורפּריז: אויף דער שוועל איז געשטאַנען סעמיועל ראָט, מיט אַ גרויסן בוקעט בלומען אין דער האַנט...

אַ שמייכלענדיקער, אַן עלעגאַנט אָנגעטוענער, איז ער געקומען אָפּגעבן פלאָרען מזל־טוב...

הערמאַן איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווערטער...

קאַפּיטל דריי און זיבעציק

# דער קאַמף מיט די אייגענע געפילן...

לעאָן האָט די גאַנצע צייט קיין אויג נישט צוגעטאָן.

צופיל האָט ער געהאַט איבערגעלעבט דעם דאָזיקן טאָג, אַז די געדאַנקען זאָלן אים לאָזן איינשלאָפן.

די אויסטערלישע געשיכטע מיטן געפונענעם אוצר, און דער עיקר — די ידיעה, וואָס הענריק זאַלצבערג האָט אים איבערגעגעבן, אַז סאַבינע לעבט...

— סאַבינע לעבט!... לעבט... — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון די דאָזיקע אומגלויבלעכע ווערטער...

— זי איז דאָ אין וואַרשע... דאָ אין וואַרשע...

— איז עס מעגלעך?... — האָט ער זיך אַליין צום טויזנטסטן מאָל געפרעגט.

— סאַבינע לעבט!... — האָט ער זיך אַליין געענטפערט און דאָס האַרץ איז אים נישט שיעור נישט אַרויסגעשפּרונגען פון דער ברוסט.

סאַבינעס ליכטיק פּנימל איז אויף אַ מינוט נישט פאַרשווונדן פון זיינע אויגן...

— טייערע... טייערע... — האָט ער געשעפּטשעט צום דאָזיקן צאַרטן געזיכט, גלייך עס וואָלט נישט געווען קיין פאַנטאַזיע נאָר עס וואָלט טאַקע געקוקט אויף אים...

עס האָט איצט לעאָנען באַנג געטאָן, פאַר וואָס ער האָט גע־פאָלגט העענריקן און נישט געלאָפן באַלד צו סאַבינען...

„סאַבינע וואָלט מיך זיכער אויפגענומען מיט ליבשאַפט און מיט אַ זיס שמייכעלע אויף אירע שמאָלע ליפעלעך"... — האָט לעאָן געטראַכט.

„אָבער צי וואָלט זי מיך זיכער אַזוי אויפגענומען?... — האָט ער באַלד צוריקגעטראַכט — „צי וואָלט זי מיך נישט פאַרטריבן מיט פאַראַכטונג?"...

„איך בין דאָך שוין רעגינעס מאַן"...

ביים דאָזיקן געדאַנק האָט עס לעאָנען געשניטן אין האַרץ, ווי מיט מעסערס...

„יעדנפאַלס האָב איך גוט געטאָן, וואָס איך בין נישט באַלד צו איר געגאַנגען". — האָט ער ווייטער געטראַכט — „איך מוז פריער וויסן, צי זי וויל מיך זען"...

„מיין באַווייזן זיך פאַר איר וועט דאָך צוריק אויפרייסן די פאַרהיילטע וווּנדן אין איר האַרץ"...

אַזוי איז לעאָן געלעגן אַ גאַנצע נאַכט און געמאַטערט זיך מיט זיינע פּייַנלעכע געדאַנקען און געפיבערט פון דערוואַרטונג אויף טאָג..

„צי וועט זיך שוין די דאָזיקע נאַכט קיין מאָל נישט ענדיקן?" — האָט ער געטראַכט מיט שרעקלעכן אומגעדולד.

אין דער פרי האָט דאָך העענריק געדאַרפט קומען מיט סאַבינעס ענטפער: צי וויל זי זיך זען מיט לעאָנען, אָדער נישט?

„וועט זי נישט אָפּזאָגן?"...

לעאָנען האָט אַרומגענומען אַ שרעק פאַרן דאָזיקן געדאַנק.

„ניין. זי וועט נישט אָפּזאָגן". — האָט ער זיך אַליין געענט־פערט. — ס'איז אוממעגלעך, אַז זי זאָל נישט פילן, ווי טיף איך ליב זי און ווי טיף איך לייד צוליב איר"...

ס'איז שוין געווען פאַר טאָג, ווען לעאָן האָט איינגעדרימלט.

אָבער אויך אין שלאָף האָט ער נישט גערוט, ווייל סאַבינעס געזיכט איז אויך איצט נישט פאַרשווונדן פון זיינע אויגן...

ער האָט אין שלאָף געזען אַ שרעקלעכן חלום.

ס'האָט זיך אים געחלומט, אַז ער וואַנדערט איבער אַ וויסטן וועג... קיין בוים, קיין בלעטל, קיין גרעזל, נאָר בלויז טיפע זאַמדן

און שפּיציקע שטיינער...

זיינע פּיס בלוטיקן פון די ווונדן, וואָס די שפּיציקע שטיינער האָבן אין זיין געמאַכט. אָבער גייט ווייטער, נישט פילנדיק קיין ווייטיק...

נאָך אַ ווײַלע און ער וועט קומען צו יענעם קליינעם וועלדל, וואָס זעט זיך פון דער ווייטנס. אין יענעם וועלדל שטייט דער פאַרכישופטער שלאָס, אין וועלכן די כישוף־מאַכערין האָט אַריינגע־כישופט סאַבינען...

ער גייט ווייטער...

עס דויערט נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט און עס גייט־אויף אַ נייער פרימאָרגן. און אָט איז ער שוין ביים וועלדל... נאָר אַריינגיין אין וועלדל קאָן ער נישט...

אַרום דעם וועלדל געפינט זיך אַ טיפער גראָבן און אין דער גראָבן — זענען פאַראַן שלאַנגען און עקדישן...

ער גייט כסדר אַרום דעם גראָבן און קיין דורכגאַנג זעט זיך נישט...

פּלוצלונג זעט ער, ווי נישט ווייט פון גראָבן ליגט אַ גרויסער קלאָץ. ער וויל דעם קלאָץ וואַרפן איבערן גראָבן, כדי ער זאָל קענען דורכגיין.

אָבער דער קלאָץ איז צו שווער און ער קאָן אים נישט אויפ־הויבן...

נאָר ער שטרענגט אָן אַלע כוחות און ענדלעך הויבט ער אים אויף... ער גיט אים אַ וואָרף איבערן גראָבן און נעמט קריכן אי־בער אים...

פּלוצלינג גיט זיך אָבער דער קלאָץ אַ דריי און ער פאַלט צוזאַמען מיטן קלאָץ אין גראָבן...

מיט אַ שרעקלעכער געשיפעריי וואַרפן זיך אויף אים די שלאַנ־גען און די עקדישן...

אָבער דעמאָלט באַהערשט אים אַן איבערמענטשלעכע גבורה — ער רייסט מיט ביידע הענט פון זיך די שלאַנגען און שליידערט זיי אַוועק, ווי קליינע ווערעם...

ער כאַפּט זיך אָן אינעם קלאָץ, קלעטערט שנעל אַרויס פונעם גרוב און נעמט לויפן צום פאַרכישופטן שלאָס...

מיט אַ כישוף־שפּרונג עפנט ער אויף די טירן פונעם שלאָס און

סאַבינע גייט אים אַנטקעגן, אַ שמייכלענדיקע און אַ גליקלעכע...

ער כאַפּט זי אַריין אין זיינע אָרעמס און בויגט צו זיין קאָפּ צו איר געזיכט — ער וויל אַ קוש טאָן אירע ליפּן.

אָבער אין דעם מאָמענט פאַרענדערט זיך פּלוצלינג סאַבינעס געזיכט... אַנשטאָט סאַבינעס זיס פּנימל, קוקן אויף אים קאַלט און שפּאָטיש — רעגינעס אויגן...

אַ באַגאָסענער אין גאַנצן מיט שווייס, האָט לעאָן זיך אַ ריס געטאָן פון זיין געלעגער...

ער האָט געעפנט די אויגן.

כ׳איז שוין געווען אַ שטיק אין טאָג אַריין.

זיין ערשטער געדאַנק איז געווען וועגן רעגינען.

פאַר זיינע אויגן איז איצט געשטאַנען לעבעדיק איר שפּאָטיש־שמייכלענדיק געזיכט...

נעכטן אָוונט האָט לעאָן מיט איר צוזאַמען געגעסן קאָלאַציע.

די כיטרע רעגינע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי עס וואָלט איר באַנג געטאָן, וואָס זי האָט געוואָלט פאַרכאַפּן דעם געפונענעם אוצר.

— דו מיינסט טאַקע, אַז מיר איז געגאַנגען וועגן געלט? — האָט זי געזאָגט מיט אַ מילדן טאָן — לעאָן, דו פאַרשטייסט מיך נישט...

— וועגן וואָס דען איז דיר געגאַנגען? — האָט לעאָן קאַלט געפרעגט.

— וועגן וואָס מיר איז געגאַנגען?... דו ווילסט, אַז איך זאָל נישט האַסן די פרוי, וואָס רויבט ביי מיר צו די ליבע פון מיין מאַן?... צי קאָן איך נישט האַסן זי?...

רעגינע האָט מיט איר כיטרן בליק באַלד אויפגעכאַפּט דעם איינדרוק, וואָס אירע רייד האָבן געמאַכט אויף לעאָנען...

„ער גלויבט מיר"... — האָט זי געטראַכט.

לעאָן איז שוין ווירקלעך געניגט געווען איר צו גלויבן און מוחל צו זיין פאַר איר געלט־גייציקייט.

# ס א ב י נ ע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 58

## נומער 58

היינט אין דער פרי האָט אים רעגינע באַגריסט מיט אַ באַזונדערע האַרציקייט.

פון העפלעכקייט האָט ער איר אַ קוש געטאָן אין שטערן...

זי האָט אים מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ליבלעכקייט פאַרבעטן צום פרישטיק. מיט אירע אייגענע הענט אים אָנגעגאָסן די קאַווע...

דערביי האָט זיך איר נאַקעטער אָרעם כלומרשט צופעליק יעדעס ווילע אָנגערירט אין זיין געזיכט...

אָבער לעאָן איז צופיל געווען פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען וועגן סאַבינען, אַז ער זאָל באַמערקן רעגינעס שיינקייט...

ער האָט שנעל אָפּגעגעסן דאָס פרישטיק און איז אויפגעשטאַנען פון טיש.

— וואָס איילסטו זיך אַזוי? — האָט רעגינע געפרעגט.

— איך האָב צו דערליידיקן אַ וויכטיק געשעפט... — האָט לעאָן געענטפערט.

ער האָט געגומען גיין מיט שנעלע טריט צו זיין קאַבינעט.

דאָרט, אין קאַבינעט, אין דער פולשטענדיקער איינזאַמקייט, וועט ער זיך קענען אין גאַנצן אָפּגעבן זיינע געדאַנקען וועגן סאַבינען...

„הענריק וועט מסתמא באַלד קומען" — האָט ער געטראַכט מיט אומגעדולד.

רעגינע האָט מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע אויפן געזיכט נאָכגעקוקט לעאָנען און זיך געטראַכט:

„איך בין נישט נאַריש, אַז איך זאָל אים גלויבן זיינע פוילע תירוצים.. איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס ער האָט אַזוי נישט קיין צייט"...

„ער הערט אויף קיין איין מינוט נישט אויף צו טראַכטן וועגן דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע"...

„ער מיינט, אַז כ'האָב נעכטן נישט געהערט דורכן פענצטער, ווי ער האָט גערעדט מיט הענריקן וועגן דעם, אַז ער וויל זיך מיט איר זען"...

„זאָל ער זיך מיט איר זען, וויפל זיין האַרץ גלוסט... וואָס אַרט עס מיך?.. זאָל ער זיך טרעפן מיט איר און איך — מיט עמיץ־אַנדערש"...

„דער אָפּגעריסענער באַר האַלט הענריקן פאַר אַ גוטן פריינד,

ווען ער זאָל וויסן, ווי הייס הענריק האָט נעכטן געקושט זיין, לעאָנס, ווייב"...

„נעכטן, ביים באַגעגענען זיך אין קעלער, האָט ער זיך טאַקע געהאַלטן אַ ביסל קאַלט... אָבער דאָס האָט ער דאָך געמוזט מאַכן אַזאַ אָנשטעל פאַר לעאָנען"...

„אמת טאַקע, אַז ער האָט זיך דאָרט געקאָנט איבערצייגן, אַז איך בין נישט קיין שטיל שעפעלע, נאָר גיכער אַ טיגערין" — „אָבער דאָס מאַכט גאָרנישט אויס... ער וועט נאָך ליגן פאַר מיינע פיס"...

„ער וועט דאָך היינט דאָ זיין. זאָל ער נאָר אַריינקומען צו מיר! איך וועל אים שוין פאַרדרייען דעם קאָפּ"...

דער ביטערער רעגינען איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז עס דערוואַרט זי אַ גרויסע אַנטוישונג...

ווען הענריק איז פאַרפאָרן פאַר לעאָנס פּאַלאַץ, איז ער גלייך פון אויטאָ אַוועק אין לעאָנס קאַבינעט. ער איז צו מאָל ביי רעגינען נישט אָפּגעטראָטן...

ס'איז געווען גאַנץ פרי, ווען הענריק איז געקומען.

ער האָט גאַנץ גאַנץ גוט געוווּסט, מיט וואָס פאַר אַן אומגעדולד לעאָן וואַרט אויף אַ ידיעה וועגן סאַבינען.

אַ חוץ דעם, האָט ער נישט געוואָלט בלייבן אויף מיטאָג ביי די קייזערשטיינס, כדי אויסצומיידן אַ באַגעגעניש מיט רעגינען...

הענריק האָט באַשלאָסן מיט אַלע מעגלעכקייטן אויסצומיידן אַ באַגעגעניש מיט דער שיינער פאַרפירערין.

כיידן ער וועט אַ מאָל רעדן מיט איר אין לעאָנס אָנוועזנהייט...

נישט ווייניק געוויסנביסן האָט הענריק געהאַט צוליב פאַרראַטן לעאָנען, וועמען ער האָט ליב געהאַט מיט אַן אמת פריינדלעכער ליבע.

רעגינע ווידער איז געשטאַנען הינטער דער פאָרהאַנג פון איר בודואַר און זיך צוגעקוקט, ווי הענריק שטייגט אויס פונעם אויטאָ.

„ער וועט באַלד דאָ זיין"... — האָט זיך געטראַכט מיט אַ לייבטער אויפגערעגטקייט.

אָבער ווען עס זענען אַדורכגעגאַנגען פינף מינוט און צען און פופצן און הענריק האָט זיך ביי איר נישט באַוויזן — האָט דאָס בלוט אין איר צאָרנדיק אויפגעקאָכט...

„ער וואַרפֿט זיך מיט מיר?"... — האָט רעגינע געטראַכט און דאָס האַרץ האָט איר שיעור געפּלאַצט פֿון קרענקונג.

העניריק איז דערווייל אַריין צו לעאָנען אין קאַבינעט.

ביידע פֿריינד האָט זיך געדריקט די הענט און זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די פֿאָטעלן נעבן לעאָנס שרייב־טיש.

— נו? — האָט לעאָן אומגעדולדיק געפֿרעגט — זי וויל זיך מיט מיר זען?

העניריק האָט געהויבן מיט די קאַסלען...

— ליידער... — האָט ער געזאָגט.

— זי וויל נישט?!

לעאָן איז אויפֿגעשטאַנען פֿון זיין אָרט. זיינע אויגן זענען אַרויסגעקראָכן פֿון קאָפּ און געגלאָצט, ווי ביי אַ משוגענעם.

— ליידער האָב איך איר נישט געקאָנט איבערגעבן דיין ווונטש זיך מיט איר צו זען... — האָט העניריק דערקלערט.

— וואָס הייסט?...

— ווען איך בין אַ היים געקומען, האָב איך מער נישט געטראָפֿן דאָרט די קראַנקן־שוועסטער סאַבינע...

— וו—אַ—ס? וו—אָ—ס?... — האָט לעאָן אַרויסגעשריגן — וואָס הייסט? ווו איז זי?...

— ווו זי איז... ווייס איך נישט...

לעאָן האָט אַ כאַפּ געטאָן העניריקן פֿאַר אַן אָרעם.

— רעד! רעד שנעלער! כ'האָב מורא, אַז דאָס האַרץ וועט מיר פּלאַצן... — האָט לעאָן געשריגן מיט אַ פֿאַרצווייפֿלטער שטים.

— באַרואיק זיך, לעאָן. כ'וועל דיר אַלץ אויפֿקלערן, נעכטן האָט סאַבינע אין געהיים פֿאַרלאָזט מיין הויז...

— פֿאַרלאָזט דיין הויז?... גאָט מיינער!

— זי האָט איבערגעלאָזט אַ בריוו.

— אַ בריוו?...

— אָט האָסטו אים!

העניריק האָט דערלאַנגט סאַבינעס בריוו.

לעאָן האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו און אים איבערגעלייענט.

ער האָט זיך מיט ביידע הענט צוגעדריקט די שלייפֿן, וועלכע האָבן אים געהאַמערט...

— אַך, ווי גרויזאַם דער שיקזאַל איז צו מיר! — האָט ער אויסגערופן — דאָס טייערע מיידל איז אַזוי לאַנג געווען נאָענט פון מיר און איך האָב גאָרנישט געוווּסט!...

לעאָנס שטים איז וואָס אַ מאָל געוואָרן שטילער און שלוכצנ־דיקער.

— און ווען איך האָב זיך שוין דערוווּסט און זיך געזעגנט זען מיט איר, איז זי פאַרשווּנדן, ווי אַ זיסער חלום...

די טרערן זענען געפלאָסן איבער לעאָנס פּנים און ער האָט אַלץ געגערעדט מיט אַ האַרצרייסנדיקן געיאָמער:

— צי וועל איך זי שוין קיין מאָל נישט פילן אין מיינע אָרעמס?... צי וועל איך שוין קיין מאָל נישט פילן דעם טעם פון אירע זיסע ליפּן?... נישט זען דעם הימלישן גלאַנץ פון אירע טויבן־אויגן?...

אַ צעבראָכענער, אַ פאַרצווייפלטער, איז ער אַ ווײַלע אַזוי געשטאַנען און שטיל געהעשעט.

ענדלעך האָט ער זיך ביסלעכווייז באַרואיקט.

ער האָט זיך צוריק אַרײַנגעזעצט אין זיין פאָטעל און ער האָט זיך געווענדט צו הענריקן מיט אַ ציטערנדיקער שטים:

— איך פאַרשטיי נישט איר האַנדלונג... — האָט ער געזאָגט.

— סאַבינע שרייבט, אַז זי האָט מיך נאָך פונקט אַזוי ליב, ווי פריער...

— יאָ...

— פאַרשטיי איך נישט... טאָ ווי אַזוי האָט זי געקאָנט אַנט־לויפן און זיך נישט זען מיט מיר?...

— וואָס איז דאָ נישט צו פאַרשטיין, לעאָן? — האָט הענריק געזאָגט — טאַקע דערפאַר, ווייל זי האָט דיך אַזוי שטאַרק ליב, איז זי אַנטלאָפן...

— וואָס הייסט?

— ביסט איר צו פיל איינגעבאַקן אין האַרץ, אַז זי זאָל קאָנען איבערטראָגן די פּיין פון זיין נאָענט פון דיר און דאָך זיין צעשיידט...

— אַך, סאַבינע. סאַבינע. — האָט לעאָן געשעפּטשעט.

— כדי אויסצומיידן די דאָזיקע פּיין און אויך כדי דיך איינ־צוברענגען עגמת־נפש, האָט זי בעסער געוואָלט פאַרשווינדן ערגעץ,

אַז דו זאָלסט זי שוין קיין מאָל נישט באַגעגענען...

— קיין מאָל... אַך! דאָס וואָלט געווען צו גרויזאַם!... — האָט לעאָן אויסגערופן.

— זי איז אַ וואונדערלעך מיידל!... — האָט העני‌ריק געזאָגט מיט אַ טאָן פון מיטגעפיל.

— און איך האָב דאָס דאָזיקע וואונדערלעכע מיידל פאַרלוירן...

— האָט לעאָן אויסגעשעפּטשעט ווייטיקפול.

„אויך איך"... — האָט העניריק געטראַכט און אַ טיפער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט.

— פאַרשטיי, — האָט לעאָן ווייטער גערעדט — פאַרלוירן כאַבינען, הייסט פאַר מיר: פאַרלוירן דעם אינהאַלט פון לעבן, אָן וועלכן דאָס לעבן איז בלויז אַ פּיינפולער גיהנום...

— איך פאַרשטיי...

— ווייל קיינער קאָן סאַבינען נישט פאַרטרעטן. יעדנפאַלס נישט... רעגינע...

העניריק איז געזעסן אַ שווייגנדיקער...

נישט געקוקט אויף דער נעכטיקער סצענע, ווען רעגינע האָט פאַר אים אַרויסגעוויזן דעם אמתן פרצוף, האָט העניריק נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק ביים דערהערן איר נאָמען...

נישט אומזיסט האָט ער אויסגעמיטן אַ באַגעגעניש מיט דער פאַרפירערישער פרוי...

ער האָט געוווּסט, אַז ס'איז גענוג אַ ברי פון אירע ליידנשאַפט־לעכע אויגן, אַז ער זאָל אַריינפאַלן אין איר טייוולאָנישער מאַכט...

לעאָן האָט דערוויל גענומען טראַכטן וועגן פאַרשידענע פּלע־נער, ווי אַזוי אָפּצוזוכן סאַבינען.

— כ'וועל זיך ווענדן אין אַלע שפּיטעלער און הייל־אַנשטאַלטן — האָט ער דערקלערט — דאָ וועל איך זי אפשר געפינען.

„און דעם געפונענעם אוצר דאַרף מען זיך באַוואָרענען... פאַר כאַבינעס וועגן"... — האָט ער געטראַכט.

ביי זיך אין דער היים האָט לעאָן מורא געהאַט צו האַלטן די דאָקומענטן מיטן געפונענעם באַנק־ביכל...

„רעגינע האָט טאַקע פאַרזיכערט, אַז עס אינטערעסירט זי מער נישט", — האָט לעאָן געטראַכט — „אָבער רעגינען דאַרף מען נישט גלויבן... זי שפּילט אפשר בלויז אַ קאָמעדיע"...

לעאָן האָט אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויף הענריקס לינקן אַקסל.

— הער, העריק, — האָט ער געזאָגט — ביז וואַנען איך וועל נישט געפינען סאַבינען, וואָלט איך געוואָלט די דאָקומענטן מיטן ביכל באַהאַלטן ביי דיר...

— ביטע זייער! — האָט העגריק איינגעשטימט.

אין דעם זעלבן מאָמענט, וועןביידע פריינד זענען געזעסן כּאַרטיפּט אין זייער שמועס, האָט די פּאָרטיערע, וואָס איז געהאָנגען איבער דער טיר פון קאַבינעט, זיך לייכט אַ ריר געטאָן...

ביידע שמועסנדיקע האָבן דאָס אין גאַנצן נישט באַמערקט.

די גאַנצע צייט פון העגריקס באַזוך האָט רעגינע אומזיסט געוואַרט, אַז ער זאָל צו איר אַריינקומען...

איר צאָרן איז געוואָקסן פון מינוט צו מינוט.

ענדלעך האָט איר געדולד געפּלאַצט.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער שמועס צווישן לעאָנען מיט הענ־ריקן קאָן נישט זיין פאַר איר גלייכגילטיק...

„זיי שמועסן איצט מסתמא וועגן דעם געפונענעם אוצר און וועגן סאַבינען"... — האָט זי געטראַכט.

זי האָט דעריבער באַשלאָסן אומבאַמערקט זיך אַריינצוגנבענען אין לעאָנס קאַבינעט און אונטערהערן, וואָס זיי רעדן דאָרט...

לעאָנס פאַרגעניפּיל האָט אים נישט אָפּגענאַרט. רעגינע האָט גאָרנישט קיין חשק געהאַט זיך אָפּצוזאָגן פון געפונענעם אוצר...

ווען זי האָט געזען, אַז מיט בייזן וועט זי גאָרנישט מאַכן, האָט זי באַשלאָסן צו דערגרייכן איר ציל מיט כיטרע אונטערוועגלעך.

„אָבער פאַר אַלעם דאַרף איך זיך דערוויסן וועגן וואָס זיי שמועסן דאָרטן אין קאַבינעט"... — האָט רעגינע געטראַכט.

שטיל, ווי אַ קאַץ, האָט זי זיך דורכגעשלייכט דורך די צימערן, וואָס האָבן געפירט צו לעאָנס קאַבינעט.

קומענדיק צו דער טיר פון קאַבינעט, האָט זי זיך באַהאַלטן הינטער דער טיר־פּאָרטיערע...

דאָ האָט זי אומבאַמערקט נאָכשפּיאָנירט יעדע מינדעסטע באַ־וועגונג פון ביידע שמועסנדיקע פריינד — לעאָן און העגריק, זי האָט אויך געקאָנט הערן זייערע רייד.

דערביי האָט זי אין גאַנצן נישט קיין מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן

זיך כאַפּן, אַז זי הערט זיך אונטער.
און ווען מ׳זאָל זי אַפילו יאָ דאָ באַמערקן?
זי האָט באַלד דערויף געהאַט אַ תּירוץ:
— איך בין געקומען איינלאַדן צום טיש... — וואָלט זי געזאָגט.
„קיין ספּעציעלע גאַסטפרײנדלעכקייט וועל איך דאָס מאָל הענ־ריקן נישט אַרויסווייזן"... — האָט רעגינע געטראַכט.
זי איז פול געווען מיט צאָרן קעגן אים.
„ער מיידט מיך אויס, דער גאָרנישט"... — האָט זי געטראַכט מיט ציין־קריצעניש. — „און זאָל ער נישט מיינען, אַז איך וועל זיך אים אָנוואַרפן"...
רעגינע איז נאָך געווען רייצנדיק, כּדי צו געפינען אַ מאַן, וואָס זאָל אָפּשאַצן איר שיינקייט...
זי האָט דעריבער גאָרנישט געטראַכט וועגן איינלאַדן הענריקן.
אָבער ווען עס וועט קיין ברירה נישט זיין, ווען דאָס וועט זיין דער איינציקער תּירוץ — וועט זי אים איינלאַדן...
„אַז מ׳דאַרף דעם גנב, שניידט מען אים אָפּ פון דער תּליה"...
די שמועסנדיקע — לעאָנען און הענריקן — איז, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז די כיטרע רעגינע הערט זיך צו צו זייער שמועס פון איר באַהעלטעניש.
זיי האָבן געשמועסט אָפן און פריי וועגן סאַבינען, וועגן באַ־האַלטן די געפונענע דאָקומענטן ביי הענריקן...
רעגינע האָט שוין איצט אַלץ געוווּסט...
איר געזיכט האָט אויפגעפלאַמט פון צאָרן.
„הייסט עס", — האָט זי געטראַכט — „אַז לעאָן האָט צו מיר נישט קיין צוטרוי... אַז ער גלויבט מיר נישט... דעריבער גייט ער באַהאַלטן די דאָקומענטן ביי הענריקן"...
„באַהאַלט, באַהאַלט, לעאָנשי... איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן... נישט געזאָגט!"...
„דער נאַר מיינט, אַז ביי הענריקן איז ער שוין זיכער דערמיט... האָסט אַ גרויסן טעות, לעאָנשי... רעגינע וועט אויך אַהין טרעפן... האָב קיין מורא נישט".
אַזוי האָט זיך רעגינע געטראַכט און זיך איינגעהערט אין זייער ווייטערדיקן שמועס.

איצט האָבן זיי גערעדט וועגן סאַבינען.

ווען רעגינע האָט געהערט, אַז די פאַרהאַסטע סאַבינע איז פאַר־שוווּנדן און מען ווייסט נישט, וווּ זי איז אַהינגעקומען — האָט איר דאָס האַרץ געקוואָלן פון פרייד...

זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אויסצושרייען פון גרויס שמחה... די פיס האָבן זיך איר געהויבן צום טאַנץ...

— איך דאַנק דיר, גאָט... — האָט זי שטיל געשעפּטשעט — לאָמיך שוין אַ מאָל פּטור ווערן פון דעם דאָזיקן אָנטשעפּעניש, פון דער שוועסטער סאַבינע...

די מורא, אַז יעדע ווײַלע קאָן זיך סאַבינע באַווייזן, האָט רעגינען פאַרביטערט דאָס לעבן און נישט צורו געלאָזט אַפילו אין שלאָף...

עס פלעגן זי בײַזיקן הלומות. סאַבינע פלעגט זיך פאַר איר באַווייזן און רעגינע פלעגט זיך אויפכאַפּן, ציטערנדיק פון שרעק...

ענדלעך איז דער שמועס צווישן לעאָנען און הענריקן איבער־געגאַנגען אויף רעגינען...

רעגינע האָט זיך איינגעהערט מיט צופרידנהייט ווי לעאָן באַ־מיט זיך פאַר הענריקן צו פאַררייבן די געשיכטע וועגן פאַרכאַפּן דורך איר דעם אוצר.

— רעגינע איז דאָך נאָך זייער יונג. — האָט לעאָן געזאָגט — זי איז נאָך אַ ביסל קינדיש... דערבײַ איז זי אַ קאַפּריזנע.

— יאָ... — האָט הענריק איינגעשטימט.

— בײַ איר ווענדט זיך אַלץ אין דעם, ווי זי איז געשטימט... זי האָט אָבער אַ גוט האַרץ... נו, זי איז אַ ביסל גײַציג, ווי אַלע פרויען...

— יאָ...

— נאָך דער נעכטיקער סצענע אין קעלער האָט זי שטאַרק חרטה געהאַט און מיר אויסגעדריקט איר באַדויערן...

רעגינע האָט געוואָלט הערן ווייטער, אָבער אַ ווײַלע האָט גע־הערשט אַ שטילקייט.

ענדלעך האָט הענריק זיך אָנגערופן:

— איך מיין אויך אַזוי, לעאָן... זי איז אַ ווילע פרוי. און זי איז דאָך זייער שיין... אַ זעלטענע שיינהייט... אַלע שיינע פרויען זענען קאַפּריזנע...

— ריכטיק?
— יאָ... און מ׳דאַרף זיי דאָס מוחל זיין... זיי זענען, ווי טייערע שפּילצייג, וואָס זענען געמאַכט פון אַ זייער אײדעלן מאַטעריאַל. ביי אַ שטאַרקן קלאַפּ קאָנען זיי צעבראָכן ווערן...
— דער פאַרגלייך איז אַ גוטער... — האָט לעאָן באַמערקט.
— דער דאָזיקער טיפּ פרויען איז אָבער פאַר אונדז, מאַנסלייט, ספּעציעל געפערלעך. — האָט הענריק געזאָגט.
— פאַר וואָס? האָט לעאָן געפרעגט.
— ווייל זיי קאָנען אין אונדז אָנציגדן אַ פייער פון ליידנשאַפט און בינדן אונדז מיט זייער רייצנדיקן כישוף... ווי טרייע קנעכט בויגן מיר זיך און קניען פאַר זיי...
רעגינעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן...
פון הענריקס יעדן וואָרט האָט זיך אַרויסגעפילט אַ ברויזנדיקע ליידנשאַפט, וועלכע ער באַמיט זיך צו באַהאַלטן...
אויף רעגינעס ליפּן האָט אויפגעבליט אַ זיגעריש שמייכעלע...
„פון דעסטוועגן ליבט ער מיך, הענריק״... — האָט רעגינע זיך געטראַכט מיט צופרידנקייט — „ער וויל זיך נאָר נישט מודה זיין דערין״...
„וואָרט, וואָרט, פערדל... איך וועל דיך אַ נעם טאָן פאַרן צוימל, וועסטו זיך שוין מודה זיין... דערנאָך וועסטו זיך שוין בויגן און קניען פאַר מיר... ווי דו האָסט אַליין געזאָגט״.
לעאָן האָט זיך אַ ווײלע פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס הענריק האָט נאָר וואָס געזאָגט.
דערנאָך האָט ער דערקלערט:
— ביסט אפשר גערעכט, הענריק. אָבער איר געהערט נישט צו יענע מענער, וועלכע פאַלן אַרונטער אונטערן איינפלוס פון דעם דאָזיקן טיפּ פרויען...
— אַזוי מיינסטו? — האָט הענריק געפרעגט.
— אַזאַ פרוי וואָלט מיך קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרוואַנדלען אין אַ שקלאַף...
— אַזוי...
— אפשר ליגט מיין כוח אין מיין ליבע צו סאַבינען... זי איז דאָך אַזוי אַנדערש פון רעגינען...
רעגינע האָט געביילט די פויסטן פון צאָרן...

אין אירע אויגן האָבן געפלאַמט די גרינע פֿייערלעך פֿון האַס...

לעאָנס ווערטער האָבן זי טיף באַליידיקט און געטרעטן איר שטאָלץ...

„וואָס פֿאַר אַ כּישוף האָט אין זיך די דאָזיקע אָרעמע קראַנקן־שוועסטער!"... — האָט רעגינע געטראַכט מיט קרענקונג.

זי האָט ווידער זיך געפֿילט באַזיגט דורך סאַבינען...

„אַך! ווען זי פֿאַלט נאָך אַ מאָל אַריין אין מיינע הענט!" — האָט זי געטראַכט מיט בלוטדורשטיקן צאָרן — „איך וואָלט זי דערשטיקט, ווי אַ שלאַנג, די דאָזיקע סאַבינע!"...

הענריק האָט זיך אויפֿגעשטעלט. ער האָט זיך געגרייט אַוועק־צוגיין.

— ניין, הענריק, — האָט לעאָן זיך אָנגערופֿן — גיי נאָך נישט. איך וואָלט געוואָלט דו זאָלסט אויך באַגריסן רעגינען, איידער דו גייסט אַוועק... בלייב דאָ אויף מיטאָג.

— אָבער...

— ניין, הענריק, קיין שום „אָבער". איך און רעגינע וועלן זיך פֿילן באַליידיקט, אויב דו וועסט אונדז אָפּזאָגן. איך שיק שוין אַריין זיך מעלדן צו רעגינען...

לעאָן האָט אַ דריק געטאָן אין עלעקטרישן קנעפּל אויף זיין שרייב־טיש.

דערהערנדיק לעאָנס ווערטער, איז רעגינע שנעל אַרויס פֿון איר באַהעלטעניש און אַוועק אין איר סאַלאָן...

אַ דינער איז אַריינגעקומען.

— מעלדן דער מאַדאַם דעם הער הענריק זאַלצמאַן! — האָט לעאָן באַפֿוילן.

דער דינער האָט זיך פֿאַרנייגט און איז אַרויס.

הענריק האָט דערווייל זיך באַטראַכט, צי זאָל ער אָננעמען לעאָנס איינלאַדונג אָדער נישט?

„באַזוכן רעגינען? זאָל זיין! איך האָב גאָרנישט קעגן דעם. אָבער בלייבן אויף מיטאָג? ניין. די מוטער וועט דאָך אויף מיר וואַרטן".

— הער, לעאָן, — האָט ער געזאָגט — איך דאַנק דיר ווירק־לעך, אָבער בלייבן ביי דיר אויף מיטאָג קען איך נישט. מיין מוטער וועט אויף מיר וואַרטן.

דער דינער האָט דערווייל געמאָלדן רעגינען, אַז הענריק זאַלצ־מאַן קומט אַריין.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער געקומען מיט אַן ענטפער:

— די מאַדאַם וואַרט אויף ביידע הערן...

ווען ביידע זענען אַריין אין רעגינעס סאַלאָן, האָט זי זיי זייער האַרציק אויפגענומען.

— אָ!... אַ גוט מאָרגן, הענריק! — האָט זי אים אויסגעצויגן איר ווייסע האַנט. — נעכטן האָסטו זיך צו מאָל נישט געזעגנט מיט מיר, האַ? זייער פֿיין פֿון דיין זייט...

הענריק האָט זיך פֿאַררויטלט...

נאָר ס'שאַדט נישט... — האָט רעגינע אים באַרואיקט — דאָס האָסטו מיך אַזוי באַשטראָפֿט פֿאַר מיין נישט פֿיינער האַנדלונג... היינט וועל איך זיין פֿיין... זיי דו אויך אַזוי...

הענריק האָט אַ קוש געטאָן איר האַנט.

זי האָט איצט אויסגעזען אַנטציקנדיק...

הענריק האָט געפֿילט, ווי זיין בלוט קאָכט ווידער אויף אין אים.

„איך בין אַ פֿאַרשפּילטער״... — האָט ער געטראַכט — „איך וועל קענען איר נישט קאָנען ביישטיין״...

— עס פֿרייט מיך זייער, וואָס איך טרעף דיך היינט אין אַ גוטער שטימונג, רעגינע! — האָט ער געזאָגט, נישט אַרויסלאָזנדיק איר האַנט פֿון זיינער...

— ווײסט אויך אַזוי זיין?...

— נו, געוויס... און וועגן נעכטן האָסטו אַ טעות. איך האָב זיך געוואָלט מיט דיר געזעגענען, אָבער איך האָב דיך נישט געפֿונען נישט אין סאַלאָן, נישט אויף דער טעראַסע...

— אַהאַ...

— איך האָב דיר איבערגעשיקט אַ „זיי געזונט״ דורך לעאָנען...

— נו, גוט, גוט... זאָל שוין פֿון איצט אָן דער הימל זיין לויטער איבער אונדז... וואָס געווען, איז געווען... אָבער מיטאָג מוזטו עסן מיט אונדז!

— אַך, ניין... איך קאָן נישט... ליידער...

עס האָבן גאָרנישט געהאָלפֿן רעגינעס צוזאָגנדיקע בליקלעך און שמייכעלעך...

הענריק איז געבליבן פאַרעקשנט — ניין און ניין...

הענריק האָט זיך געראַנגלט מיטן טייוול פון דער ליידנשאַפט...

ער האָט מורא געהאַט, אַז טאָמער בלייבט ער דאָ לענגער, וועט זיין האַרטער ווילן זיך ברעכן...

— ניין... ליידער... מיין מוטער וואַרט אויף מיר... איך בין בלויז געקומען באַגריסן זיך...

רעגינע האָט פאַרביסן אַ ליפּ שיעור ביז בלוט...

זי האָט קוים אין זיך איינגעהאַלטן דעם צאָרן, וואָס האָט איצט געברויזט אין איר האַרץ...

— נו, אַז דו קענסט נישט... — האָט זי כלומרשט קאַלט געזאָגט.

זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט...

„וואַרט, וואַרט"... — האָט רעגינע זיך געטראַכט — „כ'וועל דיר פאַר אַלעם אָפּצאָלן מיט פּראָצענט"...

„איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דו ליבסט מיך, אַז דו גייסט אויס פאַר מיר... דו האָסט מורא פאַר מיר, זיך נישט אָפּצובריען אין מיין גליענדיקער ליידנשאַפט"...

„דעריבער מיידסטו מיך אויס... לויף, לויף... וועסט אין ערגעץ נישט אַנטלויפן... מיין ברענענדיקער בליק וועט דיך נאָכיאָגן אומעטום"...

„ער וועט דיך נישט לאָזן רוען... אַפילו נישט אויף דיין געלעגער ביינאַכט... דו וועסט מוזן קניען פאַר מיר און ליגן פאַר מיינע פיס"...

הענריק האָט ווידער אַ קוש געטאָן רעגינעס האַנט צום געזעגענען.

— צום ווידערזען! — האָט ער געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

ער האָט נישט געקאָנט ביישטיין רעגינעס בליק...

— צום ווידערזען! — האָט רעגינע געענטפערט.

„מיר וועלן זיך זען אַ סך פריער, ווי דו מיינסט"... — האָט רעגינע געטראַכט.

## קאַפּיטל פיר און זיבעציק

# אין די נעגל פון טייוול

לעאָן האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין קיין אויסלאַנד.

ער האָט געמוזט פאָרן אויף אַ צוויי־דריי טעג קיין בערלין, ווו ער האָט געהאַט באַשטעלט עטלעכע גרויסע מאַשינען פאַר זיין פאַבריק.

ביים פרישטיק האָט לעאָן דערציילט רעגינען וועגן זיין רייזע אין די נאָענטסטע טעג.

— אויף צוויי־דריי טעג? האָט זי געפרעגט מיט כלומרשטער איבערראַשונג און שטילער פרייד.

זי האָט שוין גאַנץ גוט פריער געוווסט וועגן דער רייזע. זי האָט שוין אַפילו געהאַט אַ געגוייעם פלאַן, ווי אַזוי די דאָזיקע רייזע אויסצונוצן...

„פאַר אַלעם, מוז איך פאַקן די דאָקומענטן וועגן אוצר״ — האָט זי באַשלאָסן.

— אויב דו ווילסט, — האָט לעאָן פאָרגעלייגט, — פאָר מיט מיר מיט. איך גלויב, אַז אַ קורצע אויסלאַנדס־רייזע וועט אויף דיר גאַנץ גוט ווירקן...

— אַן אויסלאַנדס רייזע... — האָט רעגינע זיך געקווענקלט.

— פאַר וואָס נישט? מען בייט אַ ביסל די אומגעבונג, די לאַנדשאַפט.

אָבער רעגינע האָט געהויבן אירע אַקסלען.

— קיין דייטשלאַנד. נישט אינטערעסאנט... וואָס וועל איך דאָרט זען?... אַ ביסל גראָבע דייטשן מיט גראָבע מאַשינען...

— נו, ווי דו ווילסט, אַז עס איז דיר בעסער דאָ, בלייב דאָ...

אין עטלעכע טעג אַרום איז לעאָן אָפּגעפאָרן קיין בערלין.

— איך וועל דיר צו וויסן טאָן טעלעגראַפיש, ווען איך וועל צוריקקומען. — האָט ער דערקלערט רעגינען.

רעגינע האָט זיך געטוליעט צו לעאָנען און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז שרעקלעך טרויעריק.

— צום ערשטן מאָל נאָך אונדזער חתונה געזעגענען מיר זיך

אויף אַזאַ לאַנגער צייט... — האָט זי געקלאָגט מיט אַ האַלב־וויינענדיק שטימעלע.

— נו, צוויי־דריי טעג איז דאָך נישט אַזאַ לאַנגע צייט... — האָט לעאָן זי געטרייסט.

— טאָ זע צו קומען וואָס פריער... איך וועל אַזוי בענקען...

— נו־נו, איך וועל זיך באַמיען וואָס ווינציקער צו זוימען.

אָבער ווי נאָר רעגינע איז געבליבן אַליין, האָט זי ערשט רעכט פריי אָפּגעאָטעמט.

ווי נאָר לעאָנס אויטאָ איז אַרויסגעפאָרן פונעם הויף, האָט רעגינעס געזיכט אויפגעשיינט. זי האָט אויסגעזען גאָר אַן אַנדער מענטש...

— ענדלעך בין איך אַליין... — האָט זי געשעפּטשעט, פויל אויסציִענדיק אירע הענט.

זי האָט פאַרוואָרפן אַ פוס איבער אַ פוס, איין אָרעם אונטער־געשפּאַרט אונטערן קאָפּ און איז לאַנג אַזוי געלעגן, לאָזנדיק קנוילן פּאַפּיראָסן־רויך צום סופיט...

„ווי גוט עס איז דאָ צו זיין אַליין"... — האָט זי געטראַכט — „איצטער בין איך דאָ אַן אַליינהערשערין... וועגן אַלעם קאָן איך אַליין דעצידירן"...

„אַלע איינוווינער אינעם דאָזיקן הויז זענען איצט אָפּהענגיק פון מיין גוטן, אָדער בייזן ווילן און קאַפּריז"...

„אַך, ווען הענריק קומט איצט אַהער!"...

זי האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן...

באַלד האָט זי אַליין געלאַכט פון איר איינפאַל.

„וויפל אויגן וואָלטן אונדז דאָ געזען!"...

„עס וועט בעסער זיין זיך צו טרעפן מיט אים ערגעץ אַנ־דערש"...

„מאָרגן אין דער פרי וועל איך גיין צו הענריקן מיט אַ באַ־זוך" — האָט זי ענדלעך באַשלאָסן.

„עס וועט הייסן, אַז איך בין געקומען באַזוכן זיין מוטער, וועלכע איז שוין געזונט"...

היטן זיך מיטן באַזוך ביי הענריקן האָט זי נישט געדאַרפט, ווייל לעאָן אַליין האָט געוואָלט, אַז רעגינע זאָל וואָס אָפטער באַ־זוכן די זאַלצבערגס.

ער האָט געגלויבט, אַז די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג, די גוטע מאַריע, וועט האָבן אַ גוטן איינפלוס אויף רעגינען. אַז מיט איר גוטסקייט וועט זי ענדערן צום גוטן רעגינעס כאַראַקטער...

צו מאָרגנס אין דער פרי איז רעגינע טאַקע אַריבערגעפאָרן צו די זאַלצבערגס.

רעגינע הטאָ זיך דאָס אָנגעטאָן באַזונדערס עלעגאַנט, כדי נאָך מער אויפצורייצן העינריקס ליידנשאַפטן צו איר...

ווען זי איז אַרויפגעקומען צו די זאַלצבערגס איז הענריק נישט געווען אין דער היים. ער איז געווען פאַרנומען אין זיין פאַבריק.

די מאַדאַם זאַלצבערג האָט רעגינען אויפגענומען מיט אויפ־ריכטיקער האַרציקייט.

זי האָט רעגינען אַרומגענומען און זי האַרציק געטוליעט צו זיך.

— מיין הענריק וואָלט זיך אויך שטאַרק געפרייט מיט דיר... — האָט די מאַדאַם זאַלצבערג דערקלערט — ער איז אָבער שטאַרק פאַרנומען אין דער פאַבריק און וועט קומען ערשטע אין עטלעכע שעה אַרום.

די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג האָט גענומען דערציילן רעגינען פאַרשידענע זאַכן, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער הויז־ווירט־שאַפט.

די אַלטע מאַדאַם איז זיכער געווען, אַז רעגינען אינטערעסירן די אַלע זאַכן פונקט ווי יעדער פרוי.

אָבער רעגינע האָט נאָר געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז עס אינ־טערעסירט זי. אין דער ווירקלעכקייט האָט עס זי בלויז געלאַנג־ווייליקט...

די ווירטשאַפט האָט זי אינטערעסירט, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי...

דפוס „אור" בע"מ

פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 59

זי האָט שוין אויסגעקוקט די מינוט, אַז העגריק זאָל קומען און די אַלטע זאָל זי מער נישט לאַנגווייליקן מיט איר ווירטשאַפט...

אָבער דערווייל איז די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג אין שמועס אַריבער אויף דער שוועסטער סאַבינע...

דאָס האָט שוין רעגינען גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט...

אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אין רעגינעס אויגן האָבן אויפגעבליצט די האַס־פייערלעך, וועלכע זי האָט זיך באַמיט צו פאַרלעשן מיט אַ פאַלש שמייכעלע...

די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּ־לויבן פון סאַבינען. זי האָט גערעדט וועגן איר מיט טרערן אין די אויגן...

— אַ גאָלדן קינד איז דאָס... — האָט זי געזאָגט — זי האָט זיך אין דער קורצער צייט איינגעבאַקן אין מיין האַרץ, ווי אַן אייגן קינד...

רעגינע איז געזעסן שטום, ווי די וואַנט...

— אויך העגריק איז געווען אַנטציקט פון דאָזיקן וווּנדערלעכן מיידל... — האָט מאַדאַם זאַלבערג צוגעגעבן.

— המ... העגריק האָט זיך נאָך געקאָנט צופיל פאַרקוקן און פאַרליבן זיך אין איר... — האָט רעגינע געשפּאַסט — די קראַנקען־שוועסטער סאבינע, זאָגט מען, איז זייער אַ שיינע...

— שיין, ווי אַ מלאך. רעגינעשי... — האָט די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג געזאָגט מיט באַגייסטערונג — אַ שאָד, וואָס זי איז אויף אַזאַ געהיימנישפולן אופן פאַרשווונדן...

— המ...

— איך וואָלט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז זי זאָל ווערן מיין שנור...

— דאָס וווּנדערט מיך... — האָט רעגינע אַ זאָג געטאָן מיט אַ באַהאַלטענער פאַרביסנקייט.

— פאַר וואָס ווּנדערט עס דיך?

— מאַדאַם זאַלצבערג זאָל וועלן פאַר אַ שנור עפּעס אַ קראַנקן־שוועסטער דאָרט...

— איז דען אַ פאַרברעכן צו זיין אַ קראַנקן־שוועסטער? — האָט מאַדאַם זאַלצבערג געפרעגט מיט אַ פאַרווונדערונג.

— ניין, נישט דאָס — האָט רעגינע דערקלערט, — אָבער איר

אָפּשטאָם... זי שטאַמט דאָך, מסתמא, פון פּראָסטע מענטשן, פון קבצנים...

— נו... — האָט מאַדאַם זאַלצבערג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — איך האַלט, אַז אַ גוטער כאַראַקטער איז אַ סך מער ווערט ווי יחוס...

רעגינע האָט פאַרביסן אַ ליפּ... זי האָט געפילט, ווי אַ שפּיזל וואָלט איר אַריין אין האַרץ אַריין...

„צי מיינט די מאַדאַם זאַלצבערג נישט אַ מאָל מיך?"... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

— און איך מיין — האָט רעגינע געזאָגט — אַז ווער עס שטאַמט פון פּראָסטע מענטשן, בלייבט אויף אייביק אַ פּראָסטאַק...

מאַדאַם זאַלצבערגס געזיכט האָט זיך לייכט פאַררויטלט... זי האָט געטראַכט, אַז אויב רעדן וועגן פּראָסטקייט — איז די יחסנטע רעגינע זייער אַ פּראָסט באַשעפעניש...

מאַדאַם זאַלצבערג האָט געשוויגן, אָבער איר שווייגן איז אויך געווען אַן ענטפער...

רעגינע האָט זיך געפילט, ווי אויסגעפּאַטשט... זי האָט זיך געדרייט אויף איר פאָטעל, נישט געקאָנט זיך קיין אָרט געפינען...

פּלוצלינג האָט רעגינע זיך גענומען איינהערן. עס האָט זיך דערהערט דאָס טיר־גלעקל.

— דאַכט זיך מיר, אַז עמיץ גייט, — האָט רעגינע זיך אָנגערופן — עס איז אפשר הענריק?

באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר.

— ביטע, אַריין! — האָט די אַלטע מאַדאַם אַ רוף געטאָן.

הענריק איז אַריינגעקומען.

ווען ער האָט אומגעריכט דערזען רעגינען, איז ער רויט געוואָרן ביז איבער די אוירען... זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק צו קלאַפּן...

ער איז אין גאַנצן צעטומלט געוואָרן, ווען ער האָט דערזען די פרוי, צו וועלכער עס ציט אים אַזוי ליידנשאַפטלעך.

ערשט די לעצטע טעג האָט ער זיך איבערצייגט, ווי ווייט ער איז פאַרכאַפּט פון איר באַצויבערנדיקער, רייצנדיקער שיינקייט.

דורך די לעצטע טעג איז אים איר בילד אומעטום נאָכגעגאַנגען און געררייצט זיינע ליידנשאַפטן. אין די נעכט האָט זי אים פאַר־

פֿאָלגט אין זײַנע אומרואיקע חלומות...

ער האָט זיך אומזיסט באַמיט אײַנצושטילן זײַן קאָכעדיק בלוט.

עס האָבן אים אויך נישט געהאָלפֿן די פֿאָרוואורפֿן, וואָס ער האָט זיך אַליין געמאַכט:

רעגינע איז דאָך די פֿרוי פֿון דײַן פֿרײַנד... פֿאַררעטער אײנער!...

זײַן האַרץ האָט געצויגן צו דער רייצנדיקער רעגינען.

ער האָט שוין אויסגעזוכט תּירוצים, כּדי צו באַרואיקן זײַן אומרואיק געוויסן:

— לעאָן האָט זי דאָך סײ־ווי נישט ליב... ער האָט דאָך ליב סאַבינען...

הענריק האָט אויך גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אַרײַנלאָזן זיך אין אַן אַוואַנטורע מיט רעגינען — איז אַ ריזיקאַלישע שפּיל...

ער האָט דאָך גוט געקענט איר כאַראַקטער און געוווּסט, אַז זי קאָן אים צעברעכן אָן רחמנות...

אָבער דאָס אַלץ איז נישט אימשטאַנד געווען צו פֿאַרלעשן דאָס ברענענדיקע לײַדנשאַפֿט אין זײַן האַרץ.

ער האָט מיט אַלע כּוחות זיך באַמיט אָפּצוהאַלטן זיך פֿון אַ באַגעגעניש מיט איר. כאָטש עס איז אים וואָס אַ טאָג אַלץ שווערער געווען.

ער האָט שרעקלעך געבענקט...

„כאָטש אַ קוק טאָן אויף איר"... — האָט זיך זײַן האַרץ געבעטן.

הענריק האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי לאַנג זײַן ניכטערער פֿאַרשטאַנד וועט האָבן כּוח צו קעמפֿן מיטן האַרץ און מיטן קאָכעדיקן בלוט...

אָבער אָט איז זי גאָר אַליין צו אים געקומען...

הענריק האָט געכאַפּט רעגינעס צאַרטע האַנט און זי צוגעדריקט צו זײַן מויל.

ער איז אַזוי צעטומלט געוואָרן פֿונעם פּלוצלינגן דערזעען רעגינען, אַז ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט איר.

כּדי זיך אַרויסדרייען פֿון דער פֿאַרלעגנהייט, האָט ער זיך אַנטשולדיקט פֿאַר איר:

— אַנטשולדיקט, רעגינע. כ׳מוז זיך איבערטאָן...

רעגינע האָט אים אָבער פֿאַרהאַלטן מיט איין האַנט־באַוועגונג,

ז

ווי מיט אַ הערשערישן באַפעל...

— צו וואָס, הענריק? — צו וואָס די גאַנצע צערעמאָניע? מיר זענען דאָך היימישע מענטשן... — האָט זי געזאָגט.

— אָבער פון דעסטוועגן... — האָט מאַדאַם זאַלצבערג זיך אָנגערופן.

די אַלטע, קלוגע פרוי, האָט באַמערקט הענריקס פאַרלעגנהייט און זי האָט געוואָלט אַרויסנעמען הענריקן פון דער אומבאַקוועמער לאַגע...

— איך בין געקומען בלויז אויף אַ שעה... — האָט די כיטרע רעגינע דערקלערט — איך האָב זיך נאָר געוואָלט דערוויסן, וואָס איר מאַכט, ליבע מאַדאַם זאַלצבערג...

— אויף אַ שעה? — האָט מאַדאַם זאַלצבערג געשמייכלט — וועסט נישט זיין אַזוי שטרענג, רעגינע...

— איך מוז באַלד אַהיימפאָרן... — האָט רעגינע זיך כלומרשט פאַרעקשנט.

אָבער סיי די מאַדאַם זאַלצבערג, סיי הענריק האָבן בשום־אופן נישט געוואָלט איינגיין דערויף.

— ניין, ניין, רעגינע! — האָט מאַדאַם זאַלצבערג אויסגערופן — אויב דו מיינסט, אַז מיר וועלן דיך אַזוי שנעל אָפּלאָזן, האָסטו אַ טעות.

— ריכטיק, מאַמאַ! — האָט הענריק איינגעשטימט.

— איך זע דיך אַזוי זעלטן — האָט מאַדאַם זאַלצבערג געטענהט, — און דו ווילסט שוין אַנטלויפן. דו מוזט בלייבן ביי אונדז נישט נאָר אויף מיטאָג, נאָר דעם גאַנצן טאָג ביז אָוונט.

— בראַוואָ, מאַמאַ! — האָט הענריק אויסגערופן מיט אויפריכטיקער באַגייסטערונג — ביסט דאָך אַליין אין פּאַלאַץ. לעאָן איז נישט הי, וואָס שאַט עס דיר, אַז וועסט ביי אונדז פאַרבלייבן?...

די כיטרע רעגינע האָט נאָר געוואַרט דערויף...

זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי באַטראַכט זיך ערשט, צי זאָל זי בלייבן, אָדער גיין...

ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי איינגעשטימט צו בלייבן.

דער מיטאָג איז דורכגעגאַנגען אין דער בעסטער שטימונג.

הענריק האָט נישט געוווסט, וואָס צו טאָן פון גרויסער גאַסטפריינדלעכקייט.

רעגינע ווידער האָט זיך כסדר געהנדלט...

די אַלטע מאַריע, וועלכע האָט גאָרנישט חושד געווען, איז געווען צופרידן, וואָס דיביידע יונגע מענטשן זענען אין אַזאַ גוטער שטימונג...

נאָכן מיטאָג איז די אַלטע מאַדאַם אַוועק אין איר צימער זיך צולייגן.

— דו, הענריק, וועסט דאָ ווײַלן אונדזער ליבן גאַסט, ביז איך וועל זיך אויפהויבן... — האָט מאַריע געזאָגט.

הענריק האָט גערן איבערגענומען די דאָזיקע אויפגאַבע...

ווען מאַדאַם זאַלצבערג איז אַרויס פונעם עס־צימער און הענריק מיט רעגינען זענען געבליבן אַליין, זענען זיי אַ ווײַלע געזעסן שווייגנדיק. זיי זענען אַליין איבערראַשט געוואָרן...

ענדלעך האָט הענריק אָנגעהויבן דערמאָנען רעגינען פאַר־שידענע איבערלעבונגען פון זייערע קינדער־יאָרן, אַבי איבער־צורייסן די שטילקייט.

אויך רעגינע האָט זיך דערמאָנט פאַרשידענע אייַנצלהייטן פון די קינדהייטס־יאָרן.

דער דאָזיקער שמועס האָט געשאַפן אַן אינטימקייט און אַ וואַרעמע שטימונג...

רעגינע האָט אָבער שוין גענוג געהאַט די קינדהייטס־דערינע־רונגען. נישט צוליב דעם איז זי אַהער געקומען...

אירע אויגן האָבן זיך אייַנגעשפּיזט אין הענריקס געזיכט און אָנגעצונדן אין אים די ליידנשאַפט...

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום זענען זיי שוין געזעסן אַרומגע־נומענע און זייערע ליפּן האָבן זיך באַהאָפטן אין הייסע קושן...

הענריק איז פריער געווען אַנטשלאָסן נישט צו לאָזן זיך אַרייַנ־ציען דורך רעגינען אין איר פאַרפירערישער נעץ...

אָבער ס׳איז גענוג געווען רעגינעס ערשטער אָנגריף מיט די פייערדיקע אויגן, אַז הענריק זאָל זיך בויגן...

ער האָט מיט אַ ברענענדיקן דורשט זיך אייַנגעזויגן אין רע־גינעס ליפּן און איז שיכור געוואָרן פון ליידנשאַפט...

אַ ווײַלע זענען זיי אַזוי געזעסן אַרומגענומענע און שווייגנ־דיקע...

בלויז זייער הייס און אָפּגעהאַקט אָטעמען האָט עדות געזאָגט

וועגן דעם שטורעם, וואָס בושעוועט אין זייערע הערצער...

אָנגעטרונקען זיך מיט קושן ביז זאַט, האָט הענריק זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די קני און איינגעגראָבן זיין פּנים אין די פאַלדן פון רעגינעס קלייד...

— רעגינע — האָט ער געשעפּטשעט — אַנטשולדיק מיר מיין נישט טאַקטישער האַנדלונג בעת מיין לעצטן באַזוך אין דיין פּאַלאַץ!

רעגינע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט זי געענטפערט:

— ס׳האָט מיר ווירקלעך טיף וויי געטאָן... אָבער לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן... וואָס געווען, איז געווען...

— איך האָב נישט געוווסט, ווי דיך אָפּשאַצן... — האָט הענ־ריק דערקלערט — איך האָב געמיינט, אַז דו ווילסט פאַרכאַפּן דעם אוצר צוליב געלט־גייציקייט...

רעגינע האָט אָנגעכאַפּט הענריקס האַנט.

— רוק זיך צו נעענטער צו מיר, אָט אַזוי... — האָט זי געזאָגט — און איך וועל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת...

רעגינע האָט געמאַכט אַ ליידנדיקע מינע און זי האָט אָנגעהויבן איר דערציילונג:

— איך האָב אַ מאָל לעאָנען ווירקלעך שטאַרק ליב געהאַט... אָבער, ליידער, האָט ער מיין ליבע נישט אָנגענומען... ער איז געווען פאַרכישופט פון דער איינפאַכער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע...

— סאַבינע... — האָט הענריק נישט ווילנדיק איבערגעחזרט דעם דאָזיקן נאָמען.

— די דאָזיקע סאַבינע האָט מיר צוגענומען מיין געליבטן... זי האָט צעשמעטערט מיין גליק... מיין לעבן איז אַ מאַטערניש פאַר־וואַנדלט... צי פאַרשטייסטו?...

— איך פאַרשטיי... — האָט הענריק מעכאַניש געענטפערט.

— נו, צי האָב איך געקאָנט דערלאָזן, אַז מ׳זאָל איר נאָך דערפּאַר באַלוינען מיט דעם אוצר, וואָס מיין מומע האָט איבער־געלאָזן?... גלויב מיר, ס׳איז מיר נישט געגאַנגען וועגן געלט, נאָר וועגן דער גערעכטיקייט...

— יאָ... איך פאַרשטיי...

— איצט קאָנסטו שוין אויך פאַרשטיין, פאַר וואָס איך זוך דיין ליבע, כאָטש איך האָב אַ מאַן... איך בין אַ פרוי... מיין האַרץ

בענקט נאָך ליבע, נאָך צערטלעכקייט... פאַרשטייסטו מיך?
— איך פאַרשטיי...
— לעאָן באַמעקט עס גאָרנישט... עס גייט אים נישט אָן... ער טראַכט נאָר וועגן סאַבינען און ווייסט נישט, אַז זיין פרוי מאַכט נאַס דאָס קישן מיט אירע טרערן אין די שלאָפלאָזע נעכט...
— איך פאַרשטיי דיך, רעגינע...
— דו, הענריק, ביסט אַן אַנדערער... דו וואָלסט נישט געלאָזט אַ פרוי אַזוי זיך פייניקן... דו וואָלסט מיך פאַרשטאַנען...
— רעגינע... טייערע... — האָט הענריק געשעפּטשעט.
— אַ שאָד, וואָס מיר האָבן זיך נישט באַגעגנט פאַר מיין חתונה מיט לעאָנען. מיר וואָלטן זיך פאַרבונדן אין אַן אייביקער ליבשאַפט... איצט בין איך לעאָנס פרוי און מוז ביי דיר גנבענען ליבע...
הענריקס גליענדיקע ליפּן האָבן באַדעקט מיט הייסע קושן רע־גינעס הענט.
— טייערע... טייערע רעגינע... — האָט ער געשעפּטשעט — איך פאַרשטיי דיך און פיל דיר מיט...
— איך ווייס, אַז דו ביסט אַזוי ווי לעאָן... — האָט רעגינע זיך אָנגערופן.
— דו דאַרפסט אָבער לעאָנען אויך נישט באַשולדיקן... — האָט הענריק דערקלערט — ער איז נישט ווייניקער אומגליקלעך, ווי דו...
— אומגליקלעך? פאַר וואָס? — האָט רעגינע געפרעגט.
— ווייל אָנשטאָט צו דאַנקען דעם יִשׂיקזאַל דערפאַר, וואָס עס האָט אים באַשערט אַזאַ פּרעכטיקע פרוי, ווי דו, לעבט ער אין אַ וועלט פון טרוימען און פאַרפייניקט זיך אַליין און אויך דיך...
רעגינע האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן.
— ווען איך וואָלט געווען אויף זיין אָרט, — האָט הענריק צוגעגעבן — וואָלט איך זיך געשעצט גליקלעך, וואָס איך באַזיץ דיך...
רעגינע האָט צאַרט געגלעט מיט איר האַנט הענריקס געזיכט.
— איך ווייס... דו ווייסט ווי אָפּצושאַצן מיינע געפילן... — האָט זי געזאָגט — איך בין אָבער חושד, אַז אויך דו ביסט פאַרליבט אין דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע...

הענריק איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן...

צי האָט ער געקאָנט לייקענען פאַר איר, אַז אין זיין האַרץ לעבט ווירקלעך אַ געפיל צו סאַבינען? ער איז צו איידל געווען, אַז ער זאָל זאָגן ליגן.

הענריק האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל געענטפערט:

— איך מוז דיר מודה זיין דעם אמת, רעגינע, אויך מיך האָט אַרומגענומען דער צויבער פונעם דאָזיקן מיידל... זי איז, ווי אַ מלאך אַזוי שיין און אַזוי איידל...

רעגינע האָט פאַרביסן אַ ליפּ... אירע אויגן האָבן צאָרנדיק אויפגעגלאָצט...

— אָבער פונקט ווי די שטערן פאַרלעשן זיך, ווען עס גייט אויף די זון — האָט הענריק צוגעגעבן, — אַזוי האָט זיך פאַר־לאָשן איר בילד אין מיין האַרץ, ווען איך האָב דיך באַגעגנט, טייערע רעגינע...

נאָר רעגינע איז נאָך פול געווען מיט צאָרן.

— אויך דו, הייסט עס, טרוימסט וועגן דעם דאָזיקן נישטיקן, קבצנישן מיידל?... אַ מלאך!... זי שפּילט נאָר אַזאַ ראָל, נאַראָנים וואָס איר זענט!...

— אָבער רעגינע...

— איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט מיין אמתער פריינד, צום סוף זע איך גאָר, אַז דו האַלסט מיט מיין קאָנקורענטקע, וועלכע האָט רואינירט מיין לעבן...

רעגינע האָט זיך צעוויינט פאַר קרענקונג און צאָרן...

הענריק האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות זי צו טרייסטן און באַרואיקן. ער האָט זי געגלעט און געקושט.

— באַרואיק זיך, טייערע... — האָט ער געשעפּטשעט ליידנ־שאַפטלעך — ווען דו וואָלסט געוווסט, ווי הייס איך ליב דיך...

— אויף אַן אמת?...

— הער, רעגינע! איך וועל גיין צו לעאָנען און אים זאָגן דעם אמת. אפשר וועט ער דיך גטן... מיר וועלן חתונה האָבן און זיין גליקלעך...

אָבער רעגינע האָט גאָרנישט געהאַלטן דערביי...

כאָטש הענריק איז געווען גענוג רייך, איז ער אָבער קעגן לעאָנען געווען אַ קבצן. חתונה האָבן מיט הענריקן און מאַכן פריי

דעם פלאַץ פאַר סאַבינען ?... אָ, ניין !
ווען רעגינע זאָל וויסן דאָס גאַנצע לעבן צו מאַטערן זיך, וואָלט זי אויך נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז לעאָן זאָל חתונה האָבן מיט סאַבינען...
— איך וואָלט געווען די גליקלעכסטע פרוי אין דער וועלט, ווען איך וואָלט געקאָנט אין גאַנצן צו דיר געהערן... — האָט די כיטרע רעגינע געענטפערט...
— איך וועל רעדן מיט לעאָנען...
— איך האָב אָבער מורא פאַר אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל... איך האָב זיך צופיל אָנגעליטן די לעצטע חדשים, אַז איך זאָל קאָנען איבערטראָגן נייע ליידן...
— נאָר וואָס דען ?... — האָט הענריק געפרעגט מיט היציקער אומגעדולדיקייט.
— לאָמיר דערווייל לאָזן אַלץ, ווי ס'איז... — האָט רעגינע דערקלערט — שפּעטער וועלן מיר זען, וואָס מיר האָבן צו טאָן...
ענדלעך איז די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג אויפגעשטאַנען פון איר נאָכמיטאָג־דרימל און זי האָט ווידער צוזאַמען מיט הענריקן און רעגינען פאַרברענגט אין אַ געמיטלעכן שמועס.
די זון האָט ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן צו רוקן צום מערב. ס'איז געוואָרן אָוונט.
רעגינע האָט אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַ שטאַרקע אומרואיקייט און אויפגערעגטקייט.
מאַריע האָט דאָס באַמערקט.
— וואָס איז טייערע ? — האָט זי געפרעגט רעגינען — וואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט ?
רעגינע האָט געשמייכלט מיט פאַרלעגנהייט.
— ס'איז מיר פשוט אַ חרפה צו דערציילן... — האָט זי געזאָגט — אָבער זינט אַ געוויסער צייט, שרעק איך זיך עפּעס ביי־נאַכט... עס דאַכט זיך מיר נאָר, אַז גייסטער שוועבן אַרום מיר...
— אַך, דאָס איז בלויז אַ רעזולאַט פון אָפּגעשוואַכטע נערוון... — האָט הענריק זיך אָנגערופן.
— ווען לעאָן איז אין דער היים, האָב איך נישט קיין מורא. אָבער אַז לעאָן איז אַוועקגעפאָרן, נעמט מיך אַרום אַ שרעק... — האָט רעגינע צוגעגעבן.

— ווייסט וואָס? — האָט מאַריע זיך אָנגערופן — בלייב ביי אונדז נעכטיקן...

— אַך! ווי פּאַלט איר אויס!... — האָט רעגינע אויסגערופן. אין דער אמתן האָט רעגינע דאָס נאָר געוואָלט...

ווען מאַריע האָט זי ווייטער געבעטן און איך איינגערעדט, אַז זי זאָל בלייבן נעכטיקן, האָט זי ענדלעך איינגעשטימט...

ביי דער קאָלאַציע האָט הענריק מיט אַנטציקונג געשלונגען רעגינעס יעדע באַוועגונג...

דער בלויזער געדאַנק, אַז ער וועט היינט נעכטיקן מיט רע־גינען אונטער איין דאַך, האָט אים אָנגעפילט מיט פרייד...

אָבער פּלוצלונג איז ביים טיש געשען עפּעס אַ זאַך, וואָס האָט ביי הענריקן אַרויסגערופן אַ מאָדנעם אומרו.

רעגינע האָט געעפנט איר האַנטבייטל און געוואָלט פון דאָרט אַרויסנעמען אַ טיכעלע.

אין דעם מאָמענט איז פון רעגינעס בייטל אַרויסגעפאַלן אויפן טיש אַ פּירעקערדיק פּאַפּירל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ פּאַר־פּאַקטער פּראָשעק...

רעגינע האָט מיט אַ מאָדנער שנעלקייט אַ כאַפּ געטאָן דעם פּראָשעק און אים צוריק אַריינגעוואָרפן אין בייטל...

דער אופן, ווי זי האָט אַ כאַפּ געטאָן, האָט הענריקן פאַרווונדערט און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף רעגינען.

איר געזיכט האָט געפלאַמט ווי פייער...

הענריקן איז דאָס געוואָרן שטאַרק אויפפאַלנדיק.

„וואָס האָט דאָס געקאָנט זיין פאַר אַ פּראָשעק?" — האָט ער געטראַכט — „וואָס האָט רעגינע זיך אַזוי שטאַרק געהיטן מיט אים?"...

„נאָר אפשר איז דאָס געווען אַ פּראָשעק צו קאָפּ־ווייטיק"... — האָט ער זיך אַליין געפּרוווט פאַרענטפערן.

„פאַר וואָס זשע האָט זי מיט אַזאַ אומרואיקייט אים אַ כאַפּ געטאָן?"...

„ס'האָט זיך מיר אפשר געדאַכט... אָדער אפשר איז עס בלויז צוליב איר נערוועזיטעט"...

אַזוי האָט זיך הענריק געטראַכט.

ער האָט זיך פון דעסטוועגן נישט געקאָנט באַפרייען פון אַ

געוויסער אומרואיקייט, וועלכע האָט אים באַהערשט, אַליין נישט וויסנדיק פאַר וואָס.

ער האָט באַשלאָסן די גאַנצע נאַכט צו וואַכן...

רעגינע ווידער, האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן צו פאַרטרייבן פון הענריקן די שלעכטע שטימונג.

אירע אויסגעלאַסענע בליקלעך און צוזאָגנדיקע שמייכעלעך האָבן צעפלאַקערט זיין ליידנשאַפט און אים אין גאַנצן צעטומלט...

הענריק האָט רעגינען אַרויסגעוויזן אַזוי פיל העפלעכקייט, וויפל ס'איז נאָר געווען מעגלעך. ענדלעך האָט ער זיך אַוועקגע־זעצט ביים פּאָרטעפּיאַן עפּעס אויפצושפּילן לכבוד רעגינען...

אָפּשפּילנדיק אַ ווײַלע, איז רעגינע צו אים צוגעקומען מיט צוויי באָקאַלן, אָנגעגאָסענע מיט וויין.

— טרינק מיט מיר! — האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל.

הענריק האָט צוגעבויגן דעם בעכער צום מויל. אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ געשריי...

הענריק און רעגינע האָבן האַסטיק זיך אויסגעדרייט. דאָס האָט הענריקס מוטער, מאַריאַ, אַזאַ געשריי געטאָן.

זי האָט געוואָלט מיט זיי מיטטרינקען. אָבער צוליב אומפאָר־זיכטיקייט, האָט זי איבערגעדרייט דעם בעכער מיט וויין אויף דעם שניי־ווייסן טישטוך...

— נו, נו, עס וועט זיין צום גליק... — האָט רעגינע גע־זאָגט — לאָמיר טרינקען, הענריק!

הענריק האָט אויסגעטרונקען. ער האָט גאָרנישט באַמערקט דעם מאָדנעם גלאַנץ אין רעגינעס אויגן...

זיי האָבן נאָך פאַרברענגט אַ ביסל אין געמיטלעכן שמועסן, דערנאָך זענען זיי אַוועק שלאָפן, יעדער אין זיין צימער.

ווען דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן עלף, איז שוין אין דער וווינונג פון די זאַלצבערגס געווען פינצטער און שטיל...

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און אַלע שטוב־מענטשן זענען געלעגן פאַרזינקען אין טיפן שלאָף...

פּלוצלינג האָט זיך אין דער נאַכט־שטילקייט דערהערט אַ לייכט גערויש אין איינעם פון די קאָרידאָרן...

די טיר פונעם גאַסט־צימער האָט זיך לייכט געעפנט און ס'האָט

פון דאָרט זיך אַרויסגעשלייכט אַ ווייסע געשטאַלט אין פרויען־קליידער...

### קאַפּיטל פינף און זיבעציק

## די אייפערזוכט מאַכט בלינד...

ליזע איז געבליבן שטיין, ווי אַ פאַרשאַרטע. זי האָט נישט געקאָנט קיין ריר טאָן מיט קיין עבר.

ווען מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, איז זי זיכער געווען אַז דאָס איז ווידער אַדאַש.

„ער איז נאָכאַמאָל געקומען? — האָט זי געטראַכט מיט שרעק. זי איז געבליבן, ווי אָן לשון. זי איז נישט אימשטאַנד געווען אַרויסצורעדן קיין וואָרט.

ווידער האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר; נאָך אַ שטאַרקערער, ווי פריער.

ליזע האָט דעמאָלט מיט אַ ציטערדיקער שטים אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז?

ווי גרויס איז געווען ליזעס איבערראַשונג און פרייד, ווען זי האָט דערהערט אַדאָלפס שטימע.

— דאָס בין איך, ליזע, עפן אויף!

פון גרויס פרייד האָט ליזע גאָרנישט אויפגעכאַפּט די בייזקייט אינעם טאָן פון זיין רעדן. עס איז אויך גאָרנישט געוואָרן אויפ־פאַלנד, וואָס אַדאָלף איז פּלוצלונג געקומען אין מיטן דער נאַכט.

זי איז אַ שטראַלנדיקע פון פרייד צוגעלאָפן צו דער טיר און אויפגעהויבן די זשאַלוזיע.

— אַדאָלף... טייערער... ס׳אַראַ גליק דאָס איז, וואָס דו ביסט איצט געקומען! — האָט ליזע אויסגערופן און אויסגעשטרעקט צו אים אירע הענט.

אָבער אַדאָלף האָט זי ברוטאַל אָפּגעשטויסן פון זיך...

ליזע האָט ברייט צעעפנט אירע אויגן פון פאַרוווּנדערונג און שרעק...

ערשט איצט האָט זי באַמערקט די צאָרניקייט און בלאַסקייט פון זיין געזיכט.

— גאָט איז מיט דיִר, אַדאָלף! — האָט זי אויסגערופן מיט שרעק — וואָס איז מיט דיר געשען ?

אָבער אַדאָלף האָט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט. ער האָט זי בלויז דורכגעשטאָכן מיט זיין צאָרנדיקן בליק...

— וואָס קוקסטו אַזוי בייז אויף מיר ? — האָט ליזע ווידער געפרעגט מיט אַ ציטערנדיקער שטים. — וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך דען געטאָן ?

אַדאָלף האָט זיך דערנענטערט צו איר.

זיין בליק האָט כסדר דורכגעשפּיזט די צעשראָקענע פרוי וועלכע האָט זיך ערשט איצט געכאַפּט, אַז זי איז כמעט נאַקעט.

זי איז רויט געוואָרן. זי האָט געכאַפּט אַ טוך און פאַרוואָרפן איבער אירע נאַקעטע אַקסלען.

אַדאָלף האָט דאַן אַ ביטערן שמייכל געטאָן.

— מאַך נישט דעם אָנשטעל פון אַ צנועה... איך קען שוין דיין צנועותדיקייט... — האָט ער גאַליק געזאָגט.

— אָבער אַדאָלף!... — האָט ליזע אויסגערופן.

— דיין גליק, וואָס איך האָב שוין אויסגעלאָזט דעם כעס צו דיין קאָכאַנעק... — כ׳האָב אים גוט צעפּאַטשט דאָס פּנים... אַז נישט...

— אָבער אַדאָלף ! — האָט ליזע זיך צעכליפּעט — צי גלויבסטו, אַז דער דאָזיקער...

אַדאָלף האָט איבערגעריסן מיט צאָרן ליזעס רייד :

— שוויג, בישטיקע !... ווי אַזוי דערוועגסטו זיך צו לייקענען, ווען איך האָב דיך געכאַפּט ביי דער האַנט ?...

— ביי דער האַנט ?...

— שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. אַ האַלב־נאַקעטע. און מיט אַ מינוט צוריק איז דער געליבטער אַרויס דורכן באַלקאָן...

— דער געליבטער ?

— ווּעסט מיר אפשר לייקענען ?...

— אַדאָלף !..

— די צניעותדיקע מאַסקע וועט דיר שוין מער נישט העלפן... איך ווייס שוין, אַז דיינע אַלע זיסע רייד, דיינע ליבעס־בריוו אַלץ איז בלויז געווען אַ געמיינער ליגן !...

— אַ געמיינער ליגן ?..

— יאָ.. דו ביסט בלויז אויסן געווען מיין געלט... דו האָסט מיר פאַררעכנט, מיט וועמען ס'האָט זיך נאָר געלאָזט...

זיין שטים האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער געציטערט.

— געגנוג! צווישן אונדז איז אַלץ געענדיקט! דו עקלסט מיך. הערסט? דו אויסגעלאָסענע, דו!

— ריר מיך נישט אָן! אויסגעלאָסענע דו! — האָט ער ווילד געשריגן — דו מיינסט, אַז איך בין אַזאַ נאַר און איך וועל זיך לאָזן ווייטער אָפּנאַרן?

— אַדאָלף...

אָבער אַדאָלף האָט זי ווידער ברוטאַל אָפּגעשטויסן.

ענדלעך איז ער אַנטשוויגן געוואָרן.

אַ צעבראָכענער אינגאַנצן, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול. ער האָט מיט די הענט פאַרדעקט זיין געזיכט און זיך צע־וויינט, ווי אַ קינד...

ליזע איז געשטאַנען, ווי אַ פאַרגליווערטע פון דערשטוינונג און שרעק.

אַדאָלף.. — האָט זי אים געבעטן, וויינענדיק מיט ביטערע טרערן — לאָז דיר אַלץ אויפקלערן... ס'איז בלויז אַ שרעקלעך מיספאַרשטענדעניש...

פול מיט ליבשאַפט איז זי צו אים צוגעגאַנגען און אַרויפגע־לייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל.

— איצט זע איך, אַז דו ביסט מיין ליבע נישט ווערט... — האָט אַדאָלף געזאָגט.

ליזע איז בלאַס געוואָרן, ווי קרייד.

— ווי קאָנסטו אַזוי רעדן, אַדאָלף?... ווי קאָנסטו דאָס?... — האָט זי געכליפּעט — דו זידלסט און באַליידיקסט מיך... פאַר־וואָס? — ווער נאָך ליבט דיך אַזוי הייס און געטריי, ווי איך?

— הייס און געטריי... — האָט אַדאָלף איבערגעחזרט מיט איראָניע.

— וואָס? וואָס זאָגסטו?...

— אויב דו קענסט צווייפלען אין מיין אויפריכטיקייט און דו לאָזט מיך אפילו דיר נישט אויפקלערן דיין טעות, איז אַ סימן, אַז־דו האָסט מיך קיין מאָל נישט געליבט...

אַדאָלף האָט ביטער געשמייכלט.

— איך דאַרף נישט קיין אויפקלערונגען... איך האָב גענוגנ־דיקע באַווייזן...

— גענוגנדיקע באַווייזן ?...

— אָט האָסטו, לייען !...

אַדאָלף האָט אַרויסגעצויגן פון זיין בוזעם־טאַש דעם בריוו, וועלכן פּאָלע בערמאַן האָט אים צוגעשיקט, און אים צוגעוואָרפן ליזען...

איצט האָט שוין ליזע אַלץ פאַרשטאַנען.

„האָט מען הייסט עס, אויסגעוועבט אַ נעץ אַרום מיר״... — האָט זי געטראַכט.

אַ פאַרצווייפלטע, האָט זי זיך באַמיט אויפצוקלערן אַדאָלפן די גאַנצע זאַך. אָבער וואָס מער זי האָט גערעדט, אַלץ צערייצטער און בייזער איז אַדאָלף געוואָרן.

ווען ליזע האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו רעדן צו אים און באַמיען זיך אים צו באַרואיקן מיט אירע רייד, איז ער אַריינגע־פאַלן אין אַ ווילדן צאָרן.

ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַן אָרעם און אַוועקגעשליידערט אויף דער ערד...

— שפּיל מיר דאָ נישט קיין קאָמעדיע, געמיינע דו — האָט ער געשריגן — איך גלויב דיר מער נישט ! שווייג בעסער !...

ליזע האָט געהעשעט ספּאַזמאַטיש.

— קאָנסט איצט גיין צו דיין קאָכאַנעק ! — האָט ער צוגע־געבן — און אַז ער וועט דיך פאַרלאָזן, וועסטו דיר אויסזוכן אַן אַנדערן, ווען דו וועסט פאַרקויפן פאַר געלט דיינע געפילן...

— אַדאָלף ! — האָט די אומגליקלעכע ליזע אויסגעשריגן — אויסציִענדיק צו אים אירע הענט.

אָבער זעענדיק, אַז ער וויל זי גאָרנישט אויסהערן, האָט זי זיך אויפגעהויבן פון דער ערד.



דפוס „אור״ בע״מ פאַרלאַג „תקוה״

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 60

— זאָל שוין זיין, וואָס עס וויל! — האָט זי געזאָגט שטיל און טרוקן — דיינע זידלערייען און באַליידיקונגען צעשיידן אונדז סיי־ווי אויף אייביק... גיי! ס'וועט נאָך קומען אַ צייט ווען דו וועסט באַדויערן דיין האַנדלונג...

— באַדויערן?

— יאָ. באַדויערן. איך קאָן דיר נאָר זאָגן, אַז איך האָב קיינעם נאָך נישט אַזוי ליב געהאַט, ווי דיך. גיי! איך דאַנק דיר פאַר אַלץ, וואָס דו האָסט געטאָן פאַר מיר און פאַר מיין קינד...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע. די טרערן האָבן זי געשטיקט.

— זאָל דיר גאָט פאַר אַלץ באַצאָלן טויזנט מאָל אַזוי פיל, — האָט ליזע צוגעגעבן — איך וועל עס דיר קיינמאָל נישט פאַר־געסן... כאָטש די עוולה, וואָס דו באַגייסט קעגן מיר, איז גענוג גרויס...

אַ שטראָם פון טרערן האָט פאַרפלייצט איר געזיכט.

זי איז געשטאַנען אין דער מיט צימער. זי האָט מיטביידע הענט פאַרדעקט איר פּנים און ספּאַזמאַטיש געכליפּעט...

אַדאָלף האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף איר אַ שווייגנדיקער.

זיין פריערדיקע זיכערקייט אין ליזעס שולד האָט אָנגעהויבן צו וואַקלען זיך.

עס האָט זיך אָנגעהויבן וועקן אין זיין האַרץ אַ צווייפל.

„צי איז עס מעגלעך, אַז די דאָזיקע זיסע, חנעוודיקע פרוי זאָל זיין אַזאַ געמיינע? אפשר קומט דאָ ווירקלעך פאַר עפּעס אַ שרעקלעך מיספאַרשטענדעניש?".

אָבער באַלד איז זיין בליק געפאַלן אויפן בריוו, וועלכער איז געלעגן אויפן שרייב־טיש.

דאָס בלוט האָט ווידער אויפגעקאָכט אין אים פון צאָרן...

„צי קאָן מען נאָך צווייפלען, ווען מ'האָט אַזאַ זיכערן באַ־ווייז?"... — האָט ער געטראַכט.

„נאָר נישט לאָזן זיך איינגעמען מיט פאַלשע טרערן! מ'טאָר נישט זיין שוואַך"...

ער האָט אַרויסגענומען פון דער בוזים־טאַש זיין פּאָרטפעל, אַרויסגעצויגן אַ פּעקל באַנקנאָטן, זיי אַוועקגעוואָרפן אויפן טיש און איז אַרויס.

ליזע האָט געהערט זיין אַרויסגיין און זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

אַדאָלף איז שוין מער נישט געווען...

ער איז פאַרשוואונדן אין דער נאַכט־פינצטערניש.

ליזע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און יאָמערלעך גע־וויינט.

נאָר פּלוצלונג האָט זיך די טיר שטיל געעפנט און ס'איז אַריינ־געקומען די מאַדאַם פּאָרעל, די ווירטין פון הויז.

זי איז געווען אָנגעטאָן אין נאַכט־העמד און אין א שלאָף־ראָק, וואָס זי האָט אין איילעניש אויף זיך אַרויפגעוואָרפן. אירע אויגן זענען געווען קיילעכיק פון שרעק.

ווען זי האָט דערזען ליזען, ווי זי שטייט אויף דער ערד אַ קניענדיקע, איז זי צו איר צוגעלאָפן:

— וואָס איז, מאַדאַם? וואָס איז געשען? ווער איז עס געווען דער מאַן, וואָס האָט אַזוי געשריגן? — גאָט מיינער! איר וויינט, מאַדאַם?

ליזע האָט אַלץ ספּאַזמאַטיש געוויינט און גאָרנישט געקאָנט ענטפערן דער פרעגנדיקער פרוי.

— איך האָב באַלד געפילט, אַז דאָ קומט פאָר עפּעס שלעכטס, — האָט מאַדאַם פּאָרעל דערקלערט, — כאָטש איך האָב נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט, וואָס מען רעדט, האָב איך געהערט, אַז דער מאַן בייזערט זיך...

ענדלעך האָט זיך ליזע אַביסל באַרואיקט און זי האָט איבער־געגעבן דער מאַדאַם פּאָרעל וועגן דעם גאַנצן מיספאַרשטענדעניש, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען.

מאַדאַם פּאָרעל האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ.

— גאָט מיינער! דאָס איז דאָך שרעקלעך! — האָט זי אויס־גערופן — מען דאַרף דעם דאָזיקן מסיע מאָרגענטאַל אויפקלערן, וואָס פאַר אַן אינטריגע ס'איז דאָ געטריבן געוואָרן!

— זייט נישט פאַרצווייפלט, — האָט מאַדאַם פּאָרעל גענומען טרייסטן ליזען — איך וועל אים שוין אויפקלערן. איך וועל פאַר אים שווערן, אַז איר זענט גאָט די נשמה שולדיק. אַז איך האָב נאָך אַזאַ אָנשטענדיקע און טרייע פרוי נישט געזען!

— איך דאַנק אייך, מאַדאַם פּאָרעל... איך דאַנק אייך... —

האָט ליזע געשעפּטשעט, נאָך אַלץ כליפּענדיק.
— מאַדאַם שוואַרץ וועט אויך עדות זאָגן... מיר וועלן זען, צי מסיע מאָרעגנטאַל וועט נאָך גלויבן דער דאָזיקער געמיינער כּאַלע בערמאַן!
ליידער איז דאָס נישט געווען אַזאַ לייכטע זאַך, ווי מאַדאַם פּאָרעל האָט געמיינט...
ווער האָט געקאָנט וויסן, ווו אַדאָלף געפינט זיך איצט און צי ער איז נאָך אין אַלגעמיין דאָ אין מאָנטע־קאַרלאָ?
אָבער מאַדאַם פּאָרעלס רייד האָבן ליזען אַביסל באַרואיקט.
זי האָט געפּאָלגט דער מאַדאַם פּאָרעל און זיך געלייגט שלאָפן.
לאַנג איז זי געלעגן אין בעט אַ וואכעדיקע. ערשט פּאַרטאָג האָט דער שלאָף פאַרמאַכט אירע אויגן...
ווען זי האָט אין דער פרי זיך אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף זענען אירע אויגן געווען רויט פון וויינען. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן טישל און דערזען דאָס געלט, וואָס אַדאָלף האָט איר צוגעוואָרפן.
אַ רויטקייט האָט באַדעקט איר געזיכט.
„בין איך שוין אזוי נידעריק געפאַלן אין אַדאָלפס אויגן, אַז ער האָט מיר צוגעוואָרפן דעם לוין פאַר אונדזערע ביז איצטיקע באַציאונגען?" — האָט זי געטראַכט מיט אַ שרעקלעכן ווייטאָג אין האַרץ.
זי האָט אין דער ערשטער מינוט געוואָלט כאַפּן די באַנקנאָטן, זיי אַריינוואַרפן אין אויוון אַריין און פאַרברענען.
באַלד האָט זי זיך אָבער באַרעכנט, אַז דאָס וואָלט געווען אַ שרעקלעכע נאַרישקייט.
זי וואָלט דאָך געבליבן אָן אַ גראָשן געלט און אָן שום מיטלען צום לעבן!
זי דאַרף באַצאָלן דירה־געלט און איצט די רייזע קאָסטן אַהיים?
און די לעבנס־קאָסטן דערווייל? לאָלעק איז אַ שוואַך קינד, ער דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע פלעגע. און ווו וועט זי נעמען דער־רויף?
און זי אַליין? און פרוי שוואַרץ? זיי מוזן דאָך האָבן צום לעבן!
און אַז זי וועט שוין אַהיימקומען?

ווענן צוריקגיין אַרבעטן אין אַדאָלפּס ביוראָ קאָן דאָך קיין רייד נישט זיין. היינט פון וואַנען וועט זי נעמען צום לעבן, ביז זי וועט קריגן אַן אַנדער אַרבעט?

מיט אַ שווער געפיל האָט זי צוגענומען דאָס געלט...

„ווען איך וועל פאַרדינען, וועל איך אים צוריקגעבן" — האָט זי זיך געטרייסט.

אַ צעבראָכענע, אַ צעשמעטערטע אינגאַנצן, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן קישן און איינגעגראָבן אין אים דעם קאָפּ.

זי האָט זיך פאַרטיפט אין אירע טראַכטונגען.

„ווידער איז איבערגעריסן געוואָרן דער פאָדעם פון מיין גליק... אַ קורצע צייט אין מיין לעבן האָט די זון געשיינט און אָט איז זי פּלוצים פאַרגאַנגען און עס איז ווידער טונקל געוואָרן"...

„וואָס וועט איצטער זיין?

„איך האָב פאַרלוירן דעם מענטש, וואָס מיין האַרץ איז מיט אים פול געווען... איך האָב פאַרלוירן מיין גייסטיקן און אויך מיין מאַטעריעלן אָנהאַלט"...

„איך האָב געמיינט, אַז די צייט פון זאָרג פאַרן שטיקל ברויט, פון ביטערן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ — האָט זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל געענדיקט און איצט"...

„איצט בין איך צוריק אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון מיין זיכערן אינדזל אויפן שטורמישן ים פונעם לעבן, ווו די שטאַרקע שווימען אין דער הויך און די שוואַכע — זינקען צום גרונד"...

„אָבער דערטרונקען ווערן טאָר מען נישט! נישט צוליב מיר. איך אַליין וואָלט שוין געמעגט רעזיגנירן. אָבער איך מוז זאָרגן פאַר מיין קינד!... לאָלעק טאָר נישט ליידן קיין נויט!"...

„מ'מוז זיך ווייטער מאַטערן און ראַנגלען זיך".

„און דאָס אַלץ צוליב וואָס? צוליב דער מענטשלעכער שלעכטקייט"...

„פּאָלע בערמאַן האָט אַ נעץ געפלאָכטן אונטער מיינע פיס און איך בין אין דער נעץ אַריינגעקראָכן... די געמיינע אינטריגאַנטקע האָט איר ציל דערגרייכט."

„פאַרוואָס האָט זי עס געטאָן? וואָס האָט זי צו מיר? פון וואַנען נעמט זיך צו איר אַזאַ טיפער האַס? איך האָב דאָך איר קיינ־

מאָל קיין שום שלעכטס נישט געטאָן?

„כ׳בין שטענדיק צו איר געווען העפלעך, כ׳בין תמיד געווען גרייט איר צו העלפן".

„זאָל זי מיך אַזוי פּיינט האָבן דערפאַר, וואָס איך האָב אָפּגעזאָגט איר ביטע וועגן די צען טויזנט פראַנק? אָבער צי האָב איך דען געקאָנט איר באָרגן אַזאַ סומע? איך האָב דאָך נישט געהאַט?

ליזען איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז פּאָלעס גאַנצער האַס נעמט זיך פון קנאה.

פּאָלע האָט ליזען נישט געקאָנט פאַרגינען, אַז זי זאָל זיין גליקלעכער פון איר.

ליזע איז אַזוי געלעגן און געטראַכט. די זון איז דערווייל אויפּ־געגאַנגען און גענומען מאַכן איר שפּאַציר פון מזרח צו מערב...

די שכנים האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע געלעגערס און יעדער האָט זיך גענומען צו זיין טעגלעכע באַשעפטיקונג.

אויך די פרוי שוואַרץ איז אויפגעשטאַנען. זי איז די גאַנצע נאַכט דורכגעשלאָפן רואיק און אין איין אָטעם. זי האָט גאָרנישט געהאַט קיין אַנונג וועגן דער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין ליזעס צימער.

אַ פריילעכע און אַ מונטערע איז זי אַרויס אויף דער טעראַסע און געוואַרט דאָרט אויף ליזען.

זי האָט אַכטונג געגעבן אויפן קליינעם לאָלעק, וועלכער איז ווי אַ יונגע ציג, אַרומגעשפרונגען אין גאָרטן.

ענדלעך איז ליזע אַרויסגעקומען אויף דער טעראַסע.

איר געזיכט איז געווען טויט־בלאַס און אַזוי פאַרענדערט, אַז ס׳איז נישט געווען צו דערקענען...

אירע אויגן זענען געווען רויט פון טרערן און אונטערגע־שטרייכט מיט בלויע רייפלעך...

— גאָט מיינער! — האָט פרוי שוואַרץ אויסגערופן, ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ליזען — איר זעט דאָך אויס שרעקלעך! וואָס איז געשען?...

אָבער ליזע איז נישט אומשטאַנד געווען אַרויסצורעדן אַ וואָרט. די טרערן האָבן זי געשטיקט אין האַלדז...

דערווייל האָט דער קליינער לאָלעק דערזען די מוטער.

ער האָט הענדום־פענדום גענומען לויפן צו איר.

— מאַמאַ! מאַמאַ! — האָט ער אויסגעשריגן מיט פרייד און מיט זיינע קליינע הענטלעך אַרומגעכאַפּט איר האַלדז.

אויף ליזעס שניי־ווייס געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ לעבעדיקער שמייכל...

זי האָט הייס געדריקט דאָס צאַרטע קינד צו איר האַרץ און געשעפּטשעט:

— איך דאַנק דיר, גאָט, פאַר דער דאָזיקער מתנה... ער וועט מיך נישט פאַרלאָזן...

אַ קוש טועגדיק דער מוטער אין דער בלאָסער באַק אַריין, איז דער קליינטשיקער לאָלעק צוריק אַוועק צו זיינע שפּילערייען.

איצט האָט זיך ליזע אַ ביסל באַרואיקט. זי איז שוין אומ־שטאַנד געווען צו רעדן. זי האָט דער פרוי שוואַרץ איבערגעגעבן אַלץ, וואָס האָט אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט זיך אָפּגעשפּילט אין איר צימער.

די פרוי שוואַרץ האָט געציטערט אין גאַנצן פון אויפרעגונג. זי האָט געפלאַמט פון צאָרן אויף פּאָלען.

— אַזאַ אומפאַרשעמטע בריה! אַזאַ נידערטרעכטיקייט איז דאָך נאָך נישט געהערט געוואָרן! — האָט זי אויסגערופן. — איך האָב זיך באַלד נישט געקאָנט אָנקוקן, די אָפּגעמאַליעוועטע ליאַלקע!...

— איך האָב אויך צו איר קיין גרויס צוטרוי נישט געהאַט, האָט ליזע דערקלערט — אָבער ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף אַזאַ זאַך?

— אַן אויסוווּרף! — האָט פרוי שוואַרץ צוגעגעבן — אָבער אויף אַדאָלפן וווּנדערט מיך. ווי גלויבט ער דאָס. אַזוי אין די אַלע נידערטרעכטיקייטן, ווען ער קאָן אייך?...

— די מענער זענען שוין אַזוי. ווען זיי ווערן אייפערזיכטיק, פאַרלירן זיי דעם פאַרשטאַנד.

— דאָס איז אמת — האָט פרוי שוואַרץ איינגעשטימט. — מיין מאַן, עליו השלום, האָט אַ מאָל צעהאַקט אַלטע טעלערס אין שטוב, ווייל ס'האָט זיך אים עפּעס געדאַכט...

— ווי טיף ער האָט מיך באַליידיקט... — האָט ליזע זיך געקלאָגט און טרערן האָבן ווידער גענומען פליסן איבער איר צאַרט געזיכט — ער האָט מיר באַצאָלט פאַר מיין ליבע...

— נו, מיט דעם טרייבט איר שוין איבער! — האָט פרוי שוואַרץ דערקלערט — דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט דאָס געלט, איז נישט קיין שום באַליידיקונג. דאָס איז געווען זיין פליכט!

— זיין פליכט? וואָס פאַר אַ פליכטן האָט ער קעגן מיר?

— מיר זענען דאָך אַרויסגעפאָרן קיין מאָנטע־קאַרלאָ אויף זיין פאָרשלאָג, דאַרף ער דאָך אונדז געבן אויף הוצאות אַהיים.

ליזע האָט פון דעסטוועגן נישט אױפגעהערט צו וויינען.

— וויינט נישט, וויינט נישט... — האָט פרוי שוואַרץ זי גענומען איינגעמען, ווי מען נעמט איין אַ קינד — איך וועל אַוועק אין שטאָט אַריין און אַדאָלפן אויפזוכן. איך זאָל וויסן אויסצולויפן די גאַנצע שטאָט, מוז איך אים געפונען...

— און וואָס וועט זיין, אַז איר וועט אים געפינען? — האָט ליזע געפרעגט.

— איך וועל אים דערציילן דעם גאַנצן אמת און כ׳וועל אים אויפווייזן, אַז ער איז, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ גרויסער לעקיש... אַז ער לאָזט זיך פירן ביי דער נאָז פון אַזאַ פאָלעטשינע...

פרוי שוואַרץ איז אויף אַ ווײלע אַנטשוויגן געוואָרן. דערנאָך האָט זי צוגעגעבן:

— דאָס איז אַ פּאַסקודסטוואָ, די פאָלע! ווי דאָס האָט זיך אַזוי צוגעלעקט, זי האָט לאָלעקן געבראַכט שפּילצייג... דער שוואַרץ יאָר זאָל זי נעמען!...

— אַלץ כדי דורכצופירן איר געמיינע אינטריגע... — האָט ליזע געזאָגט מיט אַ וויינענדיקער שטימע.

— אָבער זייט רואיק! — האָט פרוי שוואַרץ גערעדט מיט האַרץ — אויב איך וועל אַדאָלפן נישט געפינען אין מאָנטע־קאַרלאָ, וועל איך אין וואַרשע אַריבערגיין אין זיין ביוראָ און אים אַלץ אויפקלערן.

ליזען האָט גערירט די איבערגעגעבנקייט פון דער דאָזיקער איינפאַכער גוטער פרוי. זי האָט אָבער נישט געגלויבט, אַז זי קאָן ענדערן די לאַגע...

„ווען אַדאָלף זאָל שוין אַפילו איינזען זיין טעות, וועל איך זיך שוין אויך נישט קאָנען מיט אים באַגעגענען״... — האָט ליזע געטראַכט — „צו טיף האָט ער מיך באַליידיקט״...

„ער האָט מיט זיינע באַלדייקונגען און זידל־ווערטער אויס־

געגראָבן אַ טיפֿן אָפּגרונט צווישן אונדז... דעם דאָזיקע אָפּגרונד וועט זיין שווער אַריבערצושפּרייזן"...

„איך צווייפֿל אין אַלגעמיין אין זיין ליבע צו מיר... ווי שוואַך האָט די דאָזיקע ליבע צו מיר געמוזט זיין, ווען די מינדעסטע אינטריגע האָט זי געקאָנט צעשטערן"...

„וואָס פֿאַר אַ ליבע איז דאָס — אָן צוטרוי?"...

אַזוי האָט זיך ליזע געטראַכט.

זי האָט אָבער פֿאַרגעסן איין זאַך: אַז ס'איז פֿאַראַן אַזאַ קראַפֿט, וואָס קאָן די שטאַרקסטע ליבע צעשטערן. די דאָזיקע בייזע קראַפֿט איז — די אייפֿערזוכט...

וועקט מען נאָר אויף די דאָזיקע צעשטערערישע קראַפֿט — צעווילדעוועט זי זיך, ווי אַ שטורעם. און מאַכט אָן אַ חורבן אין די איידלסטע און שטאַרקסטע הערצער....

נאָך דעם, ווי ליזע האָט זיך באַראַטן מיט פֿרוי שוואַרץ און מאַדאַם פֿאָרעל, וואָס צו טאָן, האָט זי באַשלאָסן שוין צומאָרגנס אַוועקצופֿאָרן פֿון מאָנטע־קאַרלאָ.

דאָס שיינע מאָנטע־קאַרלאָ. ווי לאַנג איז דען, ווי זי האָט די דאָזיקע שטאָט באַטראַכט פֿאַרן ערדישן גן־עדן?...

איצט האָט זי געטראַכט וועגן דער דאָזיקער שטאָט מיט אומ־ווילן, שיעור נישט מיט פֿיינטשאַפֿט...

אין דער דאָזיקער שטאָט האָט זי דאָך פֿאַרלוירן דאָס טייערסטע פֿאַרמעגן אירס... דאָס האַרציקסטע... דעם נאָענטסטן מענטש...

זי האָט אָפּגעצאָלט אירע חובות און דעם זעלבן טאָג נאָך, איז זי אַוועק צוזאַמען מיט לאָלעקן אויסקויפֿן באַן־בילעטן.

איבערן גאַנצן וועג האָט זי זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פֿון די פֿאַרבייגייער.

„אפשר וועל איך טרעפֿן אַדאָלפֿן"... — האָט זי געטראַכט.

„און אַז איך וועל אים שוין טרעפֿן, וועל איך דען נאָך קאָנען רעדן צו אים. נאָך דעם, וואָס ס'איז נעכטן פֿאָרגעקומען?..." — האָט זי צוריק געטראַכט — „ניין, ניין! אין קיין פֿאַל נישט!"...

פֿון דעסטוועגן האָט זי, נישט ווילנדיק, ווייטער געהאַלטן אין איין איינקוקן זיך אין די פּנימער פֿון די פֿאַרבייגייער...

פֿון וואַנען האָט ליזע געזאָלט וויסן, אַז אין דעם זעלבן מאָמענט זיצט אַדאָלף אין זיין האָטעל־צימער, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף

זיינע הענט?...

די פאַרצווייפלונג און די בענקשאַפט נאָכן פאַרלוירענעם גליק האָבן צעשניטן זיין האַרץ אויף שטיקער...

„ערשט איצט, ווען צווישן מיר און ליזען איז אַלץ איבערגעריסן, פיל איך ערשט, ווי טייער זי איז מיר געווען״... — האָט אַדאָלף געטראַכט.

פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען, ווי לעבעדיק, איר זיסע געשטאַלט... די בענקשאַפט האָט אים צענומען דאָס האַרץ...

„אפשר דאָך... אפשר איז זי טאַקע אומשולדיק?״... — האָט ער ווייטער געטראַכט — כ׳האָב דאָך זי געקאָנט פון דעסטוועגן אויסהערן... צי האָב איך געהאַט דאָס רעכט נישט צו לאָזן זי פאַרטיידיקן זיך?״.

„אָבער דער בריוו, וועלכן פּאָלע בערמאַן האָט מיר צוגעשיקט״... — האָט ער באַלד צוריק געטראַכט — קאָן דען זיין נאָך אַ מער זיכערער באַווייז... ס׳איז דאָך ליזעס אייגענע האַנטשריפט!״...

„איר שולד איז דערוויזן... אין דעם קאָן מען נישט צווייפלען״...

„מ׳מוז זיין שטאַרק! — האָט ער זיך אַליינצוגעגעבן מוט — מ׳מוז פאַרקריצן מיט די ציין פאַר ווייטיק און אַרויסרייסן זי פונעם האַרץ״...

ער האָט מיט אַנטשלאָסנקייט זיך אויפגעשטעלט און גענומען איינפּאַקן זיין וואַליזקע. דערנאָך האָט ער אַ דריק געטאָן אין דעם עלעקטרישן קנעפּל און עס האָט זיך באַוויזן אַ האָטעל־דינער.

— גייט אַריבער און קויפט מיר אַ באַן־בילעט! — האָט אַדאָלף באַפוילן דעם דינער, געבנדיק אים געלט.

אין דער זעלבער צייט, איז ליזע געגאַנגען איר וועג. פאַרטיפט אין אירע געדאַנקען, לענג אויס דעם ברעג פון ים.

נישט קאָנענדיק גוט דעם וועג, האָט ליזע פאַרקירעוועט אויף אַ זייטיק געסל. דאָס דאָזיקע געסל האָט געפירט צו אַ פעלדז, וועלכער האָט אַרויסגעשטאָרצט פון דעם ברעג איבערן ים־אָפּגרונט.

דער קליינער לאָלעק איז געלאָפן פאָראויס, טרייבנדיק אַ האַלצערן ראָד מיט אַ שטעקל.

וואָס ווייטער ליזע איז געגאַנגען, אַלץ ווייניקער האָט זי געזען פאַרבייגייער.

אַרום האָט געהערשט אַ בית־עולם שטילקייט. עס האָט זיך

בלויז געהערט דאָס שטילע רוישן פון די פּאַלמען־בלעטער און דאָס רוישן פונעם ווינט אין די גראָזן...

דאָ און דאָרט זענען געשטאַנען בענק. זיי זענען אָבער געווען פּוסט — קיינער איז כמעט אויף זיי נישט געזעסן. בלויז זעלטן האָט מען געזען אַ ליבעס־פּאָרל, טוליענדיק זיך איינער צום אַנ־דערן...

אָדער גאָר עפּעס אַ קור־גאַסט איז געזעסן פאַרטיפט אין אַ בוך.

דער הימל איז געווען ווונדערלעך בלוי.

אויפן האָריזאָנט האָבן זיך געזען שלאַנקע ציפּרוסן־ביימער, וועלכע האָבן זיך געצויגן אין אַן אַלעע.

אַרום האָבן געבליט עוקאַליפּטוס־בוימער מיט טויזנטער קאָ־לירן. אַרום זיי — פאַרשידנפאַרביקע בלומען...

אָבער ליזע איז געווען פאַרטיפט אין אירע טראַכטונגען. זי האָט גאָרנישט באַמערקט די דאָזיקע פּראַכטפולע לאַנדשאַפט.

אונטן האָט געברויזט דער מעכטיקער ים. זיינע כוואַליעס האָבן געשוימט און זיך אָנגעשלאָגן אינעם פעלדזיקן ברעג.

דער קליינטשיקער לאָלעק איז געווען פול מיט פייער און אַנטציקונג. ער איז אַרומגעשפּרונגען, ווי אַ ציג, אַ צעהוליעטער און אַ זאָרגלאָזער.

אַ מידער פון דעם לאַנגן שפּאַציר האָט ער ענדלעך אַ רוף געטאָן:

— מאַמאַ! די פיסלעך טוען ווי... לאָמיר זיך אַוועקזעצן!

ליזע האָט אַ ציטער געטאָן...

זי איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין אירע טראַכטענישן, אַז זי האָט אין לאָלעקן אין גאַנצן פאַרגעסן...

— קום, ווען מיר זיך זעצן! — האָט ליזע געזאָגט.

זי האָט זיך מיט אים אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, וועלכע איז געשטאַנען אין דער געדיכטעניש פון פּאַלמען און ציפּרוסן.

די שטילקייט איז דאָ געווען אַן אויסערגעוויינלעכע.

בלויז דער פּישטש פון אַפויגל פלעגט זי איבעררייסן פון ווײַלע צו ווײַלע...

אַ ווײַלע איז לאָלעק געזעסן אַ שטילער און זיך איינגעהערט אין דעם ווונדערלעכן פּישטשען פון די פויגל אין דער שטילקייט.

פּלוצלונג האָט ער באַמערקט פון דער ווייטנס אַ קופּקעלע

שטיינדלעך, וואָס האָט געגלאַנצט קעגן דער זון. ער איז צוגעלאָפן און זיך גענומען שפּילן מיט די שטיידלעך.

ליזע איז אים נאָכגעגאַנגען.

באַלד איז געווען דער ים־ברעג. ליזע האָט זיך אָפּגעשטעלט און באַטראַכט די שווימענדיקע ים־כוואַליעס.

דאָס וואַסער אונטן האָט געברויזט, געזאָטן און געשפּריצט מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט.

ליזע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אינעם אָנלען און פאַרטיפט איר בליק אין די ווייסע שוים־כוואַליעס.

דאָס דאָזיקע בילד האָט געהאַט אין זיך עפּעס אַ מאָדנעם כישוף און ליזע האָט נישט געקאָנט דערפון אָפּרייסן אירע אויגן.

אין קאָפּ האָט זי געפילט אַ לייכטע באַרוישונג. פאַר די אויגן האָט עס איר אָנגעהויבן פינטלען... אָבער זי האָט אַלץ נישט געקאָנט אָפּרייסן איר בליק...

און אָט איז געשען אַ ווונדערלעכע זאַך!

צווישן די ברויזנדיקע כוואַליעס, וועלכע האָבן זיך כסדר אָנגעקלאַפּט אין די פעלזיקע ווענט פון ברעג און זיך אין זיי צעשמעטערט — האָבן זיך באַוויזן צוויי כוואַליקע הענט...

ווייכע, ווייסע, מוטערלעכע — האָבן די הענט זיך געשטרעקט אַרויף...

ליזען האָט זיך געדאַכט, אַז די כוואַליקע הענט רופן זי צו זיך...

— קום... קום צו מיר...

זיי האָבן געווונקען צו איר, די ווייסע הענט, ווי די אויגן פון אַ מענטש...

אַזעלכע שטילע, גוטע, מוטערלעכע הענט...

— נו, קום שוין... — האָט זיך ליזען געדאַכט, אַז זי הערט אַ שעפּטשען — וואָס וואַרטסטו?... האָב נישט קיין מורא... קום אַראָפּ צו אונדז... מיר וועלן דיר אויסהיילן אַלע דיינע ווונדן...

— ביי אונדז וועסטו געפונען רו און וועסט נישט ליידן מער... קום... שנעלער!... שנעלער!... קום...

— ביי אונדז וועסטו זיך מער נישט אַנטוישן... אויס זאָרגן... אויס פּיין...

ליזע האָט דייטלעך געהערט דאָס דאָזיקע שעפּטשען פון די

שוימיקע ים־כוואַליעס...

מיט פרייד האָט זי אויפגענומען די דאָזיקע געהיימע שטימען...

די רעאַלע וועלט איז איצט פאַרשוואונדן געוואָרן פון איר... די ערד האָט זיך אַוועקגעקייקלט פון אירע פיס און זי האָט זיך דערפילט שוועבנדיק און לופטיק...

זי איז איצט געהאָנגען ווי אַ קיילעכל איבערן אָפּגרונט פונעם ים. דאָס קיילעכל איז געהאָנגען בלויז אויף אַ דינעם פאָדעם פון האַלבן באַוווסטזיין...

אָט־אָט און דער דינער פאָדעם וועט זיך איבעררייסן... דאָס קיילעכל וועט אַראָפּפאַלן אין דעם ברויזנדיקן ים־אָפּגרונט...

גאַרניט האָט איצט פאַרבונדן ליזען מיטן לעבן. אַפילו לאָלעק האָט פאַר איר איצט מער נישט עקזיסטירט...

ס׳האָט עקזיסטירט בלויז דער שוימענדיקער ים, דאָס לאָקנ־דיקע שעפּטשען פון אַ כוואַליעס און איבער זיי — אַ קיילעכל, וואָס הענגט אויף אַ דינעם פאָדעם פון האַלבן באַוווסטזיין...

אָט־אָט און דער דינער פאָדעם רייסט זיך איבער...

ליזע האָט אויסגעצויגן אירע צאַרטע הענט צום ים און זיך שטאַרק אריבערגעבויגן איבערן אָנלען...

פלוצלונג האָט שרעקלעכער געשריי זי אַרויסגעריסן פונעם דאָזיקן פאַרצווייפלטן צושטאַנד...

קאַפּיטל זעקס און זיבעציק

## נייע געפאַרן...

סאַבינע איז טויט־בלאַס געוואָרן פון שרעק, ווען זי האָט דערהערט קלאַפּן אין איר טיר.

„אַזוי שפּעט?“...

„וואָס וויל מען איצט פון מיר?“ — האָט זי געטראַכט מיט שרעק.

זי האָט זיך נישט אָנגערופן...

אָבער באַלד האָט זיך דערהערט אַ נייער קלאַפּ, נאָך אַ שטאַר־קערער ווי פריער.

— ווער איז דאָרט? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— עפענען זי, פריילין סאַבינע! — האָט זיך דערהערט סאַלאָמאָנס שטימע.

— אַנטשולדיקט, פּאַניע סאַלאָמאָן, איך טו זיך שוין אויס... — האָט סאַבינע קאַלט געענטפערט.

— נישט אמת, פּאַננאָ סאַבינע! — האָט סאַלאָמאָן געלאַכט — איר זענט נאָך אין גאַנצן אָנגעטאָן...

סאאַבינע האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אומפאַרשעמטער געלער פון אויפרעגונג צוליב דער אומפאַרשעממקייט פון דאָזיקן געלן בער.

— און אויב איר טוט זיך שוין אַפילו אויס, שאַדט אויך נישט... — האָט סאַלאָמאָן צוגעגעבן — איך וויל אייך זאָגן זייער אַ וויכטיקע זאַך...

סאַבינע האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אומפאַרשעמטער געלער יונג קוקט אַריין דורכן שליסל־לאָך. זי האָט זיך דעריבער אַריינגערוקט אין ווינקל פונעם צימערל.

— איר קאָנט באַהאַלטן אייער „וויכטיקע זאַך” ביז מאָרגן... — האָט סאַבינע געענטפערט מעכאַניש — אין דער פרי וועט איר מיר שוין איבערגעבן...

— אין דער פרי וועל איך אָבער זיין פאַרנומען! — האָט דער געלער זיך אַלץ נישט געוואָלט אָפּטשעפּען.

— איך באַדויער זייער... אויב אַזוי, זאָגט מיר דורך דער טיר, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך... אַריינלאָזן אַהער וועל איך אייך נישט...

אָנשטאָט אַן ענטפער, האָט סאַבינע דערהערט אַ בייזע קללה און סאַלאָמאָנס אַראָפּלויפן איבער די טרעפּ.

איצט איז סאַבינען ערשט איינגעפאַלן:

„פאַר וואָס האָבן איך אים גאָרנישט געהערט אַרויפגיין? ער האָט זיך אַוודאי אַרויפגעגנבעט אויף די שפּיץ־פינגער”... — האָט זיך סאַבינע אַליין געענטפערט.

„מען דאַרף זיך היטן פאַר דעם דאָזיקן געלן פאַרשוין... און איידער איך לייג זיך שלאָפן, מוז איך פאַרשטאָפּן דאָס לעכל פון טיר־שלאָס”...

סאַבינע האָט זיך גענומען אויסטאָן.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט עמיץ ווידער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

סאַבינעס געזיכט איז רויט געוואָרן פון צאָרן.

„שוין ווידער דער אומפאַרשעמטער יונג?" — האָט זי געטראַכט.

אָבער באַלד האָט זיך דערהערט אַ דינע פרויען־שטימע:

— עפענען זי, פאַננאָ סאַבינאָ; זי שלאָפן שוין? — דאָס בין איך, אַנדזשע.

הערנדיק, אַז דאָס איז דאָס דינסט־מיידל, האָט סאַבינע איר געעפנט.

דאָס שיינע דינסט־מיידל איז אַריינגעקומען אין סאַבינעס צימערל.

אירע קאַשטאַן־ברוינע לאָקן האָבן נאָך טונקעלער געמאַכט אירע טונקעלע, פאַרחלומטע אויגן. אויף אירע רויטע ליפּעלעך איז געלעגן אַ קינדערישער, נאַאיווער שמייכל...

— זעץ זיך, אַנדזשע! — האָט סאַבינע געזאָגט.

דאָס דאָזיקע מיידל איז סאַבינען געפעלן פון דער ערשטער מינוט אָן, ווי נאָר זי האָט זי דערזען.

ווייזט אויס, אַז אַנדזשע האָט דאָס אָפּגעפילט און זי האָט סאַבינען שטאַרק ליב געקריגן.

אַנדזשע האָט פאָרזיכטיק זיך אַרומגעקוקט, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— רעדן זי שטילער, פאַננאָ סאַבינאָ! מ'קאָן אונדז נאָך הערן... אַנטשולדיקן זי, וואָס איך בין צו אײַן אַזוי שפּעט געקומען!

— מסתמא האָסטו דאָך עפּעס אַ וויכטיק נייעס פאַר מיר — האָט סאַבינע זיך אָנגעשטויסן. — דיין פאָטער אַרבעט אין מאַדאַם ווינשטיינס געשעפט, יאָ?

— יאָ, פון וואַנען וויסן זי דאָס?

— מאַדאַם ווינשטיין האָט מיר דאָס דערציילט.

— יאָ. נאָר צוליב דעם טאַקע אַנטלויף איך נישט פון דאַנען... ווען איך האָב נישט קיין מורא, אַז מיין טאַטע וועט פאַרלירן די אַרבעט, וואָלט איך דאָ קיין איין טאָג נישט געווען...

— אַזוי? — האָט סאַבינע זיך געוווּנדערט — פאַר וואָס?

— איך וועל אײַן אַלץ פאַרטרויען... — האָט אַנדזשע געענטפערט אַראָפּלאָזנדיק פאַרשעמט די אויגן.

— נו, דערצייל...

— פאַנגאָ סאַבינאָ! ווען איך האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערזען, האָב איך באַלד צו אין געקריגן דעם גרעסטן צוטרוי... זי זענען אַזאַ ליבינקע, אַזאַ גוטע...

— איך דאַנק דיר זייער פאַר דיין צוטרוי. אָבער וואָס ווילסטו מיר דערציילן?

— איך וויל אין דערציילן, איו וואָס פאַר אַ הויז זי זענען אַריינגעפאַלן... דעמאָלט וועלן זי זיך קאָנען היטן פאַר אַן אומ־גליק...

— וואָס פאַר אַן אומגליק? — האָט סאַבינע געפרעגט און איז בלאַס געוואָרן.

— איך ווייז דאָ איבער דער וואַנט. איך האָב געהערט, ווי סאַלאָמאָן האָט ביי אין אָנגעקלאַפּט און וואָס זי האָבן אים גע־ענטפערט...

— נו? — האָט סאַבינע נייגעריק געפרעגט.

— איך האָב מיך שטאַרק געפרייט, וואָס זי האָבן אים פאַר־יאָגט, ווי אַ הונט... ער טוט שטענדיק אַזוי...

— וואָס הייסט: שטענדיק?

— ווי נאָר ס׳קומט אָן אַ ניי מיידל אין הויז אַריין און אויב זי איז נישט קיין מיאוסע, נעמט ער זיך באַלד צו איר... מיך האָט ער אויך אַ געוויסע צייט פאַרפאָלגט...

— נו, וואָס האָסטו געטאָן?

— איך האָב אים געסטראַשעט, אַז איך וועל דערציילן דעם טאַטן.

— און דאָס האָט אים אָפּגעשראָקן?

— אַ נעכטיקער טאָג! ער פאַרפאָלגט מיך ווייטער. ער פאַר־שטעלט מיר כסדר דעם וועג און וויל, אַז איך זאָל אים קושן... איך בין אָבער נישט אַזאַ נאַר, ווי בראָניע...

— וואָס איז געשען מיט בראָניען און ווער איז עס די בראָ־ניע? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— אַך דאָס איז זייער אַ טרויעריקע געשיכטע. — האָט אַנדזשע געענטפערט. — זי איז געווען זייער אַן אָרנטלעך מיידל. זי איז אָבער נישט געווען איבעריק קלוג...

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער
נומער 61

— נו, וואָס איז מיט איר געשען?
— ווען סאַלאָמאָן האָט ביי איר אָנגעקלאַפּט, האָט זי אים געעפנט... זי האָט זיך פאַר אים דערשראָקן... און ווען ער איז שוין געווען אינעווייניק, האָט איר דאָס שרייען שוין גאָרנישט געהאָלפן...
— און ער האָט איר שלעכטס געטאָן?...
— וואָס דען?... עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די רעוואָלטאַטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן... זי האָט דאַן אַלץ דערציילט פאַר דער מאַדאַם ווײַנשטיין...
— נו, וואָס האָט דאַן די מאַדאַם ווײַנשטיין געזאָגט וועגן איר זונדל?
— זי האָט דאָס אָרעמע מיידל אויסגעזידלט מיט די ערגסטע ווערטער... „חצופה! גאַסנמויד!" האָט זי אויף איר געשריגן און זי אַרויסגעטריבן פון הויז...
— גאָט מיינער! דאָס איז דאָך שרעקלעך! — האָט סאַבינע אויסגערופן. — און וואָס איז מיט דעם אָרעמען מיידל געוואָרן?
— ס'האָט זיך זייער טרויעריק געענדיקט... — האָט אַנדזשע דערציילט — צו מאָרגנס האָט מען זי אַרויסגעשלעפּט פון טייך אַ דערטרונקענע...
— און וואָס האָט סאַלאָמאָן געזאָגט דערצו? — האָט סאַבינע געפרעגט.
— ער האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, גלייך ווי עס וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען...
— דאָס איז שרעקלעך, שרעקלעך... — האָט סאַבינע געשעפּטשעט.
דאָס סימפּאַטישע דינסט־מיידל האָט ווייטער דערציילט:
— איר קאָנט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן אויסוווּרף דער סאַלאָמאָן איז... און עס איז נישטאָ ווער ס'זאָל אים צוימען... די מוטער איז פאַרליבט אין איר זונדל... וואָס ער טוט, איז גוט און גערעכט...
— ער שעכט און בלייבט גערעכט... — האָט סאַבינע באַמערקט.
— ווען ער וואָלט אַפילו דערהרגעט אַ מענטש, וואָלט אויך ביי זיין מאַמען רעכט געווען...
— און דו האָסט גאָרנישט מורא פאַר אים?

— נו, ער פאַרשטייט אַליין, אַז עס איז פאַר אים גלייכער מיט מיר נישט אָנצוהויבן...

— פאַר וואָס?

— איך האָב שוין עטלעכע וואָכן אַ חתן. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום וועלן מיר חתונה האָבן. מיין חתן איז אַ שלאָסער. ער איז אַ יינגל מיט ביינער... מיט מיין מאָניעקן וועט ער זיך נישט אָנהויבן...

— אַזוי מיינסטו?

— המ... ער האָט איינערנע מוסקולן און פויסטן, ווי האַמערס... אַנדזשעס אויגן האָבן אויפגעשטראַלט פון נחת...

— און דו האָסט אים שוין דערציילט, אַז סאַלאָמאָן טשעפּעט זיך צו דיר?

— ניין. ווען איך דערצייל אים, נו־נו... ער וואָלט אים צעטרייבערט, ווי אַ הערינג... דערווייל גיב איך זיך אַליין אַן עצה קעגן אים... און איך וויל נישט מיט אים אָנהויבן, ווייל זיי קאָנען אָפּזאָגן דעם טאַטן פון דער אַרבעט...

— אַהאַ...

— אָבער זי מוזן זיך היטן פאַר אים, פאַננאָ סאַבינאָ... זי האָבן נישט, ווער עס זאָל זיך פאַר אין אָננעמען... און זי זענען דאָך אַזוי שיין...

— נו־נו, כ׳וועל זיך שוין קעגן אים אַן עצה געבן! — האָט סאַבינע געזאָגט.

— אָבער ער וועט זיך זיכער צו אין טשעפּען, אָנפאַלן אויף אין... און אַז ער וועט זען, אַז ער קאָן מיט אין גאָרנישט מאַכן, וועט ער אין פאַרביטערן דאָס לעבן...

אַנדזשע האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט און זיך געגרייט אַוועקצוגיין.

— האָסט דאָך געוועזן, אַנדזשע, אַז איך וועל זיך נישט לאָזן פון אים... פון דעסטוועגן דאַנק איך דיר פאַר דיין וואָרענען מיך. ביזט אַ ווויל מיידל און איך האָב דיך ליב...

סאַבינע האָט איר דערלאַנגט די האַנט.

— נו, אַ גוטע נאַכט, טייערע...

אַנדזשע האָט זיך שטיל אַרויסגעשלייכט פון סאַבינעס צימער. סאַבינע איז צו מאָרגנס אויפגעשטאַנען באַגינען.

זי האָט געדערכנט, אַז סאַלאָמאָן וואַרט שוין אויף איר, כדי איר איבערצוגעבן די „וויכטיקע זאַך", וואָס ער וויל איר זאָגן...

פריער ווי 11 אַ זייגער שטייט סאַלאָמאָן קיין מאָל נישט אויף. זי האָט געגרייט פאַר דריי פערזאָן — פאַר פרוי וויינשטיין, פאַר סאַלאָמאָנען און פאַר זיך.

ווען מאַדאַם וויינשטיין האָט דאָס באַמערקט, האָט זי זיך אַ קרום געטאָן:

— וואָס? איר האָט נאָך נישט געגעסן קיין פרישטיק אין קיך, סאַבינע?...

סאַבינעס געזיכט איז רויט געוואָרן פון צאָרן...

— ניין, מאַדאַם! — האָט זי געענטפערט ווי ווייט מעגלעך רואיק — דאַכט זיך, אַז איר האָט מיך צוגענומען פאַר אַ פאַר־וואַלטערין פון דער ווירטשאַפט און נישט פאַר קיין קעכין...

מאַדאַם וויינשטיין האָט פאַרביסן אַ ליפּ פון כעס...

— יאָ... פאַרשטייט זיך... אַוודאי... — האָט זי געשטאַמלט — כ'האָב געמיינט, אַז איר זענט שטאַרק הונגעריק און איר קענט זיך אויף מיר נישט דערוואַרטן...

— אָ, ניין... — האָט סאַבינע געשמייכלט — אויב איר האָט נישט קעגן דעם, קאָן איך פרישטיקן אין מיין צימערל...

— אָך... ניין... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געשטאַמלט אַ צע־טומלטע — כ'האָב נישט געמיינט אייך צו באַליידיקן... ניין.. ניין... נאָר פאַר סאַלאָמאָנען דאַרף מען נישט גרייטן. ער עסט פריש־טיק אין בעט...

באַלד נאָכן פרישטיק האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך גענומען איילן אין געשעפט אַריין.

— ווען סאַלאָמאָן וועט נאָר אויפשטיין, וועט ער אייך ווייזן, ווו עס איז דער סחורה־לאַגער — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט צו סאַבינען — איר וועט דאָרט מאַכן אַ שטיקל אָרדענונג.

— גוט! — האָט סאַבינע איינגעשטימט.

— דאָרט וועט איר אַרבעטן ביז אַרום 1 אַ זייגער. דערנאָך וועט איר אַ ביסל צוהעלפן דער קעכין און גרייטן צום טיש. דער־נאָך וועט איר העלפן אַנדזשען צורוימען אַ ביסל...

סאַבינע האָט זיך איינגעהערט אינעם צעטל אַרבעטן און אירע באַקן האָבן זיך גערויטלט...

אָבער מאַדאַם וויַיצשטיין האָט נאָך נישט געהאַלטן ביים סוף...

— דערנאָך וועט איר אויספּרעסן די וועש. נאָך דער קאַ־לאַציע וועט איר האָבן אייער פריַיע צייַט, כאָטש עס פעלן נישט קיין זאַכן און שקאַרפּעטקעס צום צערעווען... ווען איר וואָלט זיי געבראַנגט אין אָרדענונג, וואָלט זייער גוט געווען...

די פאַרוווּנדערונג אין סאַבינעס אויגן איז אַלע מאָל גרעסער געוואָרן...

„אַ שפּאָר ביסל אַרבעט האָט זי דאָס אויסגערעכנט פאַר דער פאַרוואַלטערין פון דער ווירטשאַפט”... — האָט סאַבינע געטראַכט.

סאַבינע האָט אָבער געמאַכט אַ שווייַג און בלויז געענטפערט:

— גוט...

„כ'וועל דערווייל נישט מאַכן קיין טענות” — האָט סאַבינע זיך געטראַכט — „דערנאָך, אַז איך וועל זען, ווי זי וויל מיך איינ־שפּאַנען צו דער שווערער אַרבעט, וועל איך זיך קעגנשטעלן”.

סאַבינע האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין פון שטוב. אָבער פּלוצ־לונג האָט די טיר זיך ראַפּטום געעפנט מיט אַ קלאַפּ. עס איז אַרייַנגעקומען סאַלאָמאָן.

ער האָט זיך הייַנט אויפגעהויבן פריער ווי געוויינלעך.

ווען ער האָט דערהערט סאַבינעס שטימע, האָט ער מער נישט געקאָנט איינליגן אין בעט...

ער האָט אַ קוש געטאָן דער מוטער אין דער האַנט.

— גוט מאָרגן, מאַמאַ!

דער נאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו סאַבינען:

— נו, איז זיך אייך גוט געשלאָפן, פאַננאָ סאַבינאָ? האָט איר געהאַט זיסע חלומות?... מ'זאָגט, אַז דער ערשטער חלום אין אַ פרעמד הויז ווערט פאַרווירקלעכט... נו, אויב עס האָט זיך אייך געחלומט אַ שיינער יונגערמאַן...

ער האָט נישט פאַרענדיקט און שטיפעריש געדראָט איר מיט אַ פינגער...

סאַבינע האָט געקוקט אויף אים מיט אַ געפיל פון שטאַרקן אומווילן...

— איך געדענק אַליין נישט, וואָס עס האָט זיך מיר גע־חלומט... — האָט זי קאַלט געענטפערט — יעדנפאַלס נישט קיין וויכטיקער חלום...

מאַדאַם װײַנשטײַן האָט אויף קײן אײן מינוט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פֿון איר זונדל. זי איז געװען פֿול מיט אַנטציקונג.

„קײן שום עין־הרע נישט״... — האָט זי געטראַכט — „א בחור אַ גאָלד... אַ ליכטיקער מאַנספּאַרשוין.

— יאָ, — האָט זי זיך באַלד דערמאָנט. — סאלאָמאָן, קינד מײַאָס, איך האָב געזאָגט סאַבינען. אַז דו װעסט זי צופֿירן צום לאַגער.

גוט... גוט... — האָט סאַלאָמאָן זיך אָנגערופֿן מיט גרויס צופֿרידנהײט — אויב איר װילט, פֿאַננאָ סאבינאָ, קאָנען מיר שוין אַהין צוגײן.

— זאָל זײַן. — האָט סאַבינע אײַנגעשטימט.

בײַם הויז פֿון דער מאַדאַם װײַנשטײַן איז געװען אַ לאַנגער שמאָלער הויף. נאָכן הויף איז געװען אַ גאָרטן מיט פּרוכט־בוימער.

אין דאָזיקן גאָרטן האָט זיך געפֿונען מאַדאַם װײַנשטײַנס לאַגער פֿון זעק און פּלאַנדעקעס.

אין אַ װײַלע אַרום האָט סאַלאָמאָן געפֿירט סאַבינען דורכן לאַנגן הויף, דערנאָך דורכן גאָרטן, צו מאַדאַם װײַנשטײַנס לאַגער.

אינעם גאָרטן האָט זיך אָנגעזען די אָפּגעלאָזנקײט פֿון דער װירטשאַפֿט.

די בײַטן אין גאָרטן זענען געװען צעטרעטן און צעגראָבן, פֿון די בוימער זענען אַראָפּגעהאָנגען אײַנגעבראָכענע צװײַגן, אַרמעטום זענען געלעגן אָנגעװאָרפֿענע צעבראָכענע גראַטעס און שמאַטעס...

סאַלאָמאָן האָט דעם גאַנצן װעג נישט צוגעמאַכט דאָס מויל...

ער האָט גערעדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר װאַסער.

דערבײַ האָט ער זיך באַנוצט מיט ספּעציעל אויסגעקליבענע שײנע װערטער און פּראַזן.

ער האָט גערעדט צו סאַבינען מיט אַן אויסטערלישער העפֿלעכקײט. װעגן זײַן נעכטיקן קלאַפּן אין סאַבינעס טיר האָט ער קײן װאָרט נישט דערמאָנט.

אויך װעגן דער „װיכטיקער פּאַך״, װאָס ער האָט איר כלומרשט געהאַט איבערצוגעבן, האָט ער קײן װאָרט נישט דערמאָנט.

אויך סאַבינע האָט פאַרשוויגן די גאַנצע געשיכטע. זי האָט געטראַכט, אַז עס איז בעסער וועגן דעם נישט צו רעדן...

ענדלעך זענען זיי אַדורכגעגאַנגען דעם גאָרטן און האָבן זיך דערנענטערט צו אַ רויטער ציגל־געביידע. דאָס איז געווען מאַדאַם וויינשטיינס לאַגער.

אין די קליינע, פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך זענען אויס־געהאַקט געווען כמעט אַלע שויבן.

סאַלאָמאָן האָט אויפגעשלאָסן אַ גרויסע טיר, וועלכע איז געווען באַשלאָגן מיט פאַרזשאַווערטע בלעך.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, לאָזנדיק פריי דעם וועג פאַר סאַבינען.

סאַבינע האָט, פאַרשטייט זיך, קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז סאַלאָמאָן איז דאָ אויסן עפּעס שלעכטעס...

זי איז אַריינגעגאַנגען אינעם לאַגער, כדי זיך צו נעמען צום סאָרטירן.

די ערשטע שטוב איז געווען אַ גרויסע און אַ פּוסטע, פול מיט שטויב און שפּינוועבס. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט צעבראָכענע קאַסטנס, אַלטע, צעריסענע קישן, ראַגאָזשעס און סתם שמאַטעס. סאַבינע איז אַריין אין דער צווייטער שטוב.

דאָ זענען געלעגן קופּעס נייע זעק און פּלאַנדעקעס, אָן אַן אָרדענונג און אָן אַ סדר.

סאבינע האָט זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעשטעלט איר פרעגנ־דיקן בליק אויף סאַלאָמאָנען.

אָבער סאלאָמאָן האָט עפּעס מאָדנע געשמייכלט...

מיט אַ זייער העפלעכן טאָן האָט ער פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן:

— נו, טייער פייגעלע... איצט זענען מיר אַליין... וועסט אפשר אזוי גוט זיין און מיר אויפקלערן דיין האַנדלונג בעכטן ביינאַכט?...

סאַבינע האָט ברייט צעעפנט די אויגן.

פון שרעק האָט זי דאָס לשון פאַרלוירן.

זי האָט אָבער אָנגעשטרענגט אַלע אירע קרעפטן צו באַ־הערשן די שרעק, וואָס עס האָט זי אַרומגענומען...

זי האָט כלומרש רואיק געענטפערט מיט אַ פראַגע :

— איז דען מיין האַנדלונג געווען אַ שלעכטע?...

— איך האָב דאָך דיך אַזוי שטאַרק געבעטן...

סאַבינעס געזיכט האָט זיך אָנגעצונדן פון צאָרן. זי האָט זיך אָבער מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן, כדי אים נישט אַרויסצוברענגען פון גלייכגעוויכט...

— איר שפּאַסט אוודאי... — האָט זי רואיק געענטפערט.

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געוואָלט עפענען? האַ? זאָג!...

סאביבע האָט פּאַמעלעך זיך אָנגעהויבן רוקן צו דער אָפענער טיר...

אָבער סאַלאָמאָן האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג...

— ווו ווילסטו דען לויפן, קעצעלע?... מיר האָבן נאָך אונדזער שמועס נישט געענדיקט... ערשטנס, מוז איך דיר זאָגן, אַז איך שפּאַס איצט גאָרנישט...

— אָבער וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט סאַבינע געפרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— איך וויל דיך באַשטראָפן פאַר דיין נעכטיקער אויפפירונג...

— באַשטראָפן?...

— נו, שרעק זיך נישט. די שטראָף איז אַ לייכטע. וועסט מיר בלויז אַ קוש טאָן.

סאַבינע האָט שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן איר צאָרן.

— פּאַניע סאַלאָמאָן! — האָט זי אויסגערופן — איך וועל נישט דערלויבן צו רעדן צו מיר מיט אַזאַ טאָן! וואָס מיינט איר זיך עפּעס? ס׳איז הפקר אַ וועלט?...

— נו־נו. — האָט סאַלאָמאָן געחוזקט — צו וואָס היצסטו זיך אַזוי? — אַ שאָד דאָס צאַרטע העלדזעלע צו רייסן...

— איך בעט אייך, איר זאָלט מיך אָפּלאָזן, ווייל אַז נישט

— נו, אַז נישט?...

— וועל איך דערציילן אייער מוטער. איך וועל נישט דערלויבן צו באַליידיקן מיך!...

— צו וואָס מאַכסטו אַזאַ טראַגעדיע? פון אַ קוש איז נאָך קיינער נישט געשטאָרבן.

— איך וועל מער נישט הערן אייערע חכמות...

— הערן זי, פּאַננאָ סאַבינאָ! — האָט ער אָנגעהויבן מיט

אַ כלומרשט ערנסטן טאָן - אויב איר וועט זיין אַביסל קלוגער און מיך אַביסל בעסער באַהאַנדלען, וועט איר זיך ביי אונדז פילן ווי אין אַן אייגענער היים.

— איך דאַנק אייך זייער.

— יעדע וואָך וועט איר האָבן אַ פרייען טאָג און מיר וועלן אַ לעב טאָן, ווי עס געהער צו זיין... איך וועל אייך באַקענען מיט שיינע, געבילדעטע יונגעלייט.

— איך נויטיק זיך נישט אין קיין נייע באַקאַנטשאַפטן...

— געדענקען זי! זי וועלן נישט באַדויערן...

— איך האָב עס גענוג! — האָט סאַבינע אויסגעשריגן — איך וויל אייך מער נישט הערן!... אויב איר לאָזט מיך די מינוט נישט אָפּ, וועל איך זיך ווענדן צו אייער מוטער!...

— וואָס דו רעדטס?... — האָט סאַלאָמאָן געחוזקט.

— און אויב אייער מוטער וועט אייך נישט קאָנען באַרואיקן, וועל איך אין גאַנצן אַוועקגיין!

— גוט, גוט... — האָט סאַלאָמאָן אַלץ געחוזקט — אָבער פריער מוזסטו באַצאָלן די שטראָף פאַר נעכטן... דערנאָך וועסטו טאָן, וואָס דו וועסט וועלן...

איידער סאַבינע האָט זיך באַוויזן אומצוקוקן, האָט סאַלאָמאָן זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס...

ער האָט אָנגעהויבן זוכן מיט זיינע ליידנשאַפטלעכע ליפּן איר מויל...

סאַבינע האָט זיך געראַנגלט מיט אַלע אירע קרעפטן.

דער געלער איז אָבער שטאַרק געווען, ווי אַן אמתער בער און סאַבינע איז געווען קעגן אים, ווי אַ שעפּסעלע קעגן אַ לייב...

— לאָזט מיך אָפּ... לאָזט מיך אָפּ... — האָט זי זיך געבעטן — איך וועל מאַכן אַ געוואַלד!...

אָבער סאַלאָמאָנס פליישיקע הענט האָבן באַלד פאַרדעקט איר צאַרט מויל...

ווער ווייסט מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט, ווען עס דער־הערט זיך נישט פּלוצלינג אַ פרעמדע שטים...

— העי, דו! — האָט עמיץ אויסגערופן — לאָז צו רו דאָס מיידל, זאָג איך דיר, אויסוואורף!...

אַ פעסטע האַנט האָט אַ כאַפּ געטאָן סאַלאָמאָנען פאַרן אָרעם

און אים אַוועקגעשלעפּט פון סאַבינען...

סאַבינע האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם פרעמדן. דאָס איז געווען אַ שלאַנקער, שיינער יונגערמאַן אין אַרבעטער־מלבושים.

ער איז אין גאַנצן בלאַס געווען פון צאָרן.

דאָס איז געווען מאָניעק, אַנדזשעס חתן...

מאָניעק האָט געמיינט, אַז דאָס האָט סאַלאָמאָן דאָ פאַרשלעפּט זיין אַנדזשען.

ווען ער האָט דערזען זיין טעות, האָט ער זיך אַ ביסל באַרואיקט, אָבער ס׳איז געווען קענטיק, אַז זיין פאַרדרוס איז נישט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן.

ער האָט געוואָרפן אויף סאַבינען אַ בליק פול מיט מיטגעפיל...

סאַלאָמאָן האָט מיט אַ צאָרנדיקן בליק אָפּגעמאָסטן מאָניעקן פון קאָפּ ביז די פיס.

מאָניעק האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן און רויט געוואָרן. ער האָט פון דעסטוועגן נישט געוואָלט צופיל אָנהויבן מיטן גבירישן זונדל...

— אַנטשולדיקט... —האָט ער געשטאַמלט — כ׳האָב אייך נישט דערקענט... כ׳האָב געמיינט, אַז עפּעס אַ לאָבוז איז באַפאַלן אַ מיידל...

מאָניעק איז גאָרנישט אויסן געווען סאַלאָמאָנען אַזוי טיף צו באַליידיקן... ער האָט בלויז געשטאַמלט פון פאַרלעגנהייט...

סאַלאָמאָנען האָט דאָס בלוט אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין פון צאָרן. ער וואָלט איצט גערן מאָניעקן אויסגעהאַקט אַלע ציין...

עס האָט זיך אים אָבער נישט געגלוסט צו פאַרמעסטן מיט יענעמס אייזערנע פויסטן...

ער האָט בלויז אַ ברום געטאָן:

— וואָס דרייסטו זיך דאָ?... וואָס זוכסטו?...

— איך האָב היינט נישט קיין אַרבעט, פאַניע וויינשטיין, בין איך אָפּגעטרעטן צו מיין מחותן... איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט אָפּלאָזן אַנדזשען אויף עטלעכע שעה...

— דאָס וועלן מיר זען... — האָט סאַלאָמאָן גראָב געענטפערט, קוקנדיק בייז אויף מאָניעקן. — אויב דו וועסט האַלטן די צונג צווישן די ציין, וועל איך בעטן ביי מיין מוטער...

— נו, ווער רעדט דען, ווער?... איך... —האָט מאָניעק געשטאַמלט.

— געדענק־זשע! — האָסט גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט... און מיש זיך מער נישט אין פרעמדע געשעפטן...

סאַלאָמאָן איז אַרויס פון דעם תבואה־לאַגער און ער האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך סאַבינען, וועלכע האָט זיך דערווייל געהאַט פון דאָרט אַרויסגעקריגן...

— אַן אויסוואורף... — האָט מאָניעק צו זיך אַליין גערעדט, קריצנדיק מיט די ציין — אוי, וואָלט איך אים געוואָלט אַ ביסל אויספרעסן די ביינער!...

„אָבער ווי לאַנג אַנדזשע אַרבעט דאָרט, קאָן איך מיט אים נישט אָנהויבן"... — האָט ער געטראַכט.

מאָניעק איז צוריק אַוועק צום קליינעם, הילצערנעם הייזל, ווו זיין מחותן האָט געוווינט.

ווי נאָר סאַבינע האָט זיך אַרויסגעקריגן פונעם סחורה־לאַגער, האָט זי שנעל גענומען לויפן צום הויז.

אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט איז אויך אָנגעלאָפן אַהין סאַלאָמאָן.

דער געלער האָט מורא געהאַט, אַז סאַבינע זאָל זיך נישט פאַרקלאָגן פאַר זיין מוטער, אָדער גאָר פאַרלאָזן זייער הויז.

פאַר דער מוטער האָט ער קנאַפּ מורא געהאַט.

זי וועט אים סיי ווי אַלץ מוחל זיין...

זי וועט נאָך סאַבינען אָנזידלען פאַר איר „חוצפה" צו באַשולדיקן איר גערעכטן זון...

אָבער ערגער וואָלט געווען, ווען זי פאַרלאָזט דאָס הויז און גייט אַוועק.

די מוטער וואָלט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס צוליב אים איז סאַבינע אַוועק און זי וועט מוזן נעמען אַ מיידל פון פאַראיין און צאָלן טייערער...

אַ חוץ דעם וואָלט אים גלאַט זייער אַ שאָד געווען, אַז די שיינע סאַבינע זאָל פאַרלאָזן זייער הויז...

„מ'דאַרף זי איבערבעטן"... — האָט ער געטראַכט. — בעטן זי, אַז זי זאָל מאַכן אַ שווייג...

— פאַננאָ סאַבינאָ! — האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ בעטנדיקער שטימע — זי זענען גערעכט, וואָס זי זענען בייז אויף מיר... אָבער זייען זי מיר מוחל...

סאַבינע האָט אויף אַ קוק געטאָן מיט אויגן, וואָס האָבן אויס־געדריקט צאָרן און עקל...

אָבער ער האָט ווייטער גערעדט מיט אַ כלומרשטן ערנסט:

— זייען זי מיר מוחל פאַר מיין נישט טאַקטישער האַנדלונג... איך האָב זיך פאַרגעסן... איך ווייס אַליין נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען...

— נו, גוט. — האָט סאַבינע איינגעשטימט — דאָס מאָל וועל איך אייך פאַרשווייגן... אָבער געדענקט: פון איצט אָן זאָלט איר זיך מער נישט טשעפען צו מיר...

סאַבינע איז געווען אויפגערעגט און דערשלאָגן. זי איז דערי־בער אַרויפגעגאַנגען אין איר צימערל זיך אַ ביסל אָפּרוען און קומען צו זיך, איידער זי נעמט זיך צו דער שטוב־אַרבעט.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי איר אומגעהובלעוועט טישל און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט...

אין אירע שיינע אויגן זענען געהאָנגען צוויי גרויסע טרערן...

ביטער איז געווען דער שיקזאַל פון דער אָרעמער סאַביצע!...

— איינע אַליין אין דער שלעכטער וועלט... — האָט זי צו זיך אַליין געשעפּטשעט — איין שעפּסעלע צווישן אַזוי פיל וועלף... אויף יעדן שריט און טריט — נייע נעצן און נייע געפאַרן"...

„אומעטום — אומזיסטע פאַרפאָלגונגען און פיין, דערנידערונ־גען און באַליידיקונגען"... — האָט סאַבינע געטראַכט.

„פאַר מענער — אַ ווילד חיהלע, נאָך וועלכן מ׳קאָן פראַנק און פריי מאַכן אַ געיעג"...

„עס מאַכט גאָרנישט אויס, וואָס מ׳באַליידיקט דערביי און מען צעטרעט מענטשלעכע געפילן און מענטשלעכן שטאָלץ"...

„וואָס פילט דען אַזאַ ווילד, שיין חיהלע? און שטאָלץ פאַר־מאָגט עס דאָך אוודאי נישט... ס׳האָט בלויז אַ שיין פעלעכל, וואָס איז ווייך צום גלעטן"...

„און אויגעלעך האָט עס שיינע, און אַ פּנימל, אַ בעזעלע, אַ גאָמבעלע... פאַר וואָס נישט יאָגן עס אַ ביסל... ס׳איז אַן אָנגענעמער צייט־פאַרטרייב"...

אַזוי האָט זיך סאַבינע געטראַכט און פון אירע אויגן האָבן זיך פון ווײַלע צו ווײַלע אַראָפּגעקייקלט וואַרעמע, לויטערע טרערן...

אויסגעוויינט זיך, איז די שווערקייט אויף איר האַרץ אַ ביסל

לייכטער געוואָרן...

זי איז אַראָפּגעגאַנגען אין דער קיך און געהאָלפן דער קעכין צוגרייטן דעם מיטאָג.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מאַדאַם וויינשטיין איז געקומען אויף מיטאָג. דער מיטאָג איז נאָך נישט פאַרטיק געווען...

— נאָך אַ ווײַלע — האָט סאַבינע געזאָגט — און דער מיטאָג וועט זײַן פאַרטיק.

אָבער די מאַדאַם וויינשטיין האָט געקריגן אַן אָנגעבלאָזן געזיכט, ווי אַן אינדיטשקע...

איר בּאָז, וועלכע איז אַזוי אויך געבוג לאַנג געווען איז נאָך לענגער געוואָרן...

— נאָך גוט, וואָס איר וועט נישט אַלע טאָג דאַרפן גיין מיט מײַן זון אין סחורה־לאַגער אַרײַן... — האָט זי אַ וואָרטשע געטאָן — אַז נישט, וואָלטן מיר אַלע טאָג בּאַרשפּעטיקט מיטן מיטאָג...

סאַבינעס געזיכט האָט זיך באַדעקט מיט אַ רויטקייט... זי האָט אָבער פאַרביסן אַ ליפּ און געשוויגן...

— נו, אוודאי... — האָט די מאַדאַם וויינשטיין ווייטער געוואָרטשעט — מיט מײַן סאָלאָמאָנען איז זיך גאַנץ אָנגענעם צו שפּאַצירן... פאַרשפּעטיקט מען זיך...

סאַבינען האָט שיעור דאָס האַרץ געפּלאַצט פון גרויס דריקעניש...

ס'איז אויסגעקומען, אַז סאַבינע פאַרפירט, נעבעך, איר גרױסטענעם זון, דעם געלן און גראָבן בער...

אָבער סאַבינע האָט אויך די דאָזיקע באַליידיקונג פאַרשוויגן.

זי האָט שטילערהייט אַראָפּגעשלונגען די טרערן, וואָס האָבן זיך איר געשטעלט אין האַדז...

ענדלעך איז דער מיטאָג פּאַרטיק געוואָרן.

מ'האָט זיך געזעצט צום טיש.

סאַלאָמאָן האָט דאַן דערציילט דער מוטער וועגן זײַן באַגעגעניש מיט מאָניעקן.

פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט נישט דערציילט, ביי וואָס פאַר אַ אומשטענדן די דאָזיקע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען...

— לאָז אָפּ אַנדזשען אויף עטלעכע שעה — האָט ער געבעטן דער מוטער — דער מאָניעק איז אַ ווױלער בחור. ער האָט זיך

אַזוי געבעטן...

— אָבער וואָס פאַר אַ יום־טוב עפּעס אין סאַמע מיטן וואָך ? — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין זיך געקרומט — וואָסי ? די עלטער־באָבע איז געלעגן געוואָרן ?...

— נו, מ׳מוז אויך אַ מאָל נאָכקומען דער דינערשאַפט, מאַמע־שי... זיי זענען דאָך אויך מענטשן !... — האָט סאַלאָמאָן געגומען דעם טאָן פון אַן אמתן דעמאָקראַט.

„דיין גוטסקייט מעג אַריין אין אַ משוגענעם הונט אַריין"... — האָט סאַבינע געטראַכט.

זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, פאַר וואָס דער געלער בער איז פּלוצלינג אַזוי גוט געוואָרן...

סאַבינע האָט אָבער געשוויגן. זי האָט געהאַלטן איר צוזאָג.

זי האָט בלויז אַראָפּגעלאָזט די אויגן. סאַלאָמאָנס ציניזם האָט זי פאַרשעמט...

„ווי אַזוי קאָן מען זיין אַזוי געמיין און ציניש ?"... — האָט סאַבינע נישט געקאָנט פאַרשטיין.

די מאַדאַם ווײַנשטיין האָט בשום אופן נישט געוואָלט אָפּלאָזן אַנדזשען.

— מ׳קאָן נישט מאַכן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק ימים־טובים !... — האָט זי געטענהט.

אָבער איר בן־יחידל האָט זיך איינגעשפּאַרט און זי נישט אָפּ־געלאָזט.

— איך בעט דיך, מאַמאַ... — האָט ער געבעטן.

— אָבער וואָס שטעלסטו דיך אַזוי איין פאַר מאַניעקן ?...

— פאַר וואָס ? פאַר גאָרנישט... אַ מענטשלעך געפיל... פאַר־שטיי, מאַמאַ, מיינע מענטשלעכע געפילן...

— נו, זאָל שוין זיין ! — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין ענדלעך נאָכגעגעבן איר געראָטענעם זון.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט נחת און זיך געטראַכט :

„האָב איך נישט אַ זון אַ גאָלד ?... אַ בריליאַנטן האַרץ האָט ער !... ער זאָל מיר נאָר לעבן און געזונט זיין און קיין האָרעלע זאָל אים, חלילה, נישט געקרימט ווערן"...

— סאַבינע ! זאָגט אַנדזשען, אַז פון זעקס ביז אַכט קען זי אַוועקגיין שפּאַצירן מיט איר חתן. — האָט באַדאַם ווײַנשטיין באַ־

פוילן — זי זאָל נאָר צוריק קומען צו דער צייט...

ווען סאַבינע האָט אָנגעזאָגט אַנדזשען די דאָזיקע בשורה, האָט אַנדזשע זיך אַזש צעטאַנצט פון פרייד. זי האָט זיך געוואָרפן סאַבינען אויפן האַלדז און זיך צעוויינט פון גרויס שמחה...

— דערויף האָב איך זיך גאָרנישט געריכט. — האָט זי געזאָגט — איך וועל נאָך היינט זען מיין מאָניעקן!...

— אַזוי איבערראַשט ביסטו? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— די מאַדאַם איז מסתמא משוגע געוואָרן... — האָט אַנדזשע געלאַכט — אַזאַ זאַך איז ביי איר נאָך קיין מאָל נישט געווען... אורלויב אין מיטן דער וואָך...

— און אַז ס׳מאַכט זיך אַ מאָל, עמיץ פון דער משפחה איז קראַנק, אָדער אַן אַנדערע וויכטיקע סיבה? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— מ׳זאָל אַפילו אויסגיין... זי איז נישט קיין קלענערער אויסוואורף, ווי דער זון... דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון בוים...

— זעסט דאָך פון דעסטוועגן... — האָט סאַבינע געשמייכלט.

— דאָס וווּנדער איך זיך דאָך טאַקע! סיידן זי איז משוגע געוואָרן... נאָר וואָס איז מיר די נפקא־מינא, אַבי איך וועל זיך קאָנען זעען מיט מאָניעקן...

סאַבינע האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין, ווי אַנדזשע האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר אַן אָרעם.

— פאַננאָ סאַבינאָ! זי מוזן היינט מיטגיין צו אונדז אַהיים אויף אַ גלעזל טיי... איך בעט אייך...

— כ׳וואָלט גערן מיט דיר געגאַנגען — האָט סאַבינע דערקלערט — אָבער איך האָב נאָך אויסצופּרעסן אַ גאַנצן שטויס וועש!

— וועל איך אייך שפּעטער צוהעלפן — האָט די חנעוודיקע אַנדזשע געזאָגט — פּונקט זעקס אַ זייגער קומען זי אַריבער...

— גוט. — האָט סאַבינע איינגעשטימט.

זי האָט זיך אַפילו געשראָקן, אַז מאָניעק זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט וועגן דער סצענע אינעם סחורה־לאַגער. זי האָט אָבער נישט געקאָנט אָפּזאָגן דעם סימפּאַטישן מיידל איר איינלאַדונג.

„מסתמא וועט מאָניעק גאָרנישט רעדן” — האָט סאַבינע גע־

טראַכט — „ער האָט צוגעזאָגט סאַלאָמאָנען צו שווייגן".
און אַזוי איז טאַקע געווען.
ווען סאַבינע איז אין עטלעכע שעה אַרום געקומען אין הויז פון אַנדזשעס עלטערן, האָט מאָניעק געשוויגן, ווי אַ שטיין...
ער האָט אַפילו עטלעכע מאָל זיך איבערגעקוקט מיט סאַבינען מיט אַ פילזאָגנדיקן בליק, אָבער גערעדט האָט ער גאָרנישט.
איצט, ווען סאַבינע האָט געזען מאָניעקן פון דער נאָענט, איז איר סימפּאַטיע צו אים נאָך שטאַרקער געוואָרן.
ער איז געווען זייער אַ שיינער בחור מיט אַן אָפן, סימפּאַטיש געזיכט, וואָס האָט ווי געזאָגט:
— האָב מיך ליב... זיי גוט צו מיר... איך וועל צו דיר אויך גוט זיין...
אויך אַנדזשעס עלטערן זענען געווען ביז גאָר סימפּאַטישע מענטשן.
דאָס זענען געווען פּראָסטע לייט, מענטשן פון פאָלק. אָבער גוטע מענטשן, מיט פייַנע כאַראַקטערן און איידעלע הערצער.
ליפּע דאַווידסאָן, אַנדזשעס פאָטער, איז געווען אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער מאַן מיט אַ גוט, מילד פּנים.
זיינע ברוינע אויגן זענען געווען פול מיט האַרציקער ווייכקייט.
זיין פרוי, אַנדזשעס מוטער, איז געווען אַ קליינע, אַ באַחנטע. אויף איר געזיכט זענען נאָך געווען די שפּורן פון אַמאָליקער שיינ־קייט.
זי האָט אויך געהאַט גוטע, מילדע יידישע אויגן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן צוטרוי און סימפּאַטיע.
אין אַלגעמיין האָט אינעם דאָזיקן הויז זיך געפילט די ליבע וואַרעמקייט פון אַ פרידלעכער פאַמיליען־נעסט...
די צייט איז שנעל פאַרביי אין אַ געמיטלעכן שמועס.

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 62

מאַניעק האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט און זיך גענומען געזעגענען מיט אַלעמען. צוקומענדיק צו סאַבינען, האָט זי זיך צו אים שטיל צוגעבויגן און שטיל אַ זאָג געטאָן:

—איך דאַנק אייך זייער, וואָס איר האָט זיך איינגעשטעלט פאַר מיר... ווען נישט איר, ווער ווייסט וואָס ס'וואָלט מיט מיר געשען..

— עס קומט מיר נישט קיין דאַנק, — האָט ער געענטפערט, — איך האָב געטאָן אַזי, ווי יעדער מענטש אויף מיין אָרט וואָלט געטאָן באַזונדערס...

אַנדזשע איז צוגעקומען און אים אַ כאַפּ געטאָן פאַרן אָרעם.

— אַנטלויפסט שוין טאַקע? — האָט זי געפרעגט.

— און איך אויך. האָט סאבינע גע זאָגט און זיך אויפגעשטעלט.

— טאָ גיי איך אויך. האָט סאַבינע געזאָגט און זיך אויפגעזאָך אַביסל צייט, וועל איך דיך צובאַגלייטן, גוט, מאַניעק?

— פאַרשפּעטיק זיך נאָר נישט צוריקצוגיין, — האָט ליפּע דאַווידסאָן געוואָרנט זיין טאָכטער, — הויב זיך נישט אָן מיט דער כלבטע. זי וועט זיך רייסן, ווי א הונט אויף דער קייט.

אַלע דריי זענען אַרויס. סאַבינע איז אַוועק צום הויז פון דער מאַדאַם וויינשטיין און אַנדזשע מיט מאַניעקן צום הויז פון זיינע עלטערן, וואָס האָט זיך געפונען העט הינטער דער שטאָט.

דאָס געליבטע פּאָרל איז געגאַנגען צוגויפגעטוליעט איינער צום אַנדערן, מיט צונויפגעדריקטע הענט, איבערגליקלעך, וואָס זיי זענען צוזאַמען...

מאַניעק האָט שוין עטלעכע מאָל געוואָלט דערציילן אַנדזשען וועגן דער היינטיקער פּאַסירונג מיט סאַבינען אין סחורה־לאַגער. די ווערטער זענען אים שוין געלעגן אויף דער צונג.

ער האָט זיך איינגעהאַלטן און נישט געוואָלט ברעכן דעם צוזאָג, וועלכן ער האָט געגעבן סאַלאָמאָנען.

„איך מוז אָבער וואָרענען אַנדזשען, אַז זי זאָל זיך היטן פאַר דעם געלן"... האָט ער געטראַכט — „איך וועל איר דערציילן. זאָל זי וויסן, וואָס פאַראַ געפערלעכער פאַרשוין דאָס איז".

— אַנדזשע, דו ווייסט, וואָס עס איז היינט געשען מיט סאַלאָמאָנען און מיט דער פריילין סאַבינע?

אַנדזשען האָט דאָס האַרץ אַ קלאַפּ געטאָן פון שרעק. זי האָט געפילט, ווי דאָס בלוט לויפט איר אַראָפּ אינעם פנים.

— וואָס? וואָס איז געשען? האָט זי געפרעגט אָן איבער־געשראָקענע אויף טויט.

— נו, שרעק זיך נישט אַזוי. — האָט מאָניעק זי באַרו־איקט — ס'איז גאָרנישט געשען. אָבער ס'וואָלט געקאָנט געשען.

— נו, דערציילט שוין, ציט נישט אַרויס די נשמה! — האָט אַנדזשע געבעטן.

מאָנטיק האָט דאַן איבערגעגעבן אַנדזשען די גאַנצע סצענע אינעם סחורה לאַגער.

אַנדזשע איז געווען אויסער זיך.

— דאָס איז שרעקלעך. שרעקלעך. — האָט זי געשעפּשטשעט.

כאָטש קיין איבעראַשונג איז עס פאַר איר נישט געווען. זי האָט אויסגעצייכנט געקענט איר בעל־הביתטעס זונדל און געוווסט, צו וואָס ער איז פעאיק.

— כ'האָב מורא, אַז ער זאָל נישט ווען זיך נוקם זיין אָן דיר. — האָט אַנדזשע געזאָגט.

אָבער מאָניעק האָט זיך הויך צעלאַכט:

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! אדרבא זאָל ער נאָר פּרוון. איך וואָלט אים אזוי אויסגעמאַנגלט דיביינדלעך, אַז קיין איינער וואָלט נישט גאַנץ געבליבן.

אַ ווײַלע זענען ביידע געגאַנגען שווייגנדיקע און געטוליעט זיך, ווי צוויי טויבן.

ענדלעך האָט מאָניעק אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, אַנדזשעלע, ער טשעפּעט זיך נישט אַמאָל אויך צו דיר?

אַנדזשע האָט געוווסט, אַז מאָניעק האָט אַ גוטע נשמה, ער איז אָבער שרעקלעך אייפערזיכטיק. ווען ער זאָל זיך דערוויסן, אַז סאַ־לאָמאָן טשעפּעט זיך צו איר, איז ביי מאָניעקן רעכט אים אָוועק־צולייגן אַ טויטן.

זי האָט דעריבער נישט געזאָגט דעם אמת.

— ביז איצט האָט ער מיך נאָך נישט געטשעפּעט. האָט זי דערקלערט — עס פּאַסט אים נישט פאַר מיין פאָטער.

— נו־נו, זאָל ער זיך נאָר פּרוון. ווייַ וואָלט געווען צו

אים! — האָט מאָניעק געזאָגט,ביילנדיק זיינע אייזערנע פויסטן.
זיי זענען געווען הינטער דער שטאָט, ווען אַנדזשע האָט זיך אָפּגעשטעלט.
— נו, מיר ווען זיך געזעגענען, מאָניעק, — האָט זי ער־קלערט איך מוז זיך שוין אומקערן. איך וויל זיך נישט אָנ־הויבן מיט דער אַלטער מכשפה.
— נו, גוט. אָבער געדענק, אַנדזשע, דערצייל נישט קיינעם וועגן דער געשיכטע מיט סאַבינען. — האָט מאָניעק איר אָנגע־זאָגט — איך האָב צוגעזאָגט סאַלאָמאָנען צו מאַכן אַ שוויג.
— פאַרוואָס עפּעס?
— דערפאַר האָט מען דיך היינט אָפּגעלאָזט. אַז איך האָב אים געגעבן אַ וואָרט, פּאַסט נישט איבערצורעדן.
זיי האָבן זיך צעקושט און אָפּגעזעגנט.
די זון איז שוין געהאַט פאַרגאַנגען. עס האָט שוין געגראָט דער אָונט.
אַרום איז געווען אַן אָנגענעמע שטילקייט, וואָס איז בלויז איבערגעריסן געוואָרן פונעם קוואַק פון די זשאַבעס אינעם נאָענטן טייכל.
אַנדזשע איז געגאַנגען און געוועבט אין איר פאַנטאַזיע דעם טרויב פון איר ליבע.
זי האָט געחלומט וועגן אַ ציכטיק צימערל מיט די פענצטער אין גאָרטן אַרויס.
אינעם צימערל וועט זיין ליכטיק און וואַרעם. דורכן פענצטער וועט אַריינטרילירן דאָס געזאַנג פון די פויגל.
אינעם דאָזיקן צימערל וועט זי וווינען צוזאַמען מיט מאָניעקן, וועלכער וועט שוין זיין איר מאַן.
פּלוצלונג האָט אַנדזשע דערהערט עפּעס אַ גערויש און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ דערשראָקענע.
זי איז שוין געווען נאָענט פון מאַדאַם וויינשטיינס גאָרטן.
עס האָט זיך איר געדאַכט, ווי עמעץ וואָלט נאָענט פון איר געשטעלט פאָרזיכטיקע טריט.
זי האָט זיך ארומגעקוקט.
זי האָט קיינעם נישט געזען.
„כּסתּמא האָט זיך מיר בלויז אויסגעדאַכט" — האָט אַנדזשע

געטראַכט — „ס'האָט געמוזט זיין דער אָפּהילך פון מיינע אייגענע טריט".

אָבער באַלד האָט זיך ווידער געהערט עפּעס אַ פאַרדעכטיק גערויש...

זי האָט זיך ווידער איינגעהערט מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ, זיך אַרומגעקוקט און ווידער גאָרנישט געזען.

אָבער דער פּחד איז שוין איצט פון איר נישט אָפּגעטרעטן, איר האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס און דער האַלדז איז איר ווי צוגעשנורעוועט געוואָרן.

זי האָט גענומען גיין שנעלער.

אָט איז זי שוין ביים פּאַרקאַן פון מאַדאַם וויינשטיינס גאָרטן. זי בויגט זיך אַראָפּ, גייט אַריין אין גאָרטן דורכן אויסגעבראָכענעם ברעטל און איילט ווייטער...

איצט איז שוין געווען שטאָק־פינצטער.

די ביימער האָבן אויסגעזען ווי ריזיקע שאָטנס, וואָס פאַררייסן זייערע אָרעמס צום אויסגעשטערנטן הימל.

זי גייט שנעל און טאַפּט מיט די הענט די פינצטערניש, כדי זיך נישט אָנצושטויסן אויף אַ בוים.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט, ווי עפּעס האָט אַ שפּרונג געטאָן נעבן איר...

אַנדזשע האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן, אָבער די שטים איז איר געבליבן שטעקן אין האַלדז.

קאַפּיטל זיבן און זיבעציק

## באַרג־אַראָפּ

אַ צעבראָכענער, אַ צעשמעטערטער אין גאַנצן, האָט אַדאָלף מאַרגענטאַל פאַרלאָזט דעם האָטעל אין מאָנטע־קאַרלאָ און זיך גע־לאָזט גיין צו דער באַן.

„צוריק קיין וואַרשע!" — האָט ער געטראַכט מיט אַ געפיל פון בענקשאַפט נאָך דער היים — „אין דער שטילקייט און איינ־זאַמקייט וועל איך קומען צו זיך נאָך די שווערע איבערלעבענישן פון די לעצטע טעג".

אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט ביז איצט, האָט זיך אַדאָלפן אויסגעוויזן, ווי אַ לאַנגער חלום, פול מיט פּאַרוויקלונגען און פּלאָנ־טערס.

ער האָט אַז באַדויערן פאַרלאָזט דאָס שיינע מאָנטע־קאַרלאָ, וואָס האָט איצט אויסגעזען מיאוס אין זיינע אויגן.

אַ פּיינטשאַפט האָט ער איצט געפילט צו דער דאָזיקער שטאָט, וואָס האָט אים צוגענומען זיין געליבטע און צוזאַמען מיט איר — אויך זיין גליק און זיין רו.

„נישטאָ מער קיין האָפענונג פאַר מיר"... — האָט ער געטראַכט מיט אַ געפיל פון טיפער רעזיגנאַציע — „נישטאָ מער פאַר מיר קיין רו. בלויז רו פונעם קבר"...

„וואָס פאַראַ גליק, וואָס די דאָזיקע רו כאָטש קאָן קיינער ביי מיר נישט צורויבן"...

„קיין וואַרשע! קיין וואַרשע! וואָס שנעלער קיין וואַרשע!"...

אין וואַרשע האָט אויף אים געוואַרט אַ סך אַרבעט ביי וועל־כער מען קאָן זיך פאַרגעסן אַביסל... פאַרשידענע געשעפטן, קאָנ־פערענצן, בריוו.

ענלעך איז ער געקומען קיין וואַרשע.

אויסגעשטיגן פון וואַגאָן, איז ער גלייך פאַרפאָרן צו זיין ביוראָ און זיך געגרייט אַ כאַפּ צו טאָן צו דער אַרבעט, ווי אַ דורשטיקער וואַנדערער צו אַ קוואַל...

אָבער גיך איז געקומען די אַנטוישונג.

די אַרבעט האָט אים נישט געגעבן די רו, נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט.

פאַרקערט, זי האָט אים אַרויפגעבראַכט אויף מאָדנע געדאַנ־קען, וועלכע האָבן אים נאָך מער צוגענומען די רו און דעם אָנ־האַלט אַרום לעבן.

„נאָך וואָס און פאַר וועמען זאָל איך אַרבעטן?...

די דאָזיקע פראַגע — אַ פּשוטע און אַ פיינלעכע — האָט זיך כאַר אים אַוועקגעשטעלט און געפאָדערט אַן ענטפער.

קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט. מאַרילע האָט אים פאַר־ראַטן און פאַרלאָזט.

„איצט האָט אויך ליזע מיך פאַרראַטן". — האָט ער גע־טראַכט. — „טאָ צו וואָס און פאַר וועמען אַרבעטן?".

אָך! וואָס פאַר אַ האָפענונגען ער האָט אויסגעוואַרעמט אין זיין ברוסט וועגן זיין צוזאַמענלעבן מיט ליזען...

„מיט איר וועל איך גליקלעך זיין". — האָט ער זיך געטראַכט — „איך וועל מיט מיין גרענעצלאָזער ליבע איר אָפּצאָלן פאַר אַלע ליידן, וואָס זי האָט פריער איבערגעטראָגן".

„און זי וועט מיר אָפּצאָלן פאַר מיין אַנטוישונג מיט מאַריי־לען"...

„און אפשר וועט זי מיר אויך ברענגען אַ קינד... אַך, וואָס פאַראַ גליק דאָס וואָלט פאַר מיר געווען!".

„און ווען אפילו נישט? וועט לאָלעק זיין מיין זון.. ער וועט זיין מיין יורש און מיין אָנשפּאַר אויף די אַלטע יאָרן".

אַזוי האָט אַדאָלף געטרוימט.

אָבער דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט...

מ׳יסאַמאָל האָט דער שיקזאַל צעשטערט אַלע זיינע האָפענונגען, ווי אַ קאָרטן־הייזל.

ער איז ווידער איינזאַם...

נישט קיין ווייב, נישט קיין קינד — זיין לעבן איז אָן פרייד און אָן אַ זין..

זיינע ביוראָ־צימערן האָט איצט עפּעס באַדעקט אַ טונקלקייט און אַ גראָקייט...

די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט אייליק געפּאָרעט און אַרומ־געהאַוועט, האָבן זיך אַדאָלפן אויסגעוויזן, ווי חסר־דעה׳ניקעס און משוגעים.

„וואָס איילן זיי זיך אַזוי? וואָס יאָגן זיי זיך? נאָכן נעכטיקן טאָג? סיי־ווי זענען מיר בלויז שפּילעכלעך אין די הענט פונעם שיקזאַל"...

„וויל ער — וואַרפט ער אונדז אין דער הויך, אַז דער קאָפּ פאַרמישט זיך אונדז... וויל ער — שליידערט ער אונדז אַראָפּ אינעם אָפּגרונט".

מיט אַזעלכע געדאַנקען איז אַדאָלף אַרומגעגאַנגען און מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ וואָרט, מ׳זאָל אים נישט האַלטן פאַר אַ משוגענעם...

מיט אומווילן פלעגט ער אין דער פרי זיך אַוועקזעצן ביים שרייבטיש אין זיין קאַבינעט, מיט אומווילן פלעגט ער אים פאַר־

לאָזן אין אָוונט.

קיין שום זאַך האָט אים נישט געקאָנט טרייסטן און גאָרנישט האָט געקאָנט אַויסרופן זיין אינטערעס.

אַדאָלף האָט אויך אויסגעמיטן די געזעלשאַפט פון זיינע פריינט און באַקאַנטע.

דאָס רווישיקע לעבן מיט אַ סך באַקאַנטע האָט אַדאָלף קיינמאָל נישט ליב געהאַט און אויסגעמיטן.

ער האָט אָבער געהאַט אַן ענגן קרייז פון פריינט, מיט וועלכע ער פלעגט גערן פאַרברענגען זיין פרייע צייט.

אויך מיטן דאָזיקן ענגן קרייז האָט ער איצט אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך.

ער האָט ליב געקראָגן די אָפּגעזונדערטקייט און איינזאַמ־קייט.

פינף אַזייגער פאַרנאַכט פלעגט ער פאַרלאָזן זיין קאַבינעט.

ער פלעגט פון דאָרט גלייך אַהיימגיין.

ער איז געווען פול מיט אומעט. ער האָט געוווסט, אַז קיינער וואַרט נישט אין דער היים אויף זיין קומען און קיינער באַדויערט נישט זיין אַוועקגיין...

די ווענט אין זיינע צימערן האָבן אויף אים געהויכט מיט זייער ליידיקייט.

אין די ווינקלען האָבן זיך געלייגט שאָטנס.

פון דער וווינונג איז פאַרשוונדן די וואַרעמקייט און מילדקייט פון אַ פאַמיליען־נעסט.

פון אַלע ווענט, פון אַלע ווינקלען האָט געבלאָזן מיט קעלט און מיט פוסטקייט.

אין דער פרי איז ער ווידער אַוועק אין זיין קאַבינעט.

ער איז אריינגעזעצט אין פאָטעל פאַר זיין שרייב־טיש און גע־נומען בלעטערן אַ פרישע צייטונג.

גאַנץ אָפט האָט ער נישט פאַרשטאַנען וואָס ער לייענט, ווייל זיינע געדאַנקען האָבן געוואַנדערט ווייט פון דאַנען...

גאַנצע שעהן האָט אַדאָלף געקאָנט אָפּזיצן און גלאָצן אין איין פונקט, ווי אַ געררירטער פון זינען.

די ערשטע טעג נאָך זיין אומקערן זיך פון מאָנטע־קאַרלאָ פלעגט ער יעדן אין דער פרי זוכן צווישן די אנגעקומענע בריוו...

ער האָט געגלויבט צו געפינען אַ בריוו מיט אַ היימישע האַנט־שריפט...

„אָבער דאָס איז דאָך אַן אומזין"! — פלעגט ער זיך אַליין אויסלאַכן — „ליזע וועט מיר שרייבן? וואָס האָט זי דען מיר צו זאָגן?.

„אפשר מיר דערציילן וועגן אירע באַציאונגען מיט דעם אַדאַם שטיינזאַלצן?... אָדער מיט אַ צווייטן, צי אַדריטן קאָכאַנעק?".

און דאָך, נישט געקוקט אויף אַלעם, האָט ערגעץ טיף אין זיין האַרץ געטליעט די האָפענונג, אַז ליזע וועט צו אים שרייבן און אין אַ בריוו אים אַלץ אויפקלערן, אויפווייזן איר אומשולדיקייט?"...

„ווער ווייסט? אפשר איז זי דאָך אומשולדיק?"..

„אָבער זאָגט דען נישט איר שווייגן עדות דערויף, אַז זי איז טאַקע שולדיק?"

„זיך פאַרענטפערט זיך נישט דערפאַר, ווייל זי האָט נישט מיט וואָס זיך צו פאַרענטפערן"...

אַזוי האָט זיך אַדאָלף געטראַכט זיצנדיק אין זיין קאַבינעט.

ער האָט אָפּגערוקט פון זיך די צייטונגען און די בריוו, אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ אויף די הענט און זיך פאַרטיפט אין זיינע טראַכ־טונגען.

פלוצלונג האָט זיך צו זיינע אויערן דערטראָגן עפּעס אַן אומ־געריכטער טומל.

פון אונטן, ביי דער אַריינגאַנג־טיר, האָבן זיך געהערט הויכע געשרייען.

דער לאָקאַי האָט זיך געאַמפּערט מיט עפּעס אַ פרוי. וועלכע האָט כסדר אָנגערופן אַדאָלפס נאָמען.

אַדאָלף האָט זיך איינגעהערט אַ ווײַלע און באַלד האָט ער דערקענט די שטימע פון דער פרוי.

זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק צו קלאַפּן.

ער האָט זיך אויפגעריסן פון זיין פאָטעל און געוואָלט אַרויס־לויפן פון קאַבינעט.

אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן צוצולויפן צו דער טיר, האָט זי זיך האַסטיק געעפנט און אין איר האָט זיך באַוויזן די געשטאַלט פון אַ פרוי...



ווען הערמאַן האָט דערזען דעם מיסטע סעמיועל ראָט, האָט ער זיך דערפילט זייער קלאָגעדיק.
ער האָט ביי זיך געהאַט באַשלאָסן בשום־אופן נישט צו שליסן קיין שום באַקאַנטשאַפט מיט פלאָרעס געליבטן.
ער האָט דערין אָפּגעפילט אַ שרעקלעכע באַליידיקונג.
ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז סעמיועל וועט אים באַטראַכטן נישט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ פּאַראַוואַן, ווי אַ שפּאַניש ווענטל...
אָבער אָט האָט דער בלינדער צופאַל זיי צונויפגעפירט.
ער האָט אַ ווײַלע געקלערט זיך צו באַציִען צו סעמיועלן גאווה־דיק און אָנגעבלאָזן.
אָבער סעמיועלס צוויי טויזנט דאָלאר וואָס זענען געלעגן ביי הערמאַנען אין דער בוזעם קעשענע, האָבן ביי אים אָפּגענומען דעם קוראַזש...
הערמאַן האָט קיין ברירה נישט געהאַט און געמוזט זיך העפלעך פארנויגן פאַר אַריינגעקומענעם סעמיועל.
דערנאָך האָט ער זיך שנעל אָפּגעטראָגן, פילנדיק אַ ברענענ־דיקע רויטקייט אויף זיין געזיכט.
סעמיועל האָט אים נאָכגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער.
— ווער איז דער דאָזיקער יונגערמאַן — האָט ער אַפרעג געטאָן ביי פלאָרען — וואָס איז ער עפּעס אַנטלאָפן מיט אַזאַ איילעניש ?
פלאָרע האָט זיך הילכיק צעלאַכט :
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ ! דאָס איז דאָך מיין פריש געבאַקענער חתן... עס שמעקט אים נישט, ווייזט אויס, זיך אַריינצולאָזן אין לאַנגע טענות מיטן פריינט פון זיין קינדסטיקער פרוי...
זי האָט אַריינגעפירט סעמיועלן אין סאַלאָן און זיך פויל אַ וואָרף געטאָן אויפן אָטאָמאַן.
סעמיועל האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי איר צופוסנס.
— ער מאַכט אַ גאַנץ גוטן איינדרוק, דער דאָזיקער חתן דייי־נער, — האָט ער געזאָגט. — איך האָף, אַז ער וועט אונדז נישט שטערן נאָך דער התונה...
— איך האָב שוין דאָס אויסגערעדט מיט אים. — האָט פלאָ־רע געזאָגט מיט אַ געלעכטערל — כאַ־כאַ־כאַ !...
— נו, צופיל וועל איך אים נישט גיין אין וועג אַריין... —

האָט סעמויעל דערקלערט — איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן, מיין קינד... איך האָב שוין נישט קיין גרויסע פאָדערונגען...

— נו־נו...

— ער וועט זיך קאָנען פרייען מיט דיר, וויפל זיין האַרץ וועט נאָר גלוסטן. איך ווינטש דיר מזל־טוב, פלאָרע... זאָל אייער וועג זיין אויסגעבעט מיט רויזן...

— אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק... — האָט פלאָרע געזאָגט און זיך צוגערוקט צו אים.

זי האָט מיט אירע אָרעמס אַרומגענומען זיין האַלז...

— איך מוז דיר אָפּדאַנקען פאַר דיינע ווונטשן, מיין טייע־רער! — האָט די אויסגעלאַסענע קאָקעטקע אויסגערופן און געגע־בען באַדעקן מיט קושן זיינע געפאַלבאַנטע באַקן...

מיסטער ראָט האָט זיך געלאָזט צערטלען, ווי אַ מיידל...

פון ווילע צו ווילע פלעגט ער אויך פלאָרען אַ קוש טון, שווער נאָכאָטעמנדיק, ווי נאָך אַ שווערער אַרבעט...

— יאָ, — האָט מיסטער ראָט זיך פלוצלונג דערמאָנט, — דערציייל מיר נאָר גענויער וועגן דיין חתן. איך האָב נישט קיין איבעריקן צוטרוי צו די אייראָפּעאישע עלעגאַנטן...

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט פלאָרע געפרעגט.

— ס׳רוב זענען דאָס אַנטלאָפענע באַנקראָטשיקעס... אָבער דייי־נער זעט אויס אַ גאַנץ לייטישער יונגערמאַן... טאָמער טויג ער נישט, וועכטו אים באַלד שיקן צום טייוול...

— ער איז געווען דער התן פון מיסטער קאָפּערפעלדס טאָכ־טער דזשעני... — האָט פלאָרע געזאָגט — און נאָר אַ דאַנק זיין ליבע צו מיר האָט ער אָפּגעלאָזט דעם שידוך...

— מיט קאָפּערפעלדס חתן? צום טייוול! אַזוי ליב האָט ער דיך? כ׳האָב מורא, אַז איך וועל זיך מוזן אָפּטראָגן פון דיר...

— נו, האָב קיין מורא נישט, אַלטיטשקער... — האָט פלאָרע געלאַכט — ערשטנס, דאַרף איך דאָך פריער ווערן... צווייטנס, אַז דיין הילף וואָלט ער געפּגרט פון הונגער...

— אַזוי גאָר? — האָט סעמויעל געפרעגט.

— ער איז טאַקע יונג און שיין, דו ביסט אָבער רייך... און דאָס איז וויכטיקער... — האָט פלאָרע געענטפערט און גענומען אים גלעטן איבערן פליך...

גאַנץ ניו־יאָרק האָט מיט שפּאַנונג געוואַרט אויפן ערשטן אויפ־טריט פון דער באַרימטער אייראָפּעאישער טענצערין מאַרילאַ מאָרגענטאַל.

מאַרילע אימפּרעסאַריאָ, מיסטער היימאַנס, איז געווען אַ גע־שיקטער ביזנעסמאַן.

ער האָט געקענט מאַכן רעקלאַמע...

די גאַנצע ניו־יאָרקער פּרעסע איז געווען פול מיט נאָטיצן און אַרטיקלען, ווו מ׳האָט געלויבט מאַרילעס טאַלאַנט ביז אין הימל אַריין...

פאַרשטייט זיך, אַז אין די זעלבע צייטונגען זענען אויך געווען גרויסע, גוט באַצאָלטע אַנאָנסן, וועלכע האָבן מיט גרויסע, פעטע שריפט געמאָלדן וועגן מאַרילעס ערשטן אויפטריט.

פון אַלע צייטונגען האָט אַראָפּגעקוקט מאַרילעס פּאָרטרעט.

אויף אַלע גאַסן אין ניו־יאָרק האָט מען געזען אַפישן מיט מאַרילעס בילד און מיט גרויסע, שרייענדיקע אותיות איז געמאָלדן געוואָרן וועגן איר ערשטן אויפטריט.

ס׳איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס אין טאָג פון דער פאָרשטעלונג זענען אַלע בילעטן געווען אויספאַרקויפט ביזן לעצטן.

לאַנגע רייען מיט אויטאָס האָבן זיך געצויגן צום טעאַטער, ווו מאַרילאַ איז אויפגעטרעטן.

אויף די טראָטואַרן האָבן זיך געצויגן מאַסן פוסגייער.

ס׳איז געקומען די גאַנצע ניו־יאָרקער „בעסערע געזעלשאַפט“.

דאָס טעאַטער איז געווען איבערפולט מיט עלעגאַנטע הערן און דאַמען.

דערווייל איז מאַרילאַ נאָך געווען אין איר האָטעל און האָט זיך געמאַכט איר טואַלעט צום ערשטן אויפטריט.

זי איז געשטאַנען פאַרן שפּיגל און זיך געגנוי באַטראַכט...

מאַרילאַ איז פון זיך צופרידן געווען... זי האָט נאָך קיין מאָל נישט אַזוי שיין אויסגעזען, ווי דעם היינטיקן אָוונט...

אירע אויגן האָבן געשאָסן מיט פייער... אירע באַקן האָבן געבליט...

זי איז ווירקלעך געווען פּרעכטיק...

מאַרילאַ איז זיכער געווען אין איר דערפאָלג...

זי האָט זיך געפילט פריש, מונטער, פריילעך... וואָס קאָן איר

איצט שטערן זיך צו באַווייזן פאַרן פובליקום אין פולן גלאַנץ פון איר טאַלאַנט און שיינקייט?...

נאָך לאַנגע חדשים פּראָבען און רעפּעטיציעס האָט זי שוין אויסגעקוקט און געבענקט נאָך דעם מאָמענט, ווען זי וועט שוין ענדלעך אויפטרעטן פאַרן פובליקום...

זי האָט שוין געלעכצט נאָך דעם אויסטערלישן גענוס פון פילן אויף זיך די הייסע בליקן פון טויזנטער אויגן, וואָס שפּיזן זיך איין אין איר...

וועגן הערמאַנען האָט זי שוין מער נישט געטראַכט...

און נישט נאָר וועגן הערמאַנען, זי האָט מער אין גאַנצן נישט געטראַכט וועגן קיין שום מאַן.

„מיין איינציקער געליבטער — דאָס איז די קונסט"... — האָט זי זיך געטראַכט.

די קונסט — דאָס איז איצט געווען די איידעלע ליידנשאַפט, וואָס האָט אין גאַנצן אויסגעפילט מאַרילעס לעבן.

צוליב דעם האָבן אויך נישט געהאַט קיין שום דערפאָלג די באַמיאונגען פון אַדוואָקאַט לוקאַס, זי צו געווינען.

מער, ווי אַ קוש אין דער האַנט אַריין, האָט ער ביי איר נישט דערגרייכט.

אָבער דער פרויען יעגער לוקאַס איז נישט מיד געוואָרן צו יאָגן זיך אַרום איר...

„איך מוז מיינס דערגרייכן". — האָט ער ביי זיך באַשלאָסן.

דער דאָזיקער דערפאַרענער פרויען־יעגער האָט געוווסט, אַז נישט יעדע פרוי קאָן מען געווינען אויפן זעלבן אופן... אַז צו יעדער פרוי דאַרף מען אַנדערש צוגיין.

ער פלעגט מאַרילען נאָכגיין, ווי אַ שאָטן, אויספירנדיק אַלע אירע ווונטשן און קאַפּריזן, ווי אַ געטרייער דינער...

ער האָט זיך געהאַלטן זייער קאָרעקט העפלעך, פול מיט טאַקט. אַזוי־אַרום האָט ער ביסלעכווייז געוווּנען מאַרילעס צוטרוי.

און צוטרוי — איז דאָך דער ערשטער שטאַפּל צו דער ליבע...

איצט, ווען מאַרילע איז געזעסן אין איר האָטעל און זיך גע־מאַכט דעם טואַלעט צום ערשטן אויפטריט, האָט ער זיך פּלוצלונג באַוויזן. אין דער האַנט האָט ער געטראָגן אַ גרויסן בוקעט בלומען.

— דער הייַנטיקער אויפטריט וועט פאַר ער אייך זיין אַ גרויסער

טריומף! — האָט ער געזאָגט, קושנדיק איר האַנט — ס׳איז אַ גרויסע פרייד פאַר מיר צו געפינען זיך היינט נעבן אייך..

— אָ, איך דאַנק אייך זייער, מסיע לוקאַס!

— דאָס פובליקום שטראָמט מאַסנווייז אין טעאַטער אַריין. גאַנץ ניויאָרק איילט צו באַגעגענען דעם נייעם שטערן אויף דער ניו־יאָרקער בינע. זיי וועלן נישט קיין חרטה האָבן.

— נו־נו. גענוג. גענוג. — האָט מאַרילע געזאָגט און זיך פאַררויטלט.

ווען מאַרילע רייסט נישט איבער לוקאַסעס לויב־געזאַנגען וואָלט ער אַזוי געזונגען ביזן טאָג אַריין.

ענדלעך איז מאַרילע פאַרטיק געוואָרן מיט איר טואַלעט.

אַ שיינענדיקע, גלאַנצנדיקע און אַ פרעכטיקע האָט זי זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ צו פאָרן אין טעאַטער אַריין.

לוקאַס האָט זיך געפילט איבערגליקלעך, וואָס ער איז געזעסן אין אויטאָ נעבן דער באַרימטער און שיינער טענצערין..

„איך האַלט שוין אויף אַ וועג”. — האָט ער געטראַכט.

און ער האָט געהאַט אַ גרונט אַזוי צו טראַכטן

דעם היינטיקן אָוונט איז ער געווען מאַרילעס קאַוואַלער.

ער האָט זי באַגלייט אינעם אויטאָ אין טעאַטער אַריין, ער האָט זי אַריינגעפירט אין דער גאַרדעראָבע.

דאָ האָט מאַרילע אים דערלאַנגט איר האַנט:

— צום ווידערזען, מיין ליבער. בשעת די פויזעס וועלן מיר זיך דאָך זען, נישט אמת?

לוקאַס האָט ליבלעך געשמייכלט.

— אויב איך וועל זיך קאָנען צו אייך צוקריגן... — האָט ער געזאָגט.

— וואָס הייסט? — האָט מאַרילע געפרעגט.

— נו, עס וועלן דאָך אייך זיכער באַלאַגערן הונדערטער פאַר־ערער... — האָט לוקאַס זי געחנפעט.

לוקאַס איז אַריין אין טעאַטער־זאַל און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ פאָטעל פון דער ערשטער רייע.

אין זאַל האָט זיך געפילט אַ יום־טובדיקייט, אַ באַזונדערע פייערלעכקייט. ווי געוויינלעך, ווען מ׳ריכט זיך אויף אַן אַרויסטריט פון אַ גרויסע קינסטלערין.

לאַנגע וואָכן האָבן די צייטונגען טאָג ביי טאָג געשריבן וועגן דער טענצערין מאַרילאַ מאָרגענטאַל.

דער דאָזיקער נאָמען איז דעריבער געלעגן אויף אַלעמענס ליפּן און אין אַלעמען געוועבט אינטערעס און שפּאַנונג..

גאַנצע וואָכן האָבן מענטשן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם טאָג, ווען די גרויסע אייראָפּעאישע קינסטלערין וועט זיך ענד־לעך באַווייזן אויף דער ניו־יאָרקער בינע.

מהאָט געצאָלט לעגענדאַרע פּרייזן פאַר בילעטן.

דער, וואָס האָט געהאַט אַבילעט, האָט זיך געשאַצט גליקלעך און אַרויסגערופן אַ געפיל פון קנאה צו זיך...

דאָס פּובליקום איז געווען אַ געקליבנס, פון די רייכערע קלאַסן און פון דער אינטעליגענץ.

פון די לאָזשעס האָבן אַרויסגעקוקט רייך־געקליידעטע מענער און דאַמען, סהאָבן געגלאַנצט און שעמערירט בריליאַנטענע רינ־גען און בראָשקעס...

דערווייל איז די קורטינע נאָך אַראָפּגעלאָזט.

די דאַמען קוקן זיך איבער מיט זייערע לאָרנעטקעס און באַ־טראַכטן איינע די אַנדערעס קליידער און צירונג...

אָבער ספּעציעל איין לאָזשע האָט, ווי אַ מאַגנעט, צוגעצויגן צו זיך אַלע לאָרנעטקעס.

די דאָזיקע לאָזשע האָט זיך געפונען האַרט ביי דער סצענע.

אינווייניק איז געזעסן אַן אויסערגעוויינלעך עלעגאַנט, שיין פּאָרל.

אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט איז געפאַלן אויף זיי, אָבער זייער אויפמערקזאַמקייט האָט קיינער נישט צוגעצויגן.

זיי זענען געזעסן און זייערע בליקן קיין איין מינוט נישט אַראָפּגענומען פון דער קורטינע, ווי זיי וואָלטן דערוואַרט, אַז עפּעס אַ נס זאָל געשען...

מהאָט דערקענט, אַז זיי וואַרטן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן אומגעדולד אויפן אָנהויב פון דער פאָרשטעלונג.

— ווער איז דאָס דאָזיקע פּאָרל? — האָט מען זיך געשושקעט אין די לאָזשעס.

— מסתמא קרובים אָדער פריינט פון דער טענצערין. — האָבן זיי זיך משער געווען.

אָבער דאָס זענען געווען נישט קיין קרובים און אוודאי נישט קיין פרייַנט פון מאַרילען. דאָס זענען געווען אירע ערגסטע פיינט — הערמאַן און פלאָרע.

ענדלעך האָט זיך דערהערט דער דריטער קלונג. די לאָמפּן האָבן ביסלעכווייז זיך אויסגעלאָשן.

עס האָט זיך באַוויזן דער דיריגענט מיט זיין שטעקעלע.

ער האָט דאָס שטעקעלע געגעבן אַ הויב אין דער הויך און אַראָפּגעלאָזט.

עס האָט אויפגעהויבן די מוזיק פונעם אָרקעסטער.

דאָס פּובליקום איז געבליבן זיצן, ווי צוגעשמידט צו די ערטער, מיט אויגן פול מיט דערוואַרטונג.

דער פאָרהאַנג האָט ענדלעך אַ ציטער געטאָן און זיך גענומען הויבן אַרויף. פריער פּאַמעלעך און באַלד שנעלער.

אָט איז די סצענע אָפן...

אין דער סאַמע מיט שטייט מאַרילע. אַ שטאָלצע, אַ גלייכע, אַ פּרעכטיקע אירע אויגן שיסן מיט סנאָפּעס שטראַלן, ווי צוויי קליינע זונען.

אין זאַל האָט עס אַ דונער געטאָן, ווי אַ לאַווינע וואָלט זיך אָפּגעריסן און שטורמיש גענומען פלייצן און מיטרייסן...

דאָס פּובליקום איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ פרייד־פּסיכאָז...

פון אַלע זייטן זענען געפלויגן בוקעטן צו דער סצענע, פאַרטרינקענדיק זי אין בערג בלומען.

צו די אָוואַציעס האָט קיין סוף נישט גענומען.

צעטומלט פון די צייטונגס־רעקלאַמעס, אַנטציקט פון מאַרילעס זעלטענער שיינקייט — איז דאָס פּובליקום אַריינגעפאַלן אין אמתן עקסטאַז.

איצט איז קיינעמס בליק נישט געווענדעט געווען צו יענער לאָזשע מיטן עלעגאַנטן פּאָרל, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביי דער סצענע.

ווען עמעצער וואָלט אין דאָזיקן מאָמענט דאָרט אַ קוק געטאָן, וואָלט ער געזען, אַז דאָס עלעגאַנטע פּאָרל איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן...

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 63

ווען דאָס גאַנצע פּובליקום האָט געשטורעמט און געיובלט פון פרייד, זענען זייערע פּנימער געווען אויפגערעגט. זי האָט זיך פאַרשטאָפּט די אויערן, כדי נישט צו הערן דעם ליאַרעם פון באַגייסטערונג.

אָבער הערמאַן האָט כסדר געשעפּטשעט צו איר און דערביי גיפטיקט געשמייכלט.

קענטיק, אַז זיינע רייד האָבן פלאָרען באַרואיקט, ווייל אויך זי האָט שפּאָטיש אַ שמייכל געטאָן...

אָבער קיינער האָט דאָס נישט באַמערקט, ווייל אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט איז געווען געווענדעט אויף דער סצענע.

אַלע בליקן זענען געווען צוגעשמידט צו דער וונדערשיינער טענצערין.

מאַרילע הויבט אויף אַ האַנט, זי הויבט אויף די צווייטע האַנט און אַלע אירע גלידער צעפלאַקערן זיך אין באַגייסטערטן טאַנץ.

דאָס פּובליקום אין זאַל איז געשפּאַנט אויפן העכסטן גראַד.

טויזנטער אויגן שליגגען די פּרעכטיקע גלידער פון דער האַלבנאַקעטער טענצערין, וועלכע פלאַטערט אַרום אויף דער בינע, ווי אַ גאָלדענער שמעטערלינג.

אָט פלאַטערט זי רעכטס, אָט פלאַטערט זי לינקס, אָט הויבט זי אויף די ווייסע הענט, ווי פליגל.

צי וועט זי נישט אויפהויבן זיך און בלייבן ליגן...

„צי וועט זי נישט אויפהויבן זיך און אַוועקפליען".

אָבער אָט פאַלט זי צו דער ערד און בלייבט ליגן.

דער ערשטער טאַנץ איז געענדיקט.

אַ ווײַלע זיצט דאָס פּובליקום טויט־שטיל און פאַרגליווערט פון באַגייסטערונג.

באַלד שטורעמט עס פלוצלונג אויף. מען פּאַטשט מיט די הענט, מען שרייט, מען ליאַרעמט, מען רופט מיט באַגייסטערונג:

— מאַרילע! מאַרילע! בראַוואָ, מאַרילע!

מאַרילע הויבט זיך אויף, נויגט זיך אין אַלע זייטן, שמייכלט צום אַפּלאַדירנדיקן פּובליקום.

זי קוקט מיט צופרידנקייט: דאָס טעאַטער איז פול געפּאַקט. פון אַלע פלעצער שעמערירן זייד. גאָלד און איידל־שטיינער.

אָבער מער פונעם גאָלד און פון די איידלשטיינער לויכטן די אויגן. וועלכע זענען פול מיט באַגייסטערונג...

אָבער וואָס איז עפּעס מאַרילעס געזיכט פּלוצלונג אַזוי בלאַס געוואָרן?

מאַרילעס בליק איז געפאַלן אויף דער לאָזשע נעבן דער סצענע, ווו עס זענען געזעסן הערמאַן און פלאָרע.

מאַרילע האָט אַ ציטער געטאָן און געפילט, ווי דאָס בלוט לויפט איר אַראָפּ פון געזיכט.

„וואָס קאָן באַדייטן דאָס בייזוויליקע, שפּאָטישע שמייכעלע אויף זייערע פּנימער?‟ — האָט מאַרילע געטראַכט מיט שרעק.

זי האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז מיט איר דערפאָלג פרייען זיי זיך זיכער נישט.

„טאָ וואָס־זשע זאָל באַדייטן זייער שמייכלען? — קיין גוטס זאָגט עס מיר זיכער נישט אָן‟. ס

„ווי קומט עפּעס הערמאַן צו פלאָרען?‟ — האָט זי אַ טראַכט געטאָן מיט פאַרוווּנדערונג.

זי איז נישט אייפערזיכטיק געווען. זי האָט שוין אָן הערמאַנען געהאַט פאַרגעסן און ער איז איר שוין געווען גלייכגילטיק.

זי האָט אָבער פאַרשטאַנען אז די דאָזיקע צוויי מענטשן אייניגט דער געמיינזאַמער האַס צו איר, צו מאַרילען

ביידע האָבן דאָך אַ גרונט זי פיינט צו האָבן. פלאָרען — האָט זי אַרויסגעשטויסן פון טעאַטער, און הערמאַנען — קאַליע געמאַכט דעם שידוך מיט מיס קאָפּערפילד.

„מסתמא ווייסט ער שוין, ווער עס האָט אים אַרויסגעשלאָגן מיסטער קאָפּערפילדס מיליאָנען פון דער האַנט‟. — האָט מאַרילע געטראַכט.

„זיי זענען געקומען זיך נוקם זיין אָן מיר!‟...

מאַרילען האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעק.

אָבער דער דיריגענט האָט געגעבן אַ צייכן דעם אָרקעסטער. עס האָט זיך דערהערט דער הילך פון דער מוזיק.

מאַרילע דאַרף געבן דעם צווייטן נומער.

זי האָט אָפּגעריסן איר בליק פון דעם שפּאָטיש־שמייכלענדיקן פּאָרל.

„נעמען זיך אין די הענט אַריין! נישט לאָזן זיך אַרויספירן פון גלייכגעוויכט!‟ — האָט זי זיך געזאָגט אין געדאַנק.

זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות זיך צו באַהערשן.

זי האָט אָנגעהויבן דעם צווייטן טאַנ.

אָבער וואָס איז מיט מאַרילען געשען?.

אירע גלידער, וועלכע האָבן פריער געשוועבט און געפלאַטערט ווי די פליגל פון אַ שמעטערלינג, האָבן זיך איצט באַוויגן שווער און אומגעשיקט.

דער שפּאָטיש־שמייכלענדיקער בליק פון דעם עלעגאַנטן פּאָרל אין דער נאָענטער לאָזשע האָט געגאָסן בליי אין אירע גלידער און זיי געמאַכט שווער און אומבאַוועגלעך.

פונעם פּובליקום איז פאַרשווונדן די פריערדיקע באַגייסטערונג און פאַרגליווערטקייט. עפּעס אַן אומרואיקייט האָט באַהערשט דעם עולם.

מ'האָט געהוסט, געריקט די שטולן, טייל האָבן אפילו גע־געניצט.

אָנשטאָט באַגייסטערונג האָט איצט פון אַלעמענס אויגן אַרויס־געקוקט אַ מידקייט און אומגעדולדיקייט

מאַרילען האָט דאָס באַמערקט און אירע גלידער זענען נאָך שווערער און אומבאַוועגלעכער געוואָרן, ווי עס וואָלט זיי פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט אַ פּאַראַליז.

זי האָט איצט געטאַנצט ערגער, ווי די מינדעסטע באַלעט־טענצערין.

אָבער דאָס פּובליקום האָט נאָך אַלץ געוואַרט..

דער צויבער פונעם ערשטן, פריערדיקן טאַנץ איז נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן געוואָרן.

„אפשר איז עס אַ צופאַל בלויז, אַ צייטווייליקע טרעמע, וואָס קאָן טרעפן ביי יעדער קינסטלערין"... — האָט מען געטראַכט — „מ'וועט זען דעם ווייטערדיקן טאַנץ"

און אָט האָט טאַקע מאַרילען זיך אָנגעהויבן אַביסל צו באַ־רואיקן און באַהערשן אירע באַוועגונגען

אָבער אין טעאַטער־זאַל זענען שוין געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָרגט דערפאַר. אַז מאַרילען זאָל היינט שוין מער נישט קומען צו זיך...

פון מיטן פּובליקום האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ שניידיקער פייף..

באַלד דערויף, ווי נאָך אַ סיגנאַל, האָט זיך אין זאַל אויפ־געהויבן אַ מוראדיקער טומל.

אין פּאַרטער און אויף די גאַלעריעס, פון אומעטום און פון אַלע זייטן האָט זיך דערהערט אַ ווילד געפּייפּעריי, געשרייען, אַ הילכיק טופּען מיט די פיס — טויב צו ווערן.

ס'איז געווען ווי אַ ווילדער שטורעם; ווי אַ מוראדיקער שדים־טאַנץ, וואָס האָט פּאַרטויבט די אויערן.

אַ טייל צושויער האָבן זיך אויפגעריסן פון די ערטער, כדי צו פּראָטעסטירן קעגן די שרייערס, אָבער זיי האָבן מיט זייערע פּראָטעסט־געשרייען נאָך פאַרגרעסערט די מהומה.

דער אָרקעסטער איז אַנטשוויגן געוואָרן. דער דיריגענט איז געבליבן שטיין. ווי א פאַרגליווערטער, מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט... דער טומל האָט נישט אויפגעהערט.

פאַרקערט, ער איז וואָס אַ ווײַלע אַלץ שטאַרקער, אַלץ שטורמישער געוואָרן.

— נידער! נידער!... — האָט מען געליארעמט — אַראָפּ־לאָזן דעם פאָרהאַנג!.. ס'א שווינדל! נידער!

דער אימפּרעסאַריאָ איז אַ צעשראָקענער אַרויף אויף דער סצענע. ער האָט געפּרווט עפּעס זאָגן, כדי צו באַרואיקן דעם עולם.

אָבער כאָטש ער האָט געשריגן מיט אַלע כוחות, איז זיין שטימע פאַרלוירן געוואָרן אינעם ליארעם, ווי אַ טראָפּן אין ים.

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן ווילדע געשלעגן צווישן פּובליקום. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי קעמפנדיקע צדדים: מאַרילעס אַנהענגער און קעגנער...

דאָס גאַנצע טעאַטער האָט געשטורעמט און געקאָכט, ווי אַ קעסל.

בלויז צוויי מענטשן אינעם גאַנצן זאַל זענען געבליבן פול־שטענדיק רואיק. ווי דער טומל וואָלט זיי גאָרנישט אָנגעגאַנגען.

אָבער זיי האָט דער סאַקנדאַל גראָד צום מײַנסטן אינטערעסירט, זיי האָבן אים צוגעגרייט.

דאָס זענען געווען הערמאַן און פלאָרע.

זיי זענען רואיק געזעסן אין זייער לאָזשע און געשמייכלט מיט צופרידנקייט.

דערבײַ האָבן זיי נישט אַראָפּגענומען זייערע אויגן פון מאַרילען, וועלכע איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע איינגאַנצן, ווי זי וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק זאַלץ...

מיט ברייט צעעפנטע אויגן האָט זי געקוקט אויפן ווילדן שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט אין טעאַטער־זאַל.

זי האָט שוין אַמאָל געזען טעאַטער־סקאַנדאַלן, אָבער אַזעלכעס האָבן נאָך אירע אויגן קיינמאָל נישט געזען.

די סיבה האָט זי גאַנץ גוט פאַרשטאַנען.

„דאָס האָבן די דאָזיקע צוויי דאָ, וואָס שמייכלען אין דער לאָזשע — זיי האָבן דאָס אָפּגעאַרבעט"... — האָט מאַרילע געטראַכט.

„זיי האָבן געדונגען ספּעציעלע שרייער און טומלער"

„אַ שרעקלעכע נקמה האָבן זיי גענומען אָן מיר".

מאַרילע האָט געפילט, ווי די כוחות פאַרלאָזן זי. אָט ־ אָט און זי וועט אַוועקפאַלן אַ פאַרחלשטע אויף דער ערד.

אין דעם מאָמענט האָט מען אַראָפּגעלאָזט די בינע־פאָרהאַנג.

מאַרילע האָט געפּרוווט שטעלן א טריט און זי איז אומגעפאלן אַ פאַרחלשטע. מען האָט זי אַריינגעטראָגן אין איר גאַרדעראָבע־צימער און גענומען מינטערן.

ערשט איצט האָט דער שטורעם אין זאַל זיך אַביסל באַרואיקט.

מיסטער מאָריסאָנס געדונגענע באַנדע האָט דאָס איריקע געהאַט אָפּגעטאָן.

ערשט איצט האָט דער אימפּרעסאַריאָ מיסטער היימאַנס געקאָנט קומען צום וואָרט.

זיין שטים האָט געציטערט...

— געערטעס פּובליקום! — האָט ער אָנגעהויבן — אַן אומאָנגענעמער צופאַל האָט צעשטערט אונדזער היינטיקע פאָרשטעלונג.

— די וועלט־באַרימטע טענצערין מאַרילע מאָרגענטאַל האָט זיך פּלוצלונג דערפילט שלעכט און זי ליגט איצט אין גאַרדעראָבע־צימער אַ פאַרחלשטע.

— דאָס געלט פאַר די בילעטן קאָן מען צוריקקריגן ביי דער קאַסע.

אַ בית־עולם־שטילקייט האָט איצט געהערשט אין זאַל. די געדונגענע טומלער זענען שוין געווען פריי פון זייער

אַרבעט.

דאָס פּובליקום האָט פּאַמעלעך פֿאַרלאָזט דאָס טעאַטער. אין אַ ווײַלע אַרום איז דער טעאַטער זאַל געווען פּולשטענדיק לײדיק...

צו מאַרילען האָט מען דערווײַל אַרויסגערופן אַ דאָקטאָר. זי איז באַלד אויך געקומען צו זיך.

זי האָט געעפֿנט די אויגן און דערזען נעבן זיך דעם אַדוואָקאַט לוקאַס.

ער האָט זיך באַמיט צו טרייסטן זי, ווי ווײַט דאָס איז אים נאָר מעגלעך געווען.

— קיין שום סקאַנדאַלן זענען נישט אומשטאַנד בײַ אײך צוצונעמען דעם גרויסן טאַלאַנט. — האָט ער זי געטרייסט.

מאַרילע האָט אויף אים געקוקט מיט דאַנקבאַרקייט, כאָטש זײַנע טרייסט־ווערטער האָבן נישט געלינדערט איר האַרצווייטיק.

זי האָט זיך אָבער געטרייסט, וואָס זי האָט כאָטש איין איבערגעגעבענעם, טרייען פֿרײַנט.

ענדלעך איז מאַרילען שוין אויף אַזויפֿיל בעסער געוואָרן, אַז זי איז אומשטאַנד געווען אויפֿצושטיין.

אָנגעלענט אָן לוקאַסעס אָרעם, האָט זי פֿאַרלאָזט דאָס טעאַטער און זיך אַרײַנגעזעצט אין אַן אויטאָ, וואָס האָט זי אָפּגעפֿירט אין איר האָטעל.

אָן די בליקן פֿון דער האָטעל־דינערשאַפֿט האָט מאַרילע דערקענט, אַז זיי ווייסן שוין וועגן דעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין טעאַטער.

טייל האָבן זי אָנגעקוקט מיט באַדויערן, אַנדערע האָבן שלעכט פֿאַרמאַסקירט זייער שאָדן־פֿרייד.

אויך דאָ האָט מען שוין מאַרילען נישט איבעריק ליב געהאַט.

די בעל־גאווהדיקע און גאַפּריזנע פֿרוי האָט זיך נישט איין מאָל געלאָזט פֿילן דער האָטעל־דינערשאַפֿט.

„גאַנץ נױ־יאָרק קלינגט שוין מסתמא מיט מײַן דורכפֿאַל". — האָט מאַרילע געטראַכט מיט האַרצווייטיק.

אַ שרעקלעך מידע און אָפּגעשוואַכטע האָט מאַרילע זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר אָטאָמאַן.

זי האָט פֿון זיך אַראָפּגענומען די טײַערע צירונג, וואָס זי

האָט אָנגעטאָן צו איר ערשטן אויפטריט. זי האָט עס אַוועקגעלייגט אין אַ שאַכטל אויפן טישל. וואָס איז געשטאַנען נעבן אָטאָמאַן.

מאַרילע האָט פאַרמאַכט די אויגן און געלאָזט אין איר פאַנ־טאַזיע דורכגיין דאָס גאַנצע שוידערלעכע בילד, וואָס האָט זיך היינט אָפּגעשפּילט אין טעאַטער.

זי האָט אַ ציטער געטאָן און געעפנט אירע אויגן.

זי האָט באַמערקט לוקאַסן, וועלכער איז געשטאַנען נעבן איר, ווי אַ געטרייער הונט.

— אנטשולדיקט... — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן — איך בין אַזוי מיד...

לוקאַס האָט אַ קוש געטאָן איר האַנט און איז אַוועק.

מאַרילע האָט צוריק פאַרמאַכט אירע אויגן. דאָס שוידערלעכע בילד אין טעאַטער האָט נישט געוואָלט פאַרש'וינדן פון איר.

זי האָט זיך וואָס אַ ווײַלע דערמאָנט אַנדערע איינצלהייטן און דאָס האַרץ איז איר שיער צעשפּרונגען פון ווייטיק.

אָבער שרעקלעכער פון אַלעם איז געווען יענער שפּאָטיש־שמייכלענדיקער בליק פון הערמאַנען און פלאָרען.

אַזוי איז מאַרילע געלעגן דורך דער גאַנצער נאַכט און נישט געקאָנט איינשלאָפן אויף קיין איין מינוט.

זי האָט זיך אפילו געפּרוווט טרייסטן:

„מ'וועט זיך דערוויסן, אַז אַראָפּגעריסן האָבן געדונגענע טשעפּעסלער. די פּרעסע וועט זיך אָננעמען פאַר מיר".

, אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, האָט מאַרילע פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער סקאַנדאַל איז פאַר איר אַ גרויס אומגליק.

„דער ערשטער אויפטריט — און אַזאַ שרעקלעכער דורכ־פאַל"!...

„ווער ווייסט, צי עס וועט זיך שוין לאָזן עפּעס פאַר־ריכטן ?.

ווער ווייסט, צי מיין קאַריערע איז נישט פולשטענדיק צע־שמעטערט ?...

עס האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ שרעקלעכע פאַרצווייפלונג פון די דאָזיקע געדאַנקען.

אָבער פּלוצלונג האָט אין איר מוח אויפגעבליצט אַ טרייסטנ־דיקער געדאַנק :

„איך וועל פאַרקויפן מיין צירונג און צוריקפאָרן קיין איי־פּע! נישט אומעטום וועלן דאָך די געדונגענע שרייער מיר נאָכפאָרן...

„מאַרילעס טאַלאַנט איז נישט אָפּגעשטאָרבן. עס וועט נאָך קלינגען מיט אים די וועלט!"

אין דרויסן האָט שוין געלויכטן דער טאָג.

מאַרילע האָט זיך אַביסל באַרואיקט און איז ענדלעך איינ־געשלאָפן אין אַ טיפן שלאָף.



ווען מאַרילע האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען ווייט נאָכמיטאָג.

זי האָט זיך אויסגעריבן די אויגן און זיך אומגעקוקט.

באַלד האָט זי אַ דריק געטאָן אינעם עלעקטרישן גלעקל און עס האָט זיך באַוויזן איר שטוב־מיידל.

— ווי שפּעט איז איצט? — האָט מאַרילע געפרעגט.

— שוין באַלד צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג. — האָט דאָס מיידל געענטפערט.

מאַרילע האָט אַ שמייכל געטאָן.

„הייסט עס, אַז דאָס אַלץ איז נאָר געווען אַ שרעקלעכער חלום"... — האָט זי געטראַכט.

מאַרילע האָט דאַן, ווי איר שטייגער איז געווען, גענומען די צייטונגען, וואָס זענען איר יעדן טאָג צוגעשיקט געוואָרן, כדי צו לייענען, וואָס מען שרייבט וועגן איר

אָבער זי האָט די שרעקלעכע ווירקלעכקייט איר אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן אַריין.

ניין. די שרעקלעכע סצענע אין טעאַטער איז נישט געווען קיין חלום, נאָר די טרויעריקע ווירקלעכקייט.

גרויסע קעפּ פּעטע שריפט האָבן צו איר אַראָפּגעשריגן,

„אַ גרויסער טעאַטער־שטערן איז געפאַלן!"...

„אַ גרויסער טעאַטער־סקאַנדאַל!".

„די באַרימטע טענצערין מאַרילע מאָרגענטאַל — אויסגע־פייפט!"...

„דער אומגליקלעכער סוף פון אַ גרויסער קאַריערע!"...

מאַרילע האָט גענומען לייענען די פאַרשידענע נאָטיצן אין די

צייטונגען
איר האַרץ איז שיער צעשפּרונגען פון קרענקונג.

מיטאַמאָל זענען פאַרשווונדן אַלע וואַרעמע ליבּ־ווערטער וועגן איר. אַנשטאָט די ליבּ געזאַנגען — טאַדלונגען און אָנפאַלן...

אָט לייענט זי אין איין צייטונג:

„די טענצערין מאַרילע מאָרגענטאַל האָט אונדז פולשטענדיק אַנטוישט...

עס איז נישטאָ וואָס צו וווּנדערן זיך אויף דער שרעקלעכער אויפרעגונג פונעם אַנטוישטן פּובּליקום.

„געשפּאַנט ביזן העכסטן גראַד פון די ריזיקע רעקלאַמעס און וואַרעמע פּרעסע־אָפּרופן, האָט דאָס פּובּליקום דערוואַרט צו דערזען אויף דער סצענע אַן ערשטקלאַסיקע קינסטלערין.

„אָבער — צום באַדויערן...

„דאָס ניו־יאָרקער פּובּליקום האָט נעכטן באַוויזן. אַז עס האָט אַ גוטן חוש פאַר קונסט די ניו־יאָרקער לאָזן זיך נישט אָפּנאַרן.

מאַרילע האָט מיט צאָרן צעריסן די צייטונג אויף שטיקער און אַריינגעוואָרפן אין מיסט־קאָרב.

— דאָס איז הערמאַנס אַרבעט! — האָט זי גערעדט מיט ציין־קריצעניש צו זיך אַליין. — די שרעקלעכע נקמה איז אים געלונגען.

— ער האָט זיך צו הילף גענומען די דאָזיקע פלאָרע. אַ פּאַסיק פּאָר פּאָלק. ער — אַן אויסוווּרף, זי — אַ פּראָסטיטוטקע.

— אָבער פרייט אייך נאָך נישט! — האָט זי אויסגערופן, גלייך זיי וואָלטן דאָ געשטאַנען פאַר איר — מאַרילעס טאַלאַנט איז נאָך נישט פאַרלוירן! די וועלט וועט נאָך מיט איר קלינגען.

עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

„לוקאַס". — האָט זי אַ טראַכט געטאָן מיט פרייד. — „מיין איינציקער אמתער פריינט".

— אַריין! — האָט מאַרילע אויסגערופן.

ס'איז נישט געווען לוקאַס, נאָר אַ בריוו־טרעגער, וועלכער האָט איר דערלאַנגט אַ דעפּעשע.

מאַרילע האָט געלייענט:

„צוליבן דורכפאַל פון אייער ערשטן אויפטריט — קינדיק איך אייך דעם אָפּמאַך.

הימאַנס".

מאַרילע איז בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט.

קיין איבערראַשונג איז עס פאַר איר נישט געווען, זי האָט זיך געריכט דערויף. פונדעסטוועגן האָט עס זי געטראָפן, ווי אַ דונער.

„פון אַמעריקע האָב איך שוין ווירקלעך גאָרנישט צו דער־וואַרטן". — האָט מאַרילע געטראַכט. — „איך מוז זיך אומקערן קיין אייראָפּע און דאָרט זוכן מזל".

קיין געלט האָט מאַרילע נישט געהאַט. כדי צו האָבן אויף הוצאות און אויך צום לעבן ביז מען וועט זי ערגעץ אַנגאַזשירן — וואָלט זי געמוזט פאַרקויפן דאָס צירונג.

איר מיליאָנערישע מומע, מיסיס עליזאַבעט סילווער, איז ביים לעבן בערזע־קראַך אין ניו־יאָרק אינגאַנצן רואינירט געוואָרן.

וועגן ווענדן זיך צו איר נאָך הילף האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

„איך מוז, אַלזאָ, פאַרקויפן דאָס צירינג". — האָט מאַרילע באַשלאָסן.

ס'איז איר געווען שווער אויף דעם צו אַנטשליסן.

זי האָט אָבער קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט.

מאַרילע האָט אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ אויףביידע הענט, זיך פאַרטראַכט וועגן דער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך.

„אַ לאַגע, אין וועלכער עס איז נישטאָ מיך וואָס מקנא צו זיין". — האָט מאַרילע געטראַכט.

„די געטלעכע האַנט. וואָס שטראָפט מיך, האָט זיך ווידער אויף מיר אַראָפּגעלאָזט".

זי האָט זיך דערמאָנט אָן אַדאָלפן.

„ווי ליב ער האָט מיך געהאַט". — האָט זי געטראַכט מיט אַ געפיל פון חרטה — „ווי גוט און ווי צאַרט ער איז געווען צו מיר".

„איך האָב אָבער געמיין און מיאוס פאַרראַטן".

„אפשר זאָל איך אים שרייבן וועגן מיין חרטה און בעטן הילף?".

— אָבער ניין! האָט זי אויסגערופן אויפן קול — דאָס נישט!

„אַרויכוויזן אים מיין געפאלנקייט? שוין בעסער פאַרקויפן דאָס צירונג".

מאַרילע האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, ס'איז שוין געווען נאָך דריי.

„לוקאַס האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען נאָך צוויי". — האָט מאַרילע געטראַכט. — „ער איז שטענדיק זייער פּינקטלעך. וואָס קאָן עס זיין?".

„מוז זיין, אַז ער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט דער נעכטיקער געשיכטע". — האָט זי זיך אַליין געענטפערט. — „אפשר איז ער קראַנק געוואָרן פון עגמת־נפש"?...

מאַרילע האָט איצט געדאַרפט האָבן לוקאַסן. ער וואָלט איר געהאָלפן פאַרקויפן די צירונג.

אָבער נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף אים, האָט זי באַשלאָסן אַליין עס צו פאַרקויפן.

זי האָט זיך אָנגעטאָן, צוגעגאַנגען צום טישל נעבן אטאמאַן און געעפנט דאָס שאַכטל.

מאַרילע איז טויט־בלאַס געוואָרן... פון איר האַלדז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שרעקלעכן געשריי.

דאָס שאַכטל איז געווען אינגאַנצן ליידיק.

דאָס שטוב־מיידל איז אָנגעלאָפן.

— וו־וואָס איז? מאַדאַם.

מאַרילע האָט איר אָנגעוויזן אויפן ליידיקן צירונג־שאַכטל. זי איז נישט אומשטאַנד געווען אַ וואָרט אַרויסצוברענגען פון איר מויל...

דאָס שטוב־מיידל איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן פאַר שרעק. די פיס האָבן זיך געבראָכן אונטער איר.

„ווער ווייס, צו זי וועט מיר נישט חושד זיין"... — האָט זיך דאָס אָרעמע מיידל געטראַכט.

אָבער מאַרילע האָט גאָרנישט געטראכט וועגן איר. אין איר קאָפּ איז איצט געבוירן געוואָרן אַ שרעקלעכער, אומגלויבלעכער געדאַנק...

„אין מיין צימער האָט זיך נעכטן אין אָוונט געפונען נאָר איין מענטש — טעאָדאָר לוקאַס. ער איז געשטאַנען נעבן מיין בעט, ווען איך בין געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן".

„איז לוקאַס אַן איינפאַכער גנב?. דאָס וואָלט געווען שרעקלעך! אָבער זיין נישט קומען היינט... איז דאָס נישט פאַרדעכטיק?

מאַרילע האָט געכאַפּט דעם טעלעפאָן־טרייבל און אָנגעקלונגען אין לוקאַסעס האָטעל.

— האַלאָ! איך בעט דעם אַדוואָקאַט מיסטער לוקאַס...

מאַרילע האָט זיך איינגעהערט אינעם ענטפער און ס׳איז איר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן

— דער אַדוואָקאַט מיסטער טעאָדאָר לוקאַס איז פאַריקע נאַכט אַוועקגעפאָרן אין אַן אומבאַוווסטער ריכטונג. — האָט געקלונגען דער ענטפער.

דאָס טעלעפאָן־טרייבל האָט זיך אויסגעגליטשט פון מאַרילעס האַנט

מאַרילע איז געפאַלן אַ פאַרחלשטע צו דער ערד

קאַפּיטל אַכט און זיבעציק

## אויף גליטשיקע וועגן . . .

די ווייסע געשטאַלט, וועלכע האָט אַרויסגעשלייכט פונעם גאַסטצימער ביי די זאַלצבערגס האָט זיך אָפּגעשטעלט

זי איז אַ ווײַלע אַזוי געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי אַ נאַכטגעשפּענסט.

זי האָט זיך איינגעהערט אין אַלע זייטן.

אומעטום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט.

באַלד האָט די געהיימע געשטאַלט זיך אַ באַוועג געטאָן און גענומען זיך שלייכן דורכן לאַנגן קאָרידאָר.

ענדלעך איז די ווייסע געשטאַלט צוריקגעקומען צו הענריקס שלאָפצימער.

דאָ האָט זי זיך ווידער אָפּגעשטעלט.

אַ ווייל איז זי אַזוי געשטאַנען. דערנאָך האָט זי אויפגעהויבן אַ האַנט, אַרויפגעלייגט אויף דער קליאַמקע און לייכט אַ דריק געטאָן.

די טיר אָט זיך שטיל געעפנט.

די ווייסע געשטאַלט האָט זיך אַריינגעשלייכט אין הענריקס שלאָפצימער.

אינעם דאָזיקן צימער איז געווען גענוג ליכטיק, ווייל די פולע לבנה איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם אָפענעם פענצטער.

די ווייסע געשטאַלט האָט זיך אָפּגעשטעלט און באַטראַכט

הענריקס געזיכט, וואָס איז געווען באַלויכטן פון לבנה־שיין.

ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער איז פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. זיין ברוסט האָט זיך באַוועגט אַרויף און אַראָפּ פון טיפן אָטעמען

— ער שלאָפט פעסט... — האָט די ווייסע געשטאַלט אַ שעפּטשע געטאָן.

זי האָט גענומען פריי זיך באַוועגן איבערן צימער.

וואָס האָט די ווייסע געשטאַלט געזוכט אין הענריקס שלאָפצימער? און ווער איז די דאָזיקע געשטאַלט געווען?

צי איז עס געווען אַ נאַכט־געשפּענסט?

עס וואָלט אָבער גענוג געווען אַ קוק צו געבן אויפן נאַקעטן אָרעם, וועלכער איז געווען באַלויכטן פון לבנה־שיין, כדי צו זען, אַז דאָס איז נישט קיין נאַכט־גייסט.

דער אָרעם איז נישט געווען קיין ביינענדיקער, נאָר א ראָזער, פּוכיקער אָרעם פון אַ לעבעדיקער פרוי.

אָדער אפשר האָט די פייערדיקע ליידנשאַפט צו הענריקן אַראָפּגעריסן די דאָזיקע פרוי פון איר געלעגער און זי אַריינגעטריבן אין שלאָפצימער?

ס׳וואָלט אָבער גענוג געווען צו זען איר רואיקייט און די באַרעכנטקייט פון איר יעדער באַוועגונג, כדי צו פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע פרויען־געשטאַלט איז איצט קאַלט. ווי אייז.

זי האָט ערנסט און רואיק זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און פּלוצלונג איז זי שטיין געבליבן.

אירע אויגן זענען געווען געווענדעט אויפן נאַכט־שענקעלע, וואָס איז געשטאַנען נעבן הענריקס בעט.

אויפן נאַכט־שענקעלע איז געלעגן אַ בינטל שליסלען. אויפן דאָזיקן בינט שליסלען איז געווען געווענדעט דער בליק פון דער געהיימניספולער ווייסער געשטאַלט.

אויף די שפּיץ פינגער איז זי צוגעגאַנגען, אַ כאַפּ געטאָן דעם בינט שליסלען און מיט פאָרזיכטיקע טריט האָט זי צוריק זיך אַרויסגעשלייכט אויפן קאָרידאָר.

דערנאָך האָט זי ווידער זיך גענומען שאַרן ביי דער וואַנט לענג־אויס דעם קאָרידאָר.

זי האָט זיך כסדר אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. אומגעשפּיצט

אירע אויערן און זיך איינגעהערט.

ביים מינדעסטן שאָרך. וועלכע עס האָבן אַרויסגערופן אירע טריט אָדער וואָס האָט זיך דערטראָגן פון גאַס דורך די אָפענע פענצטער אין די צימערן, פלעגט די ווייסע געשטאַלט אַ ציטער טאָן.

זי פלעגט זיך אָפּשטעלן, זיך נאָך אויפמערקזאַמער איינהערן און נאָך פאָרזיכטיקער שטעלן אירע טריט.

ענדלעך איז זי צוגעקומען צו הענריקס קאַבינעט.

זי האָט ווידער אויפגעהויבן איר האַנט, וואָס איר ווייסקייט האָט אַ בלענד געטאָן אין דער נאַכט־שטילקייט פון קאָרידאָר.

זי האָט פאָרזיכטיקן אַ דריק געטאָן אויף דער קליאַמקע און די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ לייכטן סקריפּ.

די ווייסע געשטאַלט האָט אַ ציטער געטאָן.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרומגעקוקט זיך, אַ ווײַלע זיך איינגעהערט אין דער נאַכט־שטילקייט, דערנאָך איז זי פאַרשווונדן אין קאַבינעט.

אין קאַבינעט האָט זי אַראָפּגעלאָזט דעם ראָלעט פון פענצטער, דערנאָך האָט זי אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויפן שרייב־טיש אונטער אַ גרינעם אַבאַזשור.

דאָס אָפּגעטאָן, האָט די ווייסע געשטאַלט זיך גענומען אַרומקוקן איבערן צימער.

באַלד האָט זיך איר בליק אָפּגעשטעלט אויף דער אייזערנער קאַסע, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, נישט ווייט פונעם פענצטער.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער קאַסע.

דאָ איז געווען דער ציל פון איר נאַכט־וואַנדלונג.

צי האָט זי געוואָלט אַרויסגנבנען די טייערע צירונג, וואָס זענען דאָרט געלעגן.

ניין. נישט וועגן דעם איז עס איר געגאַנגען.

כדי צו וויסן וואָס די ווייסע געשטאַלט האָט געזוכט אין דער אייזערנער קאַסע און ווער זי איז געווען — מוזן מיר זיך דערמאָנען אָן אַ געוויסער סצענע.

מיר געדענקען נאָך דעם שמועס צווישן הענדיקן מיט לעאָנען אין לעאָנס קאַבינעט וועגן דעם אוצר, וואָס סאַבינע האָט געפונען אין קעלער פון קייזערשטיינס פּאַלאַץ.

דעם דאָזיקן שמועס האָט אונטערגעהערט — רעגינע...

רעגינע האָט אויך געהערט, ווי לעאָן גיט איבער העטריקן דאָס געפונענע באַנק־ביכל מיט דער צוואה, צום באַהאַלטן.

ווען מיר דערמאָנען זיך דאָס. פאַרשטייען מיר שוין. אַז די געהיימניספולע, ווייסע געשטאַלט איז נישט קיין אַנדערע ווי טאָקע די כיטרע רעגינע.

וואָס האָט זי אַלזאָ , געוואָלט געפינען אין דער קאַסע? דאָס באַנק־ביכל?

ניין!

דער חשד וואָלט דאָך באַלד געפאַלן אויף איר און עס וואָלט געקומען צו אַ גרויסן סקאַנדאַל.

נאָר וואָס דען האָט זי געזוכט?

זי האָט געזוכט בלויז דאָס פאַרגעלטע שטיקל פּאַפּיר — די צוואה פון די צוויי יונגע זעלבסטמערדער.

ווייל רעגינען איז דאָך געגאַנגען נישט נאָר אין דעם, אַז זי, רעגינע, זאָל האָבן דאָס געלט.

פיל מער איז איר געגאַנגען דערין. אַז איר קאָנקורענטקע, די פאַרהאַסטע סאַבינע, זאָל דאָס געלט נישט האָבן.

נאָכן פאַרניכטן דאָס געלע שטיקל פּאַפּיר — די צוואה — וואָלט סאַבינע דאָס געלט מער נישט געקאָנט אָפּנעמען.

דאָס געלט וועט דאַן געהערן צו לעאָנען.

טאָמער ווידער וועט עס לעאָן אַוועקגעבן סאַבינען — הייסט הייסט זי דאָך דערויף רעגינע.

זי וועט זיך שוין אַ נעם טאָן צו אים און זיך מיט אים אַן עצה געבן.

רעגינע האָט גענומעז גענוי באטראַכטן דעם שלאָס פון דער קאַסע. דערנאָך האָט זי גענומען זוכן דעם פּאַסיקן שליסל.

באַלד האָט זי אַנטדעקט אַ וויכטיקן סוד: דער שלאָס פון העטריקס קאַסע איז געווען פונעם זעלבן סיסטעם, וואָס דער שלאָס פון לעאָנס אייזערנער קאַסע.

זי האָט אים דערי־בער גאַנץ לייט געעפנט.

באַלד האָט זי געעפנט די שווערע אייזערנע טיר און פאַר אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן שימערן און בלישטשען טייערע איידל־שטיינער...

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 64

אַ ווײַלע איז די כיטרע, גייציגע רעגינע געשטאַנען און זיך אײַנגעקוקט מיט אַנטציקונג...

אָבער באַלד האָט זי געגומען דאָרט זוכן דאָס פאַרגעלטע שטיקל פּאַפּיר...

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און זי האָט עס געפונען.

זי האָט זיך אײַנגעקוקט אין דעם דאָזיקן פאַרגעלטן פּאַפּיר, וואָס האָט אין זיך פאַרמאָגט דעם כוח עמעצן רײַך צו מאַכן.

„אָט דאָס דאָזיקע שטיקל פּאַפּיר קאָן פאַרוואַנדלען די קבצנטע, די שוועסטער סאַבינע, אין אַ רײַכע פרײַלין". — האָט רעגינע געטראַכט. — „מיט וועלכע רעכט? פאַרוואָס קומט עס איר?"

„דאָס איז דאָך די ירושה פון מײַן מומען!".

אין רעגינעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן גרינע האַס-פײַערלעך...

„ניין! דאָס טאָר נישט געשען! איך וועל דערצו בשום אופן נישט דערלאָזן!".

אַזוי האָט רעגינע געטראַכט.

פאַרנומען מיט אירע געדאַנקען, האָט זי גאָרנישט געהערט, ווי די טיר פון קאַבינעט עפנט זיך לײַכט.

אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס צו דער טיר, פאַרטיפט מיט די אויגן אינעם געלן שטיקל פּאַפּיר — האָט זי גאָרנישט געזען.

זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט דאָס פאַרגעלטע פּאַפּיר.

„פאַרניכטן דאָס דאָזיקע פּאַפּיר און צונעמען בײַ סאַבינען די רעכט אויף דער ירושה"... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און שוין אַ נעם געטאָן דעם בויגן איבערצורײַסן.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט אַ שטאַרקע מענערישע האַנט זיך אַרויפגעלייגט אויף איר אַקסל.

רעגינע האָט אַ ציטער געטאָן.

זי האָט זיך אײַנגעאַנצן אײַנגעקאָרטשעט, גלײַך די האַנט אויף איר אַקסל וואָלט זי אַראָפּגעדריקט, ווי אַ שווערע לאַסט.

זי איז בלאַס געוואָרן, ווי קרייד, אירע אויגן זענען קײַלעכיק געוואָרן פון שרעק...

פון דער שרעק איז זי ווי פאַרגליווערט געוואָרן און איז נישט אומשטאַנד געווען זיך אַ ריר צו טאָן פון אָרט.

אַפילו אויסדרייען זיך און אַ קוק טאָן, ווער עס האָט אויף איר

די האַנט אַרויפגעלייגט, איז זי נישט געווען אימשטאַנד.

איבעריקנס האָט זי סיי־ווי פאַרשטאַנען, ווער עס שטייט איצט נעבן איר.

באַלד האָט זי אויך דערהערט הענריקס שטים.

— דאָס איז זייער אימפּאָנירנד. — האָט ער געזאָגט מיט אַ גיפטיקן שפּאָט — מאַדאַם רעגינע קייזערשטיין אין דער ראָל פון אַ קאַסע־ברעכערין. כאַ־כאַ...

הענריק האָט אַרויסגעצויגן פון רעגינעס האַנט דעם פאַר־געלטן בויגן פּאַפּיר.

— דאָס האָט מען מיר געגעבן צו באַהאַלטן. — האָט ער געזאָגט — און איך וועל עס מוזן אָפּגעבן, ווען מען וועט עס פאָדערן פון מיר...

ענדלעך האָט רעגינע זיך אויסגעדרייט און מיט צעשראָקענע אויגן אַ קוק געטאָן אויף הענריקן.

זיין בליק — אַ קאַלטער, אַ פרעמדער — האָט זי דורכגע־שפּיזט אין גאַנצן. אינעם דאָזיקן אייז־קאַלטן בליק איז געלעגן אי פאַראַכטונג אי ווידערווילן.

רעגינען האָבן די פיס אָנגעהויבן ציטערן, ווי דער באָדן וואָלט זיך געוואקלט אונטער זיי.

„צי וועל איך נישט אומפאַלן״?... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

זי האָט געמוזט זיך שטאַרק אָנשטרענגען, כדי צו דערהאַלטן זיך אויף די פיס...

הענריק האָט דאָס באַמערקט.

ער האָט איר דאַן דערלאַנגט זיין אָרעם.

— ביטע... — האָט ער געזאָגט.

הענריק האָט באַלד דערפילט דורכן דינעם שטאָף פון זיין פּיזשאַמע די אָנגענעמע וואַרעמקייט פון רעגינעס אָרעם...

זי האָט אין גאַנצן געציטערט.

— ס׳איז דיר מסתמא קאַלט? — האָט הענריק צאַרט געפרעגט.

ער האָט זי צוגעפירט צו דער קאָזעטקע, וועלכע איז געשטאַנען אין קאַבינעט. ער האָט זי דאָרט אַוועקגעזעצט און פאַרדעקט אירע פּלייצעס מיט אַ וואָלענעם קאָץ.

רעגיניע האָט אָבסערווירט מיט שרעק און אומרו הענריקס רו־איקייט.

„האָב איך שוין נישט קיין שום רייץ פאַר אים?" — האָט זי געטראַכט.

זי האָט געדענקט, ווי די מינדעסטע באַרירונג פון איר האַנט פלעגט שוין אין אים אויפקאָכן די לײַדנשאַפט.

און איצטער?.

איצט איז זי געלעגן פאַר אים אַ האַלב־נאַקעטע, אַ גרייטע, אַ וואַרטנדיקע...

און ער?....

ער איז קאַלט ווי אײַז...

ער קוקט אויף איר. אָבער אַזוי ווי מען קוקט אויף אַ שיינער מאַרמאָרענער פיגור.

אָן לײַדנשאַפט, אָן היץ...

בלויז מיט נײַגעריקייט און אָפּשאַצערישער מבינישקייט...

פאַר רעגינען איז עס געווען אַ רעטעניש.

„האָב איך מיטאַמאָל פאַרלוירן פאַר אים יעדן רייץ?"... — האָט זי געטראַכט מיט שרעק — „דאָס איז דאָך אומגלויבלעך".

אָבער ווי אונמגלויבלעך דאָס איז נישט געווען פאַר רעגינען, איז עס דאָך געווען אַ פאַקט.

איר מאָראַלישער פּרצוף, וועלכער האָט זיך איצט פאַר אים אַנטפּלעקט אין דער גאַנצער העסלעכקייט, האָט אים אָפּגעשטויסן פון איר.

דער מאָראַלישער ווידערווילן איז אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פיזישן עקל.

איצט האָט דאָך איר פאַרברעכערישער כאַראַקטער זיך אַנט־פּלעקט פאַר אים אינגאַנצן אַ נאַקעטער.

קיין שום פאַרענטפערונג האָט ער מער נישט געפונען פאַר איר...

אין איר שרעקלעכער געלט־גייציקייט און נקמה־דורשט האָט זי זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר אַזאַ מיאוסער טאַט, ווי גנבה...

„ווי העסלעך"! — האָט הענריק געטראַכט — מען דאַרף דאָך זײַן געמיין אויפן העכסטן גראַד, כדי אויסצונוצן יענעמס גאַסט־פרײַנטלעכקייט און אין שלאָף אים באַגנבענען".

„ווי אַזוי האָט זי געקאָנט דאָס טאָן קעגן מיר? ווען איר פלאַן געליגגט איר און איך ווייס נישט וועגן דעם, וואָס וואָלט

איך געענטפערט לעאָנען, ווען ער פאָדערט צוריק דאָס באַהאַל־טענע?״...

הענריק הקאָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן רעגינען.

— איך מוז דיר זאָגן, רעגינע, — האָט ער אָנגעהויבן, — אַז איך בין פשוט צעשמעטערט. שטעל דיר פאָר, א פרוי, וועלכע איך האָב מיט אַ ווײַלע פריער פאַרגעטערט...

— און איצטער פײַניקסטו זי ?.. — האָט רעגינע גיפטיק אַ זאָג געטאָן.

— איך ? בין איך אַלזאָ שולדיק ? — האָט הענריק געפרעגט מיט פאַרוווּנדערונג.

— דו האָסט איר נאָכשפּיאָנירט... — האָט זי געזאָגט מיט ביטערניש.

— דו האָסט מיך געהאַלטן פאַר צו נאַריש. — האָט הענריק גיפטיק געענטפערט — האָסטו לײַדער געמאַכט. אַ טעות אין חשבון...

— איך ווייס נישט, וואָס דו מיינסט דערמיט צו זאָגן.

— שוין ביי דעם אָונטבערויט האָב איך באַמערקט, אַז דו גרייטסט זיך צו עפּעס...

— נו, געוויס. האָט רעגינע ציניש באַמערקט. — אײדער מען טוט עפּעס, גרייט מען זיך פריער צו טאָן.

און דאָס איז דאָס ערגסטע פאַר דיר. — האָט הענריק אויסגערופן — עמעץ באַגייט אַמאָל אַ פאַרברעכן.

— אַ פאַרברעכן. — האָט רעגינע איבערגעחזרט.

— אפשר שאַץ איך נישט ריכטיק אָפּ. קאָן זיין, אַז לויט עמעץ אַנדערש מאָראַלישע באַגריפן איז גנבה נישט קיין פאַרברעכן.

—— הענריק! - האָט רעגינע אויסגערופן מיט אַ פאַר־שטיקטער שטים.

— לאָז מיך אויסרעדן! עמעץ באַגייט אַמאָל אַ פאַרברעכן, ווייל אַ בייזער געדאַנק איז אים באַפאַלן אין אַ שוואַכער מינוט. דו האָסט עס געטאָן באַרעכנטערהייט...

— צי האָב איך דיר דען געוואָלט שלעכטס טאָן? — האָט זי געכליפּעט.

— און אַריינשיטן אַ שלאָף־מיטל אין וויין אַריין? דאָס הייסט גוטס טאָן!... און וואָס וואָלט איך געענטפערט לעאָנען, ווען ער פאָדערט צוריק דאָס באַהאַלטענע ?...

— צווייפלסטו אין מיין ליבע צו דיר ?...
— געוויס,,, דיין באַהוך היינט ביי אונדז האָט געהאַט אַ ציל. נישט צו מיין מוטער און נישט צו מיר ביזטו געקומען, נאָר...
— נישט אמת! — האָט רעגינע איבערגעריסן הענריקס רייד.
— פאַר אַלעם האָט מיך צו דיר געטריבן די לײַדנשאַפט.
זי האָט אויסגעצויגן אירע נאַקעטע אָרעמס צו הענריקן... די ווייסקייט פון איר האַלב־נאַקעטן קערפּער האָט געלויכטן אין דער האַלב־טונקלקייט פונעם צימער...
— טייערער! — האָט זי אויסגערופן — זיי נישט אַזוי האַרט צו מיר... איך בעט דיך: אַ ביסעלע צאַרטקייט.
זי האָט לײַדנשאַפטלעך פאַרמאַכט די אויגן און געשעפּטשעט:
— אַ ביסעלע צאַרטקייט...
אָבער הענריק איז געבליבן קאַלט...
— צו שפּעט... — האָט ער געזאָגט — איך האָב צופיל געזען... און דאָס געזעענע... איז אָפּשטויסנדיק...
— וואָס? וואָס? — איז רעגינע אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט און געצאַפּלט אין גאַנצן פון צאָרנדיקער אויפרעגונג, — וואָס האָסטו געזען?
הענריק האָט געשמייכלט איראָניש.
— נו... רעג זיך נישט אַזוי אויף, רעגינע... זע דו ביזט טיילמאָל אַזוי אומפאָרזיכטיק. דו האָסט גאָרנישט באַמערקט, אַז איבערן פאָרטעפּיאַן הענגט אַ שפּיגל.
— אַנטקעגן וואָס דערציילסטו דאָס ?
— קעגן דעם, אַז ווען דו האָסט אַרײַנגעשיט דעם פּראָשעק אין מײַן ווײַן, האָט דער דאָזיקער נידערטרעכטיקער שפּיגל דיר מיאוס פאַרראַטן...
— אָבער צו וואָס אַזאַ גיפטיקע איראָניע? — האָט רעגינע געפרעגט.
ס'איז די איראָניע פונעם שיקזאַל... — האָט הענריק געענטפערט — איך האָב דיר ליב געהאַט.
— דו האָסט מיך ליב געהאַט און מיר נאָכשפּיאָנירט, האַ?...
רעגינע האָט אינגאַנצן געציטערט פון צאָרן.
— איך?... — האָט הענריק אַלץ געחוזקט — דאָס האָט דער

שפּיגל... ווען דו האָסט זיך אומגעקוקט צו מיין מוטער, וועלכע האָט צעפּעליק אויסגעגאָסן איר וויין, האָב איך שנעל מיין וויין געביטן...

רעגינע האָט געשוויגן...

מיט וואָס קאָן זי זיך איצט פאַרטיידיקן? זי איז פולשטענדיק דעמאַסקירט...

העגריק האָט ווייטער דערציילט:

— איך בין געלעגן וואַך אין מיין בעט און בלויז זיך געמאַכט שלאָפן, ווען דו ביזט אַריינגעקומען. איך האָב געזען אַלץ, וואָס דו טוסט... איך האָב דיר אָבער געוואָלט כאַפּן ביי דער האַנט...

העגריק איז אַנטשוויגן געוואָרן.

רעגינע, וועלכע איז ביז איצט געזעסן און שטיל געוויינט, האָט אָנגעהויבן צו כליפּען אויפן קול...

העגריק האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט מיטלייד.

אָבער איצט, ווען איר צויבער איז שוין געווען פון אים אָפּגעטאָן האָט ער זי שוין געזען דורך און דורך...

„אירע טרערן זעגען גישט קיין טרערן פון חרטה"... — האָט ער אָפּגעשאַצט אין געדאַנק — „דאָס זענען בלויז טרערן פון צאָרן און פאַרביסנקייט".

— מער האָב איך דיר גאָרנישט צו דערציילן. — האָט העג־ריק צוגעגעבן.

— גאָרנישט?... — האָט זי געפרעגט מיט פאַרצווייפלונג.

— סיידן דאָס, אַז די זעלבע האַנט, וואָס האָט מיר היינט גע־ברענגט די ביטערסטע אַנטוישונג אין דיר, האָט מיך אויך אויס־געהיילט פון מיין ליבע צו דיר?

— ליבסטו מיך נישט מער! — האָט רעגינע אויסגע־שריגן.

זי איז צו אים צוגעשפּרונגען, ווי אַ קאַץ, אַרומגעכאַפּט אים מיט אירע נאַקעטע אָרעמס און געדריקט איר ברוסט צו זיינער...

— ליב מיך... ליב מיך... — האָט זי געשעפּטשעט און געזוכט זיין מויל מיט אירע ליפּן — איך ווער פאַרברענט פון ליידנשאַפט צו דיר...

אָבער העגריק האָט זיך פון איר אָפּגערוקט.

ער האָט גענומען גיין צו דער טיר...

רעגינע איז דאָן צוגעשפּרונגען צו דער טיר און אים פאַרשטעלט דעם וועג.

— הענריק! הענריק! — האָט זי זיך געבעטן ביי אים מיט אַ האַרצנרייסנדיקער שטים — פאַרלאָז מיך נישט! — ברענג מיר נישט אום! איך וועל עס נישט איבערהאַלטן!

הענריק איז שטיין געבליבן אַ געריר־טער פון איר פאַרצווייפלונג.

— הער מיך כאָטש אויס! — האָט רעגינע זיך געבעטן.

— רעגינע, זאָג אַליין: מיט וואָס קענסטו זיך דען פאַרטיידיקן?

— האָט הענריק געפרעגט. —רעד, איך וועל דיר אויסהערן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט איינער קעגן אנדערן.

— איך פאַרשטיי. — האָט רעגינע אָנגעהויבן — דו האָסט מיך געכאַפּט ביי דער האַנט...

— געוויס...

— אָבער צי קאָן מען פאַראורטיילן אַ מענטש, נישט נאָכפאָרשנדיק די סיבה פון זיין טאַט?

— יאָ... איך האָב דיר שוין דערציילט וועגן מיינע איבערמענטשלעכע ליידן... צי קאָן אַ קראַנקער זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע טאַטן? ווען איך דערמאָן זיך אָן סאַבינען...

— וואָס האָסטו צו סאַבינען? — האָט הענריק זיך געוווּנדערט — וואָס איז זי שולדיק, אַז לעאָן האָט זי ליב און זי אים?... זי האָט דאָך אים ביי דיר נישט צוגענומען, נאָר פאַרקערט?...

— איך ווייס, אַז עס איז אַזוי... — האָט די כיטרע רעגינע צוגעגבן — אָבער איך קאָן זיך נישט באַפרייען פונעם געדאַנק, אַז סאַבינע איז מיין ערגסטער פיינט...

— פאַרוואָס זאָלסטו אזוי טראַכטן?

— איך זאָג דאָך דיר, אַז דאָס איז אַ קראַנקהייט... איך האָב זי שרעקלעך פיינט און וואָלט געוואָלט אָן איר נקמה נעמען...

— נקמה נעמען? פאַרוואָס?

— זי האָט דאָך מיר צוגענומען מיין מאַנס האַרץ...

— אָבער דו האָסט דאָך לעאָנען נישט ליב?

— האָט זי דאָך אויך דיין האַרץ צוגענומען.

הענריק האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ... די דאָזיקע ווערטער אָבן אויפגעריסן די שוין פאַרהיילטע ווונד אין זיין האַרץ...

— איך האָב אונטערגעהערט זיין שמועס מיט לעאָנען. איך האָב אויסגעהערט דעם ציטער פון דיין שטים, ווען דו האָסט אַרויסגע־זאָגט דעם נאָמען סאַבינע...

— דו האָסט אונטערגעהערט, זאָגסטו? פאַרוואָס האָסטו עפּעס אונטערגעהערט אונדזער שמועס?... האָט הענריק געפרעגט מיט פאַרדאַכט.

— ווייל איר האָט גערעדט וועגן סאַבינען. האָט רעגינע געענט־פערט — דעמאָלט האָב איך זיך דערוווסט, אַז דו האָסט גענומען צום באַהאַלטן די דאָקומענטן...

— נו, ביסטו געקומען זיי אַרויסגנבענען?...

— רעד נישט אַזוי, הענריק... נישט די גייציקייט האָט מיך אַהערגעבראַכט, נאָר דער האַס צו סאַבינען. איך האָב נאָר געוואָלט ביי איר דעם אוצר אַרויסרייסן...

— האָסטו זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר גנבה?...

— איך בין געטריבן געוואָרן פון עפּעס אַ געהיימער קראַפט, וועלכער איך האָב זיך נישט געקענט קעגנשטעלן. איך בין או־גליקלעך... איך ווער אויפגעפרעסן פון מיינע ליידנשאַפטן...

הענריק האָט געשוויגן.

געריהרט פון אירע רייד, האָט זי אָבער דאָך מער נישט געקאָנט אַרויסרופן זיין צוטרוי.

„די דאָזיקע פרוי איז פעאיק אָפּצוטאָן אפילו דאָס ערגסטע" — האָט ער געטראַכט — „אפילו אַ פאַרברעכן".

— דו פאַראַכטעסט מיך, הענריק. — האָט רעגינע ביטער געזאָגט.

— איך וויל נישט אורטיילן איבער דיר... — האָט הענריק זיך ענדלעך אָפּגערופן — איך אַליין בין אויך נישט ריין פון זינד...

— וואָס הייסט? — האָט רעגינע זיך געוווּנדערט.

— בין איך דען נישט גרייט געווען צו פאַרראַטן מיין בעסטן פריינט?.

— פאַרראַטן?.

— געוויס... פאַרראַטן... איצטער באַדויער איך עס.

— דו באַדויערסט?...

— יאָ.

אַ ווײַלע זענען ביידע געזעסן שטילע.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט הענריק אַ זאָג געטאָן:

— הער רעגינע. אויב דו ווילסט, קענען מיר אויף ווײַטער בלײַבן פרײַנט. אָבער נאָר פרײַנט... אַז מיר זאָלן נישט דאַרפן אין לעאָנס אָנוועזנהײט אַראָפּלאָזן די אויגן פון בושה...

— נאָר פרײַנט. — האָט רעגינע ביטער איבערגעחזרט.

— דערפאַר וועל איך זיך באַמיען צו פּועלן ביי לעאָנען, אַז ער זאָל זײַן אויפמערקזאַמער צו דיר.

רעגינעס געזיכט איז רויט געוואָרן פון צאָרן.

— איך דאַנק דיר זייער. — האָט זי גאַליק געזאָגט — דאָס איז אַלץ? מער האָסטו מיר גאָרנישט צו זאָגן?

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!... — האָט רעגינע זיך פאַרפירעריש צעלאַכט — דו ביזט אַ פּחדן... האָסט מורא פאַר לעאָנען... הא?... איך האָב געמײנט, אַז דו ביזט אַ מאַנספּערשוין. אָבער....

— הער אויף, רעגינע — האָט הענריק בייז אויסגערופן.

אָבער רעגינע האָט נישט געענדערט איר טאָן.

— ביזט אַ נישטיקער פּחדן! אַ לעמעשקע! — האָט זי אויס־גערופן און אַרויסגעלאָפן פון קאַבינעט...

הענריקן האָט דער דאָזיקער היסטערישער אויסברוך נישט פאַרוואונדערט.

„רעגינע פילט זיך איצט צעטרעטן און צעבראָכן. ווען זי זאָל נישט אַזוי־אַרום אַרויסשרײַען איר ווייטאָג, וואָלט זי פון זינען אַראָפּ"... — האָט הענריק געטראַכט.

רעגינע איז אַרײַנגעלאָפן אינעם גאַסטצימער און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר בעט...

זי האָט געצאַפּלט אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין.

דער אומבאַהאָלפענער צאָרן האָט זי געפרעסן, ווי אַ זשאַווער...

צומאָרגנס, ווען רעגינע האָט זיך באַוויזן אינעם עס־צימער פון די זאַלצבערגס צום פרישטיק, האָט די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג שיער־נישט אויסגעשריגן פון שרעק.

רעגינע איז געווען שרעקלעך בלאַס... אירע אויגן זענען געווע; אונטערגעצייכנט מיט בלויע שטרייפן...

— וואָס איז דיר, מיין קינד? — האָט די אַלטע מאַדאַם זאלצ־בערג געפרעגט רעגינען — צו ביסטו נישט חלילה, אַמאָל קראַנק?...

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט רעגינע זיך כלומרשט געוווּנדערט.

— זע נאָר, ווי דו זעסט אויס!

— דאָס איז שולדיק דער שאַמפּאַניער, וועלכן כ׳האָב נעכטן אין אָוונט געטרונקען. — האָט רעגינע געזאָגט מיט אַ שמייכל — איך האָב צוליב דעם נישט געקאָנט שלאָפן...

הענריק איז בײַם פֿרישטיק נישט געווען...

— ער האָט מיך געבעטן, זי אַנטשולדיקן פֿאַר דיר, — האָט די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג פֿאַרענטפֿערט אין זון, — ער איז היינט זייער פֿאַרנומען געשעפֿטלעך...

— איך פֿאַרשטיי... — האָט רעגינע באַמערקט.

— איך מוז דיר אָבער זאָגן, רעגינע. — האָט מאַריע זיך געקלאָגט, — אַז מיין זון איז שוין צופֿיל פֿאַרנומען מיט זיינע געשעפֿטן. ער איז אַ יונגערמאַן און דאַרף אויך געניסן פֿון לעבן...

— וואָס מיינסטו איר דערמיט? — האָט רעגינע געפֿרעגט.

— נו, ער זאָל למשל, חתונה האָבן... ער טראַכט גאָרנישט וועגן דעם. עס טראַכט זיך מיר, אַז ער זוכט צומאָל נישט די געזעלשאַפֿט פֿון פֿרויען.

— אַזוי מיינט איר?

— דו ביזט אַן אויסנאַם, רעגינע... איך האָב אים שוין לאַנג נישט געזען אַזאַ פֿריילעכן, ווי נעכטן אין דיין געזעלשאַפֿט. און אפֿילו היינט האָט ער זיך אַרויסגעריסן צו די געשעפֿטן...

די אַלטע מאַריע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט זי צוגעגעבן:

— נאָר ער איז דאָך זיכער, אַז ער וועט דיך זען ביים מיטאָג.

— אַך, ניין! איך דאַנק אייך זייער... — האָט רעגינע געזאָגט — דאָס איז אוממעגלעך...

— פֿאַרוואָס אוממעגלעך...

— איך בין שרעקלעך אומרואיק. ס׳האָט מיר די נאַכט געחלומט וועגן לעאָן. ער איז זיכער שוין אַהיימגעקומען... ער וועט זיין אומרואיק צוליב מיר.

— הענריק וועט האָבן שטאַרק עגמת־נפֿש... — האָט מאַריע געזאָגט — ער וואָלט דיך געוואָלט באַגלייטן. וואַרט, ביז ער וועט קומען...

אָבער רעגינע האָט זיך אַנטשלאָסן געהאַלטן ביי דאָס איריקע. זי האָט אָפּגעדאַנקט דער מאַדאַם זאַלצבערג פֿאַר איר האַר־

ציקער אויפנאַמע און אַראָפּגעשיקט די דינסט באַשטעלן אַן אויטאָ.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל פון אַן אויטאָ, וועלכער איז פאַרפאָרן פאַרן טויער.

רעגינע האָט זיך אײליק אָפּגעזעגנט און געקושט מיט דער מאַדאַם זאַלצבערג. זי האָט פאַרלאָזט איר וווינונג.

מאַריע האָט געהאַט שטאַרק עגמת־נפש.

„רעגינע האָט זיך געפילט באַליידיקט פון הענריקן“... — האָט זי געטראַכט. — „ער האָט טאַקע נישט טאַקטיש געהאַנדלט“...

ווען דער אויטאָ, אין וועלכן רעגינע איז געזעסן, האָט אַ ריר געטאָן פון אָרט, האָט רעגינע ערשט פרײַ אָפּגעאָטעמט.

ענדלעך האָט זי געקאָנט פון זיך אַראָפּוואַרפן די פאַלשע העפ־לעכקייטס־מאַסקע...

אין איר האַרץ האָט איצט געבושעוועט אַ ווילדער צאָרן.

— ער איז אַ כאַם, דער הענריק! — האָט זי געגרעדט צו זיך אַליין און געקריצט מיט די ציין פאַר צאָרן — וואָס פאַר אַ געמיינהייט אַזוי זיך אויפצופירן קעגן מיר!...

דאָס מיאוסע שטיקל אַרבעט, בײַ וועלכן הענריק האָט זי בײַנאַכט געכאַפּט, האָט זי גאָר געהאַט פאַרגעסן.

זי האָט זיך איצט געפילט שטאַרק באַעוולט פון אים.

— דער דאָזיקער גאָרנישט האָט די חוצפה זיך צו קרימען מיט מײַן ליבע...

אַך, ווי גרויזאַם זי וואָלט זיך אָן אים נוקם געווען, ווען זי האָט נאָר די מעגלעכקייט דערצו!

אָבער וואָס האָט זי אים געקאָנט טאָן ?... גאָרנישט.

האָט רעגינען טאַקע געפרעסן דער אומבאַהאָלפענער צאָרן...

ענדלעך איז זי פאַרפאָרן פאַר איר פּאַלאַץ.

זי איז אויסגעשטיגן פונעם אויטאָ און באַצאָלט דעם שאָפער.

עס האָט זיך דערהערט אַ סיגנאַל און דער אויטאָ איז אָפּגע־פאָרן.

קיינער איז נישט אַרויסגעקומען רעגינען באַגעגענען, ווײַל קיי־נער האָט זיך איצט נישט געריכט אויף איר קומען.

זי איז אַרײַן אין פּאַלאַץ און אַ פרעג געטאָן דעם דינער, וואָס איז געשטאַנען בײַם אַרײַנגאַנג :

— האָט דער פאַן זיך שוין אומגעקערט ?

— ניין, פּראָשען פאַני! — האָט דער דינער געענטפערט.
קיין בריוו פון לעאָנען איז אויך נישט געהאַט אָנגעקומען.
„דאַרף איך זיך אַלזאָ היינט נאָך נישט ריכטן אויף אים". — האָט רעגינע געטראַכט מיט צופרידנקייט.
זי האָט איצט געבענקט נאָך דער איינזאַמקייט.
איר האַרץ האָט געווייטיקט און געבלוטיקט פון באַליידיקונג.
זי האָט געוואָלט אין דער איינזאַמקייט אויסטראָגן איר ווייטיק.
זי איז אַריין אין איר בודואַר, פאַררויכנדיק אַ פּאַפּיראָס, זיך געוואָרפן אויף דער קאָזעטקע.
אַ שטאַרקע מידקייט האָט איצט אַרומגענומען אירע ביינער.
די אויגן־דעקלעך זענען איר געוואָרן שווער, ווי בליי...
זי האָט אָנגעהויבן איינצודרעמלען...
אָבער אין דעם מאָמענט האָט די טיר זיך לייכט געעפנט און עמעץ איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר.
רעגינע האָט געעפנט די אויגן און האָט אַ געשריי געטאָן פון איבערראַשונג...

## קאַפּיטל ניין און זיבעציק

# אַ געפערלעכע באַגעגעניש . . .

אַנדזשען איז דאָס האַרץ אַנטפאַלן פון שרעק, ווען זי האָט פאַר זיך פּלוצלונג דערזען סאַלאַמאַנען...
זי האָט פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַר אַ געפאַר זי געפינט זיך איצט.
געפינען זיך מיט סאַלאַמאַנען ביינאַכט טיף אין סאָד, ווייט פון הויז, איז געווען דאָס זעלבע, ווי אַריינפאַלן אין אַ וואָלפס־הייל...
„פון דאַנען וועט מען אפילו נישט הערן מיין שרייען"... — האָט אַנדזשע געטראַכט און אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען איר לייב.
אַנדזשע האָט אָנגעהויבן שנעל צו לויפן, כדי וואָס נענטער צוצוקומען צום הויז, אַז מען זאָל כאָטש קאָנען דערהערן אירע געשרייען...
אָבער סאַלאַמאַן האָט איר באַלד פאַרשטעלט דעם וועג...

— וואָס איילסטו זיך אַזוי, אַנדזשעלע ?... — האָט ער אַ פרעג געטאָן און צוגעבויגן צו איר זיינע גליענדע אויגן — אַליין? אַזוי שפּעט ?...

— ס'מאַכט נישט... איך... האָט אַנדזשע געשטאַמלט און נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם פון שרעק.

— האָסט באַגלייט דיין חתן, הא?

— יאָ... אָבער איך מוז זיך איצט איילן. די מאַדאַם וועט נאָך שרייען...

— נו, האָב קיין מורא נישט. — האָט סאלאמאן זי בארואיקט — איך וועל זיך שוין אָננעמען פאַר דיר.

סאלאמאנס גוטהאַרציקייט איז אַנדזשען נישט געפעלן. איר האַרץ האָט נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צו קלאַפּן...

— קום, לאָמיר זיך דאָ אַביסל אַוועקזעצן אויף דער באַנק...

— האָט סאלאמאן פאָרגעשלאָגן אַנדזשען.

— ניין!... נאָך וואָס!... האָט אַנדזשע געשטאַמלט.

— נו... מיר וועלן שמועסן אַביסל. — האָט סאלאמאן גע־ענטפערט און געפרוווט אַרומנעמען אַנדזשען ביי דער טאַליע...

— ניין... ניין... לאָזט אָפּ. — האָט אַנדזשע זיך געווערט — איך האָב אַ חתן.

— חתן. וואָס איז ער, דער חתן דיינער? אַ שניעק. אַ לאַ־טעק מיט צעריסענע הויזן. אַז דו וועסט חתונה האָבן מיט אים, וועסטו אין פינף יאָר זיין אַ צעקנייטשטע יידענע.

— אָבער וואָס ווילט איר? לאָזט מיך אָפּ. — האָט אַנדזשע זיך געבעטן.

— וואָס איך וויל? איך וויל, אַז דיר זאָל גוט זיין... איך וועל דיר מאַכן זיידענע קליידער. איך וועל דיר קויפן צירונג... דיר מיטנעמען אינעם טעאַטער אַריין.

— איך דאַנק אייך. איך דאַנק אייך. איך וויל נישט...

סאלאמאן האָט זיך דערנענטערט צו איר, זי פלוצלונג אַ כאַפּ אַרום געגעבן און זי צוגעדריקט צו זיך..

אַנדזשע האָט זיך געווערט מיט אַלע כוחות. זי האָט זיך גע־וואָרפן ווי אַ פיש אין דער נעץ.

אָבער סאלאמאן האָט זי פעסט געהאַלטן אין זיינע אָרעמס, ווי אין אייזערנע צוואַנגען.

זי האָט געזעה, אַז זי וועט זיך פון זיינע הענט נישט אַרויסרייסן. האָט זי דאַן צוגעבויגן איר קאָפּ צו זיין אָרעם און זיך טיף איינגעביסן אין זיין לייב...

סאלאמאן האָט איצט אַ געשריי געטאָן פון שרעקלעכן ווייטאָג און זי אָפּגעלאָזט.

אַנדזשע האָט דאַן גענומען לויפן...

לויפנדיק אַזוי איז דער פינצטערניש, האָט זי זיך פאַרטשעפּעט אין אַ וואָרצל פון אַ בוים און אומגעפאַלן.

זי האָט אָנגעהויבן שרייען מיט אַלע כוחות, אָבער קיינער האָט איר געשריי נישט געהערט.

די פאַרצווייפלונג פון דעם אָרעמען מיידל איז געווען אַ שרעקלעכע.

זי איז געווען אַ קינד פון אָרעמע עלטערן. זי האָט גאָרנישט פאַרמאָגט, אַ חוץ איר אָפּגענוצטן ביליקן קליידל.

אָבער איין זאַך האָט זי פאַרמאָגט, וואָס איז איר טייערער געווען, ווי אַלע אוצרות אין דער וועלט — דאָס איז געווען איר מיידלשע ריינקייט און צניעות...

און אָט איז ער ווידער אָנגעלאָפן, דער געלער יונג, צעווילדעוועט פון ליידנשאַפט, ווי אַ חיה.

ער האָט זי ווידער איינגעקלאַמערט אין זיינע אייזערנע אָרעמס. ווי אין צוואַנגען.

— דו וועסט זיך פון מיר נישט אַרויסדרייען! האָט ער סאַפּענדיק געברומט, ווי אַ בער — דו מוזט זיך מיר איבערגעבן!

דאָס אומגליקלעכע מיידל איז שוין געווען הייזעריק פון שרייען. אירע הענט זענען מאַכטלאָז אַראָפּגעהאָנגען.

אירע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט אין אַלע זייטן. זי האָט געזוכט הילף.

אָבער ווער קאָן איר דאָ העלפן?

נאָר פלוצלונג האָט זיך פון איר האַלדז אויסגעריסן אַ געשריי פול מיט פרייד און פאַרצווייפלונג צוגלייך:

— מאָניעק! מאָניעק!... — האָט זי געשריגן מיט די לעצטע כוחות. — ראַטעווע מיך!...

ווי דורך אַ נס פון הימל איז פלוצלונג אויסגעוואַקסן, ווי פון דער ערד, מאָניעקס שלאַנקע געשטאַלט.

ווען מאַניעק האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט אַנדזשען און גענומען אַהיימגיין, איז אים פּלוצלונג באַפאַלן אַ געפיל פון אומרואיקייט.
„ווער ווייסט, צו דער געלער בער וועט נישט טרעפן אַנדזשען אַהיימגיין. נו, וואָס? וועט ער זי מער שוינען, ווי סאַבינען?" — האָט מאַניעק זיך געטראַכט.
ער האָט אַלזאָ, גענומען גיין צוריק...
ווען ער איז שוין געווען נישט ווייט פונעם גאָרטן פון די ווײַנ־שטיינס, האָט ער פּלוצלונג דערהערט אַ הילפס־רוף.
דאָס האַרץ האָט אים אַ האַסטיקן קלאַפּ געטאָן.
ער האָט גענומען לויפן...
באַלד האָט ער דערקענט די שטים — ס׳איז אַנדזשע...
דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין. ער האָט גענומען לויפן, ווי אַ משוגענער.
אָט איז ער שוין בײַם פּאַרקאַן פונעם גאָרטן. דאָס געשריי ווערט שטילער, הייזעריקער.
אָבער וואָס שטילער די שטים — אַלץ העכער קלינגט זי אָפּ אין זיין האַרץ און אין זיין מוח.
—גאָט מיינער! וואָס געשעט דאָרטן מיט אַנדזשען... — שעפּ־טשעט ער און קריכט דורך דורכן פּאַרקאַן.
אָבער איידער מאַניעק האָט באַוויזן צוצוקומען, האָט אַנדזשע אים שוין דערקענט אין דער פינצטערניש און זי האָט גענומען רופּ:
— מאַניעק! מאַניעק! ראַטעווע מיך!...
סאלאמאן האָט זי מאָמענטאַל אָפּגעלאָזט און ער איז געבליבן שטיין אַ פּאַרגליווערטער פון איבערראַשונג און שרעק.
אַנדזשע האָט. ווי אַ דערשראָקן פייגעלע, זיך אַ וואָרף געטאָן צו מאַניעקן.
מאַניעק טייערער. האַרציקער דו... גאָט אַליין האָט דיך צוגעשיקט, ווי אַ מלאך פון הימל. — האָט זי געשעפּטשעט, טו־ליענדיק זיך צו אים.
— וואָס איז? וואָס איז געשען? — האָט מאַניעק געפּרעגט.



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

**נומער 65**

— ער, דער דאָזיקער... ער איז מיך באַפאַלן... איך וואָלט עס נישט איבערגעהאַלטן. איך וואָלט זיך אין טייך אַרײַנגעוואָרפן, פונקט ווי בראָניע.

מאַניעק איז ווילד געווען פון רציחה ... זיינע אויגן זענען אים פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט...

הגם ער וואַרפט זיך איצט אויף סאַלאָמאָנען, וואָלט ער שוין נישט אַרויס קיין לעבעדיקער פון זיינע הענט...

צו ביידענס גליק האָט אַנדזשע געהאַלטן אַרומגעקלאַמערט מאַניעקן און ער האָט נישט געוואָלט אַרויסרייסן זיינע הענט פון

אַנדזשעס אומאַרמונג...

ענדלעך האָט מאַניעק אויסגערופן :

— איר־פיינער יונגערמאַנטשיק!. איך בין אַ פּראָסטער שלאָסער. איר זענט אַ געבילדעטער, איר זענט געגאַנגען אין די שקאָלעס... פונדעסטוועגן זאָג איך אייך: איר זענט אַ לומפּ און אַ געמיינער אויסוואורף!...

סאַלאָמאָן וואָלט שוין לאַנג געווען געמאַכט פליטה, ווען ער וואָלט נישט ווי געליימט געוואָרן פון שרעק. זיינע פיס האָבן געציטערט, ווי צווייגלעך אין ווינט...

זעענדיק אָבער, אַז מאַניעק רירט אים נישט אָן און רעדט נאָר צו אים, ווי צו אַ העכערן פון זיך, האָט ער געקריגן קוראַזש...

ער האָט זיך אויסגעגלייכט און געבלאָזן זיך ווי אַ האָן.

—יונגערמאַן — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — צו וועמען רעדסטו? מאַניעק איז אַרויס פון גלייכגעוויכט.

ער האָט צאַרט צענומען אַנדזשעס הענט און זיך באַפרייט פון אירע אָרעמס.

ווי אַ וואָלף האָט ער אַ שפּרונג געטאָן צו סאלאמאנען, אים אָנגעכאַפּט פאַר די לאַצן און גענומען טרייסלען מיט אים, ווי מיט

אַ לולב.

— דו... מנוול איינער!... אויסוואורף! — האָט ער ווילד געשריגן — צו וועמען איך רעד, ווילסטו וויסן? צו אַ פאַרשיוועץ האָסט רעד איך! שוצלאָזע מיידלעך וועסטו באַפאַלן?!

מאַניעקס מעכטיקע פויסט האָט זיך מיט דער גאַנצער קראַפט אַראָפּגעלאָזט אויף סאַלאָמאָנס געזיכט...

פון סאלאַמאָנס נאָז און ציין האָט אַ פליייץ געטאָן בלוט...

מאַניעק האָט ווידער אויפגעהויבן די פויסט...

אָבער אַנדזשע איז פלינק אַריינגעשפרונגען צווישן מאַניעקן און סאַלאָמאַנען...

— מאַניעק. דערבאַרעם זיך. לאָז אָפּ. — האָט זי אים געבעטן מיט אַ ציטערנדיקע שטים.

מאַניעקס געבוילטע דיימל איז געבליבן הענגען אין דער לופט...

אָבער אין דעם מאָמענט איז סאַלאָמאָן געקומען צו זיך.

נאָר פריער האָט ער אַרויסגעשלעפט די האַנט אין דער הויזנקעשענע און אַרויסגעצויגן אַ בלאַנקענדיקן ברוינינג...

אָנגעשטעלט דעם ברוינינג קעגן מאַניעקס ברוסט, האָט שוין סאַלאָמאָן געוואָלט אַ דריק טאָן דאָס צינגל.

אָבער אין דער מינוט האָט מאַניעק מיט איין שטאַרקן קלאַפּ אַרויסגעשלאָגן סאַלאָמאַנען דעם ברוינינג פון דער האַנט, וועלכער איז מאַכטלאָז אַראָפּגעפאַלן.

— דו... שניעק איינער... האָט מאַניעק אַ וואָרטשע געטאָן — די בריה זיך נישט מיט קיין רעוואָלווער.. נאָך איין מאָל, אַז דו וועסט זיך שטעפּען צו מיין אַנדזשען, וועל איך דיך אַוועקלייגן ווי אַ פּאַרשיווע הונט...

מאַניעק האָט זיך דערנענטערט צו סאַלאָמאַנען.

— און איצט — האָט ער אויסגערופן —— פּאַטאַל וואָף! מיט אַ פיין אונטערטאָן אַריבער...

סאַלאָמאָן האָט געציטערט, ווי אַ פיש...

ער האָט זיך גענומען אָפּטראָגן...

— דו זעסט?... — האָט איצט מאַניעק נאָכגעשריגן — און טאָמער וועסטו זיך פּרווון נוקם זיין אָן אַנדזשען אָדער אָן איר פאָטער, זאָלסטו געדענקען, אַז איך וועל דיר קיין איין גאַנצן ציין נישט לאָזן...

סאַלאָמאַנען האָבן געוואָרפן הענט און פיס. די ציין זענען אים זייער אַרויסגעשטאַרצטע פון מויל פּאָר גרויסע שפּיצן...

— ביסט געכאַפּט... — האָט ער גענומען שטאַמלען — אַזוי אויך, אַז בייגט זיך אַזאַ מיט פראָסטע בענטשן... אַז מען לייגט זיך נישט הינט. יעדער מען איז מיט פּליי.

ער האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער...

מאַניעק איז געבליבן אַליין מיט אַנדזשען.

אַנדזשע האָט גאַרנישט געקאָנט קומען צו זיך נאָך דעם שרעק־לעכן איבערלעבעניש. זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

מאַניעק האָט זי צאַרט אַנגענומען פאַר אַן אָרעם, צוגעפירט צו דער באַנק און זיך אויך אַוועקגעזעצט.

ער האָט זיך געזעצט נעבן איר.

אַנדזשע האָט זיך צו אים צוגעטוליעט.

— טייערער מיינער... האַרציקער... — האָט זי געשעפּטשעט — וואָס פאַר אַ גליק, וואָס דו ביזט פּונקט אָנגעקומען... איך האָב אַזוי מורא... עס האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן...

— זיי רואיק טייערע — האָט מאַניעק איר געגלעט איבער די האָר — האָב קיין מורא נישט. איך בין דאָך נעבן דיר.

— דו קענסט נישט דעם געלן... — האָט אַנדזשע אַלץ געצי־טערט פון שרעק — ער וועט זיך נוקם זיין...

אָבער מאַניעק האָט געשמייכלט.

— האָב קיין מורא נישט, טייערע! — האָט ער געזאָגט — איך גי בזיך שנעל אַן עצה מיט אַזאַ מין פּאַרשוין. נאָכן היינטיקן „קוט״, וואָס ער האָט פון מיר געקראָגן, וועט זיך אים מער נישט פאַר־גלוסטן...

מאַניעק האָט זיך אויפגעשטעלט.

— קום אַנדזשע, ס׳איז שוין שפּעט. דו האָסט שוין געדאַרפט זיין אין דיין בעל־הביתטעס הויז. קום, איך וועל דיך באַגלייטן ביז אַהין...

ווען אַנדזשע איז אַריינגעקומען אין דער מאַדאַם וויינשטיינס קיך, האָט זי דאָרט געטראָפן די מאַדאַם.

מאַדאַם וויינשטיין האָט אויף איר אַ בייזן קוק געטאָן, נישט אויסגערעדט צו איר קיין וואָרט און ארויס פון דער קיך.

מאַדאַם וויינשטיין איז איצט געווען שטאַרק אויפגערעגט און דענערווירט.

מיט אַ ווײַלע צוריק איז איר איינציקער געראָטענער זון צו־ריקגעקומען פון שפּאַציר אַ צעבלוטיקטער און מיט אַ געשוואָלן געזיכט... מאַדאַם וויינשטיין האָט אַזש אַ געשריי געטאָן פון שרעק.

— וואָס איז געשען, סאַלאָמאָן? סאַלאָמאָן!...

— נו, עס מאַכט נישט... — האָט ער געזאָגט — ס׳וועט מיר

גאַרנישט זײַן...

עס איז אַרײַן אין זײַן צימער און זיך דאָרט פֿאַרמאַכט...

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט זיך שטאַרק באַאומרואיקט.

„וואָס קאָן עס זײַן? וואָס איז עס מיט סאַלאָמאָנען געשען?“ האָט זי כסדר געטראַכט און געבראָכן זיך דעם קאָפּ.

סאַבינע, וועלכע האָט ביז איצט געפּרעסט די וועש, האָט איבערגעריסן איר אַרבעט און געגרייט צום טיש אויף קאָלאַציע.

באַלד האָט אײַך סאַלאָמאָן זיך באַוויזן אין עס־צימער.

ער איז איצט געווען אָרומגעוואַשן, אָבער אַ האַלב געזיכט איז געווען אַנגעשוואָלן און די אויגן אונטערגעהאַקט...

אויפֿן פּנים האָט ער געהאַט אַ זויערע מינע. ער איז געווען בייז און אָנגעכמורעט ער האָט איצט אפֿילו פֿאַרגעסן צו וואַרפֿן זײַנע חוצפּה'דיק־אויסגעלאַסענע בליקלעך אויף סאַבינען...

סאַבינע האָט זיך געשעצט גליקלעך.

„אפֿשר האָט ער שוין אויפֿגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיט מיר“ — האָט זי געטראַכט מיט צופֿרידנהייט.

די מאַדאַם ווײַנשטיין האָט קיין אויג נישט אַראָפּגענומען פֿון איר צובויקערטן בן־יחיד...

זי האָט כסדר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אירע אויגן האָבן געזאָגט:

„אַ שיין פּנים האָט מען אים צורעכט געמאַכט, דעם בן-יחיד מײַנעם“...

אָפּגעגעסן, האָט סאַבינע זיך אויפֿגעשטעלט פֿון טיש און אַוועק צוריק צו איר אַרבעט ביים פּרעסן די וועש.

מאַדאַם ווײַנשטיין איז ענדלעך געבליבן אַליין מיט איר צענוזוקטן געראַטעוועטן זון.

— סאַלאָמאָן!... האָט מאַדאַם ווײַנשטיין שטיל אָנגעהויבן.

— וואָס?

— וואָס איז מיט דיר געשען?

— געשען... וואָס האָט געזאָלט געשען?...

— ביזט דאָך אַזוי צעהרגעט... — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין געזאָגט מיט אַ האַלב-ווײַנענדיקער שטים.

— נו מילא...

— אָבער וואָס איז געשען? זון מײַנער...

— כ'וועל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, מאַמאַ, כ'וועל נישט [illegible] [illegible]ערפון קיין געהיימניש...

ער האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— ס'איז הייַנט מיט מיר געשען אַן אומאָנגענעמער פּאַרפּאַל...

— נו זאָג! דערצייל שוין! ווער האָט דיר געטאָן, קינד מיינס?..

— דו האָסט זיך גאָרנישט געוווּנדערט, וואָס אַנדזשע איז אַזוי שפּעט אַהיימגעקומען? — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט — הא מאַמאַ?

— נו... טאַקע... אַזוי זענען זיי שוין... גיב אַ חזיר אַ פינגער, וויל ער די גאַנצע האַנט. אָבער וואָס האָט עס צו...

— ס'האָט... ס'האָט... — האָט סאַלאָמאָן איבערגעריסן זיין מוטערס רייד.

— איך פאַרשטיי נישט... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט.

— טאָ הער מיך אויס, וועסטו פאַרשטיין... גייענדיק אַזוי אין גאָרטן, האָב איך פּלוצלונג דערהערט אַ געהיימניספול שעפּטשען...

— נו?

— האָב איך זיך שטילערהייט צוגעשלייכט צו דער באַנק, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דאָס געהיימנישפולע שעפּטשען... איך האָב אַ קוק געטאָן און דערזען עפּעס שרעקלעכס...

— שרעקלעכס? — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך איבערגעשראָקן און איז בלאַס געוואָרן.

— שטעל דיר פאָר: דיין אַנדזשע איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער באַנק מיט איר געליבטן און... פאַרשטייסט שוין אַליין...

מאַדאַם וויינשטיין איז רויט געוואָרן, ווי פייער...

— אַך! אַך! — האָט זי געזיפצט — עס ווערט מיר נישט גוט...

— אַזאַ חזירייַ! — האָט סאַלאָמאָן זיך געקרימט — איך האָב [illegible] געזען מיט מיינע אויגן... פוי! — האָט ער אַ שפּיי געטאָן.

— נו, וואָס האָסטו געטאָן? — האָט מאַדאַם וויינשטיין געפרעגט מיט אַ געוואַלדיקער נייגעריקייט.

— [illegible]געגאַנגען. עס האָט מיך פשוט געגרוילט...

— אַך, גאָט מיינער! — האָט מאַדאם וויינשטיין געקרעכצט — צו וואָס דאָס דאַזיקע פעבל איז פעאיק...

— אין אַ ווײַלע אַרום — האָט סאַלאָמאָן ווײַטער דערציילט — האָב איך פֿון דער ווײַטנס געהערט, ווי דאָס אויסגעלאָסענע פּאָרל געזעגנט זיך...

—יאָ... נו? נו?...

— איך האָב גערעכנט, אַז זיי זענען שוין נישטאָ, בין איך צוגעגאַנגען צו דער באַנק. דאָרט האָב איך געטראָפן אַנדזשען פֿלורצלונג זע איך, ווי זי ווינקט צו מיר אויסגעלאָסן...

— צו דיר?... איז מאַדאַם ווײַנשטיין רויט געוואָרן פֿאַר צאָרן, ווי פֿײַער — אַ חוצפּה דאָס האָט זיך!... צו דיר!...

— יאָ... עס האָט מיך דאַן אַרומגענומען אַ רחמנות אויפֿן דאָזיקן מיידל... „אַזוי יונג און שוין אַזוי שטאַרק דעמאָראַליזירט"... האָב איך זיך געטראַכט...

מען דאַרף אויף דעם פּעבל נישט האָבן קיין רחמנות... — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין פֿעסטגעשטעלט — גיב דעם הונט פֿלייש צו פֿרעסן און ער וועט דיר אַ ביס טאָן...

— איך בין צו איר צוגעגאַנגען און זי געפֿרעגט, וואָס זי טוט אַזוי שפּעט אין גאָרטן איינע אַליין... „דאָס איז נישט אייער זאַך", האָט זי חוצפּהדיק געענטפֿערט...

— וואָס די רעדסט!... סאַלאָמאָן, עס ווערט דאָך מיר נישט גוט...

— און זי האָט ווײַטער צו מיר געווונקען.

— גאָט מײַנער!...

— האָט דאָס מיך שוין אַרויסגעפֿירט פֿון גלײַכגעוויכט און איך האָב זי אָנגעהויבן אויסזידלען: „דו אויסגעלאָסענע מויד איינע! ווי שעמסטו זיך נישט"... און אַזוי ווײַטער...

— נו? יאָ...

— די מויד האָט דאַן געגעבן אַ פּיסק און זיך צעשריגן, ווי איך וואָלט איר כּלומרשט נישט וואָס געטאָן... דאַן איז אָנגעלאָפֿן איר געליבטער...

— ווער? דער שלאָסער־יונג.

— יאָ, איך האָב דאַן אָנגענומען אַנדזשען בײַ דער האַנט און זי געוואָלט באַרויִקן. דער יונג האָט דאָס דערזען, האָט ער געמיינט, אַז איך כאַפּ אים צו די מציאה און...

— און ער איז אָנגעלאָפֿן אויף דיר...

— ער איז צו מיר צוגעשפרונגען, ווי אַ צערייצטער טיגער... „לאָזט אָפּ מיין כלה!״ האָט ער זיך צעריטשעט און מיך גענומען זידלען.

— אָך! אָך! — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין זיך שיער נישט צעוויינט.

נו, האָב איך אים אַראָפּגעלאָזט צוויי פֿייערדיקע פּעטש...

— נו און ער האָט דיר צוריקגעטאָן?

— אַך.. דאָס זאָל ער זיך נאָך דערוועגן? ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ווען ער לייגט אויף מיר אַרויף אַ פֿינגער, וואָלט איך אים געלאָזט אַ טויטן אויפֿן אָרט...

— וואָס דען?...

— אָבער געזידלט האָט ער ווייטער... האָב איך אים ווידער אַראָפּגעלאָזט עטלעכע הילכיקע פּעטש. מיינסטו, דער יונג האָט נישט אַרויסגעכאַפּט צו מיר אַ מעסער?...

— אַ מעסער!... אָך! אָך!

— אָבער מיט איין פּאַטש איבער דער האַנט האָב איך אים אַרויסגעשלאָגן דאָס מעסער. נאָר דאָ איז געשען אַ צופֿאַל...

— וואָס פֿאַר אַ צופֿאַל?

— איך האָב זיך פֿאַרטשעפּעט אָן אַ בוים־וואָרצל און געפֿאַלן מיטן פּנים אויף אַ בוים...

— אָך! גאָט מיינער!

— ווען איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט, האָב איך דעם יונג שוין נישט געטראָפֿן נעבן זיך... זיין מזל. פֿון דערווייטנס האָט ער מיר בלויז צוגעשריגן, אַז טאָמער וועל איך עפּעס עמעצן דערציילן, וועט ער אַרויסלאָזן אַ קלאַנג, אַז איך בין באַפֿאַלן אַנדזשען.

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט גאָרנישט געקענט קומען צו זיך פֿון אויפֿרעגונג.

— נו, זע אַליין, מיין זון, וואָס דאָס פּעבל איז... — האָט זי זיך געקלאָגט פֿאַר אים — מען גיט עס צו עסן, מ׳באַקליידט עס און מ׳באַנייט עס, מ׳פֿאַרזאָרגט עס, ווי אַן אייגן קינד... און דאָס?

— וואָס וווּנדערסטו זיך, מאַמאַ? עס זענען דאָך קולטורלאָזע מענטשן, אָן בילדונג און אָן וויסן... — האָט סאַלאָמאָן אויפֿגע־קלערט.

— אָבער עס זאָל נישט דאַנקבאַר זיין אויף אַ האָר? אַ הונט, אַז מ׳איז גוט צו אים, איז ער אייך דאַנקבאַר. אָבער דאָס דאָזיקע פעבל... ס׳איז אַן עבירה, אַז מען לאָזט עס אריין אין שטוב...

— וואָס איז דאָ וועגן וועמען צו רעדן.

— נו, נו, טייערער סאַלאָמאָן פאַרשווייגן אַזאַ זאַך טאָר מען נישט. איך וועל שוין וויסן וואָס צו טאָן... אַנדזשען שיק איך שוין אַהיים.

— ניין, מאַמאַ... לאָז צורו... האָט סאַלאָמאָן געבעטן — טו דאָס נישט. זיי וועלן אונדז נאָך באַרעדן פאַר דער גאַנצער שטאָט... זיי וועלן אונדז אויסשמירן אין בלאָטע...

— ווער וועט זיי גלויבן? מען קען דאָך אונדז... יעדער ווייס, ווער עס איז סאַלאָמאָן ווייַנשטיין און ווער דער שלאָסער־יונג...

— זאָג דאָס נישט מאַמאַ... אַז מען וואַרפט בלאָטע, קלעבט זיך עפּעס אָן... לאָז עס דערווייל צורו... שפּעטער וועט מען שוין פטרן די מויד צוזאַמען מיט איר פאָטער...

— נו, גוט, מיין זון... אָבער נעם זיך נישט צום האַרץ די גאַנצע געשיכטע. וואָס ביזטו אַזוי פאַרטרויערט?... דעם גאַסן־יונגס זידלערייען קאָנען צו דיר נישט דערגרייכן...

די פאַרכמורעטקייט אויף סאַלאָמאָנס געזיכט האָט זיך סיי־ווי שוין געענומען אויסלייטערן...

קיין איבעריק האָנאָראָווער פאַרשוין איז דער געלער יונג סיי־ווי נישט געווען. באַזונדער, דאָס אָראָפּרעדן זיך פאַר דער מוטער האָט אים לייכטער געמאַגט דאָס האַרץ.

סאַלאָמאָן האָט געהאַט אַ טבע זיך איבערצונעמען מיט זיינע אייגענע באַרימערייען, אַז עס האָט זיך אים אָנגעהויבן צו דאַכטן, אַז עס איז טאַקע ווירקלעך אַזוי...

ער איז נאָך אַ ווײַלע געזעסן מיט דער מוטער און געשמועסט זײַנע באַרימערייען און דער מוטערס הויכע מיינונג וועגן אים האָבן אים צוגעגעבן קוראַזש.

אַ מונטערער, אַ הייטערער איז ער אַוועק אין זיין שלאָפצימער זיך לייגן. אויך מאַדאַם ווייַנשטיין איז אַוועק זיך לייגן שלאָפן.

אָבער סאַביִנע איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געפרעסט די וועש...

זי האָט נאָך געהאַט אַ גאַנצן שטויס אויסצופרעסן... זי האָט נישט קיין צייט געהאַט אָפּצואָטעמען...

אָבער איצט האָט איר אַנדזשע צוגעהאַלטן.

שטייענדיק ביים פּרעסן, האָט אַנדזשע דערווייל איבערגעגעבן סאַבינען די פּאַסירונג מיט סאַלאָמאָנען אין וואַלד.

ווען דען האָט זי עס געזאָלט דערציילן, אויב נישט דער גוטער און איידעלער סאַבינען? פאַר וועמען נאָך קאָן מען זיך אַזוי אויסרעדן דאָס האַרץ...

ווען סאַבינע האָט אויסגעהערט די דאָזיקע געשיכטע, האָט זי אַזש געציטערט פון אויפרעגונג. זי איז בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט.

— וואָס פאַר אַן אויסוווּרף איז דאָס עפּעס!... — האָט זי געזאָגט. — עס איז דאָך שרעקלעך. נאָר גאָט זיי דאַנק, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געענדיקט.

— יאָך אַ גליק, וואָס כ'האָב איינגעהאַלטן מאָניעקן, — האָט אַנדזשע זיך אָפּגערופן, — ווען כ'האַלט אים נישט צו, לאָזט ער אים אַ טויטן אויפן אָרט...

— ער האָט אים אַזוי אויך מסתמא שיער דערהרגעט. — האָט סאַבינע באַמערקט. — סאַלאָמאָן איז דאָך אין גאַנצן צעקיילט און צעביילט. דאָס גאַנצע פּנים איז אים אָנגעשוואָלן...

— נו־נו, ער האָט אים נישט געזשאַלעוועט. — האָט אַנדזשע געשמייכלט. — ער וועט האָבן צו געדענקען... דאַכט מיר, אַז פון היינט אָן וועט ער מיך לאָזן צורו.

— איך מיין אַזוי. — האָט סאַבינע איינגעשטימט. — געבענטשט זאָלן זיין מאָניעקס הענט, וואָס ער האָט אים באַצאָלט פאַר אונדזער עוולה.

אַנדזשע האָט צערייגעקוקט אין סאַבינעס אויגן פול מיט ליבשאַפט.

— פּאַני סאַבינאַ! — האָט זי ענדלעך אַ זאָג געטאָן מיט האַרץ. — פאַרוואָס זענען מיר, אָרעמע מיידלעך, אַזוי עלנד.

סאַבינע האָט איר אַ גלעט געטאָן איבער די האָר.

— ס'וועט שוין לאַנג נישט געדויערן, אַנדזשע, — האָט זי געזאָגט, — און מאָניעק וועט זיין דיין מאַן. דעמאָלט וועט שוין קיינער נישט דערוועגן זיך צו טשעפּען צו דיר.

סאַבינע האָט דעם יונגן שיינעם מיידל אַ קוש געטאָן אין שטערן אַריין...

טרויעריקע געדאַנקען האָבן איצט דורכגעוואַנדערט אין סאַ־

ביגעס קאָפּ...

זי האָט נישט געפילט קיין קנאה צו אַנדזשען. זי האָט איר געווונטשן פון גאַנצן האַרץ גליק און אַלדאָס גוטס.

אָבער זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר אייגענעם שיקזאַל און עס איז איר אומעטיק געוואָרן אויפן האַרץ.

„איך וועל לאַנג נישט וויסן, וואָס עס הייסט גליק, וואָס עס הייסט גליקלעך לעבן און געליבט צו ווערן. און אפשר שוין קיינמאָל נישט" — האָט סאַבינע געטראַכט.

באַלד איז די גאַנצע וועש געווען אויסגעפּרעסט.

סאַבינע און אַנדזשע זענען אַוועק שלאָפן — יעדע אויף איר אָרט.

ווען מאַדאַם וויינשטיין, און סאַבינע האָבן זיך צומאָרגנס געזעצט צום פרישטיק, האָט די מאַדאַם וויינשטיין שטאַרק געקרעכצט.

סאַבינע האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס דאָזיקע קרעכצן זאָל באַדייטן...

ענדלעך האָט די אַלטע מאַדאַם אָנגעהויבן רעדן.

— מענטשן זענען קיינמאָל נישט דאַנקבאַר. — האָט זי ווייטער אַ קרעכץ געטאָן — מעגסט זיי טאָן וויפל גוטס, וועלן זיי עס דיר נישט געדענקען אויף קיין האָר.

„וועמען מיינט זי דאָס, די אַלטע?"... — האָט סאַבינע געטראַכט.

— דער עיקר, — האָט די אַלטע דערקלערט, — טאָר מען זיך נישט אָבגעבן מיטל פעבל. הערסט, סאַבינע?... גיב זיך נישט אָפּ מיט די דינסטן. ס'איז אַ געמיין פעבל...

סאַבינע האָט געשוויגן...

— באַזונדער ראַט איך דיר זיך נישט אָפּצוגעבן מיט דער דאָזיקער אַנדזשען... — האָט די אַלטע פאַרענדיקט אירע רייד.

— מיט אַנדזשען? פאַרוואָס? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— זי מאַכט זיך אומשולדיקע מינעלע. אָבער זי איז א דערמאָראַליזירטע, אַ פאַלשע... זי איז פעאיק אויף די ערגסטע זאַכן...

— איך וואָלט זי שוין אַרויסגעוואָרפן פון מיין שטוב. איך האָב אָבער רחמנות אויף איר. זי איז דאָך אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אויף מיין ברויט. איר פאָטער איז דאָך אַ מענטש אין מיין געשעפט.

סאַבינע האָט זיך לייכט פאַררויטלט.

— אָבער מיר דאכט זיך, אַז זי איז זייער א ווויל מיידל. איך האָב עטלעכע מאָל גערעדט מיט איר און זי האָט אויף מיר געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק. — האָט סאביצע דערקלערט.

— נו, איך קען זי בעסער, ווי דו. ביזט נאָך יונג און נאַאיוו

— דו קענסט נישט דעם פראָסטן עולם. גיב זיך מיט איר נישט אָפּ... עס פּאַסט פאַר דיר נישט.

— נו, דאָס מאַכט נישט. — האָט סאַבינע זיך געהאַלטן ביי דאָס איריקע — איך באַצי זיך צו אַלע מענטשן גלייך און נישט שטענדיק זענען די פּראָסטע ערגער... טייל מאָל...

מאַדאַם וויינשטיין איז רויט געוואָרן... זי האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס סאַבינע וויל זאָגן און זי האָט איר בכיוון איבערגעריסן די רייד.

— מסתמא — האָט זי געזאָגט, — האָסטו זיך קיינמאָל נישט באַגעגנט מיט מענטשן פון דעם שניט, וואָס אנדזשע און איר חתן. הער, וואָס נעכטן האָט פּאַסירט...

די אלטע מאַדאַם וויינשטיין האט זיך גענומען געגוי דערציילן די געשיכטע פון סאַלאָמאָנס נעכטיקער באַגעגעניש מיט מאָניעקן. זי האָט, פאַרשטייט זיך, דערציילט אַזוי, ווי סאַלאָמאָן האָט עס איר איבערגעגעבן.

סאַבינע איז אויפגעקאָכט געוואָרן...

„אַזאַ אומפאַרשעמטקייט, ווי ביי דעם דאָזיקן געלן אויסוואורף, האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט באַגעגנט!" — האָט סאַבינע געטראַכט.

דאָס בלוט האָט אָבער געקאָכט אין איר. זי האָט נישט געקאָנט שווייגן...

— אַנטשולדיקט. — האָט זי געזאָגט — איך צווייפל, צי אַלץ, וואָס איר האָט מיר דאָ דערציילט, איז טאַקע פּאַרגעקומען פונקט אזוי ווי אייער זון האָט עס אייך איבערגעגעבן...

מאַדאַם וויינשטיין איז רויט געוואָרן איבער די אויערן פון צאָרן.

— וואָס? וואָס? — האָט זי געפרעגט, קוים איינהאלטנדיק אין זיך דעם כעס.

— נו... איך מיין נישט צו זאָגן, אַז אייער זון האָט באַוווסטזיניק געזאָגט ליגן... חלילה, נאָר איך ווייס? ער איז געוואָרן אין כעס...

נו — האָט סאַבינע דערקלערט.

סאַבינע האָט נישט געוואָלט אַרויסרופן צופיל בייז בלוט ביי דער מאַדאַם וויינשטיין. זי האָט דעריבער געוואָלט אַביסל פאַרגלעטן אירע רייד.

וואָס הייסט: ער איז געווען אין כעס? — האָט מאַדאַם וויינ־שטיין אַלץ געקאָכט אין זיך, ווי אַ סאַמאָוואַר.

— איך מיין. ווייל.... די גאַנצע זאַך קלינגט אַזוי אוממעג־לעך... — האָט סאַבינע אַלץ געקליבן מילדע ווערטער. — איך קאָן אַנדזשען... איך קען אויך איר חתן...

— אָט־אָט... דאָס איז, אַז מען לאָזט זיך אַריין מיטן גראָבן ער־לם אין נאָענטע געשעפטן! — האָט מאַדאַם וויינשטיין אויסגעשאָסן.

— אָבער איך גלויב נישט, אַז זיי זאָלן זיין פעאיק אויף אזעלכע זאַכן.

מאַדאַם וויינשטיין האָט שיער געפּלאַצט פון דריקעניש, סאַבינעס עקשנות האָט זי אויפגערעגט ביז גאָר.

„אַ חוצפּה דאָס האָט זיך״! — האָט זי געטראַכט — „זאָג איך יאָ, זאָגט זי ניין״...

עס זענען איר שוין געלעגן אויף דער צונג אַ פּאָר שאַרפע ווערטער.

„מ׳מוז אַזאַ מויד ווייזן, ווער זי איז און ווער איך בין!״...

אָבער אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען סאַלאָמאָן.

סאַבינע האָט געזען, אַז עס גרייט זיך אַ שטיקל סקאַנדאַל. סאַבינע האָט פיינט געהאַט סקאַנדאַלן. זי האָט זיך דעריבער העפלעך פאַרנויגט און פאַרלאָזט דאָס עס־צימער.

סאַבינעס עקל צו סאַלאָמאָנען איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי וואָלט נישט געקאָנט רעדן מיט אים אַזוי רואיק, ווי מיט זיין מוטער.

ווען ער וואָלט פאַר איר געפּרוווט אַזוי ציניש פאַרדרייען דעם אמת, וועלכן סאַבינע האָט געוווסט, וואָלט זי אים געמוזט וואַרפן אין פנים אַריין אַ פּאָר שאַרפע ווערטער.

זי האָט דעריבער בעסער פאַרלאָזט דאָס צימער.

סאַלאָמאָנען האָט דאָס פאַרוווּנדערט און באַליידיקט.

— וואָס איז זי עפּעס אַנטלאָפן? — האָט ער געפרעגט דער מוטער — וואָס איז ? און דו מאַמאַ, זעסט אויך עפּעס אויס אויפגערעגט... האַ? וואָס איז דאָ פאַרגעקומען ?

מאַדאַם וויינשטיין האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן.

— היינטיקע מענטשן. עס איז נישט אויסצוהאַלטן פון זייער חוצפּה! כ'האָב שיער נישט גענומען די דאָזיקע סאַבינע פאַרן קאַרק און אַרויסגעוואָרפן ווי אַ הונט...

— וואָס איז דען געשען? — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט, פאַר־רויטלענדיק זיך.

ער האָט חושד געווען, אַז סאַבינע האָט דער מוטער דערציילט וועגן דער כּלבֿטע אין פּחד־לאַגער.

— פרעג גאָרנישט. — האָט מאַדאַם וויינשטיין ווידער אַ זיפץ געטאָן — די חוצפּה פון דער מויד איז גאָרנישט אָפּצושאַצן. עס גייט וועגן דיר...

— וועגן מיר?

סאַלאָמאָנס געזיכט איז רויט געוואָרן פון צאָרן.

— זי האָט זיך אפשר געקלאָגט אויף מיר ווי אַנדזשע? — האָט ער צייניש אַ פרעג געטאָן.

— ניין. דאָס נישט, נאָר דאָס זאָל זי טאָן?

— איך ווייס?

— איך האָב איר דערציילט וועגן דיין באַגעגעניש מיט אַנ־דזשען און מאָניעקן...

— נו? נו? וואָס האָט זי געזאָגט?

— זי גלויבט נישט, זאָגט זי, אַז די זאַך איז אַזוי פאָרגעקומען ווי דו דערציילסט. זי קען, זאָגט זי, אַנדזשען און איר חתן און זי גלויבט נישט...

— גלויבט זי נישט... צו וואָס דערציילסטו איר אין גאַנצן מעשות? שיק זי אין דער קיך אַריין און פאַשאַל וואָן! — האָט סאַלאָמאָן אַ בורטשע געטאָן.

— כ'האָב געמיינט. איך ווייס? זי איז אַ בעסער מיידל...

— האָט מאַדאַם וויינשטיין דערקלערט — אָבער די סאַבינע הויבט מיר אָן אויסצוזען פאַרדעכטיק...

— מיר זייך... — האָט סאַלאָמאָן איינגעשטימט.

אַ פאַלשע קאַץ, האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט.

— אַ פאַלשע... — האָט סאַלאָמאָן איינגעשטימט.

— זי האָט מיך שיער נישט אַרויסגעבראַכט פון געדולד!...

— לויט איר קומט אויס, אַז דו ביזט אַ ליגנער...

— וואָס איז דאָ צו רעדן. — האָט סאַלאָמאָן גרינגשעצנדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — איך בין צו פיין צו די דאָזיקע דינסטמיידן. צו זיי דאַרף מען אַ בייטש!...

— געדענק עס כאָטש אויף ווייטער... — האָט מאַדאַם ווײַנ־שטיין באַמערקט.

— איך... — האָט סאַלאָמאָן אָנגעהויבן.

ער האָט אָבער נישט פאַרענדיקט, ווייל דער טעלעפאָן האָט פלוצלונג אָנגעהויבן קלינגען.

— ווער קאָן עס קלינגען? — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך געוואונדערט.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט און צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן.

# קאַפּיטל אַכציק

## ווען מיהויבט אָן זינקען אין שמוץ

אַ צעפּאַטשטער און אַ צעממיתטער, מיט אַ געשוואָלן געזיכט איז אַדאַש קוים אַ לעבעדיקער אַנטלאָפן פון מאַרגענטאַלס הענט...

זיין פּנים האָט געברענט, ווי אַ פייער... ער האָט נאָך געפילט אויף די באַקן אַדאָלפס פינגער — און אונטער אַדאָלפס פינגער

— ליזעס דינע פינגערלעך...

איר פּאַטש איז אויך נישט געווען אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט...

און אין אַ הולך איז ער געווען — אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרע־מען...

די מאַרינאַרקע — צעפליקט און צעריסן ... אָן קנעפּ. דער קאָלנער איז קויל באַכגעהאָנגען.

דער קראַוואַט — איינגעריסן.

— דער קאַפּעלוש — צעקנייטשט און צעקנוידערט, ווי עפּעס אַן אַלטע שמאַטע...

אַדאַש האָט זיך אַרומגעדרייט אין דעם דאָזיקן הולך איבער

דער גאַס און געטראַכט, וואָס צו טאָן.

„זאָל ער אין דאָזיקן הולך אַהיימגיין? קען ער דאָך זיין פּאָלען זי וועט אים נאָך שיטן זאַלץ אויף די ווונדן"...

„אַ שוואַרצן סוף זאָל זי האָבן!" — האָט ער זי געשאָלטן אין געדאַנק, — אַלץ אירע שטיק. און נישט גענוג, וואָס זי איז אין אַלעם שולדיק, דאַרף איך זיך נאָך פאַר איר היטן"...

„אָבער עס איז שוין זייער שפּעט. זי שלאָפט שוין אוודאי"... — האָט אַדאַש זיך געטרייסט.

אַדאַש איז אַהיימגעגאַנגען.

אָבער פּאָלע האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן גיין שלאָפן.

זי האָט געוואַרט מיט אַ געוואַלדיקער נייגעריקייט אויף אַדאַשעס צוריקקומען.

דערזעענדיק אים אַריינקומען אין אַזאַ צושטאַנד, איז זי אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט.

— אַדאַש! וואָס איז מיט דיר געשען? עס איז דאָך שרעקלעך! ווער האָט דיך אַזוי צעקאַטעוועט?

לאָמיך נאָר אָפּאָטעמען! — האָט אַדאַש זיך געבעטן.

זיין געזיכט האָט געפלאַמט פון בושה און פאַרלוירנקייט...

— אָבער וואָס איז אַזעלכעס מיט דיר געשען?

— וואָס ס'איז געשען, איז געשען... — האָט אַדאַש געענטפערט — אָבער מיר מעגן זיך אָפּגעבן מזל־טוב. אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג.

— אַזוי? טאָ ווער האָט דיך אַזוי שרעקלעך צעהרגעט?...

— האָב געדולד, כ'וועל דיר אַלץ דערציילן.

אַדאַש האָט זיך באַקוועם אריינגעזעצט אין אַ פאָטעל און גענומען דערציילן פּאָלען, ווי אַזוי אַלץ איז פאָרגעקומען.

ער האָט בלויז אַביסל באַפּוצט די געשיכטע און פאַרשעגערט, אַזוי, אַז ער אַליין זאָל אויסקומען לייטישער.

— איך בין אַריינגעקומען צו ליזען, ווען זי איז זיך געגאַנגען לייגן שלאָפן... — האָט ער דערציילט.

וועגן זיין זיצן אונטערן טיש האָט ער געמאַכט אַ שווייג.



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 66

— אין אָנהויב האָט זי זיך דערשראָקן... — האָט אַדאַש דערקלערט — אָבער ווען איך האָב זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט, איז זי געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש... זי האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען...

— אַ... נו? נו? — האָט פּאָלע געפרעגט אַ נייגעריקע.

— „איך טרוים שוין לאַנג וועגן פאַרברענגען מיט אייך אַ ביסל"... — האָט זי מיר געזאָגט. — „ענדלעך זענט איר געקומען".

— נו נו? — איז פּאָלע וואָס אַמאָל נייגעריקער געוואָרן.

— נו, נו, — האָט אַדאַש געענטפערט.

פּאָלע איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן... ס'האָט זי שוין אָנגעהויבן צו קרענקען פון אייפערזוכט.

— נו, און ווען איז מאָרגעגטאַל אָנגעקומען?

— ווען מיר האָבן זיך שוין גענומען געזעגענען... ליזע האָט זיך דערשראָקן אויף טויט... זי האָט נישט געעפנט די טיר און ער איז אַריינגעקראָכן דורכן פענצטער...

— נו? און ער איז אָנגעפאַלן אויף דיר?

— אָנגעפאַלן... אויף מיר וועט ער זיך דערוועגן אָנצופאַלן. איך בין געבליבן שטיין רואיק און זיך נישט גערירט פון אָרט. נאָר ליזע האָט זיך אָנגעהויבן בעטן: „גיי אַוועק"!...

— און ער? ער האָט געשוויגן?

— איידער ער האָט זיך דעצידירט וואָס צו טאָן, בין איך שוין געווען אויף דער ווערענדע. איך האָב באַוויזן צו כאַפּן אַ בליק... ער איז געווען רויט פון רציחה און זי בלאַס, ווי קרייד...

— טאָ ווער האָט דיך אַזוי צעהרגעט?

— הער־זשע... אַז איינעם איז באַשערט אַן אומגליק... פּלוצ־לונג זענען מיר אונטן אין גאָרטן באַפאַלן עטלעכע פערזאָן און מיך גענומען שלאָגן...

— פאַרוואָס? ווער זענען זיי געווען?

— ליזעס שכנים... זיי האָבן געמיינט, אַז איך בין אַ גנב, זענען זיי מיך באַפאַלן און איידער איך האָב באַוויזן אַ וואָרט אויסצורעדן האָבן זיי מיך גענומען שלאָגן...

— און ווי אַזוי האָבן זיי דיך אָפּגעלאָזט ?

— איך האָב זיך געטאָן אַ וואָרף און זיי אָפּגעשליידערט פון מיר, ווי די ווערעם... דערנאָך האָב איך זיי אויפגעקלערט, וואָס איך האָב געטאָן ביי ליזען...

— און דו האָסט זיי פאַרשוויגן די קלעפּ ?...

— זיי האָבן מיך איבערגעבעטן, פאַרשטייסטו מיך...

— אָבער די קלעפּ זענען שוין געווען דיינע... — האָט פאָלע געזאָגט מיט חוזק.

— אויב דו ווילסט, קאָן איך זיי דיר איבערגעבן!

אַדאַש איז רויט געוואָרן פון צאָרן... פאָלע האָט מורא געהאַט, אַז ער קאָן האַלטן וואָרט...

זי איז דעריבער צו אים צוגעגאַנגען און אים גענומען גלעטן איבערן קאָפּ.

— ס'איז ווירקלעך פּאַרדריסיק... זייער פּאַרדריסיק... — האָט זי געזאָגט מיט כלומרשטן מיטגעפיל — מען זאָל אָנפאַלן אַ מענטש אומזיסט און אומנישט...

אַדאַש האָט אַ זיפץ געטאָן.

ער האָט איצט ווירקלעך געהאַט אויף זיך אַליין רחמנות....

— נו, דערפאַר האָסטו דאָך געהאַט אַ גוטע נאַכט מיט ליזען... — האָט פּאָלע גיפטיק באַמערקט.

— דיר איז דען געגאַנגען וועגן דעם? — האָט אַדאַש זיך באַליידיקט. — זי האָט דאָך מיך שוין לאַנג קאָקעטירט... אָבער מיר געפעלט נישט דער סאָרט פרויען...

— נאָר ווער דען געפעלט דיר ? — האָט פאָלע געפרעגט קאָקעטיש, אויסציענדיק אירע ליפּלעך...

אַדאַש איז וואַרעם געוואָרן...

„גוט כאָטש, וואָס ביי פּאָלען האָב איך נאָך אַביסל סימפּאַטיע”... האָט ער געטראַכט.

ער האָט מיט זיין אָרעם אַרומגענומען איר האַלדז און געשעפּטשעט :

— דו... דו געפעלסט מיר, קעצעלע איין שמייכעלע דיינס איז מער ווערט, ווי זי אינגאַנצן...

פּאָלע האָט זיך געוווּנדערט, וואָס נאָך זיין כלומרשט פריי־

לעבן פֿאַרברענגען מיט ליזען, איז ער געווען אזוי דורשטיק נאָך ליבע...

אָבער זי האָט מער נישט געפֿרעגט קיין שעלות...

פֿאָלע איז היינט גוט געווען צו אַדאַשן.

„ער האָט דאָס זייניקע אויסגעפּירט”... — האָט זי געטראַכט — „און איך דאַרף אים טרייסטן פֿאַר די אַריינגעכאַפּטע קלעפּ...

דאָס גליקלעכע לעבן פֿונעם דאָזיקן „לייטישן” פֿאָרפֿאָלק האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט... בלויז ביז צומאָרגנס אין דער פֿרי...

באַלד אין דער פֿרי איז די ווירטין פֿון פּענסיאָנאַט אַריינגעקומען, אַ רויטע און אַ דערצאָרנטע און אָנגעהויבן ענערגיש צו כאַדערן געלט.

— מיינע הערשאַפֿטן! — האָט זי געטענהט — איך קאָן מער נישט וואַרטן...

— האָט געדולד בלויז נאָך עטלעכע טעג... — האָט אַדאַש זיך געבעטן.

— אָבער די עטלעכע טעג דויערן דאָך שוין חדשים...

דאָס ביסל געלט, וואָס איז נאָך אַדאַשן פֿאַרבליבן נאָך דעם ביטערן טאָג ביי דער רולעטקע, האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלאָזט...

ווען פֿאָלע האָט געזען, אַז דאָס מעסער ליגט זיי אויפֿן האַלדז, האָט זי געמוזט געבן אַדאַשן איר צירונג צום פֿאַרזעצן...

אָבער דאָס האָט אויך בלויז געסטייעט אויף אַ קורצער צייט...

דערנאָך האָבן זיי געוואַרט אויף עפּעס אַ נס...

קיין אַנדער אויסוועג פֿון זייער לאַגע האָבן זיי נישט געזען...

די ווירטין איז טאָג ביי טאָג געקומען מאָנען געלט.

— איך קאָן נישט באָרגן — האָט זי געטענהט. — ביי מיר מוז מען באַצאָלן יעדן חודש. איך מוז אויך באַצאָלן דעם קצב, דעם שפּייז־קרעמער און דעם פּערסאָנאַל...

— אָבער שטעלט אייך פֿאָר, — האָט אַדאַש זיך פֿאַרענטפֿערט, — אַז מיין געלט האָט זיך צופֿעליק פֿאַרהאַלטן אויף דער

פֿאַסט. מ'האָט מיר אַרויסגעשיקט און איך האָב נישט דער־האַלטן...

אין אָנהויב האָט די ווירטין צוגענומען דעם דאָזיקן תּירוץ, אָבער וואָס אַ טאָג, איז זי אַלץ אומרואיקער געוואָרן.

שטיינזאַלצס באַרימערייען וועגן זיינע גרויסע געשעפֿטן האָבן דער ווירטין גאַנץ ווייניק איבערצייגט...

זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז קיין באַרימערס פֿעלן קיין מאָל נישט אין מאָנטע־קאַרלאָ...

נישט איין „מאַגנאַט" ווייזט זיך דערנאָך אַרויס אַלס פּראָס־טער לאַטעק און קעשענע־גנבֿ...

קיין איבעריקן גוטן איינדרוק האָט דאָס דאָזיקע פּאָר־פֿאָלק — אַדאַש מיט פֿאָלען — אויך נישט געמאַכט...

„עפּעס אַרומשלעפּערס, דאַכט זיך מיר"... — האָט די ווירטין זיך געטראַכט.

זי איז דעריבער געקומען מאָנען טאָג ביי־טאָג און יעדן טאָג האָט זי געמאָנט מיט אַ העכערער שטים...

אַדאַש און פֿאָלע האָבן זיך געפֿילט וואָס אַמאָל אַלץ ענגער...

יעדן טאָג האָט אַדאַש זיך געמוטשעט ברעכן דעם קאָפּ און אויסזוכן עפּעס אַ נייעם תּירוץ...

ער האָט נישט געזען קיין אויסוועג פֿון דער לאַגע און גע־פֿילט, ווי דער באָדן אונטער זיינע פֿיס ווערט וואָס אַמאָל הייסער און אומזיכערער...

דערפֿאַר האָט אָבער פֿאָלע געצומען זוכן אַן אויסוועג אויף איר שטייגער...

זי האָט זיך גענומען קאָקעטירן איינעם אַ יונגנמאַן, וועל־כער פֿלעגט ביי די מאָלצייטן זיצן ביים טיש אַקעגנאיבער איר...

פֿאָלע האָט באַמערקט, אַז זי נעמט אויס ביי אים. זי האָט געזען, אַז ער שלינגט זי מיט די אויגן...

כאָטש ער האָט נאָך נישט לאַנג פֿאַרברענגט אין פּענסיאָנאַט, האָט פֿאָלע שוין באַוויזן געוווּיר צו ווערן ווער ער איז פֿאַר איינער.

ער האָט געהייסן נאַטאַן הילדעבראַנד און האָט געהאַט אַ רייך באַנקהויז אין פֿראַנקפֿורט־אַם־מאַין, אין דייטשלאַנד.

פאַלע האָט גאָרנישט געוווסט, אַז אַדאַש זעט גאַנץ גוט און קוקט זיך צו צום אויגן־שפּיל צווישען איר און דעם פראַנק־פורטער באַנקיר.

אַדאַש האָט זיך גישט ווינדיק געמאַכט. ער האָט אויך נישט אַרויסגעוויזן קיין אייפערזוכט, ווייל ער האָט זיך דערביי געהאַט זיין אויסרעכענונג.

ווען פאַלע איז אַמאָל געזעסן מיט אַדאַשן אין איר צימער, האָט ער פלוצלונג אַ זאָג געטאָן צו איר האַלב אין שפּאַס:

— דו ווייסט כאָטש, פאַלע? דו האָסט דאָ אין פּענסיאָנאַט אַ הייסן פאַרערער...

— איך?... וואָס דו רעדסט! — האָט פאַלע געמאַכט אַ תמע־וואַטן אָנשטעל.

— דו האָסט גאָרנישט באַמערקט?...

— ניין... ווער אינטערעסירט זיך דאָ דען מיט מיר, אַ חוץ דיר? דו שפּאַסט...

אַדאַש האָט אויף איר אָנגעשטעלט אַ שפּאָטישן בליק.

— נו־נו... מאַך נאָר נישט קיין אָנשטעל און האַק נישט קיין טשיינעק... — האָט אַדאַש אַ זאָג געטאָן. — מיינסט, אַז איך בין בלינד?...

— איך פאַרשטיי נישט... — האָט פאַלע געהויבן מיט די אַקסלען.

— דו מיינסט, אַז איך זע נישט, יוי דער, ווי הייסט ער דאָרט, דער דייטשער יעקע?... ווי ער נעמט נישט אַראָפּ קיין אויג פון דיר?... נו... און דו... כאַפּסט אויך נישט אַוועק די אויגן...

— דו האָסט אַ טעות, אַדאַש... — האָט פאַלע זיך געהאַלטן ביי דאָס איריקע. — איך זע טאַקע, אַז ער קוקט צו מיר... אָבער וואָס גייט עס מיך אָן?...

— ער גייט דיך גאָרנישט אָן?

— ער געפעלט מיר נישט!

— פאַרוואָס געפעלט ער דיר נישט? אַ שיינער, אַ סימ־פּאַטישער...

פאַלע האָט אַ קוק געטאָן אויף אַדאַשן מיט פאַרוווּנדערונג.

„ער קריכט מיר אויפן קאָפּ"... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן — „ער וויל מיך אויספרווון"...

— קעגן וואָס זאָגסטו עס? — האָט זי געפרעגט.

— נו... איך האָב געהערט, אַז ער איז אַ רייכער יונגערמאַן און אַ טויזנטער שפּילט ביי אים קיין ראָלע נישט... ווען דו פּרווּוסט אים אַ ביסל אָנציען...

— און כאַפּן אַ הלוואה מיינסטו?

— פאַרוואָס נישט? ער איז, זע איך, פאַרליבט אין דיר ביז איבער די אויערן... ווּעסט אים דערציילן די זעלבע געשיכטע, וואָס ליזען, און ווּעסט מיט ליידיק נישט אַוועקגיין.

— און אַז ער וועט מיר שוין באָרגן אַ פּאָר טויזנט פראַנק, ווּעסטו שוין געהאָלפן ווערן? — האָט פאָלע געפרעגט.

— נו... אַ פּאָר טויזנט נישט... אָבער אַ דרייסיק טויזנט?... דאָס וואָלט שוין געווען עפּעס... פאַרגעס נישט, אַז דאָס איז אונדזער איינציקער אויסוועג...

איצט האָט פאָלע שוין פאַרשטאַנען, וואָס אַדאַש איז אויסן... זי האָט אָבער געוואָלט אין גאַנצן איבערצייגן, אַז דאָס טאַקע מיינט ער.

— און דו מיינסט, אַז אַזוי לייכט גיט מען דרייסיק טויזנט פראַנק?...

זי האָט אים שאַרף אַריינגעקוקט אין די אויגן...

— ער וועט דאָך עפּעס ווען דערפאַר... — האָט זי צוגעגעבן.

— המ... המ... — האָט אַדאַש אַ בורטשע געטאָן — פאַרשטיי, פאָלע... באָך אַ טאָג אָדער צוויי וועלן מיר ליגן אויף דער גאַס... אויב מ׳וועט אונדז פריער נישט איינזעצן...

— נו, אַלזאָ? — האָט פאָלע געפרעגט.

— וואָלט גלייכער געווען ביי דעם יעקע אַרויסצוקריגן אַ פּאָר גילדן... דערביי איז ער אַ גאַנץ שיינער יונגערמאַן... אַ סימפּאַטישער...

פאָלע האָט שוין פריער געטראַכט וועגן דעם... זי האָט טאַקע דעריבער אַזוי קאָקעטירט דעם פראַנקפורטער באַנקיר...

זי האָט אָבער פאַר אַדאַשן געוואָלט שפּילן די ראָלע פון אַן אַנשטענדיקער פריילין, וועלכע פילט זיך באַליידיקט פון אַזאַ פאָרשלאַג...

— ביסט משוגע געוואָרן, אַדאַש?.. — האָט זי אויסגעשריגן מיט אַ כלומרשטער אויפגערעגטקייט — דו ווילסט, אַז איך זאָל

זיך אָפּגעבן פאַר געלט דעם דאָזיקן באַנקיר ?...
— פאַרוואָס טאַקע נישט ?... — האָט אַדאַש קאַלט געענטפערט
— וואָס רעגסטו זיך אַזוי אויף ?... און אַז דו האָסט מיך געהייסן קומען אין באַציאונג מיט ליזען, האָב איך דיך נישט געפאָלגט ?...
— דאָס איז דאָך עפּעס אַנדערש !... — האָט פאָלע אויסגערופן
— מיר איז דאָך נישט געגאַנגען וועגן געלט...
— נו, איז דאָך נאָך ערגער... — האָט אַדאַש געזאָגט מיט אַ טריומפירנדיקער מינע — דיר איז בלויז געגאַנגען וועגן נקמה... איצט שטייט דאָך אין קאָן אונדזער גאַנצע עקזיסטענץ !...
— איך בין דאָך אָבער אַ פרוי ! — האָט פאָלע געענטפערט — און דאָס איז עפּעס אַנדערש... דו ווילסט איך זאָל פאַרקויפן פאַר געלט מיין ערע ?... דו ווייסט דאָך, אַז מיין ליבע געהערט נאָר צו דיר...
אַדאַש האָט זיך גאָר נישט איבערגענומען מיט פאָלעס שיינע רייד. ער איז געבליבן גלייכגילטיק און קאַלט, ווי אייז...
— ליבסט מיך אויף אַן אמת ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, שאַרף קוקנדיק אין פאָלעס אויגן.
— דו צווייפלסט נאָך אין דעם ? — האָט פאָלע צוריקגעפרעגט.
— טאָ ברענג־זשע פאַר מיר דעם דאָזיקן קרבן... — האָט אַדאַש ערקלערט.
ער האָט פאַרזשמורעט כיטרע מיט אַן אייגל און צוגעגעבן :
— נאָר אפשר וועט עס דיר גאָרנישט געלונגען ?...
אַדאַש האָט אַזוי אַרום געשפּילט אויף פאָלעס אַמביציע...
— נו... דאָס איז שוין מיין זאַך... — האָט פאָלע געזאָגט און געמאַכט אַ שטאָלצע מינע.
— איך ווייס... איך ווייס... — האָט איר אַדאַש אונטערגעשפּילט — דו קאָנסט פירן אַ מאַנספערשוין פאַר דער נאָז...
פאָלע האָט געקוואָלן פון די דאָזיקע לויב־ווערטער און זי האָט זיך געפילט, ווי אין זיבעטן הימל...
— דו ווייסט גאַנץ גוט, ווי ליב איך האָב דיך, — האָט זי ענדלעך געזאָגט, — פאַר דיר בין איך גרייט אַלץ צו טאָן.. נישטאָ פאַר מיר אַזאַ זאַך, וואָס זאָל מיר זיין צו־טייער אָדער צו־שווער פאַר דיר...
נאָך דעם זעלבן טאָג האָט „הער שטיינזאַלץ״ זיך גענומען באַ־

מיען צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיטן הער נאַטאַן הילדעבראַנד.

ביים טיש, ווען מען האָט דערלאַנגט פּרוכטן, האָט אַדאַש אַריינגעוואָרפן עטלעכע ווערטער וועגן דעם, וואָסער סאָרט פּאָמעראַנצן עס זענען די בעסטע...

דער פראַנקפורטער באַנקיר האָט זיך אַנגעכאַפּט אָן אַדאַשעס ווערטער, ווי אַ פיש כאַפּט זיך אָן דעם האַטשעק, וועלכן דער פישער האָט פאַרוואָרפן...

אין אַ ווײַלע אַרום זענען די ביידע לייט שוין געווען באַקאַנטע...

פאַרשטייט זיך, אַז אַדאַש האָט אויך פאַלגן פאַרגעשטעלט פאַר זיין נייעם פריינט...

אַלע דריי האָבן דאַן געפירט צווישן זיך אַ געמיטלעכן שמועס. הער הילדעבראַנד איז געווען איבערגליקלעך...

„ענדלעך איז מיר געלונגען זיך צו באַקענען מיט דער פרוי, וועגן וועלכער איך טרוים שוין אַזוי לאַנג!" — האָט ער געטראַכט מיט פרייד.

ער איז וואָס אַמאָל אַלץ הייטערער און פרייליכער געוואָרן...

אַז כען פאַרוואָרפט דאָ אויף אים אַ ווענדקע — דאָס איז דעם פראַנקפורטער באַנקיר גאָרנישט אייַנגעפאַלן...

און אַוונט האָט נאַטאַן הילדעבראַנד פאָרגעלייגט זיין נייעם פריינט, אַדאַשן, צו פאַרברענגען אַ ביסל צוזאַמען ערגעץ אין אַ קאַפע־הויז.

— אפשר זאָלן מיר גיין אין קאַפע „ווערסאַל"? — האָט נאַטאַן געפרעגט.

אַדאַש וואָלט זיך גערן געווען ארויסגעדרייט פונעם עסק... דאָס איז נישט געווען פאַר זיין קעשענע...

ער איז געווען אַן אמתער קבצן...

אַדאַש האָט אָבער ארויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז נאַטאַן איז נישט אַזוי אויסן צו פאַרברענגען מיט אים, אַדאַשן, ווי מיט פאַלען...

און דאָס האָט אַדאַש דאָך געוואָלט...

ענדלעך געזאָגט, — פאַר דיר בין איך גרייט אַלץ צו טאָן... נישטאָ אי, וואָס ער האָט נישט קיין געלט?

„נו, ווען ס'וועט קומען צום באַצאָלן, וועל איך זיך כאַפּן, אַז כ'האָב פאַרגעסן דעם פּאַרטפעל אין דער היים"... — האָט אַדאַש

זיך געטראַכט.

אַדאַש האָט אָנגענומען נאַטאַנס פאָרשלאַג.

נאַטאַן האָט אויפן וועג געשלונגען פאַלען מיט די אויגן... זיין פּנים האָט געגליט...

„מ"דאַרף זיי לאָזן אַ ביסל אַליין"... — האָט אַדאַש אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— אַנטשולדיקט! — האָט ער זיך געווענדעט צו נאַטאַנען. — עס האָבן זיך מיר אויסגעלאָזט די פּאַפּיראָסן. וואַרט אויף מיר אַ ווײַלע מיט מײַן כּלה און איך וועל צוגיין קויפן פּאַפּיראָסן...

ער איז אַוועק צו דער פּאַפּיראָסן בודקע אין עק גאַס און געלאָזט נאַטאַנען מיט פאַלען אַליין...

נאַטאַן האָט זיך געפילט אויפן זיבעטן הימל...

ער האָט געקוקט פאַלען פאַרליבט אין די אויגן אַריין און זי גענומען באַשיטן מיט קאָמפּלימענטן.

— איר זעט אויס ווי א מלאך, — האָ טער געזאָגט — זינט איך האָב אײַך דאָס ערשטע מאָל דערזען, קאָן איך אָן אײַך קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן...

פאַלע האָט געמאַכט אַן אומשולדיקע נאַאיווע מינע.

— וואָס זעט איר דען אין מיר אַזעלכעס?... — האָט זי געפרעגט — אַ דורכשניטלעך מיידל. — האָט זי צוגעגעבן מיט כלומרשטער באַשיידנקייט...

— איך ווייס נישט, ווי פאַר אַנדערע, — האָט נאַטאַן דער־קלערט, — פאַר מיר זענט איר די באַצויבערנסטע פרוי אין דער וועלט...

—— אַזוי ווייט זענט איר זיך טועה?...

— ניין. איך האָב נישט קיין טעות... זינט איך האָב אײַך דערקענט, איז פון מיר אַוועק די רו און דער שלאָף אין די נעכט...

פאַלע האָט געמאַכט אַ פאַרשעמטע מינע.

— זייט נישט בייז אויף מיר, פריילין — האָט נאַטאַן זיך געבעטן — אָבער איך קאָן פאַר אײַך נישט באַהאַלטן מיינע ברויזנדיקע געפילן...

פאַלע האָט אַ זיפץ געטאָן און צעטומלט נאַטאַנען, וועלכער

האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי זיך אויסצוטייטשן פּאַלעס זיפץ...

„אפשר איז עס אַ גוטער סימן״. — האָט נאַטאַן געטראַכט — „אַז מ׳זיפצט — איז מען נישט גלייכגילטיק״.

— ווע רווייסט, צי איך וועל נאָך אַמאָל האָבן אַזאַ געלעגנ־הייט צו רעדן מיט אייך אויג אויף אויג... איך מוז אייך דעריבער איצטער אָפן זאָגן. איך האָב אייך ליב!... — האָט נאַטאַן אויס-געשרופן מיט באַגייסטערונג...

— אַך... — האָט פּאַלע אויסגערופן, כלומרשט אַן איבער־ראַשטע — חזרט מער נישט איבער די דאַזיקע ווערטער. איך בעט אייך... איך האָב דאָך אַ חתן..

— אַ חתן.. און אַז מען האָט אפילו אַ מאַן?... ווענן ליבע פרעגט מען בלויז ביים האַרץ און נישט ביי די תנאים, אָדער

פּאַלע האָט אַ זיפץ געטאָן און צעטומלט נאַטאַנען, וועלכער האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי זיך אויסצוטייטשן פּאַלעס זיפץ.

„אפשר איז עס אַ גוטער סימן״... — האָט נאַטאַן געטראַכט — „אַז מ׳זיפצט — איז מען נישט גלייכגילטיק״.

— ווער ווייסט, צי איך ווע לנאָך אַמאָל האָבן אַזאַ געלעגנ־הייט צו רעדן מיט אייך אויג אויף אויג... איך מוז אייך דע-ריבער איצט אָפן זאָגן... איך האָב אייך ליב! — האָט נאַטאַן אויסגערופן מיט באַגייסטערונג.

— אַך... — האָט פּאַלע אויסגערופן, כלומרשט אַן איבער-ראַשטע — חזרט מער נישט איבער די דאַזיקע ווערטער... איך בעט אייך... איך האָב דאָך אַ חתן.

חתונה-אַקטן... — האָט נאַטאַן געזאָגט, שאַרף אַריינקוקנדיק פּאַלען אין די אויגן.

— אָבער ווען אפילו דאָס האַרץ רופט, מוז מען דאָך אויך געדענקען וועגן די מאָראַלישע פליכטן... — האָט פּאַלע געענטפערט מיט אַ פרומער מינע און אַראָפּגעלאָזט נידעריקער דעם קאָפּ.

פּאַלעס ווערטער האָבן פולשטענדיק דערגרייכט זייער ציל...

„דאָס דאַזיקע פריילין איז נישט גלייכגילטיק צו מיר״... — האָט נאַטאַן זיך געטראַכט — „נאָר עס איז איר שווער זיך צו

דעצידירן"...

„מען דאַרף אויסנוצן די געלעגנהייט און שמידן דאָס אייז, ווי לאַנג עס איז הייס"...

נאַטאַנס אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן.

ער האָט מיט היץ אָנגעכאַפּט פּאָלעס האַנט.

— אייערע ווערטער גיבן מיר האָפענונג! — האָט ער אויסגערופן — איך האָב מורא, אַז דאָס האַרץ זאָל מיר נישט פּלאַצן פון פרייד...

— אַך!... — האָט פּאָלע אַ זיפץ געטאָן — איך קאָן דאָך אָבער נישט פאַרראַטן מיין חתן.

—נו... ער איז אַ גאַנץ איידעלער מאַן, מ׳קאָן נישט זאָגן... ער איז אָבער נישט פאַר אייך.. ער איז דאָך אַ מענטש אָן טעמפּעראַמענט...

— דאָס איז אמת. — האָט פּאָלע ווידער אַ זיפץ געטאָן.

אַזאַ שיינע, טעמפּעראַמענטפולע פרוי, ווי איר, דאַרף אויך האָבן אַ טעמפּעראַמענטפולן מאַן, וועלכער זאָל זי ליבן מיט פייערדיקער ליידנשאַפט...

פּאָלע האָט מיט כלומרשטער פאַרשעמטקייט טיף אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— ריכטיק, הער הילדעבראַנד. איך. קען אַז אַמאָן... — האָט פּאָלע געשטאַמלט — אָבער...

— אָבער ווער איז ער? — האָט נאַטאַן אַ פרעג געטאָן מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— דאָס זענט איר. — האָט פּאָלע געענטפערט און מיט די הענט זיך פאַרדעקט די אויגן.

ער האָט זיך געגרייט צו אַ הייסער און ליידנשאַפטלעכער רעדע, אָבער פּאָלע האָט אים איבערגעהאַקט די רייד.

אַך!... — האָט נאַטאַן אויסגערופן.

— שווייגט, שווייגט! — האָט זי אויסגערופן מיט אַ געהיימניספולער מינע — מיין חתן גייט.. גאָט! גאָט! ווען ער זאָל וויסן וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט! ער וואָלט מ׳יך דערשאָסן...

נאַטאַן האָט אַ דריק געטאָן פּאָלעס האַנט...

באַלד האָט זיך באַוויזן אַדאַש, וועלכער האָט זיך געגנוג לאַנג געזוימט.

ער האָט פון דערווייטנס אָבסערווירט די ליבעס־סצענע צווישן פּאָלען און נאַטאַנען... ערשט ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז עס האַלט שוין אויף אַ וועג, איז ער צוגעקומען...

„דאָס העכטל איז, דאַכט זיך, שוין געפאַנגען". — האָט ער זיך געטראַכט מיט פרייד.

ס'איז גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס נאַטאַן האָט זיך געלאָזט פאַנגען. פּאָלע האָט דעם דאָזיקן אָוונט אויסגעזען פּרעכטיק...

זי האָט זיך דאָס מאָל אָנגעטאָן אין איר פיינסטן טואַלעט, גע־לאָזט מאַכן אַ פרישע פריזור, זיך עלעגאַנט אויסגעשמינקט. ..

נאַטאַן האָט מער פון פּאָלען דעם אָוונט קיין אויג נישט אַראָפּגענומען, ער האָט געגליט ווי פייער.

אָבער אויך פּאָלעס באַקן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פלאַמען און דאָס האָט זי געמאַכט נאָך שענער און רייצנדי־קער.

פּאָלע, וועלכע האָט אין אָנהויב בלויז געשפּילט די ראָלע פון אַ פאַרליבטער, האָט אָנגעהויבן זיך צו־שטאַרק אַריינצולעבן אין איר ראָלע...

זי האָט אָנגעהויבן צו נעמען די זאַך ערנסט...

און פאַרוואָס דען נישט ?

נאַטאַן איז געווען אַ שיינער, סימפּאַטישער יונגערמאַן. אַ יונגער, זייער אַ טעמפּעראַמענטפולער און אַ פלאַם-פייערדי־קער...

און דערצו — איז ער נאָך געווען רייך.

„וואָס וועל איך זיך דאָ האַלטן ביי דעם אַדאַשן, דעם לאַ־טעק ?". — האָט זי געטראַכט — „ער איז ווייט נישט קיין סימ־פּאַטישער".

„אַדאַש וועט סוף כל סוף צוליב זיינע „געשעפטן" אַריינפאַלן אין קרימינאַל אַריין. און ער קאָן נאָך אויך מיך מיטשלעפּן. צו וואָס דאַרף איך אים ?.

„איז נישט אַ סך גלייכער איינצוטוישן אים אויפן דאָזיקן רייכן און סימפּאַטישן פראַנקפורטער באַנקיר ?".

אַלע דריי — פּאָלע, נאַטאַן און אַדאַש — האָבן גוט פאַר־

ברענגט אין קאַפע „ווערסאַל".
אַלע זענען צופרידן געווען און יעדער האָט ביי זיך גע-טראַכט, אַז ער נאַרט אָפּ עמעצן.
נאַטאַן האָט זיך געטראַכט, אַז ער נאַרט אָפּ אַדאַשן, אַדאַש — אַז ער נאַר אָפּ נאַטאַשען, און פאַלע — פריער, אַז נאַטאַנען און דערנאָך אַז אַדאַשן.
ענדלעך האָבן אַלע דריי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די קאַפע „ווערסאַל".
אַדאַש איז אויפגעשפרונגען און זיך געכאַפּט צו דער קע־שענע...
נאַטאַן האָט פּראָטעסטירט :
איך צאָל! — האָט ער געטענהט — ווייל איך האָב איינגע־לאַדן.
אָבער אַדאַש, וועלכער האָט געהאַט ליידיקע קעשענעס, האָט זיך איינגעשפּאַרט :
— ניין ,איך צאָל.
אָבער ענדלעך האָט ער זיך כלומרשט געכאַפּט:
— אַך, איך האָב גאָר פאַרגעסן דעם פאָרטפעל אין דער היים.
נאַטאַן האָט מיט אמתער צופרידנהייט באַצאָלט פאַר אַלע־מען. נאַטאַן איז נישט געווען קיין נאַר, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַדאַשעס „פאַרגעסן" דעם פאָרטפעל איז נישט קיין צופע־ליקייט...
ער האָט זיך דאַן געווענדעט צו אַדאַשן :
— אפשר נויטיקט איר זיך אין אַ הלוואה, הער שטיינזאַלץ ?
איך וואָלט זיך געפילט גליקלעך איין צו דינען מיט אַ גמילת־חסד.
אין אדאשן האָט דאָס האַרץ אַ שפרונג-געטאָן פון פרייד.
ער האָט אָבער געמאַכט אַ גלייכגילטיקע מינע.
— נו.. קיין סך איז מיר נישט נויטיק. — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַן אמתן מאַגנאַט —ווען איר קאָנט מיר באָרגן אַ פינף טויזנט פראַנק ביז מאָרגן.
די דאָזיקע קליינע געזעלשאַפט האָט זיך געפילט גאָר גליק-לעך. זייערע פנימער האָבן געשמייכלט צופרידן און ליבעס-

ווירדיק.
אַבער צום מיינסטן האָט געשיינט אַדאַש. ער האָט אויסגעזען ווי דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.
„ווי שנעל זי האָט דאָס געמאַכט, פאַלע". — האָט אַדאַש אַנגעקוואַלן — „אַ פייערדיקע מויד". — אָבער אַלץ מיין קאָפּ.
אַבער אויך פאַלע האָט געשיינט אַ גליקלעכע זי האָט כסדר געפּילט אויף זיך די בליקן פון איר נייעם פאַרערער, וועלכער האָט זי געשלונגען מיט די אויגן.
נאַטאַן ווידער איז געווען איבערגליקלעך, ווייל פאַלעס הייסע, ליידנשאַפטלעכע בליקן האָבן אים צוגעזאָגט אַ סך...
„זי וועט זיין מיינע". — האָט ער זיך געטראַכט — „מיין רייזע קיין מאָנטע-קאַרלאָ איז געווען זייער אַ מזלדיקע".
דערנאָך האָבן נאָך אַלע דריי לאַנג שפּאַצירט איבער די גאַסן פון מאָנטע־קאַרלאָ.
פאַלע האָט דעמאָלט געלאָזט פאַרבייגיין אין איר פאַנטאַזיע די בילדער פון איר פריערדיקן לעבן.
זי האָט זיך געזען אין אַן אָרעם, באַשיידן קליידל זיצן ביי דער שרייב־מאַשין און אויסקלאַפּן לאַנגווייליקע בריוו.
„אַך, וואָס פאַר אַ נודנע אַרבעט דאָס איז געווען!" — האָט זי געטראַכט — „און די פינגער פלעגן אזש ווײ־טאָן פונעם קלאַפּן".
„אַבער היינט ?. היינט פאַרברענג איך אין דער געזעלשאַפט פון צוויי עלעגאַנטע הערן. איך גיי אַנגעטאָן ערשטקלאַסיק עלע-גאַנט".
נאַטאַן האָט איינגעלאַדן פאַלען מיט אַדאַשן אויף קאָלאַציע אין רעסטאָראַן „דע־לוקס".
דאָס איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער רעסטאָראַן.
פאַלע האָט זיך דאָ אַרומגעקוקט און באַטראַכט יעדע זאַך מיט אַ קינדערישער אַנטציקונג.
אויף זייער טישל, וואָס איז געווען געדעקט מיט אַ שניי־ווייס טישטוך, האָבן געפינקלט זילבערנע געפעסן און קרישטאָלענע גלעזער און וואַזעס.
די שפּייזן האָבן וווּנדערבאַר געשמעקט און גערייצט דעם אַפּעטיט.

פאַלע האָט די דאָזיקע מאכלים געזען דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן.

זי האָט דעריבער אָפט געמוזט זיך צוקוקן צו נאַטאַנען, אָדער צו די שכנותדיקע טישלעך, כדי צו וויסן, ווי אַזוי מ׳עסט די דאָזיקע שפּייזן.

די געזעלשאַפט אין רעסטאָראַן איז געווען אַ געקליבענע.

די דאַמען זענען געווען באַדעקט מיט גאָלד און מיט בריליאַנטן, וואָס האָבן פאַרבלענדעט דאָס אויג.

די הערן — האָבן געטראָגן פראַק און סמאָקינגען.

דאָס פּובליקום איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלעס, יעדעס פאָלק, יעדעס לאַנד האָט דאָ געהאַט זייערע פאָרשטייער...

ס׳האָט זיך דאָ געהערט דער קלאַנג פון אַלערליי שפּראַכן און לשונות.

פאַלע האָט אַ פאַרגאַפטע זיך אַרומגעקוקט און זי איז אויסגעוואַקסן אין אירע אייגענע אויגן.

„אָט וואָס פאַר אַ בריה איך בין!“. — האָט זי זיך געטראַכט — „אָט ווי הויך איך בין אַרויפגעשטיגן... צי איז דאָס טאַקע די אָרעמע וואַרשעווער ביוראַליסטקע פאַלע בערמאַן“?.

אָבער ווען זי וואָלט זיך פאַרטראַכט אַ ביסעלע טיפער, וואָלט זי פאַרשטאַנען, אַז נישט אויפגעשטיגן איז זי, נאָר אַראָפּגעפאַלן טיף געפאַלן.

אָבער פאַלע האָט נישט געזען דעם אָפּגרונט, פאַר וועלכן זי שטייט... אַלץ האָט איצט געגלאַנצט אַרום איר און זי האָט זיך געפילט גליקלעך.

נעבן איר איז געזעסן אַ שיינער און רייכער יונגערמאַן, וואָס איז אין איר פאַרליבט איבער די אויערן...

„ביי אים וועט מיר נישט פעלן פון קיין פויגל־מילך“... — האָט זי געטראַכט.

אַדאַשען קאָפּ איז דערווייל געגאַנגען אויף רעדלעך.



דפוס „אור“ בע״מ פאַרלאַג „תקוה“

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 67

ער האָט געזען, ווי לייכט עס איז אָנגעקומען די ערשטע הל-וואה פון פינף טויזנט פראַנק און דער אַפעטיט איז זיך ביי אים צעוואַקסן.

מ׳דאַרף אים אַ ביסל צולאָזן צו פּאַלען״... — האָט אַדאַש זיך געטראַכט — „וואָס הייסער ער וועט ווערן, אַלץ לייכטער וועט זיין אים צו בויגן״...

אַדאַש האָט דעמאָלט זיך אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן שטערן און דערקלערט:

— דער קאָפּ טוט מיר עפּעס שטאַרק וויי. אַנטשולדיקט מיר, איך וועל אַרויסגיין אַביסל אויף דער טעראַסע.

„זאָל דיר דער קאָפּ וויי טאָן כאָטש אַ שעה״. — האָט נאַטאַן זיך געטראַכט און באַלד גענומען אויסנוצן די געלעגנהייט, וואָס ער געפינט זיך אַליין מיט פּאָלען.

— פּאָלע. — האָט ער ליידנשאַפטלעך געשעפּטשעט — ווי פּרעכטיק דו זעסט היינט אויס... איין קוש טאָן דיינע ליפּן און אויסגיין פון גליק... זאָג ווען וועלן מיר קאָנען פאַרברענגען אַ שעה צוזאַמען ?. אַליין.

פּאָלע האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן.

— הער אויף, נאַטאַן. קוק נישט אַזוי אויף מיר... דיינע בליקן טריפן אַריין משוגעת אין מיין בלוט. איך בין נישט אומשטאַנד צו ענטפערן דיר מיט אַן אָפּזאָג. איך בין מאַכטלאָז קעגן דיר.

— טייערע. איינציקע מיינע. טאָ זאָג. ווען וועלן מיר קאָנען זיין אַליין ?

— אַך. רעד נישט וועגן דעם. איך האָב אַזוי מורא... — האָט פּאָלע געענטפערט.

— פאַרוואָס האָסטו מיך דען נישט ליב ?. אָדער צווייפלסטו אין מיין ליבע צו דיר ? — האָט נאַטאַן געפרעגט.

— איך האָב מורא פאַר מיין חתן. ער וועט מיך דערשיסן, ווען ער וועט זיך וועגן דעם דערוויסן.

— קיינער וועט דיר קיין האָר נישט קרימען, ווען דו וועסט זיין אונטער מיין שוץ. איך וועל דיך באַשיצן. פּאָלע. איך גיי אויס פון בענקשאַפט און איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין מיינע...

— זאָג ווען קאָנען מיר זיך טרעפן ?

כאָטש נאַטאַן איז פּאַלען שטאַרק געפעלן און זי איז שוין גרייט געווען צו פאַרראַטן און פאַרלאָזן אַדאַשן צוליב אים, האָט זי פונדעסטוועגן נאָך אַלץ געשפּילט מיט אים קאָמעדיע...

זי האָט שוין לאַנג געהאַט אָפּגערעדט מיט אַדאַשן, ווען זי זאָל מאַכן די ערשטע ראַנדקע מיט נאַטאַנען.

אָבער איצט האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז שטאַרק פאַרזאָרגט און צעטומלט.

— איך ווייס? אפשר מאָרגן. האַ?.. — האָט זי געשטאַמלט

— וואָרט. פינף אַ זייגער גייט אַדאָם אין דער קאַסינאָ אַריין... איך בין דעמאָלט אַליין. איך וועל אויף דיר וואַרטן...

— גוט. גוט טייערע. אַ דאַנק דיר. — האָט נאַטאַן געשעפּטשעט, שטאַרק דריקענדיק פּאַלעס האַנט.

אָבער אין דעם מאָמענט, האָט דאָס הייסע ליידנשאַפטלעכע געשפּרעך זיך איבערגעריסן, ווייל אַדאַש איז אַריינגעקומען.

— נו, דער קאָפּ טוט אייך מער נישט וויי? — האָט נאַטאַן געפרעגט מיט כלומרשטן מיטגעפיל.

— דאַנק... אוויף דער לופט איז מיר בעסער געוואָרן.

— קעלנער! — האָט נאַטאַן אויסגערופן.

אַ קעלנער איז צוגעקומען און זיך טיף פאַרנויגט.

— שאַמפּאַניער! — האָט נאַטאַן באַפוילן.

די פריילעכע קאָלאַציע האָט זיך ביז שפּעט פאַרצויגן.

ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דעם רעסטאָראַן „דע־לוקס", האָט שוין געגרויט אויף טאָג.

זייערע קעפּ זענען פול געווען מיט זיסער באַרוישונג און די ערד האָט זיך לייכט געוויגט אונטער זייערע פיס.

אַדאַש האָט צום מיינסטן אין זיך אַריינגעגאָסן. נאַטאַן האָט זיך דעריבער נישט געוווּנדערט, וואָס ער האָט זיך שטאַרק געוואַקלט אין גיין.

ער האָט זיך שיער נישט אומגעדרייט און מיטגעשלעפּט מיט זיך פּאַלען.

פּאַלע האָט דאַן אָפּגעלאָזט אַדאַשן און אָנגענומען נאַטאַנס אָרעם.

נאַטאַן איז איצט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט.

פאַלע האָט זיך געטוליעט צו אים, ווי אַ קראַנק קעצל.

אַדאַש איז איצט כלומרשט געווען אַזוי ווייס אונטערן פלעשל, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט.

ער האָט אפילו נישט באַמערקט, ווי פאַלע מיט נאַטאַנען האָבן זיך עטלעכע מאָל געקושט.

דער כיטרער לומפּ איז אָבער אויף אַ האָר נישט שיכור געווען. ער האָט נאָר געמאַכט אַזאַ אָנשטעל.

ווען אַדאַש און פאַלע האָבן זיך ענדלעך אָפּגעזעגנט מיט נאַטאַנען און זענען אַריין אין פאַלעס צימער, האָט אַדאַש זיך פּלוצלונג אויסגעניכטערט.

ער האָט זיך באַקוועם אַריינגעזעצט אין אַ פאָטעל און פאַררויכערט אַ ציגאַר.

— נו? ווי האַלט עס עפּעס ביי אייך? — האָט ער ציניש אַ פרעג געטאָן פאַלען.

פאַלע איז נישט געווען קיין איבעריק שעמעוודיקע. אָבער אַדאַשעס ציניזם איז איבערגעגאַנגען יעדע מאָס.

זי איז רויט געוואָרן און צאָרנדיק אַ זאָג געטאָן:

— מאָרגן, פינף אַ זייגער נאָכמיטאָג, זאָלסטו אַוועקגיין אין קאַסינאָ אַריין און נישט צוריקקומען פריער, ווי זיבן אַ זייגער.

— פון פינף ביז זיבן?... אַ מזלדיקע צייט... כאַ-כאַ-כאַ... — האָט אַדאַש ציניש געלאַכט — זע נאָר, אַז דו זאָלסט נישט פּטרן די צייט מיט גאָרנישט.

— נו, גענוג. גענוג. — האָט פאַלע אומצופרידן אַ בורטשע געטאָן.

— דו דאַרפסט אָבער געדענקען, אַז מיט די פינף טויזנט פראַנק וועלן מיר גאָרנישט מאַכן... — האָט אַדאַש געזאָגט.

— דו, ווידער, ווייז נישט באַלד אַרויס וואָס דו ביזט... — האָט פאַלע בייז אויסגערופן — ווי נאָר איך וועל ביי אים אַרויסקריגן אַ גרעסערע סומע געלט, זאָלסטו אים אָפּגעבן די פינף טויזנט פראַנק.

— אָפּגעבן? — האָט אַדאַש אומצופרידן אַ בורטשע געטאָן.

— דער רייכער לאָדזשער פאַבריקאַנט אַדאַם שטיינזאַלץ מוז פאַרגעסן אז ער איז דער וואַרשעווער לאַטעק אַדאַש! אָבער

לאַמיך נאָר זען די גרעסערע סומע.

— דו האָסט שוין נישט קיין געדולד צו וואַרטן, האַ? גאָלד־שפינער מײַנער!

— נו... קיין טענה צו דיר האָב איך נישט. — האָט אַדאַש זיך פאַרענטפערט — דו האָסט אויסגעצייכנט געשפּילט דיין ראָלע, כ׳האָב גאַרנישט געוווּסט, וואָס איך פאַרמאָג. הויבסט מיר אָן צו געפעלן.

אַדאַש האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פאָטעל און איז צוגעגאַנגען צו פאָלען. ער האָט זי געוואָלט אַרומנעמען, אָבער זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זנייע הענט.

— לאַמיך צורו! האָט זי געשריגן, — איך בין מיד און שלעפעריק. זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַריין אין איר שלאָפצימער.

אַדאַש איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און פאַרווונדערטער.

„וואָס איז זי עפּעס אַזוי ברוגז אויף מיר?״ — האָט ער זיך געטראַכט.

סאיז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווי פאָלע האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך.

## קאַפּיטל איין און אַכציק

# אונטערגעהאַקט די פליגל

מאַרילע האָט געעפנט די אויגן און זיך פרעמד אַרומגעקוקט איבערן צימער...

„ווו בין איך?״ — האָט זי געטראַכט.

„אַלץ אַרום האָט עדות געזאָגט, אַז זי געפינט זיך אין שפּיטאָל.

„אָבער ווען בין איך אַהערגעקומען? ווי אַזוי?״.

מאַרילע האָט זיך נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע.

זי איז שוין עטלעכע טעג געלעגן אין שפּיטאָל אין באַוווסט־לאָזן צושטאַנד.

אַ דאַנק דער ענערגישער היילונג, איז זי געקומען צו זיך און ס׳האָט צוריק אויפגעוואַכט איר באַוווסטזיין.

מאַרילע האָט זיך לאַנג געבראָכן דעם קאָפּ, כדי זיך עפּעס צו דערמאָנען, ווי אַזוי איז זי געקומען אין שפּיטאָל אַריין.

זי האָט זיך אָבער אין דעם נישט געקאָנט דערמאָנען.

ערשט ווען דאָס שטוב־מיידל איז צו איר געקומען מיט אַ באַזוך, האָט מאַרילע זיך דערוווּסט וועגן דעם.

ווען מאַרילע איז געוואָר געוואָרן, איז זי אַוועקגעפאַלן אַ פאַר־דאָר לוקאַס האָט פאַרלאָזט ניו־יאָרק, איז זי אַוועקגעפאַלן אַ פאַר־חלשטע.

דאָס שטוב־מיידל האָט געמאַכט אַ געוואַלד און ס׳איז זיך אָנגעלאָפן די האָטעל־דינערשאַפט.

מ׳האָט מאַרילען אַרויפגעלייגט אויפן אָטאָמאַן און געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט אַ מוח־דערשיטערונג...

מ׳האָט מאַרילען באַלד אַריבערגעפירט אין שפּיטאָל אַריין.

איר צושטאַנד אַין געווען זייער אַ געפערלעכער.

איצט איז די געפאַר שוין אַריבער.

דער דאָקטאָר, וועלכער איז אַריינגעקומען, האָט דערזען מאַרילען אַ דערוואַכטע פון איר באַוווסטלאָזיקייט.

ער האָט זיך דערפרייט מיט איר.

— נו, איצטער וועט איר שוין איינס און צוויי געזונט ווערן...

— האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל — ס׳וועט ווידער אַלס גוט זיין...

אַ דאַנק אייך, הער דאָקטאָר! — האָט מאַרילע אַ שמייכל געטאָן.

זי איז צופיל באַהערשט געווען פון דער פרייד, וואָס זי האָט ווידער דערזען אַ ליכטיקע וועלט, אַז זי זאָל איצט טראַכטן וועגן איר לאַגע...

דאָס סימפּאַטישע שטוב־מיידל האָט מאַרילען גאָרנישט דער־ציילט, ווי ענערגיש זי אַרבעט, כדי אַרויסצוראַטעווען איר ברויט־

געבערין פון דער שווערער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך...

ווי נאָר מען האָט מאַרילען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין, איז דאָס מיידל אַוועק אין דער פּאָליציי און געמאָלדן וועגן דער גנבה פון מאַרילעס צירונג.

דאָרט האָט מען איר געוויזן אַן׳אַלבום, אין וועלכן זי האָט געפונען לוקאַסעס בילד...

איצט איז שוין קלאָר געווען, ווער עס איז געווען דער „פּאַריזער אַדוואָקאַט" טעאָדאָר לוקאַס.

אין דער פּאָליציי איז ער געווען גוט באַקאַנט... עס איז שוין געווען אַן׳אַלטער, דערפּאַרענער אַפּעריסט...

ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין גנבענען צירונג און גרויסע געלט־סומען צווישן די פּאַסאַזשירן פון לוקסוס־שיפן, וועלכע האָבן קורסירט צווישן אַמעריקע און מזרח־אייראָפּע...

ס׳איז איצט שוין אומעגלעך געווען צו צווייפלען, אַז מאַרילעס צירונג האָט צוגעגנבעט איר „איינציקער אמת׳ער פריינט", דער „פּאַריזער אַדוואָקאַט" טעאָדאָר לוקאַס...

די ידיעה פון דער גנבה איז באַלד אויפגעכאַפּט געוואָרן דורך אַלע ניו־יאָרקעד צייטונגען, וועלכע האָבן דערפון געמאַכט אַ גרויסע סענסאַציע.

פון די צייטונגען האָבן אַראָפּגעשריען גרויסע שרייענדיקע געפּ:

„אַפּערע מיט אַ באַרימטער אייראָפּעאישער קינסטלערין"

באַגנבעט די באַרימטע טענצערין מאַרילע מאָרגענטאַל"

אַפּעריסט באַשווינדלט די קינסטלערין מאַרילע מאָרגענטאַל"...

אַזוי אַרום האָבן די צייטונגען ווידער אויפגעוועקט דעם אינטערעס צו דער אייראָפּעאישער טענצערין.

ברענגענדיק די ידיעה וועגן דער גנבה, האָבן די צייטונגען אויך דערציילט וועגן מאַרילעס קראַנקהייט.

„דער דורכפאַל פונעם ערשטן אויפטריט פון דער דאַזיקער באַרימטער קינסטלערין איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון דער קראַנקהייט — האָבן די צייטונגען געשריבן.

די קינסטלערין האָט אליין נישט געוווסט וועגן איר קראַנקהייט און נישט פאָרגעפילט, אַז עס דראָט איר אַ שרעקלעכע טרעמע...

„ס'איז ווירקלעך צו באַדויערן, וואָס דער ערשטער אויפטריט פון מאַרילע מאָרגענטאַל איז אַזוי אומגליקלעך אויסגעפאַלן.

„דאָס ניו־יאָרקער פובליקום האָט אַזוי אַרום פאַרשפילט די מעגלעכקייט צו זען די דאָזיקע גרויסע קינסטלערין אין דעם פולן גלאַנץ פון איר טאַלאַנט... וואָס איז ווירקלעך אַ שאָד"...

קיין איין צייטונג האָט נישט דערציילט, אַז די אמת'ע סיבה פון מאַרילעס דורכפאַל איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע... אָבער די אַלע מיטפילנדיקע ווערטער זענען שוין נישט אימשטאַנד געווען צו פאַרריכטן דאָס קאַליע־געמאַכטע...

ס'זענען אַריבער עטלעכע טעג און די גאַנצע סענסאַציע איז פאַרגעסן געוואָרן...

די אייביקע כוואַליע פון נייע סענסאַציעס האָט פאַרדעקט מאַרילעס נאָמען — אויף אייביק...

מאַרילע האָט זיך דערוויילט אין שפּיטאָל געראַנגלט מיט'ן טויט...

זי האָט זיך געוואָרפן אין איר בעט אויף אַלע זייטן, זי האָט געוואָיעט און געשריגן אומפאַרשטענדלעכע ווערטער...

ווען מען הערט זיך גוט צו צו אירע ברומערייען, וואָלט מען מסתמא אַרויסגעהערט דעם נאָמען „הערמאַן"..

איר אַמאָליקער נאָענסטער און בעסטער פריינט... איר הײַנטיקער פאַרביסענער און בלוטיקער שונא...

אין די דאָזיקע טעג, ווען מאַרילע איז געלעגן אַ באַוווסטלאָזע און אַ פיבערנדיקע, האָבן אין איר צעהיצטער פאַנטאַזיע פאַרבייגעשוועבט בילדער פון איר פאַרגאַנגענהייט...

זי האָט געזען איר מאַן אַדאָלף מאָרגענטאַל, ווי ער שטייט נעבן איר און מעסט זי אָפּ מיט אַ שטרענגן און בייזן בליק פול מיט פאָרוווּרף...

„אַזוי האָסטו מיר געטאָן, האַ, מאַרילע?"... — האָט דער דאָזיקער בליק געזאָגט — האָסט מיך פאַראַטן און אָפּגענאַרט"...

און אָט האָט זי זיך געזען צוזאַמען מיט הערמאַנען, ווי זיי שלעפן איין אַדאָלפן מיט גאַז...

אירע אַוואַנטוריסטישע צוזאַמענטרעפונגען מיט הערמאַנען... די צעשיידונג מיט אַדאָלפן... די רייזע אויף דער שיף... טעאָדאָר לוקאַס... דזשעני קאָפּערפעלד... דזשעני מיט הערמאַנען... דער סקאַנדאַל אין טעאַטער...

די אַלע בילדער האָבן זיך צוזאַמענגעמישט אין אַ פינצטערן קאָשמאַר... ווי וואָלקנס, אָנגעלאָדענע מיט בליצן, האָבן זיי זיך געצויגן אין מאַרילעס קראַנקער פאַנטאַזיע...

די היץ האָט פאַרצערט איר אָרגאַניזם... שרעקלעכע פאַנטאַזיע־בילדער האָבן זיך געפּלאָנטערט אין איר מוח...

אָבער ענדלעך איז געקומען דער טאָג, ווען מאַרילע האָט געעפנט אירע אויגן און ווידער מיט אַ קלאָרן בליק דערזען גאָטס ליכטיקע וועלט.

זי האָט שנעל אַנגעהויבן געזונט צו ווערן.

אין עטלעכע טעג איז זי אַזוי ווייט צוריק געקומען צו זיך, אַז זי איז שוין געווען אומשטאַנד צו טראַכטן וועגן איר צוקונפט.

קיין גרויס נחת האָט עס איר נישט פאַרשאַפט. ווייל איר צוקונפט איז געווען אַזוי פאַרנעפּלט און אַזוי אומזיכער, אַז מען האָט געקאָנט פאַרצווייפלען.

אירע ליידן, וועלכע זענען איינגעשטילט געוואָרן אַ דאַנק איר קראַנקהייט, האָבן זיך צוריק אויפגעוועקט.

„וואָס וועל איך איצטער טאָן״ ?...

די דאָזיקע פראַגע האָט זי אויף אַ מינוט נישט אָפּגעלאָזט.

און קיין ענטפער אויף איר האָט זי נישט געקאָנט געפונען...

אין אַ פרעמד לאַנד, ווייט פון דער היים, אָן אַ גראָשן געלט, אָן פריינט און אָן פאַרערער...

וואָס זאָל זי איצטער טאָן ?...

„עס וואָלט מיר שוין בעסער געווען, ווען איך שטיי נישט אויף פון דער קראַנקהייט״... —— האָט זי געטראַכט — איידער צו זיין אַזוי עלנד און הילפלאָז — איז שוין גלייכער דער טויט...

אין אַ ווינקעלע פון איר האַרץ האָט זיך אָבער אָפּגערופן אַ טרייסטנדע שטים :

„וועסט צוריקפאָרן קיין אייראָפּע. וועסט נאָך טריאומפירן מיט גרויסע דערפאָלגן... דיין שטערן וועט נאָך אויפשיינען איבער דער וועלט״...

— אַוודאי... מען טאָר נישט פאַרצווייפלען... מוט פאַרלוירן, איז אַלץ פאַרלוירן... נעם דיך אין די הענט אַריין, מאַרילע... — האָט זי צו זיך אַליין געשעפּטשעט.

דאָס שטובמיידל האָט איר געברענגט די צייטונגען, ווו עס

איז געווען געשריבן, אַז איר דורכפאַל איז געווען דער רעזולטאַט פון איר קראַנקהייט.

מאַרילע האָט זיך שטאַרק דערפרייט.

„מיין גוטער נאָמען אַלס קינסטלערין וועט אַזוי אַרום מער נישט ליידן". — האָט זי זיך געטרייסט. — „די צוקונפט איז פאַר מיר ווידער אָפן".

„איך וועל אַרויס אין דער ברייטער וועלט און באַווייזן, וואָס איך קען"...

„שאַט נישט... עס וועלו נאָך קומען גוטע צייטן פאַר מיר... דעמאָלט וועל איך אפשר נאָך קאָנען זיך נוקם זיין אין הערמאַנען"...

וועגן פלאָרען האָט זי אינגאַנצן נישט געטראַכט, ווייל זי האָט זי גרינגעשעצט און געהאַלטן פאַר נידעריקער פון איר כבוד צו טראַכטן וועגן איר...

באַזונדערס איז זי זיכער געווען, אַז דעם גאַנצן נקמה-אַקט קעגן איר האָט צוגעטראַכט הערמאַן און פלאָרע האָט אים בלויז צו־געהאָלפן...

מאַרילע איז צוריק געוואָרן פול מיט האָפענונג און גלויבן אין דער צוקונפט...

זי האָט געבענקט נאָכן טאָג, ווען זי וועט שוין קענען פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל־בעט און ווידער אַריין אינעם קאָכעדיקן ווירוואַר פון לעבן...

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך מאַרילע שוין אַזוי גוט געפילט, אַז זי האָט באַפוילן איר שטוב־מיידל צו ברענגען איר די טאָג־פּרעסע, וועלכע זי האָט ממש געשלונגען...

אַזוי איז שוין דער שטייגער פון אַ הענטש, וועלכער איז אַ לענגערע צייט אָפּגעריסן פון לעבן, יעדער זאַך פאַראינטערעסירט אים געוואַלדיק...

בלעטערנדיק אַזוי אַ צייטונג און לייענענדיק מיט אַ געוואַל־דיקן נייגיר די פאַרשיידענע נייעסן, האָט זי זיך פּלוצלונג אָפּ־געשטעלט ביי איין נאָטיץ.

איר געזיכט איז טויט־בלאַס געוואָרן...

אַ קעפּל פון פעטער שריפט האָט דערציילט:

אַ סענסאַציע אין די ניו־יאָרקער טעאַטער־קרייזן.

באַרימטע טענצערין פלאָרע בערגער. האָט חתונה געהאַט מיט

אַ גרויסן וואַרשעווער סוחר.
„נעכטן ביינאַכט איז געפייערט געוואָרן די חתונה פון דער באַרימטער טענצערין. פלאָרע בערגער האָט חתונה געהאַט מיטן סוחר הערמאַן גרינפעלד.
„הער גרינפעלד ווילט זינט אַ גרויסע צייט אין ניו־יאָרק, ווו ער האָט זיך באַקענט מיט דער באַרימטער טענצערין און זיך אין איר פאַרליבט.
„צו דער חתונה איז געקומען די עליטע פון די ניו־יאָרקער טעאַטער, פינאַנס־און האַנדלס־קרייזן.
„מען האָט געקאָנט דאָ זען די פיינסטע טואַלעטן און די טייערסטע צירונגען.
„די חתונה אין פאָרגעקומען אין די זאַלן פון „לינקאָלן־האָטעל״.
„דער טיש איז געווען קעניגלעך סערווירט. עס האָט געשפּילט אַ פּרעכטיקער אָרקעסטער. עס זענען אויפגעטראָטן ערשטקלאַסיקע טעאַטער־שטערנס.
„עס ווייזט זיך אַלזאָ אַרויס, אַז די קלאַנגען וועגן דעם, אַז מיסטער גרינפעלד האָט זיך פאַרלאָבט מיט אַ מיליאָנערישע טאָכ־טער, זענען פאַלשע״...
איבערגעלייענט, האָט מאַרילע אַוועקגעלייגט די צייטונג און זיך פאַרטראַכט.
„איצטער איז שוין פאַר מיר קלאָר, פאַרוואָס די דאָזיקע ביי־דע אויסוורפן האָבן זיך פאַראייניקט קעגן מיר״... — האָט מאַרילע געטראַכט.
אַ לייטישע פּאָר... אַ לומפּ מיט אַ גאַסן־פרוי״...
אָבער באַלד זענען אירע געדאַנקען איבערגעריסן געוואָרן. די טיר פונעם צימער האָט זיך געעפנט און עס האָט זיך באַוויזן אַ שפּיטאַל־דינערין.
זי האָט מאַרילען דערלאַנגט אַ וויזיט־קאַרטל.
מאַרילע האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן קאַרטל און ברייט צעעפנט די אויגן פון פאַרוואונדערונג.
אויפן קליינעם קאַרטל פון פּערגאַמין־פּאַפּיר איז געווען גע־דרוקט מיט שוואַרצע אותיות:
דזשעני גאָלד
פון דער היים קאָפּערפעלד

„וואָס טוט זי דאָ? — האָט מאַרילע געטראַכט אַנ׳איבעראַשטע — „וואָס איז זי עפּעס צו מיר געקומען״?

„זי האָט דאָך געדאַרפט זיין אין כעס צוליב מיין האַנדלונג אויף דער שיף״?...

— בעט זי אַריין! — האָט מאַרילע באַפוילן.

באַלד האָט זיך דזשעני באַוויזן, אין איר האַנט האָט זי געטראָגן אַ גרויסן בוקעט רויזן...

מאַרילע האָט זי באַטראַכט מי פאַרוווּנדערטע אויגן.

עס איז גאָרנישט געווען די אייגענע דזשעני, וואָס אויף דער שיף...

פאַר מאַרילען איז איצט געשטאַנען נישט יענץ בייגעוודיקע שעמעוודיקע מיידל, נאָר אַ יונגע שיינע פרוי מיט אַ ליכטיק און פריידפול געזיכט.

שוין נישט יענץ נאַאיווע קינד נאָר אַ רייפע, אַנטוויקלטע פרוי, פול מיט זיכערקייט אין זיך...

דזשעניס בליק איז געפאַלן אויף דער ליגנדיקער מאַרילע און דאָס האַרץ האָט איר וויי געטאָן.

דאָ איז מער נישט געלעגן יענע שטאָלצע, שיינע פרוי, נאָר אַ קראַנקער צעבראָכענער מענטש...

„איז דאָס יענע שטאָלצע שיינהייט, וואָס האָט באַצויבערט יע־דעס מענלעכע האַרץ״?... — האָט זיך דזשעני געפרעגט אין גע־דאַנק.

„דאָ ליגט דאָך אַ בלאַסע, באַקנייטשטע זקנה״.

דזשעני האָט זיך באַמיט נישט אַרויסצוווייזן די געפילן, וואָס האָבן זי איצט באַהערשט.

זי האָט געשמייכלט מיט אַ כלומרשטער זאָרגלאָזיקייט צו דער קראַנקער און זי באַגריסט.

מאַרילע האָט צוגענומען דעם בוקעט, זיך באַדאַנקט און האַר־ציק געדריקט דזשעניס האַנט.

— אַ דאַנק אייך, מיסיס גאָלד... — האָט זי געזאָגט מיט אַ לייכטן שמייכל — איר האָט גוט געטאָן, וואָס איר זייט געקומען... ביי דער געלעגנהייט גראַטוליר איך אייך צו אייער חתונה...

— אַ דאַנק. — האָט דזשעני געענטפערט און זיך אַוועקגעזעצט נעבן מאַרילעס בעט. — איר וווּנדערט זיך, מסתמא, אויף מיין

אומגעריכטן באַזוך...

— איר זייט ביי מיר אַ גערן געזעענער גאַסט, — האָט מאַ־רילע דערקלערט.

— איך האָב אייך שוין לאַנג געוואָלט באַזוכן. — האָט דזשעני געזאָגט, רויטלענדיק זיך אַ ביסל. — איך האָב אָבער אָפּגעלייגט מיין באַזוך פון איין טאָג אויפן אַנדערן...

— פאַרוואָס — האָט מאַרילע געפרעגט.

— איך האָב מורא געהאַט, אַז איר וועט מיר נישט אויפנעמען...

— האָט דזשעני געענטפערט.

— אַך! — האָט מאַרילע אַ זיפץ געטאָן — איך בין שוין נישט די זעלבע, וואָס אויף דער שיף... איך בין אומגליקלעך און קראַנק... איצט ערשט פאַרשטיי איך, אַז מען דאַרף זיך נישט צופיל צו גרויסן...

— נו־נו... — האָט דזשעני געזאָגט מיט אַ מילדן שמייכל — צו פיל איבערנעמען דאַרף מען אויך נישט... די קראַנקהייט וועט אַוועק און איר וועט בלייבן די זעלבע וואָס איר זענט געווען...

— פאַרשטייט מיך. — האָט מאַרילע געענטפערט. — דער שיקזאַל האָט מיר געגעבן צו־שטאַרקע און אומגעריכטע קלעפּ... עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס איך האָב פאַרלוירן דעם גלויבן.

— אָבער מיטן צוריקקערן פון אייער געזונט, וועט אויך אייער גלויבן צוריקקערן... — האָט דזשעני זי געטרייסט.

— די קלעפּ זענען אָבער אַזוי שווער איבערצוטראָגן... — האָט מאַרילע זיך געקלאָגט און אירע אויגן זענען פייכט געוואָרן.

— איך האָב געלייענט אין דער פּרעסע... — האָט דזשעני דער־קלערט — עס זענען ווירקלעך שווערע איבערלעבונגען... אָבער קיי־נער קאָן נישט זיין באַוואָרנט פאַר אַן׳אומגליק... אַלץ צוליב דער דאָזיקער קראַנקהייט...

אויף מאַרילעס ליפּן האָט זיך אויסגעלייגט אַ ביטערער שמייכל

— אַ טעות, ליבע מיס גאָלד! נישט מיין קראַנקהייט איז שול־דיק געווען אין די שווערע איבערלעבונגען... פאַרקערט, צוליב די שווערע איבערלעבונגען בין איך קראַנק געוואָרן...

— נאָר וואָס דען איז געווען די סיבה? — האָט דזשעני גע־פרעגט מיט וואַרוונדערונג.

— דאָ איז פאָרגעקומען אַ געמיינע פּראָוואָקאַציע.

— אַ פּראָוואָקאַציע?
— יאָ. הערט, וועל איך אײַך אַלץ דערציילן.
מאַרילע האָט דאַן איבערגעגעבן דזשענין די גאַנצע געשיכטע פון יענעם אומגליקלעכן אָוונט פון איר ערשטן אויפטריט אין טע־אַטער.
ווי הערמאַן מיט פלאָרען האָבן זיך געזעצט אין דער לאָזשע האַרט ביי דער סצענע און ווי זיי האָבן צו איר כסדר שפּאָטיש געשמייכלט.
ערשט איצט האָט זיך דזשעני דערוווסט, אַז דאָס האָט איר מאַרילע צוגעשיקט דעם נישט-אונטערגעשריבענעם בריוו מיטן אַדרעס פון מיסיס פרענטש׳ס לאָקאַל.
— טײַערע! — האָט דזשעני אויסגערופן געריהרט — אײַך האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס איך האָב אויסגעמיטן אַ גרויס אומגליק... אַ דאַנק אײַער בריוו האָב איך דערקענט הערמאַנס אמתן פּרצוף...
— איך האָב נישט פאַרדינט קיין דאַנק, — האָט מאַרילע גע־ענטפערט, — ווייל איך האָב דעמאָלט נישט געמיינט אײַער טובה. איך האָב זיך נאָר געוואָלט נוקם זיין אָן הערמאַנען...
— וואָס איר זאָלט נישט האָבן אויסן געזוען, בין איך אײַך שול־דיק אַ דאַנק, — האָט דזשעני זיך געהאַלטן ביי דאָס איריקע, — אַ דאַנק אײַך בין איך געראַטעוועט געוואָרן פון דאָזיקן אויסוואורף.
מאַרילע האָט אַראָפּגענומען פונם טישל נעבן איר בעט די צײַ־טונג, וועלכע זי האָט אַוועקגעלייגט ביי דזשעניס אַרײַנקומען, און זי דערלאַנגט דזשענין.
— לייענט, — האָט זי געזאָגט און איר אָנגעוויזן אויף דעם נאָטיץ וועגן הערמאַנס חתונה מיט פלאָרען.
דזשעני האָט דורכגעלייענט די נאָטיץ און שפּאָטיש אַ זאָג גע־טאָן:
— זאָל זיין מיט מזל... איך קען די דאָזיקע פלאָרע בערגער... ער איז ווערט אַזאַ כלה, פונקט ווי אַזאַ חתן... אַ פּאַסיקע פּאָר...
— אַ לומפּ מיט אַ גאַסן־פרוי... — האָט מאַרילע צוגעגעבן.
— איר קאָנט אײַך פאָרשטעלן, ליבע דזשעני, מײַן געפיל, ווען איך האָב דאָס דאָזיקע איידעלע פּאָרל דערזען האַרט נעבן דער סצענע...
— שרעקלעך...
— זיי האָבן זיך ביידע פאַראייניקט קעגן מיר...

— דאָס שרעקלעכסטע איז, וואָס די עפּנטלעכקייט איז פאַלש אינפאָרמירט וועגן דער אמתער סיבה... — האָט דזשעני געזאָגט.
— די גאַנצע פּרעסע האָט פאַרשוויגן די פּראָוואָקאַציע.
— אויך דאָ שטעקט מסתמא הערמאַנ'ס האַנט... — האָט מאַרילע באַמערקט.
— מיר טאָרן דאָס אָבער נישט פאַרשווייגן!.. — האָט דזשעני אויסגערופן — מיר מוזן ראַטעווען אייער גוטן נאָמען.
מאַרילע האָט אָבער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט פול מיט רעזיגנאַציע...
— דאָס איז נישט אַזוי לייכט, ווי איר שטעלט זיך עס פאָר...
— האָט זי געזאָגט — קאַליע מאַכן איז לייכט, אָבער פאַריכטן איז שווער...
— מען דאַרף די באַנדע דעמאַסקירן! — האָט דזשעני זיך אויפגערעגט.
— אָבער ווי אַזוי, ליבע דזשעני?... וועט זיך דער הערמאַן ווע־לן מודה זיין, אַז ער האָט געדונגען אַ באַנדע טומלער?. איך וועל שוין מער אין אַמעריקע קיין דערפאָלג נישט זוכן?...
וואָס הייסט? נאָר ווו דען? — האָט דזשעני זיך געוואונדערט.
— איך וועל זיך אומקערן קיין אייראָפּע און דאָרט וועל איך באַווייזן, אַז מאַרילע מאָרגענטאַלס טאַלאַנט לעבט. דערווייל טרייסט איך זיך דערמיט, וואָס איך האָב אויך אין אַמעריקע פריינט.
— פאַררעכנט אויך מיך צווישן אייערע פריינט... — האָט דזשע־ני געבעטן און זיך לייכט פאַררויטלט.
— אייך די ערשטע, טייערע דזשעני.... — אייער פריינטשאַפט איז מיר זייער טייער... — האָט מאַרילע געזאָגט מיט אויפריכטיקייט.
— נאָך אויף דער שיף האָט אייער שיינקייט און גראַציע ביי מיר אַרויסגערופן גרויס סימפּאַטיע... — האָט דזשעני דערקלערט — ווען נישט די אייפערזוכט...
— די אייפערזוכט צוליב אַ לומפּ... — האָט מאַרילע גאַליק צוגעגעבן.
— וואָלט איך נאָך דעמאָלט געוואָרן אייער פריינדין. ווען איך האָב זיך דערוווסט וועגן דעם סקאַנדאַל אין טעאַטער און וועגן אייער קראַנקהייט, האָט עס מיר פאַרשאַפט אַ סך עגמת-נפש.

— איך דאַנק אייך זייער, ליבע דזשעני. איר זענט אַ האַרצי־
קער מענטש...
— איך האָב דאַן באַשלאָסן אייך צו באַזוכן.



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 68

— איר האָט זייער גוט געטאָן ליבע דזשעני. איך דאַנק אייך זייער. איך האָב זיך געפליט אַזוי עלנד אין ריזיקן ניו־יאָרק, איצט זע איך, אַז איך האָב דאָ אויך פריינט...

לאַנג האָבן דיביידע פרויען געפירט זייער האַרציקן שמועס.

ענדלעך האָט דזשעני אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און זיך אויפגעשטעלט.

— שוין האַלב פינף — האָט זי געזאָגט. — דער דאָקטאָר האָט מיר נישט דערלויבט לענגער צו פאַרברענגען ביי אייך. אָבער איי־דער איך געזעגן זיך מיט אייך, אַ קליינע ביטע.

— אַ ביטע ?

מאַרילע האָט געקוקט אַ פאַרוווּנדעטע אויף דזשענין, וועלכע האָט אויסגעזען שטאַרק צעטומלט.

— זייט נישט בייז אויף מיר. — האָט דזשעני געשטאַמלט — איך האָב געלייענט אין דער פרעסע וועגן דער גנבה פון אייער צירונג. אַז איר זענט געבליבן אָן מיטלען. דערלויבט מיר אייך באָרגן אַ ביסל געלט.

מאַרילעס אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן.

— איך דאַנק אייך, דזשעני. — האָט זי געשעפּטשעט מיט אַ וויינענדיקער שטים — איך ביןווירקלעך געבליבן אָן שום מיטלען צום לעבן.

ביידע פרויען האָבן זיך אַרומגענומען און האַרציק צע־קושט.

דזשעני האָט זיך איר איצט אויסגעמאָלט, ווי אַ וואַרעמע זון, וועלכע האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעשיינט אין איר פאַרוואָלקנטן לעבן.

נאָך איר אָוועקגיין איז ווידער טונקל געוואָרן.

ווען מאַרילע האָט געעפנט דעם פאַרקלעבטן קאָנווערט, האָבן זיך אירע אויגן ברייט צעעפנט פון פאַרוווּנדערונג.

זי האָט דאָ געפונען אַ סומע, וועלכע איז גענוג געווען אויף הוצאות קיין אייראָפּע און אויף צו לעבן די ערשטע עטלעכע חד־שים.

מאַרילע איז געווען אַ געראַטעוועטע.

דעם זעלבן טאָג האָט מאַרילע באַזוכט איר מומע, די געוועזענע מיליאָנערשע, מיסיס עליזאַבעט סילווער.

די סילווערס איז לעצטנס גאָר שלעכט געגאַנגען, זיי זענען אינגאַנצן פּאַראַרעמט געוואָרן.

אָבער דערוויסנדיק זיך וועגן מאַרילעס לאַגע, האָט זי איר געוואָלט געבן אַ ביסל צירונג. אָבער מאַרילע האָט איר האַרציק געדאַנקט און נישט געוואָלט אָננעמען.

— ליבע מומע, — האָט זי געזאָגט, — דיין גוטסקייט האָט קיין גרענעץ נישט. אָבער איך האָב שוין געלט גענוג און דאַרף ביי דיר נישט צונעמען דאָס לעצטע.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מאַרילע פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל.

קומענדיק אַהיים אין איר האָטעל־צימער, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן שפּיגל און זיך באַטראַכט.

אַרום איר מויל האָט זיך געשלענגלט אַ ווייטאָגפולער שמייכל.

איר געזיכט איז עפּעס געוואָרן קלענער און אויסגעצויגן... אירע מקאָטע אויגן זענען געווען אונטערגעצייכנט מיט בלויע רייפלעך.

דאָ און דאָרט האָבן זיך אויף איר געזיכט געזען קנייטשן.

זי האָט געזען אינעם שפּיגל אַ בלאַסע, אויסגעמאַטערטע, פאַרעלטערטע פרוי.

איר פאַרצווייפלונג איז געווען אומבאַשרייבלעך.

זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף איר אַטאָמאַן און לאַנג געוויינט.

אָבער ווי אַ טרינקענדיקער כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי, אַזוי האָט זי זיך אַליין געפּרוווט טרייסטן אין איר שווערן אומגליק.

„עס וועט אַריבער". — האָט זי זיך אַליין איינגערעדט, ווי מען רעדט איין אַ קינד — „יעדער מענטש זעט אויס שלעכט נאָך אַזאַ שווערער קראַנקהייט".

איר ערשטער שפּאַציר איז געווען — אויף אַ באַזוך צו דזשעני.

דזשעני מיט דייווידן האָבן געוווינט אין מיסטער קאָפּערפילדס פּאַלאַץ.

זייער וווינונג איז געווען איינגעאָרדנט מיט קעניגלעכער פּראַכט.

אויף די אַרויפגאַנגס־טרעפּ — פּערסישע דיוואַנען, מאַר־

מאַרענע סטאַטועז, געגילדעטע זיילן און פּאַלמען־בוימלעך...

די צימערן האָבן אויסגעזען ווי מוזעאומס, פול מיט שיינ־קייטן... דזשעני און דייוויד האָבן מאַרילען אויפגענומען זייער האַרציק.

דזשעני האָט באַמערקט די שרעקלעכע פאַרענדערונג אויף מאַרילעס געזיכט און דאָס האַרץ האָט איר געווייטיקט.

אָבער אויך זי האָט זיך געטרייסט מיטן געדאַנק אַז מאַרילעס שיינקייט וועט זיך נאָך אומקערן.

די האַרציקע אויפנאַמע האָט מאַרילען אַ ביסל אויפגעלעבט, אין לעבהאַפטיקן שמועס האָט מאַרילע אַרויסגעוויזן איר חן...

דייוויד איז ביים ערשטן אָנבליק געווען אַנטוישט...

ער האָט פון דזשענין זיך אַ סך אָנגעהערט וועגן מאַרילעס שיינקייט.

„די דאָזיקע פרוי איז גאָרנישט אַזוי שיין". — האָט ער זיך געטראַכט.

מיס מאַרגענטאַל! — האָט דייוויד זיך ענדלעך אָנגערופן צו מאַרילען — אויב איר וועט מיר דערלויבן אַ קליינע בי־טע...

— ביטע... — האָט מאַרילע זיך אָנגערופן און אַרויסגעוויזן דעם גאַנצן חן פון איר שמייכל.

— אויב עס וועט אייך נישט שווער זיין... איין טאַנץ...

מאַרילעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן.

זי האָט שוין אַזוי לאַנג נישט געטאַנצט! אירע אַלע גלידער האָבן זיך איצט געריסן צום טאַנץ. אַ פּרווו טאָן די קינסטלערי־שע קרעפטן!

זי האָט מיט פרייד אָנגענומען דייווידס פאָרשלאָג.

זי איז צוגעגאַנגען צו דעם פּאַרטעפּיאַן, אויסגעקליבן נאָטן און אַ רוף געטאָן:

— ווער וועט אַקאָמפּאַנירן?

דזשעני האָט זיך דאָן אָנגערופן מיט פרייד:

— איך!

דזשעני איז געווען גוט אויסגעבילדעט מוזיקאַליש.

זי האָט זיך אַלזאָ אַוועקגעזעצט ביים פּאַרטעפּיאַן. זי איז נישט ווייניק שטאָלץ געווען דערמיט, וואָס זי אַקאָמפּאַנירט דער באַרים־

טער טענצעריןן מאַרילע מאַרגענטאַל.

דייוויד האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ פֿאַטעל עטוואָס באַרוישט פֿון פּאַרטעפּיאַן און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף די ערשטע טענער...

„איצט וועט באַלד דאָ פֿאַר אונדז טאַנצן די באַרימטע קינסטלע־רין מאַרילע מאַרגענטאַל"... האָט דייוויד געטראַכט מיט גרויס צופרידנהייט.

„נישט יעדן איז באַשערט אַזאַ גליק און אַזאַ כבוד, אַז די באַרימטע קינסטלערין זאָל טאַנצן אין זיין סאַלאָן"...

אין סאַלאָן איז געווען טויט-שטיל. עס האָט זיך נישט גע־הערט דער מינדעסטער שאָרך...

פּלוצלונג האָט אויסגעהילכט אַ קלאַנג, ווי ער וואָלט געקומען פֿון דער ווייט.

באַלד נאָך אים איז נאָכגעלאָפֿן אַ קלאַנג, ווי ער וואָלט געוואָלט דעריאָגן דעם ערשטן, וועלכער איז שוין פֿאַרשוווּנדן...

און איצט האָט אַ שטראָם געטאָן אַ גאַנצע כוואַליע פֿון קלאַנגען, וואָס האָט גענומען פֿאַרפֿלייצן די לופֿט.

מאַרילע האָט אַ באַוועג געטאָן מיט די הענט, ווי מיט פֿליגל, זיך אַ דריי געטאָן אין דער לופֿט און גענומען טאַנצן.

אָבער וואָס איז דאָס?...

אָנשטאָט יענעם שוועבעדיקן שמעטערלינג, וואָס האָט געבלענ־דעט פֿאַר די אויגן פֿון די טויזנטער צושויער אין טעאַטער — האָט איצט געטאַנצט אַ שווער באַוועגלעכע פֿרוי...

אירע הענט האָבן זיך יעדע ווײַלע מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזט, די פֿיס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, ווי צוגעטשעפּעטע.

עס איז געווען אַ שרעקלעך בילד...

דזשעני האָט קוים איינגעהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן זי געשטיקט אין האַלדז.

זי איז געזעסן ביים פּאַרטעפּיאַן און איר קאָפּ האָט זי געהאַט אויסגעדרייט צו מאַרילען. אירע געניטע פֿינגער האָבן זיך פֿריי באַוועגט איבער די קלאַווישן און קיין מאָל נישט פֿאַרבלאָנדזשעט.

דייוויד איז געזעסן אַן אַנטוישטער אויך צעטומלטער...

ער האָט זיך באַמיט נישט אַרויסצוווייזן זיין אַנטוישונג...

„זי איז מסתמא נאָך נישט געקומען צו זיך פֿון דער קראַנק־

הייט״... האָט ער געטראַכט — „איך האָב שלעכט געטאָן, וואָס איך האָב זי היינט געבעטן טאַנצן״...

אויך דזשעני האָט זיך אַזוי אַרום געטרייסט:

„זי וועט קומען צו זיך און איר טאַלאַנט וועט ווידער אויפ־בליען אין זיין גאַנצער פראַכט״.

אָבער גאַנץ צענדערש האָט עס אויסגעפאַסט מאַרילע...

זי האָט געהאַט אַ צו סובטעל געפיל פאַרן ריטם פון טאַנץ, אַז זי זאָל זיך קאָנען טרייסטן מיט פאַלשע האָפנונגען...

די טרויעריקע ווירקלעכקייט האָט פאַר מאַרילען אין דאָזיקן מאָמענט זיך אַרויסגעוויזן אין איר גרויזאַם געשטאַלט...

„איך קאָן מער נישט טאַנצן״!... — האָט עס געשריגן אין איר האַרץ און מוח — „די קראַנקהייט האָט פאַרניכטעט מיין טאַלענט!״...

אַ טויט־בלאַסע, אַ פאַרצווייפלטע, מיט ברייט־צעעפנטע אויגן פון שרעק — האָט זי פלוצלינג איבערגעריסן דעם טאַנץ און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַ פאָטעל...

זי האָט זיך צעהעשעט אין אַ האַרצרייסנדיק געוויין...

איך קאָן מער נישט טאַנצן... איך קאָן מער נישט טאַנצן...

— האָט זי זיך ביטער צעיאָמערט.

דזשעני האָט זיך שיער נישט צעוויינט פונקט אַזוי, ווי מאַ־רילע...

אין אירע אויגן האָבן זיך געשטעלט צוויי גרויסע לויטערע טרערן...

זי איז אויפגעשפרונגען פון איר אָרט, צוגעלאָפן צו מאַרילען און זי צאַרט און שוועסטערליך אַרומגענומען...

— אַך, טייערע מאַרילע; באַרואיקט אייך... זייט נישט אַזוי פאַרצווייפלט... — האָט זי זי גפרוווט איינגעמען — עס איז בלויז אַ צייטווייליקער רעזולטאַט פון דער קראַנקהייט...

— אַ צייטווייליקער רעזולטאַט... — האָט מאַרילע איבערגע־חזרט און טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נאָך עטלעכע וואָכן אַדער עטלעכע חדשים און איר וועט זיין די זעלבע, וואָס געווען... — האָט דזשעני זי אַלץ געפרוווט טרייסטן.

— ליידער... ליידער... — האָט מאַרילע זיך אַלץ באַגאָסן מיט טרערן — איך בין פאַרלוירן... אויף זיכער.... ער האָט מיך פאַר־

געזיכטס...

„ער"...

דזשעני האָט פאַרשטאַנען, וועמען מאַרילע מיינט...

„הערמאַן האָט אַ תל געמאַכט פון דער דאָזיקער פּרעכטיקער פרוי"... — האָט דזשעני געטראַכט מיט ווייטאָק און מיט צאָרן — ער האָט זי צעבראָכן און צעשמעטערט"...

„איך האָב געקאָנט האָבן דעם זעלבן שיקזאַל... נאָר מאַרילע האָט מיך געראַטעוועט מיט איר בריוו"...

„זיין דערפאַר, וואָס זי האָט מיך געראַטעוועט, האָט ער זי באַרניכטעט"...

דזשעני האָט זיך איצט געפילט, ווי מיטשולדיק אין מאַרילעס אומגליק...

כאָטש, וואָס איז זי דען דאָ שולדיק געווען?

„איך וועל אַלץ טאָן, כדי קלענער צו מאַכן די ליידן פון דער דאָזיקער אומגליקלעכער פרוי"... — האָט דזשעני געטראַכט.

זי האָט מיט איר צאַרטער האַנט גענומען גלעטן איבערן גע־זיכט פון דער ווייטיקדיקער מאַרילען...

דערנאָך האָט זי גענומען מאַרילען פאַר אַן אָרעם, זי צוגעפירט צום אָטאָמאַן און זי דאָרט אַוועקגעלייגט, ווי מען לייגט אַוועק אַ קראַנק קינד...

דייוויד האָט זיך שטיל און אומבאַמערקט אַרויסגעגנבעט פון סאַלאָן...

ער האָט נישט געוואָלט פאַרגרעסערן מאַרילעס בושה מיט זיין אַנוועזנהייט...

„דזשעני וועט זי אפשר דאָך קאָנען טרייסטן"... — האָט ער געטראַכט מיט מיטגעפיל און חרטה.

ער האָט זיך געפילט שולדיק...

„צו וואָס האָב איך זי געבעטן טאַנצן?" — האָט ער זיך אַליין פאָרגעוואָרפן — „איך האָב פאַרקאַכט די גאַנצע געשיכטע. צוליב מיר ליידט אַזוי מאַרילע"...

מאַרילע האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן.

— איר זייט אַ האַרציק קינד, דזשעני... — האָט זי געזאָגט — אָבער אייער גוטסקייט קאָן מיין לאַגע נישט ענדערן... איך בין פאַרלוירן... אויף אייביק...

— אָבער טייערע מאַרילע...

— די שווערד פון שטראָף האָט זיך איבער מיר אַראָפּגעלאָזט... — האָט מאַרילע צוגעגעבן — פאַר מיין עוולה קעגן אַדאַלפן מוז איך שווער אָפּקומען...

מאַרילע האָט זיך ווידער צעהעשעט אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין...

„איר עוולה קעגן אַדאָלפן?... — האָט דזשעני געטראַכט.

אָבער באַלד האָט זי זיך דערמאָנט:

„דאָס מיינט זי איר מאַן אַדאָלף מאָרגענטאַל"...

הערמאַן האָט אַמאָל דזשענין דערציילט וועגן מאָרגענטאַלן. פאַרשטייט זיך אַז ער האָט נישט דערציילט קיין וואָרט וועגן זיין אייגענער ראָלע אין מאָרגענטאַלס טראַגעדיע...

„דאָס געוויסן פּלאָגט זי צוליב איר פאַרראַטן דעם מאַן" — האָט דזשעני געטראַכט.

און באַלד האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין דזשעניס מוח:

„אפשר איז דאָס טאַקע דער אויסוועג פון מאַרילעס לאַגע?"

— טייערע מאַרילע... האָט דזשעני זיך אָבגערופן און זי געגלעט איבערן קאָפּ — אַנטשולדיקט, וואָס איך נעם זיך די דרייסטקייט...

מאַרילע האָט אויף איר אויפגעהויבן אירע פייכטע און פאַרוואַנדערטע אויגן.

— איר האָט דערמאָנט דאָ אַ נאָמען... — האָט דזשעני דערקלערט — דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז דער נאָמען פון...

— מיין מאַן... — האָט מאַרילע פאַרענדיקט.

— איך גלויב, אַז ווען אפילו איר האָט זיך פאַרשולדיקט קעגן אים, וועט ער אייך מוחל זיין, ווען איר האָט חרטה... ער האָט אייך מסתמא געליבט..

— אַך... טייערע דזשעני... איך בין צו שלעכט געווען קעגן אים, אַז איך זאָל זיך דערוועגן אים איבערצובעטן... ער האָט מיך געליבט מיטן גאַנץ האַרץ... אָבער מיט וואָס האָב איך אים אָפּגעצאָלט פאַר זיין ליבע?...

— אַ ליבנדיק האַרץ איז שטענדיק גוט און דערבאַרעמדיק...
— האָט זי דזשעני געטרייסט — ער וועט אייך מוחל זיין...
— דאָס איז אוממעגלעך. — האָט מאַרילע געזאָגט.

זי האָט דאַן דזשעננין דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון איר איבעררייסן מיטן מאַן.

זי האָט דערציילט אַלץ, מיט אַלע איינצעלהייטן. מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט.

ווי זי וואָלט זיך מתוודה געווען איף אירע זינד...

— דאָס איז אַלץ דער אויסוורף, דער הערמאַן שולדיק... — האָט דזשעני זיך אָנגערופן.

— ניין, טייערע! — האָט מאַרילע געזאָגט — ווען איר וואָלט געווען געהאַט אַ געוויסן, וואָלט איך נישט געהאָרכט הערמאַנען. איך בין אַליין שולדיק...

— אָבער אייער חרטה וואַשט אָפּ אייער שולד... קערט אייך אום צו אייער מאַן. זייט אייך מתוודה פאַר אים און ער וועט אייך מוחל זיין..

מאַרילע איז געזעסן אַ שווייגענדיקע און אַ פאַרטראַכטע...

נאָך האָט זיך אין איר געבונטעוועט איר שטאָלץ.

„באַלן אַדאָלפן פאַר די פיס?... בעטן אים, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין?"... דאָס איז דאָך שרעקלעך"... האָט זי געטראַכט.

אָבער די טרויעריקע ווירקלעכקייט איז נאָך שרעקלעכער געווען.

מאַרילע איז איצט געווען שרעקלעך איינזאַם... אַ פאַרלאָזענע, אַ קראַנקע און אַ צעבראָכענע — האָט זי געבענקט נאָך אַ וואַרעמער הייב, נאָך אַ ליבן קוש, נאָך אַ צאַרטן גלעט...

„אָבער צי וועט ער מיר מוחל זיין?"... האָט זי זיך געפרעגט.

עס איז איר שווער געווען זיך צו אַנטשליסן...

דערווייל איז דייוויד צוריק אַריינגעקומען אין סאַלאָן.

ביידע פרויען זענען אַנטשוויגן געוואָרן און אָפּגעהאַקט דעם שמועס.

— איך שטער אפשר? — האָט דייוויד געפרעגט.

— אָך, ניין. — האָט מאַרילע געזאָגט. — עס איז סיי־ווי שוין שפּעט און איך מוז אַהיימגיין.

מאַרילע האָט זיך האַרציק געזעגנט מיטן גאַסטפריינדלעכן פּאָר־פּאָלק און פאַרלאָזט קאָפּערפילדס פּאַלאַץ.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מאַרילע דערנאָך געשפּאַנט און

אויפגערעגטע איבעד איר צימער און זיך אַלץ נישט געקאָנט אַנט־
שליסן: „אומקערן זיך צו אַדאָלפן, אָדער נישט אומקערן זיך?"...

קאַפּיטל צוויי און אַכציק

## די טונקעלע פאַרגאַנגענהייט

רעגינע האָט אין גאַנצן אויפגעצאַפּלט...

איר ערשטוינונג און פאַרוואונדערונג איז געווען אויסערגע־
וויינלעך. זי האָט באַלד דערקענט דעם געהיימניספולן פּאַרשוין,
וואָס איז אַריינגעקומען אין איר בודואַר.

דאָס איז געווען — דער אַמעריקאַנער מיסטער דזשייקאָב
מייקעלסאָן...

אָבער דאָס איז שוין נישט געווען דער זעלבער אַמעריקאַנער
מיסטער. ער איז אַזוי פאַרענדערט געוואָרן, אַז עס איז אים שווער
געווען צו דערקענען.

זיין פּנים איז געווען אָפּגעלאָזן, זיין געזיכט — נישט ראַ־
זירט, בלאַס און איינגעפאַלן...

— איך בין ביי דיר אַן אומגערעכטער גאַסט... האַ, טייערע?...

— האָט ער אַ זאָג געטאָן.

ער האָט פאַרזיכטיק פאַרמאַכט די טיר.

— אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב זיך נישט געמאָלדן פריי־
ער... — האָט ער ווייטער געזאָגט. — איך האָב נישט געוואָלט, אַז
עמיץ זאָל וויסן וועגן מיין קומען...

— האָסט גוט געטאָן... — האָט רעגינע זיך אָנגערופן.

— צו פרייסטו זיך כאָטש, וואָס איך בין געקומען? — האָט
דזשייקאָב געפרעגט.

— קאָנסט זיך פאָרשטעלן... איך האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר...
און פאַרוואָס האָסטו גאָרנישט געלאָזט הערן פון זיך?...

נאַ... עס איז מיר נישט איבעריק פויגלדיק געגאַנגען... —
האָט דזשייקאָב געענטפערט — עס האָבן מיר נישט געפעלט קיין
צרות...

— װעריבער האָבטו זיך אויסבאַהאַלטן פון מיר?

— איך האָב נישט געװאָלט צו דיר קומען אין אַזאַ קלאָגע־דיקן הולך... מײַן ליבע צו דיר איז אָבער צו שטאַרק, אַז איך זאָל קאָנען זיך אײַנהאַלטן און דיך נישט באַזוכן...

— און דו האָסט גאָר נישט קײן מורא געהאַט, טאָמער טרעפֿסטו דאָ מײַן מאַן? — האָט רעגינע זיך געװוּנדערט.

— איך בין גראָד געװען אױפֿן װאָקזאַל, װען דײַן מאַן איז אָפּגעפֿאָרן... איך האָב זיך אױסבאַהאַלטן אין גאָרטן און װען איך האָב געזען, אַז קײנער איז נישטאָ אין הױף, בין איך אַרײַן צו דיר...

דזשײקאָב איז צוגעגאַנגען צו דער טיר.

— אפֿשר פֿאַרשליסן די טיר, כּדי מיר זאָלן זײַן אין גאַנצן זי־כער?... — האָט ער געפֿרעגט.

ניין, ניין! — האָט רעגינע געזאָגט — לאָז אָפֿ. דאָס שטוב מײדל קאָן נאָך אַרײַנקומען. אַז זי װעט טרעפֿן די טיר פֿאַרשלאָסן אין מיטן העלן טאָג, װעט עס איר װערן פֿאַרדעכטיק...

דזשײקאָב האָט צוריק אַראָפּגענומען זײַן האַנט פֿונם שליסל.

— און איצט קומט אַהער און באַגריסט זיך מיט מיר... — האָט רעגינע געזאָגט.

— גוט אַזױ... — האָט רעגינע צוריקגעשעפּטשעט — טוליע מיך שטאַרקער... נאָך שטאַרקער.. אַך, װי איך האָב געבענקט נאָך דיר טײַערער...

זי איז איצטער באַזונדערס גוט געװען צום אַמעריקאַנער מיס־טער. איר איבערגעבן זיך צו אים איז געװען אַ מין נקמה אין הענ־ריקן, װעלכער האָט זי אַזױ ברוטאַל אָפּגעשטױסן...

רעגינע האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז פֿאַרגלײַכן דזשײקאַבן מיט הענריקן איז אַנ׳אומזין.

דער הילוק צװישן דעם שײנעם, סימפּאַטישן, אינטעליגענטן הענריק מיטן קײלעכדיקן, מגושמדיקן קאַרליק איז געװען אַזאַ בולט־טער, אַזאַ בלינדער האָט עס געקאָנט זען...

אָבער אַ פֿאַרצװײפֿלטע און פֿאַרלאָזענע סײ פֿון לעאָנען און סײ פֿון הענריקן — האָט זי זיך אַלײן געפּרוּװט אײַנרעדן, אַז דזשײקאָב געפֿעלט איר ביז גאָר...

זי האָט אַזױ געבענקט נאָך אַ מאַן, װאָס זאָל זײַן פֿאַרליבט אין איר, אַז זי איז גרײט געװען זיך צו װאַרפֿן אין די אָרעמס פֿון דעם

ערשטן־בעסטן מאַנספּערשוין...

אַבי ער זאָל נאָר ליבן לײדנשאַפטלעך...

אין דזשײקאָבס הײסער לײדנשאַפט צו איר איז זי זיכער געװען.

זי האָט זי דאָך שױן נישט אײנמאָל געפילט...

אַרומגעקלאַמערט דורך דזשײקאָבס פעסטע, ברוטאַלע אָרעמס — האָט זי זיך געפילט איבערגליקלעך...

— פאַרװאָס ביסטו אַזױ לאַנג נישט געקומען צו מיר?... — האָט זי געשעפּטשעט, הײס אָטעמדיק. — דו װײסט דאָך, אַז איך ליב נישט מײן מאַן...

— אָבער ער ליבט דיך פונדעסטװעגן. — האָט דזשײקאָב באַמערקט.

— װער? לעאָן? װי פאַלסטו דאָס אױס! ער ליבט מיך אױך נישט. ער איז פאַרליבט אין אַן׳אַנדערער...

— פאַרװאָס־זשע האָט ער זיך דעמאָלט אַזױ געװאָרפן אױף מיר? — האָט דזשײקאָב געפרעגט.

— כאָטש ער ליבט מיך נישט, איז ער פונדעסטװעגן אײפערזיכטיק, װי אַ טיגער... אַזאַ מאָדנער מענטש איז ער... — האָט רעגינע געענטפערט.

אויב אַזוי, דאַרפסטו אים טאַקע אָנטאָן די אמתע הערנער...

— האָט דזשײקאָב געזאָגט — איך בין גרײט נאָך אַמאָל צו גײן מיט אים אױף אַ דועל, אַבי דיר צו באַזיצן...

— נײן... נײן... — האָט רעגינע געשעפּטשעט — איך האָב מורא...

— דו זאָגסט דאָך, אַז דו האָסט נישט ליב דײן מאַן?

— פאַר דיר... פאַר דײן לעבן האָב איך מורא, טײערער...

— איז אפשר זאָלן מיר בײדע אַנטלױפן פון דאַנען?... מײנע אַלע רײכע אונטערנעמונגען אין אַמעריקע װעל איך איבערגעבן אין דײנע הענט...

רעגינע האָט איצט שױן שטאַרק געצװײפלט אין דזשײקאָבס גרױסע פאַרמעגנס...

ס׳איז שװער געװען צו גלױבן, אַז אַזאַ גרױסער מאַגנאַט זאָל גײן אין אַזאַ הולך...

האָב געדולד, מײן טײערער... — האָט רעגינע אים געגלעט

איבערן פליכצוואַטן קאָפּ — איך האָב זיך אַזוי פּיל אָנגעליטן, אַז איך בין מער נישט אימשטאַנד אַריבערצוטראָגן נייע ליידן...

— ביי מיר וועסטו גישט ליידן, טייערע... האָט דזשייקאָב איר פאַרזיכערט — דאָס טעלערל פון הימל... קיין פויגל־מילך וועט דיר נישט פעלן ביי מיר...

— אפשר שפּעטער... — האָט רעגינע געשעפּטשעט, פאַר־וואַרפנדיק ליידענשאַפטלעך דעם קאָפּ.

— ביסט גערעכט, טייערע, — האָט דזשייקאָב איינגעשטימט.

— איך געפין זיך אויך דערווייל אין אַ שלעכטער לאַגע.

— וואָס איז דען געשען? — האָט רעגינע געפרעגט.

— שטעל דיר פאָר אַן אומגליק, — האָ טדזשייקאָב דערציילט,

— אין מיינע קוילן־גרובן איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק מיט בלוטי־קע אומרועך... איך קריג שוין נישט זינט אַ צייט מיין רענטע...

— טאָ וואָס וועט זיין? — האָט רעגינע זיך פאַראינטערעסירט.

— נו... מיט דער צייט וועט אַלץ צוריק זיין אין אָרדנונג... אָבער דערווייל איז צרות... דערצו האָב איך זיך נאָך פאַרשולדיקט אויף עטלעכע צענדליק טויזנט...

— וואָס־זשע רעכנסטו צו טאָן?

— דאָס ווייס איך אַליין נישט... אויב אין מיינע גרובן וועט זיך נישט שנעל פאַרענדיקן דער שטרייק, בלייבט מיר איין ברירה: אַ קויל אין קאָפּ אַריין...

— אַך! — איז רעגינע אויפגעשפּרונגען — וואָס רעדסטו, דזשייקאָב?...

איך בין צו דיר ספּעציעל געקומען... אויף יעדן פאַל זיך צו געזעגענען מיט דיר...

— גאָט מיינער!" טו נאָר נישט אָפּ קיין משוגעת, דזשיי־קאָב!... — האָט רעגינע אויסגערופן — צי האָסטו נישט קיין פריינט וואָס זאָלן דיר דערווייל אויסבאָרגן?

— די מענטשן זענען פאַלש, רעגינע... אַז עמיצער פאַלט, וועט אים קיינער קיין האַנט נישט דערלאַנגען... — האָט דזשייקאָב זיך געקלאָגט.

— וועל איך זיין דיין פריינט... — האָט רעגינע אים געטרייסט

— מיין מאַן האָט מיר געעפנט אַ קאָנטע אין באַנק. איך וועל דיר באָרגן...

זי איז צוגעגאַנגען צו איר שרייבטיש, אַרויסגענומען אַ טשעק־ביכל און אויסגעשריבן אַ טשעק.

— נעם, טייערער! — האָט זי געזאָגט און דערלאַנגט דזשייקאָבן דעם טשעק.

דזשייקאָבס אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן...

ער האָט אָבער געמאַכט אַ ברייטן אָנשטעל. ער האָט גענומען דעם טשעק מיט אַ כלומרשט גלייכגילטיקער מינע און אים אַריינגעלייגט אין דער בוזעם־קעשענע.

ער האָט רעגינען ווידער אַרומגענומען און באַדעקט איר גע־זיכט מיט הייסע, ליידנשאַפטלעכע קושן...

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל פון אַן אויטאָ, וואָס איז פאַרפאָרן פאַרן פּאַלאַץ.

רעגינע האָט זיך אַרויסגעריסן פון דזשייקאָבס אָרעמס.

איר געזיכט איז טויט־בלאַס געוואָרן...

זי איז שנעל צוגעשפּרונגען צום פענסטער.

איר שרעק איז נישט געווען אומזיסט...

פונם פאַרפאָרענעם אויטאָ איז אַרויסגעגאַנגען — לעאָן...

רעגינע האָט געזען דורך דער פאַרהאַנג, ווי דער אַלטער דינער מאָריץ איז אַרויסגעלאָפן אַקעגן.

לעאָן האָט מאָריצן געפרעגט עפּעס און מאָריץ האָט אָנגעוויזן אויף איר, רעגינעס, בודואַר.

לעאָן איז אַריין אינם פּאַלאַץ.

פאַר רעגינען איז קלאָר געווען, אַז לעאָן האָט געפרעגט מאָ־ריצן וועגן איר און אָט קומט לעאָן באַלד צו איר אַריין...

— גאָט מיינער!... וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?... — האָט זי אָנגעהויבן צו שעפּטשען און פאַרברעכן די הענט.

נישט ווייניקער דערשראָקן איז געוואָרן דזשייקאָב מייקעל־סאָן. ער האָט געציטערט, ווי אַ פיש...

ער איז צוגעשפּרונגען צו דער טיר און געוואָלט אַרויסלויפן, אָבער רעגינע האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג.

משוגענער!... וווּ לויפסטו? — האָט זי געשריגן מיט אַן איינגעהאַלטענער שטים — קאָנסט זיך דאָך אָנשטויסן אויף לעאָ־נען...

ס'איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו אַנטלויפן...

רעגינע האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב און געזוכט אַנ'אויכ־ועג...

פלוצלונג איז איר בליק געפאלן אויף דער קליידער־שראַנק...

אירע אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן...

זי האָט שנעל געעפנט די שאַנק און אַ ווונק געטאָן צו דזשיי־קאָבן.

דזשייקאָב איז אַריינגעקראָכן אין דער שאַנק אַריין.

— איך וועל שוין זען וואָס שנעלער אַרויסצופאַקן פון דאַנען מיין מאַן... — האָט רעגינע געזאָגט צו דזשייקאָבן — דו וועסט אַרויס אין גאָרטן אַריין און אַנטלויפן... פאַרנאַכט זאָלסטו צוריק־קומען און וואַרטן אויף מיר אין יענעם זייטיקן צימער...

רעגינע האָט פאַרשלאָסן די שאַנק און באַהאַלטן דעם שליסל אין איר בייטל...

ס'איז נישט אַוועק קיין מינוט, ווי די טיר האָט זיך געעפנט און עס האָט זיך באַוויזן — לעאָן...

— אַ גוט מאָרגן רעגינע! — האָט ער אויסגערופן און גע־קושט איר די האַנט. — דו וווּנדערסט זיך מסתמא, וואָס איך בין געקומען אַזוי אומגעריכט? עס האָט זיך מיר איינגעגעבן שנעל אַלץ צו דערלעדיקן.

— זייער גוט... — האָט רעגינע זיך געחנפעט צו אים — איך האָב אַזוי שטאַרק געבענקט... עס איז מיר דאָ אַזוי אומעטיק גע־ווען...

— מאָריץ האָט מיר דערציילט, אַז דו האָסט באַזוכט די זאַלצ־בערגס — האָט לעאָן געזאָגט, — וואָס הערט זיך ביי זיי?

— יאָ... ס'איז מיר אַזוי אומעטיק געווען, אַז איך האָב באַ־שלאָסן צו באַזוכן די זאַלצבערגס... מאַדאַם זאַלצבערג איז שוין כמעט פעליק געזונט...

— האָסט גוט געטאָן, רעגינע, וואָס האָסט זיי באַזוכט. האָסט מסתמא דאָרט גוט פאַרברענגט?

— ליידער... די אַלטע מאַדאַם זאַלצבערג, ווי געוויינליך אַלטע פרויען, איז אַ היבש ביסל נודנע... העינריק האָט זיך אַפילו באַמיט מיך צו ווייליך, אָבער איך האָב אים נישט איבעריק ליב...

— פאַרוואָס דען? ער איז דאָך אַ גאַנץ וואוילער יונגערמאַן?

— איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר איך קאָן אים נישט ליידן...

שטעל דיר פאָר: זיי האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט און כ'האָב געמוזט ביי זיי בלייבן נעכטיקן...

—נו, זיי זענען זייער פריינטלעכע מענטשן, — האָט לעאָן געזאָגט.

— זיי האָבן אַפילו געוואָלט, אַז איך זאָל אויך אויף היינט דאָרט בלייבן, אָבער איך האָב נישט געוואָלט. איך האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז דו וועסט היינט קומען... איך האָב אַזוי געבענקט..

— איך האָב זיך אויך געאיילט אַהיימצוקומען, — האָט לעאָן דערקלערט.

— האָסטו זייער גוט געטאָן, לעאָן... — האָט רעגינע געזאָגט

— מיר וועלן באַלד האָבן מיטאָג. צי וואָלסטו נישט געוואָלט פרייער זיך אַ ביסל איבערשפּאַצירן אין גאָרטן?...

— שפּאַצירן?

— יאָ.. קום, לעאָן...

רעגינע האָט אָנגענומען לעאָנען פאַרן אָרעם און אים געצויגן צו דער טיר...

אָבער לעאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון.

— ניין, טייערע. איך בין זייער מיד. — האָט ער געזאָגט. איך וועל זיך אָנלענען ביי דיר אויפן אָטאָמאַן און אַ ביסל זיך אָפּרוען...

— מיר ווילט זיך אָבער איצט אַזוי א ביסל שפּאַצירן... — האָט רעגינע געזאָגט מיט אַ בעטנדיקן טאָן.

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 69

— נו, קענסט זיך דערוויל איבערשפּאַצירן אַ ביסל... — האָט לעאָן געענטפערט.

רעגינע האָט געוואָרפן זייטיקע, פאַרצווייפלטע בליקן צו דער שאַנק...

— צי וועט דיר נישט זיין באַקוועמער זיך אָנצולענען אין דיין צימער ?... — האָט רעגינע געפרעגט.

— ניין, טייערע. אין מיין אָטאָמאַן האָבן געפּלאַצט עטליכע ספרענזשינעס און עס איז אומעגלעך צו ליגן אויף אים.

— דאָ אָבער בריט שרעקליך די זון... — האָט רעגינע גע־דרייט, ווי אַ שלאַנג — און עס קאָן זיין, אַז מען האָט שוין דער־לאַנגט צום טיש...

— איך בין סיי־ווי נישט הונגעריג, — האָט לעאָן געזאָגט, — איך האָב געגעסן אין רעסטאָראַן־וואַגאָן. אויב דו ביסט הונגעריג, עס אַליין. איך וועל זיך דערוויל איבערשלאָפן...

„וואָס טוט מען ? וואָס טוט מען זיך דאָ פאַר אַן׳עצה ?...״ — האָט רעגינע געטראַכט.

איר פאַרצווייפלונג איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

ווייטער צוריידן לעאָנען צו פאַרלאָזן דאָס צימער האָט זי שוין מורא געהאַט.

„עס קאָן אים ווערן פאַרדעכטיק״... — האָט זי געטראַכט.

זי האָט זיך אַריינגעזעצט און דערנעבן שטייענדיקן פאָטעל און גענומען בלעטערן עפּעס אַ זשורנאַל, וואָס איז געלעגן אויפ׳ן טישל.

לעאָן האָט זיך אָנגעלענט אויף דעם אָטאָמאַן.

פּלוצלונג האָט רעגינע אַ ציטער געטאָן... זי איז בלאַס געוואָרן ווי קרייד...

פון דער שראַנק האָט זיך דערהערט אַ לייכטער רויש, ווי אַ מויז וואָלט דאָרט אַ שפּרונג געטאָן...

לעאָן האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון אָטאָמאַן און אַ קוק געטאָן צו דער שאַנק.

— וואָס איז דאָס ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן — מייז האָבן זיך דאָ אַריינגעקריגן ?...

— ווי פאַלסטו עפּעס אויס ?... — האָט רעגינע געפרעגט מיט א שמייכל — ס׳דוכט זיך דיר... דער ווינט אין דרויסן האָט עפּעס

מסתמא אַ באַוועג געטאָן...

לעאָן האָט צוריקגעלעגט דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— גוט, וואָס דו ביסט דאָ מיט מיר געבליבן. אָבער וועסט זיך נישט לאַנגווײַליקן?...

— אַך, לעאָן... נעבן דיר איז מיר קיינמאָל נישט לאַנגווײַליג...

רעגינעס מוח האָט דערווײַל געאַרבעט אויף אַלע כּלים...

זי האָט געזוכט אַן׳אויסוועג, ווי אַזוי אַרויסצוקריגן דזשייקאָב׳ן פֿון זײַן עפּגן און פֿינסטערן געפֿענגעניש...

„אפשר ווען לעאָן וועט אײַנשלאָפֿן, וועט דזשייקאָב זיך קענען אַרויסקריגן פֿון דער שאַנק און אַנטלויפֿן"... האָט רעגינע געטראַכט.

אָבער לעאָן האָט גאָרנישט געהאַלטן צו אײַנשלאָפֿן... ער האָט זיך גאָר גענומען דערציילן די אײַנדרוקן פֿון זײַן רייזע...

— דו ווייסט וועמען איך האָב געזען אויפֿ׳ן וואָקזאַל, אײדער איך בין אַוועקגעפֿאָרן? — האָט לעאָן זיך פּלוצלונג דערמאָנט.

— וועמען? — האָט רעגינע בייגעריג געפֿרעגט.

— דעם אַמעריקאַנער. ווי הייסט ער דאָרט?... דזשייקאָב מייקעלסאָן...

— וואָס דו רעדסט!... — האָט רעגינע אויפֿגערופֿן מיט אַ כּלומרשטער גלײַכגילטיקייט.

איר האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן, ווי מיט האַמערס...

— ער האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן פֿאַר מיר... איך האָב אים אָבער באַלד דערקענט, דעם פּאַרשוין...

— ער איז דען נאָך אַלץ אין וואַרשע?... — האָט רעגינע געפֿרעגט מיט אַ כּלומרשטער פֿאַרוווּנדערונג — איך האָב געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג צוריקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע...

— ער דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום אין וואַרשע. — האָט לעאָן געענטפֿערט — דער באַנקיר אָלשטיין האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער דאָזיקער אַמעריקאַנער איז זייער אַ פֿאַרדעכטיקער פּאַרשוין...

— אַזוי גאָר?...

— מען שמועסט, אַז ער איז גאָרנישט קיין אַמעריקאַנער און אַז דער נאָמען דזשייקאָב מייקעלסאָן איז אויך אַ פֿאַלשער...

— נו, דאָס קאָנען אַמאָל זײַן בלויז פּליאָטקעס... — האָט רעגינע זיך אָנגערופֿן.

— אפשר, — האָט לעאָן איינגעשטימט. — אָבער איך האָב צום דאָזיקן פּאַרשוין באַלד קיין צוטרוי נישט געהאַט... זיין גאַנץ אויסזען איז אַזוי מגושמ'דיק...

רעגינע האָט געהויבן מיט די אַקסלען.

— און מיר דאַכט זיך אַז דאָס זענען די אמתע שטריכן פון אַן אַמעריקאַנער מיליאָנער... אַ געוויסע דעספּאָטישקייט... אַ זיכערקייט און גלויבן אין זיך...

לעאָן האָט געעפנט דאָס מויל צו ענטפערן רעגינען, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך ווידער דערהערט אַ לייכטער רויש אין דער שאַנק...

לעאָן האָט זיך אויפגעזעצט.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער געפרעגט. — עפּעס רודערט זיך דאָך אין דער שאַנק...

לעאָן איז צו צו דער שפּיגל־טיר פון דער שאַנק און זי געוואָלט עפענען.

— ווו האָסטו דאָס שליסעלע? — האָט ער געפרעגט — דאָ מוז ליגן באַהאַלטן אַ גנב, אָדער אַ קאַסע־ברעכער...

רעגינע האָט געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער איר פון שרעק... זי האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל נישט אַוועקפאַלן אין חלשות...

— עס חלומט זיך דיר, צו וואָס?... — האָט זי געשטאַמלט — אַ גנב?... אין דער שאַנק?... אין מיטן העלן טאָג?... כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זי זיך היסטעריש צעלאַכט.

רעגינעס האַלטונג איז לעאָנען געוואָרן שטאַרק פאַרדעכטיקט...

„וואָס זאָל דאָס באַדייטן?" — האָט ער זיך געטראַכט. — וואָס וויל זי מיר עפּעס איינרעדן, אַז איך הער נישט קיין גערויש, ווען אַ טויבער אַפילו וואָלט עס דערהערט?"...

„פאַרוואָס גיט זי מיר נישט דאָס שליסעלע?"...

פּלוצלונג האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין זיין מוח און אים אַלץ קלאָר געמאַכט.

„אויב עמיצער געפינט זיך אין דער שאַפע", — האָט לעאָן געטראַכט, — „האָט ער דאָך דאָרט נישט געקאָנט אַריין אָן רעגינעס וויסן... די שאַפע איז דאָך פאַרשלאָסן"...

„דאָס האָט רעגינע עמעצן פּאַרשלאָסן אין דער שאַפע!"...

לעאָן האָט דורכגעבויערט רעגינען מיט אַ שאַרפן בליק...
נישט געקוקט אויף אַלע אירע אָנשטרענגונגען, האָט רעגינע נישט געקאָנט אויסהאַלטן לעאָנס בליק און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן...
זי האָט אינגאַנצן געציטערט, ווי אַ בלאַט...
— גיב מיר דאָס שליסעלע!... — האָט לעאָן שטרענג געזאָגט.
אין דעם מאָמענט האָט זיך ווידער דערהערט אַ גערויש פון דער שאַפע...
— דאָס שליסעלע גיב מיר, זאָג איך דיר!... — האָט לעאָן שוין אַ טופּע געטאָן מיטן פוס.
פון דער שאַפע האָט זיך איצט געהערט אַ דייטלעך רוישן און רודערן...
דזשייקאָב, וועלכער האָט זיך אין אָנהויב גאַרנישט שלעכט געפילט צווישן רעגינעס אויספּערפומירטע קליידער, האָט ביס־לעכווייז אָנגעהויבן פילן, אַז עס פעלט אים אויס לופט...
די שאַפע איז געווען גוט פאַרמאַכט. עס איז נישט געווען קיין שפּאַרונקעלע, דורך וועלכער עס זאָל קאָנען אַריין אַ ביסל פרישע לופט...
דזשייקאָב האָט געפילט, אַז אויב ער וועט דאָ נאָך זיצן בלויז נאָר אייניקע מינוט, וועט ער אַוועקפאַלן אַ פאַרחלשטער...
פון גרויס אויפרעגונג האָט ער נישט געקאָנט איינזיצן אומבאַ־וועגלעך און ער האָט זיך גערירט פון אָרט...
— אויב דו גיסט מיר נישט די מינוט דאָס שליסעלע, ברעך איך אויס די טיר! — האָט לעאָן געשריגן מיט צאָרן.
רעגינע איז געווען אין קלעם...
זי האָט דאַן אַליין אויפגעשלאָסן די שאַפע און זי געעפנט...
לעאָנס אויגן האָבן זיך צעעפנט פון דערשטוינונג...
אין דער שאַפע איז געשטאַנען דזשייקאָב מייקעלסאָן... אַ בלאַסער, אַ באַדעקטער מיט שווייס... ער האָט קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם...
„אַזוי טיף איז רעגינע געזונקען”...— האָט לעאָן געטראַכט — „איך בין אַוועקגעפאָרן קוים אויף עטלעכע טעג און שוין האָט זי מיך פאַרראַטן”...
„און מיט וועמען?”...

„מיט מיין ערגסטן שונא... מיטן דאָזיקן פאַרדעכטיקן פאַרשוין, דעם כלומערשטן אַמעריקאַנער מיליאָנער און פאַקטישן אַפעריסט"...

לעאָנען האָט דאָס בלוט אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין...

מיט אַ געביילטער פויסט איז ער צוגעלאָפן צו דער שאַפע.

אָבער איידער לעאָן האָט באַוויזן זיין פויסט אַראָפּצולאָזן אויף דעם צעשראָקענעם דזשייקאָב, איז יענער שנעל אַרויסגעשפּרונגען פון דער שאַפע און געבליבן שטיין אין דער מיט צימער...

לעאָן האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג צו דער טיר...

— יעצט וועסטו זיך שוין נישט אַרויסדרייען פון מיינע הענט, דו אויסוואורף איינער!... — האָט לעאָן אויסגעשריגן, קריצנדיק מיט די ציין.

לעאָן האָט זיך גענומען צורוקן צו דזשייקאָבן מיט אַן אויפגעהויבענער געביילטער פויסט...

אָבער אין דעם מאָמענט האָט דזשייקאָב פלינק אונטערגעשטעלט לעאָנען אַ פוס און לעאָן איז געפאַלן...

ער איז געפאַלן אַזוי אומגליקלעך, אַז זיין שלייף האָט זיך אַנגעקלאַפּט אָן דעם האַרטן קאַנט פון אַ שטול...

אויף לעאָנס שלייף האָט זיך באַוויזן בלוט...

לעאָן איז געבליבן ליגן אַ פאַרחלשטער אויף דער ערד...

קאַפּיטל דריי און אַכציק

# דער פאַרדעכטיקטער פּרעזענט...

ווי נאָר מאַדאַם וויינשטיין האָט דערהערט דאָס קלינגען פון טעלעפאָן, האָט זי זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט אראָפּנעמען דאָס הערטרייבל.

אָבער דער „פיין־דערצויגענער" בן־יחיד סאַלאָמאָן, האָט דאָס טרייבל אַרויסגעכאַפּט פון דער מוטערס האַנט.

ער איז שטאַרק נייגעריק געווען צו וויסן ווער עס קלינגט.

ביז דאָ נישט לאַנג פלעגן אָפט קלינגען צו סאַלאָמאָנען די פאַרשידענע קעלנערקעס און סתם מיידלעך, מיט וועלכע ער האָט געהאַט עסקים...

אָבער לעצטנס האָט ער זיי אַלע אָנגעזאָגט נישט צו קלינגען צו אים, ווייל די מוטער מאַכט אים סקאַנדאַלן...

סאַלאָמאָן האָט אָבער מורא געהאַט, טאָמער האָט דאָך צו אים איינע אָנגעקלונגען און די מוטער קאָן זי אויסזידלען...

האָט ער דעריבער אַרויסגעכאַפּט דאָס טרייבל פון דער מוטערס האַנט...

מאַדאַם וויינשטיין איז געשטאַנען אָנגעכמורעט און איז שוין גרייט געווען זיך צו צעשרייען אויפן זון, וואָס ער גיט זיך אָפּ מיט הולטייקעס און פטרט אויף זיי געלט...

— האַלאָ!... — האָט סאַלאָמאָן אויסגערופן.

ער האָט זיך איינגעהערט אינם ענטפער און זיין געזיכט האָט אויפגעלויכטן.

— אָ! פאַניע דאַנציגער?... — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט — גוט... גוט... ווען זאָגט איר? מיטוואָך?... גוט... אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג... גוט... פאַרשטייט זיך... גוט... גוט... צום ווידערזען!..

מאַדאַם וויינשטיין האָט שוין איצט געוווסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

זי האָט שוין לאַנג געוואָלט פאַרקויפן איר הויז...

„צו וואָס” — האָט זי זיך געטראַכט — „דאַרף איך האָבן דאָס הויז? ווען איך זאָל דאָס הויז פאַרקויפן און דאָס געלט אַריינלייגן אין האַנדל, וועט עס מיר אַ סך מער אַריינברענגען”...

„איך וועל זיך דינגען ערגעץ אַ צוויי־דריי צימערן און פטור... צו וואָס טויג מיר אַזאַ הויז?...

אויך סאַלאָמאָן האָט געוואָלט, אַז די מוטער זאָל פאַרקויפן דאָס הויז.

ביי אַ גרעסערן אומזאַץ אין געשעפט, וועט זיך אים בעסער איינגעבן פון צייט צו צייט אַ גנבע טאָן עטלעכע הונדערטער אויף אַ לעב צו טאָן...

ס'איז אָבער שווער געווען צו קריגן אַ קונה.

זיי האָבן זיך דאַן געווענדעט צו אַ מעקלער.

און אָט האָט טאַקע דער מעקלער אָנגעקלונגען און צוויסן געטאָן, אַז ער האָט אַ קונה.

— דער קונה איז דער וואַרשעווער רייכער שיך־פאַבריקאַנט הענריק זאַלצבערג — האָט דער מעקלער געמאָלדן — ער וויל

גרינדן אין לובלין אַ פּיליע פון זיין פאַבריק.

— נאָך עטלעכע טעג און מיר וועלן שוין אפשר האָבן דאָס געלט אין קעשענע... — האָט סאַלאָמאָן זיך שיער נישט צעטאַנצט פון פרייד.

— און פון וואַנען ווייסטו, אַז ער קויפט עס שוין? — האָט מאַדאַם וויינשטיין געפרעגט.

— ער וויל שוין לאַנג דאָ גרינדן די פּיליע און ער זוכט די פּאַסיקע בנינים. אונדזער הויז, גלויב איך, וועט אים געפעלן. מען דאַרף זען אים פיין אויפצונעמען... אַז מען וועט אים אַ טרעל־טאָן, וועט ער געבן אַ בעסערן פּרייז...

— דו רעדסט נאַרישקייטן... — האָט מאַדאַם וויינשטיין אים איבערגעהאַקט די רייד.

„גיי מאַך ווידער אויפנאַמען"... האָט די קאַרגע פרוי בייז געטראַכט — „ביי מיין זונדל איז געלט בלאָטע"...

סאַלאָמאָן האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן פון גרויס פרייד... ווען ער קאָן, וואָלט ער פאַר זאַלצבערגן אַ טריומף־טויער אויפגעשטעלט...

מיט סאַלאָמאָנס קאַסע האָט עס געהאַלטן גאָר שמאָל...

ביים פאַרקויפן דאָס הויז וועט ער שוין ווי־נישט־ווי אַראָפּשלעפּן אַ ביסל געלט אונטער דער קאַרגער מוטערס וויסן...

דאַן וועט ער ערשט רעכט קאָנען אַ הוליע־טאָן...

עס האָט זיך אים שוין פאַרבענקט נאָך אַ ביסל „ליבע"...

אין דערהיים האָט ער נישט געהאַט קיין מזל...

עס איז אים נישט אָנגעגאַנגען נישט ביי רעגינען און נישט ביי סאַבינען...

און סאַלאָמאָנען איז שווער געווען צו לעבן אָן „ליבע"...

נאָר איידער וואָס־ווען, האָט סאַלאָמאָן שוין געפּרובט אויסנוצן די געלעגנהייט און אַרויספּרעסן אַ פּאָר גילדן ביי דער קאַרגער מוטער...

— מיר וועלן דאָך אין קורצן האָבן אַ סך געלט... — האָט ער אָנגעהויבן — און איך בין אָן איין גראָשן... איך וויל פאַרברענגען אַביסל מיט מייַנע חברים...

— מיט די חברים... — האָט מאַדאַם וויינשטיין אַ בורטשעגעטאָן.

הוליאַנקעס און קיין הולטייסטוועס... אָבער מען קאָן דאָך נישט דאָס
— דו ווייסט גאַנץ גוט, מאַמאַ, אַז איך האָב נישט ליב קיין גאַנצע לעבן זיצן אין שטוב...
— אין שטוב...
— אַמאָל אַזוי אַביסל פאַרברענגען... אויף אַ פיינעם, אָנשטענ־דיקן אופן...
אויף מאַדאַם וויינשטיינס פאַרזויערטן געזיכט האָט זיך ענדלעך באַוויזן אַ שמייכל...
— איך וואָלט דיר גערן געגעבן, מיין זון — האָט זי געזאָגט — אָבער ווו זאָל איך פאַר דיר נעמען, אַז איך האָב נישט קיין איין גראָשן?...
איצט האָט סאַלאָמאָן געמאַכט אַ זויערע מינע...
ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז די מוטער זאָגט ליגן, אַז זי האָט אַ שפּאָר קניפּל...
— אָבער ווי קאָן דאָס זיין? — האָט ער געפרעגט מיט צאָרן — האָסט דאָך ערשט אַנומעלט איינקאַסירט עטלעכע וועקסלען?...
— האָב איך, מיינסטו, דאָס געלט פאַרנאַשט, צי פאַרהולטייעט?
— האָט די מוטער גאַליק געפרעגט.
— פאַרנאַשט?... אָבער אַ קניפּל האָט די מאַמאַ...
מאַדאַם וויינשטיין איז רויט געוואָרן פון כעס.
— ביזט שוין איינמאָל אַ געטרייער זון! — האָט זי זיך צעשריגן — דו ווייסט, אַז די מאַמע ווערט פאַרשוואַרצט און פאַרפינצטערט און האָרעוועט שווער אויף פרנסה... און ער קומט מיט קניפּלעך... קניפּלעך...
— איז וועל איך שוין קיינמאָל קיין גראָשן נישט האָבן? — האָט סאַלאָמאָן זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.
— ווען מען וועט פאַרקויפן דאָס הויז, וועל איך דיר עפּעס געבן.
— טאָ באָרג־זשע מיר דערווייל אַ פּאָר גילדן...
מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך געשווירן, אַז זי האָט קיין גראָשן נישט. פונדעסטוועגן האָט זי סוף כל סוף געמוזט געבן סאַלאָמאָנען צען גילדן...
סאַלאָמאָן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם צענער־גילדן אין קעשענע און איז אַוועק.
מאַדאַם וויינשטיין האָט גאָרנישט געקאָנט קומען צו זיך...

„אַזאַ הולטיי"... — האָט זי געטראַכט — „ער האָט נישט קיין רחמנות אויף דער מאַמען און צאַפּט פון איר דאָס בלוט"...

זי האָט נישט געהאַט אויף וועמען אויסצולאָזן דעם כעס, האָט זי אויסגעלאָזט צו סאַבינען...

זינט יענעם טאָג ווען סאַבינע האָט זיך אָנגענומען פאַר רעגינען, האָט זיך מאַדאַם וויינשטיין איר געגעבן צו פילן...

זי האָט געהאַלטן אין איין מאַכן באַמערקונגען און פאָרווורפן... זי האָט איר פאַרביטערט דאָס לעבן...

סאַבינע האָט איינגעזען, אַז לאַנג וועט זי זיך דאָ נישט קאָנען האַלטן. זי האָט שוין אָבער דאָ געוואָלט צוזיין ביזן סוף חודש.

„פאַרפאַלן", — האָט זי געטראַכט — „ביזן סוף חודש וועל איך שוין צוליידן"...

„ווו האָב איך דען איצט צו גיין? ווידער זיך לאָזן אין דער וועלט אַריין אויף גאָטס באַראָט?"...

סאַבינע האָט שוין געהאַט אַ היבשע ערפאַרונג... זי האָט שוין אַ ביסל געקענט די וועלט...

„די וועגן פון דער וועלט זענען נישט אויסגעשפּרייט מיט קיין בלומען, נאָר מיט שפּיציקע שטיינער און דערנער"... — האָט זי געטראַכט.

„און גריבער מיט בייזע, גיפטיקע שלאַנגען זענען אומעטום פאַראַן... די וועגן פון דער וועלט זענען פול מיט לויערנדיקע געפאַרן"...

אויך היינט האָט מאַדאַם וויינשטיין פאַרפייניקט סאַבינען מיט איר כסדרדיקן קרימען און גרימאַסעווען זיך.

וואָס סאַבינע האָט נישט געזאָלט טאָן, איז עס איר נישט געפעלן...

— גיי פאַרלאָז זיך אויף פרעמדע מענטשן... — האָט זי געהאַלטן אין איין בורטשען — עס ווייסט צו עסן און צו נעמען געלט... טוען וויל עס נישט...

איר געטריי זונדל איז די נאַכט אַהיימגעקומען, ווען ס'האָט שוין געגרייט אויף טאָג...

די נאַכט האָט ער גוט פאַרברענגט...

ער איז דעריבער דערנאָך געלעגן אין בעט אַ שמייכלדיקער, אַ צופרידענער פון זיך...

ער האָט זיך וואָס אַמאָל דערמאָנט אַלץ נייע איינצלהייטן און אויף זיין מגושמדיקן, געל־באַוואַקסענעם געזיכט האָט זיך אויס־געשפרייט אַ זאַט, ציניש שמייכעלע...

ווען ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז ער האָט שוין ווידער נישט קיין גראָשן געלט, האָט זיך זיין שטערן געדיכט פאַרוואָלקנט...

„ווו נעמט מען ווידער געלט?״ — האָט ער געטראַכט.

די מוטער, האָט ער געוווסט, וועט אים נישט אַזוי גיך ווידער געבן געלט.

אָבער אָט האָט אַ געדאַנק אויפגעלויכטן אין זיין מוח, ווי אַ בליץ.

„דער מוטערס צירונג״...

מאַדאַם וויינשטיינס צירונג איז געלעגן אין דער אייזערנער קאַסע.

דעם שליסל איז אים נישט שווער געווען צו געפינען.

כאַלאָמאָן, האָט נישט לאַנג געטראַכט...

ער האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט און אויף די שפּיץ־פינגער זיך אַריינגעגנבעט אין קאַבינעט...

דאָרט איז געשטאַנען די אייזערנע קאַסע...

סאַלאָמאָן האָט אַריינגעשטעקט דעם שליסל, אים אַ דריי געטאָן און באַלד האָט די אייזערנע טיר זיך געעפנט...

פאַר סאַלאָמאָנס אויגן האָבן אַ לייכט געטאָן בריליאַנטן...

קיין סך צירונג איז דאָרט נישט געווען, אָבער אַ היבשע סומע האָט עס געדאַרפט ווערט זיין...

עטלעכע בריליאַנטענע רינגלעך, אַ בראָשקע געפּאַסט מיט פּערל, אַ גאָלדן קייטל מיט אַ זייגערל, אַ בראָנזעלעט.

„וועלכעס זאָל איך פריער נעמען?״... — האָט סאַלאָמאָן געטראכאַ.

אַז ער זאָל אינגאַנצן נישט נעמען — דאָס איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן...

ענדלעך האָט ער גענומען דאָס קייטל מיטן זייגערל און אַראָפּגעלאָזט אין דער קעשענע אַריין...

אָפּגעטאָן דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט, האָט ער פאַרשלאָסן די קאַסע און איז צוריק אַ־ויס פון קאַבינעט.

ער האָט זיך דאַן רואיק צוריקגעלייגט אין בעט אַריין און

אַפּגעשלאָפן ביז מיטאָג...

ביים מיטאָג איז מאדאם ווײַנשטײן געזעסן אַן אָנגעברוגזטע. זי איז בײז געװען אויפן זון.

„אַ גאַנצע נאַכט האָט ער אַרומגעהוליעט"... — האָט זי געטראַכט — „ווער ווייס מיט וועמען... און צי האָט ער נאָך כאָטש עפּעס פון די צען גילדן?"...

זי האָט אים אָבער גאָרנישט געזאָגט און דעם גאַנצן כעס אויסגעלאָזט צו סאַבינעס קאָפּ...

זי האָט זיך געהאַלטן אין איין קרימען און בורטשען...

סאַבינען איז דער ביסן געבליבן שטעקן אין האלדז און זי איז שיער נישט דערשטיקט געוואָרן ביים עסן...

סאַלאָמאָן האָט אויסגעמיטן זיך צו באַגעגענען מיט דער מוטערס בליק...

ער האָט געפילט, אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַ העסלעכע זאַך.

ער איז אָבער געווען אַ צו גרויסער עגאָאיסט, אַז ער זאָל זיך אַליין פאַראורטיילן...

ער האָט דעריבער געפּרובט זיך אַליין איינרעדן, אַז עס איז גאָרנישט...

„דאָס איז נישט קיין גנבה, נאָר בלויז אַ הלואה"... — האָט ער זיך גענומען אין געדאַנק פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין.

„איך וועל דאָס קייטל מיטן זייגערל פאַרזעצן אין לאָמבאַרד... ווי נאָר איך וועל האָבן אַ ביסל געלט, וועל איך עס צוריק אויסלייזן און אַוועקלייגן ווו איך האָב עס גענומען"...

באַלד נאָכן מיטאָג איז סאַלאָמאָן אַוועק אין גאַס אַריין.

ער האָט זיך געאײַלט נישט צו פאַרשפּעטיקן אין לאָמבאַרד אַריין...

„כ'וועל נאָך היינט קאָנען אַ הוליע טאָן"... — האָט דאָס האַרץ אין אים געזונגען.

ענדלעך איז ער אַריין אין לאָמבאַרד. ער איז דאָ נישט געווען קיין זעלטענער גאַסט...

ער האָט אַרויסגענומען דאָס קייטל מיטן זייגערל און דערלאַנגט דעם לאָמבבאַרד־באַאַמטן.

— איך וויל דאָס פאַרזעצן — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט.

דער קורצזיכטיקער באַאַמטער האָט זיך גענומען באַטראַכטן

דאָס משכון. ער האָט עס געדרייט אַהער און געדרייט אַהין, לאַנג עס געהאַלטן האַרט ביי די ברילן...

ענדלעך האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— און וויפל ווילט איר דערויף באַרגן?

— אַ הונדערטער — האָט סאַלאָמאָן געענטפערט.

אָבער אויך אין צווייטן לאָמבאַרד האָט סאַלאָמאָן געקריגן דעם זייגערל.

— וואָס? ס'איז ניִשט ווערט? — האָט סאַלאָמאָן זיך געוווּנדערט.

אָבער דער קורצזיכטיקער פאַרשוין האָט זיך צעלאַכט מיט זיין הייזעריקן־כריפּענדיקן קול:

— כע־כע־כע... מיך נאַרט מען נישט, פּאַניע וויינשטיין... עס איז דאָך אַמעריקאַנער גאָלד... עס איז ווערט אַ צענער־גילדן... אַ פינפערל קאָן איך אייך דאַרויף באַרגן...

סאַלאָמאָן איז אויפגעקאָכט געוואָרן.

— איר זענט פון זינען אַראָפּ? — האָט ער אויסגערופן.

אָבער זיינע אַלע רייד האָבן דעם באַאַמטן נישט איבערצייגט און ער איז געבליבן ביי דאָס זייניקע.

— אַ פינפערל...

סאַלאָמאָן איז דאַן אַוועק אין אַן אַנדערן לאָמבאַרד.

„יעגער איז אַ בלינדער"... — האָט סאַלאָמאָן געטראַכט — יעדער בלינדער הונט זעט נישט, אַז דאָס איז ריין גאָלד... נאַדיר גאָר אַמעריקאַנער גאָלד"...

אָבער אויך אין צווייטן לאָמבבאַרד האָט סאַלאָמאָן געקריגן דעם זעלבן ענטפער...

ער איז דאַן אַוועק צו זיינעם אַ באַקאַנטן יובילער, אַז ער זאָל אים אויפקלערן דאָס רעטעניש.

— וויפל איז ווערט דאָס דאָזיקע קייטל מיטן זייגערל? — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט.

— אַ צוואַנציק, פינף און צוואנציק גילדן... — האָט יענער געענטפערט.

סאַלאָמאָן האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ.

— סטייטש? דאָס קייטל איז דאָךּ אַ ירושה־זאַך פון עטלעכע דורות?

דער יובילער האָט זיך צעשמייכלט.

— איך קאָן אייך אויפקלערן דאָס געהיימניס, — האָט ער געזאָגט, — אָבער נאָר ווען איר וועט מיר פאַרזיכערן, אַז איר וועט נישט דערציילן אייער מוטער.

— מיין מוטער ?... איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט.

— מיט אַ צייט צוריק האָט אייער מוטער מיר פאַרקויפט איר צירונג און עס איינגעטוישט אויף אַנדערס פון אַמעריקאַנער גאָלד... האָט דער יובילער ערקלערט.

די דאָזיקע ידיעה האָט סאַלאָמאָנען געטראָפן, ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג...

„הייסט עס, אַז די מאַמע האָט אַזוי אַרום אָפּגענומען עטלעכע טויזנט גילדן און געמאַכט אַ שווייג"... — האָט סאַלאָמאָן אַ בייזער געטראַכט.

„זי האָט עס געמאַכט אין דער שטיל, אַז איך זאָל זיך נישט דערוויסן און אויך פאָדערן עטלעכע גילדן"...

„איך וואָלט געמאַכט דער מאַמען דעם אמת'ן סקאַנדאַל... אָבער איך מוז דאָך מאַכן אַ שווייג... איך טאָר דאָך נישט אויפדעקן דאָס געהיימניס פון מיין אַרויסגנבענען דאָס קייטל מיטן זייגערל"...

סאַלאָמאָן האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי צו דריקן און שווייגן...

„דער היינטיקער אָוונט איז אַ פאַרשפּילטער"... — האָט ער געטראַכט מיט האַרצווייטאָג — „כ'וועל זיך שוין מוזן לאַנגווייליקן אין דער היים"...

ער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט דאָס קייטל מיטן זייגערל און גענומען גיין אַהיים.

דעם גאַנצן וועג האָט עס אים געוואָרפן פון רציחה און ער האָט נישט געוווּסט צו וועמען דעם כעס אויסצולאָזן...

ווען ער איז אַהיימגעקומען האָט ער גראָד אָנגעטראָפן אַנדזשען, וועלכע האָט צוגערוימט.

ווען ער האָט דערזען דאָס דאָזיקע מיידל, האָט דאָס בלוט אין אים אויפגעקאָכט...

ער האָט נאָכאַמאָל דערפילט אויף זיין באַק די פינגער פון מאַניעקס אייזערנער האַנט...

„די דאָזיקע מויד דאַרף מען אָנלערנען"... — האָט ער זיך געטראַכט — „דאָס דאַרף איר נישט געשוויגן ווערן"...
פלוצלונג האָט אַ בייז שמייכעלע זיך אַ שלענגל־געטאָן איבער סאַלאָמאָנס ליפּן.
אין זיין מוח האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק...
ער האָט באַלד אָנגעטאָן אויף זיין געזיכט אַ מילד שמייכעלע און זיך געווענדעט צו אַנדזשען :
— אַנדזשע, איך האָב מיט דיר עפּעס צו רעדן...
אַנדזשע האָט אויף אים בייז אַ קוק געטאָן.
„ער הויבט שוין ווידער אָן?" — האָט זי געטראַכט — „ער האָט שוין פאַרגעסן מאָניעקס פּעטש?".
סאַלאָמאָן האָט זיך נאָך מילדער צעשמייכלט.
— איך וויל דיר איבערבעטן. — האָט ער געזאָגט — איך ווייס, אַז איך בין זיך מיט דיר שלעכט באַגאַנגען דאַמאָלט אין וואַלד... איך באַדויער עס...
אַנדזשעס נאַאיווע אויגן האָבן געקוקט אויף סאַלאָמאָנען פול מאָל פאַרוואונדערונג.
— כדי דו זאָלסט מיר ענטשולדיקן, — האָט סאַלאָמאָן פאַר־ענדיקט זיינע רייד, — האָב איך דיר געבראַכט אַ פּרעזענט...
ער האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע דאָס קייטל מיטן זייגערל און עס דערלאַנגט אַנדזשען...
צי האָט דאָס אָרימע, נאַאיווע מיידל זיך געזאָלט אָפּזאָגן פון אַזאַ טייערן פּרעזענט?...
אירע שיינע אויגן האָבן אופגעלויכטן פון פרייד...
זי האָט זיך פונדעסטוועגן אַביסל געוואַקלט, צי זי זאָל עס אָננעמען.
אַזאַ טייערן פּרעזענט?... — האָט זי געפרעגט און זיך נישט דערוואָגט צוצונעמען עס.
— נעם, נעם... — האָט סאַלאָמאָן איר איינגערעדט. — כ'האָב גערעכנט דיר צו שענקען עס אַלס דרשה-געשענק... אָבער וואָס שאַדט עס, אַז דו וועסט עס שוין האָבן?... קיינער דאַרף דאָך נישט וויסן...
אַנדזשע האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אויסוווּנדערן.
— איז עס טאַקע אמת'דיק גאָלד?... — האָט זי געפרעגט.

— אַוודאי גאָלד...

„אַז איך וועל זיך עס אָנטון צו דער חתונה, וועלן מירן אַלע מיידלעך מקנא זיין"... — האָט זי געטראַכט.

— און איר שענקט עס מיר גלאַט אַזוי?... — האָט אַנדזשע געפרעגט און געקוקט אויף סאַלאָמאָנען מיט פאַרדאַכט.

— איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט... איך וויל זיך בלויז אַנטשולדיקן פאַר דיר... איך וועל שוין קיינמאָל זיך נישט טשעפּען צו דיר...

איך דאַנק אייך... — האָט אַנדזשע געזאָגט מיט גע־רירטקייט.

אַנדזשע האָט שנעל באַהאַלטן דאָס קייטל מיטן זייגערל אין איר בוזעם אַריין...

סאַלאָמאָן האָט אויף איר געקוקט מיט אמת'ער צופרידנקייט. זיין פּלאַן האָט זיך אים איינגעגעבן.

— נאָר געדענק, אַנדזשע, — האָט איר סאַלאָמאָן אָנגעזאָגט, — באַהאַלט עס, אַז קיינער זאָל עס נישט זען ביז דיין חתונה. מענטשן קאָנען עס זאָגן, אַז נישט אומזיסט האָב איך עס דיר געגעבן...

— גוט, — האָט אַנדזשע געענטפערט, — כ'וועל עס באַהאַלטן אין מיין קיישל צווישן די וועש... קיינעם וועט דאָך נישט איינפאַלן דאָרט אַריינצוקוקן...

— ביסט געררעכט, אַנדזשע, — האָט סאַלאָמאָן איינגעשטימט.

אַ גאַנצן טאָג איז איר דער פּרעזענט אויף קיין איין מינוט נישט אַרויס פון קאָפּ...

כאָטש פון ווייל צו ווייל פלעגט זיך אין אַנדזשעס האַרץ אָפּרופן אַן אינערלעכע שטים פון צווייפל:

סלג בסלאך

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 70

„אפשר האָב איך נישט געדאַרפט אָננעמען ביי סאַלאָמאָנען דעם פּרעזענט? וואָס איז ער פּלוצלונג אַזוי גוט געוואָרן?"...

"אָבער וואָס גייט עס מיך אָן, וואָס ער טראַכט זיך?" — האָט זי זיך אַליין געענטפערט. — „זאָל ער טראַכטן וואָס ער וויל, אַבי דעם שיינעם פּרעזענט האָב איך"...

„וואָס אַ שלעכטס איז דען דאָ אין דעם, וואָס איך האָב צוגענומען דעם פּרעזענט?"...

„ביז דער חתונה וועט סיי ווי קיינער גאָרנישט וויסן וועגן דעם... און צו דער חתונה —טאָר איך נישט קריגן קיין פּרעזענט פון מיין בעל־הבית?"...

דאָס אָרעמע, לייכטזיניקע מיידל האָט גאָרנישט געוווסט, וואָס פאַר אַ געפערלעכע ־בעץ דר גלר טייוול האָט פאַרשפּרייט אונטער אירע פיס...

קאַפּיטל פיר און אַכציק

## אַ שטיקל טעות אין חשבון

דער כיטרער אַדאַש האָט געמאַכט אַ שטיקל טעות אין חשבון.

זינט פאַלע האָט אָנגעקניפּט באַציאונגען מיטן פראַנקפורטער באַנקיר נאַטאַן הילדעבראַנד, איז זי אינגאַנצן גלייכגיליק געוואָרן צו אַדאַש'ן.

זיי האָבן נאָך פונדעסטוועגן געוווינט צוזאַמען און פאַלע פלעגט אַדאַש'ן אַוועקגעבן דאָס געלט, וואָס זי האָט געקראָגן פון נאַטאַנען.

אַזוי ווי נאַטאַן האָט איר נישט גקאָנט קויפן קיין פּרעזענ־טער, ווייל זי האָט דאָך געהאַט אַ חתן, פלעגט ער איר געבן באַדיי־טנדיקע סומען געלט.

אַדאַש איז געווען שטאַרק צופרידן פון זיין נייער פּרנסה...

פון גרויס צופרידנקייט האָט ער צומאָל נישט באַמערקט, ווי פאַלע באַציט זיך צו אים וואָס אַמאָל מיט אַנ'אַלץ שטאַר־קערן אומווילן...

דער עקל צו אים איז ביי איר געוואַקסן, אָבער איבעררייסן מיט אים האָט זי נישט געהאַט קיין מוט...

אין די אָוונטן פלעגט אַדאַש אַוועק אין קאַסינאָ.

אַדאַש פלעגט דאָרט אויספּרוּוון זיין מזל ביי דער רולעטקע...

כּאַלע פלעגט דערווייל פאַרברענגען מיט נאַטאַנען אין קאַפע „ווערסאַל".

אַדאַש פלעגט דערנאָך צו זיי אַריינקומען און אַלע דריי פלעגן אַוועק אין אַ נאַכט־לאָקאַל און פאַרברענגען דאָרט ביז טאָג...

נאָר אָט איז אַדאַש אין איין אָוונט אַוועק פון קאַסינאָ אין אַ זייער קלאָגעדיקע שטימונג...

דאָס מזל האָט אים שטאַרק נישט צוגעשפּילט...

ער איז אַוועק פון קאַסינאָ איבגעלאַזן אַ ליידיקער, אָן איין גראָשן ביי דער נשמה.

ווען אַדאַש איז אַריינגעקומען צו פאַלען און נאַטאַנען אין קאַפע „ווערסאַל", האָט ער זיך מיט זיי באַגריסט מיט אַנ׳אָנגע־כמורעטער מינע...

— איך האָב היינט נישט קיין חשק צו פאַרווילן זיך — האָט אַדאַש אַ בורטשע געטאָן, — קום, פאַלע, מיר וועלן אַהיימגיין שלאָפן....

פאַלע איז רויט געוואָרן ווי פייער...

אויך נאַטאַנען האָט דאָס בלוט אַ שלאָג געטאָן אין געזיכט אַריין.

אַדאַש האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ גראָביאַן.

אָבער אי פאַלע אי נאַטאַן האָבן געמאַכט אַ שווייג און אַראָפּ־געשלונגען אַדאַשעס גראָביונגישע האַנדלונג...

פאַלע האָט שטיל זיך אויפגעשטעלט פון איר אָרט און אַהיימ־געגאַנגען מיט אַדאַש׳ן...

ס׳האָט זי אָבער געוואָרפן פון צאָרן...

„איך מוז מיט אים אייבמאָל פאַר אַלעמאָל איבעררייסן!" — האָט זי זיך געטראַכט — „צו וואָס דאַרף איך אים? אויף אַ כפּרה!"...

אָבער אַדאַש׳ן איז גאָרנישט איינגעפאַלן צו טראַכטן וואָס פאַלע פילט... ער האָט נאָר אין זינען געהאַט זיינע אייגענע אינ־טערעסן...

— איך בין נישט צופרידן פון דיר פאַלע... — האָט ער זיך צו איר אָנגערופן, ווען זיי זענען שוין געווען אינדערהיים.

— ביזט נישט צופרידן?.

אין פאָלעס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן גרינע האַס־פייערלעך...

אָבער אַדאַש האָט עס גאָרנישט באַמערקט און ער האָט זיך ווייטער געוועדט וועגן דעם זייניקן.

— דידאָזיקע קליינע געלטער, די עטליכע טויזנט פראַנק, וואָס דו קריגסט פון נאַטאַנען, זענען צו ווייניק פאַר מיר... איך מוז האָבן כאָטש אַ פּופּציק טויזנט, כדי אַ שפּיל צו טאָן...

אין פאָלען האָט דאָס בלוט געקאָכט פון צאָרן...

— וואָס גאָך וועסטו זיך אויסבעטן, קעסט־קינד מיינס? — האָט זי זיך צעשריגן — דאַנק גאָט דערפאַר... נאַטאַן איז נאָך אַזוי אויך גוט צו דיר...

אַדאַש האָט זיך שפּאָטיש צעלאַכט.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! דו זינגסט גאַנץ שיין, קאַנאַריקל מיינס... אָבער וואָס טויגן די אַלע רייד? איך מוז האָבן געלט!... איך האָב אַ פּלאַן.

— אַ פּלאַן?...

„וואָס נאָך פאַר אַ נידערטרעכטיקייט האָט דער אויסוואורף שוין צוגעטראַכט?" — האָט פאָלע זיך געפרעגט אין געדאַנק.

— ווי איך זע, האָסטו נאַטאַנען פאַרדרייט דעם קאָפּ אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין... — האָט אַדאַש אָנגעהויבן.

— נו? טאָ וואָס־זשע ווילסטו? — האָט פאָלע געפרעגט.

— וואָס איך וויל? זאָג אים מאָרגן, אַז איך וויל מיט דיר פאַרלאָזן מאָנטע־קאַרלאָ און זיך אומקערן קיין פוילן...

— טאָ וואָס וועט זיין? — האָט פאָלע געפרעגט.

— ער וועט דאַן גרייט זיין אויף אַלץ, אַבי דיך צו דערהאַלטן ביי זיך... רעד דו אים אויך איין, אַז דו שטאַרבסט פון בענקשאַפט נאָך אים... דו הערסט?...

— איך הער...

— דערנאָך וועסטו אים דערקלערן, אַז דו ווילסט מיט מיר איבעררייסן... אַזוי ווי איך ליב דיך ליידנשאַפטליך, וועל איך דאָס פאַר אַ קליינער סומע נישט וועלן טאָן. אָבער פאַר אַ גרויסער סומע...

פאָלע האָט אים מער נישט געוואָלט אויסהערן.

— אויסוואורף דו!... — האָט זי אויסגערופן — דו ווילסט מיך פאַרקויפן פאַר געלט?...

— נאַרעלע איינע.. — האָט אַדאַש זיך צעלאַכט. — איך הויב גאַרנישט אָן צו טראַכטן וועגן דעם... לאָמיר נאָך האָבן דאָס געלט אין קעשענע, וועלן מיר ביידע מאַכן ויברח...

— ווילסטו אים, הייסט עס באַשווינדלען ?... ניין... איך וועל דערצו נישט דערלאָזן !...

אַדאַש האָט אָנגעשטעלט אויף פאַלען אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן.

— וואָס הייסט ? — האָט ער געפרעגט.

— נאַטאַן איז אַזוי גוט צו אונדז און די ווילסט אים גאָר באַשווינדלען ?...

נו-נו... דריי נישט קיין ספּאָדעק !... טו אַזוי ווי איך הייס דיך און שוין...

— און אַז נישט ?...

— וויל איך דיר מער נישט קענען !...

פאַלע האָט זיך צעלאַכט מיט אַ הילכיק געלעכטער.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ ! כאַ־כאַ־כאַ־כאַ !.. וואָס דו רעדסט !... — האָט זי געחוזקט — אַז איך וועל דיר נישט זען אַ מנוטי, וועל איך לעבן אַ טאָג... כאַ־כאַ־כאַ־כאַ !...

אַדאַש איז רויט געוואָרן פון צאָרן...

— שלאַנג !... — האָט ער אַ געשריי געטאָן — איך וועל דיך אַרויסטרייבן ווי אַ הונט !...

— אויף אַנ'אמת ?... — האָט פאַלע ווייטער געחוזקט — און ווּעסט ביי מיר שוין נישט וועלן צונעמען דאָס געלט וואָס נאַטאַן גיט מיר ?...

אַדאַש איז אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט, ווי פונ'ם ביס פון אַ שלאַנג...

— טאָ גיי !... — האָט ער אויסגערופן — גיי דיר צו דיין נאַרישן יעקע !...

— דאָס דאַרפסטו מיר נישט זאָגן... — האָט פאַלע געענטפערט מיט אַ גאַליק שמייכעלע — איך ווייס אַליין ווו אַהין דאַרף איך צו גיין...

— און אַז איך וועל דעם יעקע דיינעם זאָגן ווער דו ביסט פאַר איינע ?... — האָט אַדאַש געסטראַשעט.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן... אָבער דעמאָלט וועל איך אויך וויסן עפּעס צו דערציילן... און אַז די פּאָליציי...

אַדאַש איז צו איר צוגעשפּרונגען, ווי אַ צערייצטער טיגער.
— דו... גאַסן־מויד, דו!... — האָט ער אויסגעשריגן.
— דו... אויסוואורף, דו!... — האָט זי געענטפערט.
אַדאַש האָט אויפגעהויבן אַ געביילטע פויסט און מיט דער גאַנצער קראַפט זי אַראָפּגעלאָזט אויף פּאָלעס געזיכט...
פּאָלע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פּאָדלאָגע...
פון איר נאָז און פון אירע ציין איז געפלאָסן בלוט...
אַ ווײַלע איז אַדאַש געשטאַנען מיט אַרויסגעגלאָצטע, ווילדע, מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן, ווי אַ משוגענער.
אָבער באַלד איז ער געקומען צו זיך.
„וואָס האָב איך געטאָן?" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיט חרטה — „זי קאָן נאָך טאַקע פון מיר אַנטלויפן... וואָס וועל איך דאַן טאָן?"...
ער האָט זי אָנגענומען פאַר אַנ׳אָרעם און געהאָלפן זיך אויפ־שטעלן.
— אַנטשולדיק מיר, פּאָלעשי... — האָט ער אָנגעהויבן זי איבערבעטן — איך האָב זיך פאַרגעסן...
אָבער פּאָלע האָט געשוויגן, ווי די וואַנט.
זי איז צוגעגאַנגען צום וואַש־טישל, זיך אַרומגעוואַשן דאָס פאַרבלוטיקטע פּנים און אַוועק אין איר צימער...
באַלד האָט זיך דערהערט דער סקריפּ פונעם שליסל, וועלכן זי האָט איבערגעדרעט. זי האָט זיך פאַרשלאָסן.
אומזיסט האָט אַדאַש געקלאַפּט אין איר טיר. איבערגעבעטן זי מיט די צאַרטסטע ווערטער און זיך געשווירן מיט אַלע שבועות, אַז ער וועט שוין נישט מער...
די טיר איז געבליבן פאַרשלאָסן...
ווען אַדאַש איז צוריק אַרײַן אין זיין צימער, האָט ער זיך ערשט אָנגעהויבן באַרעכענען, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן...
„טאָמער פאַרלאָזט זי מיך אויף אַנ׳אמת, בין איך אַ פאַרלוי־רענער"... — האָט ער געטראַכט אַ פאַרצווייפלטער.
אָבער אַדאַש האָט שוין געהאַט אַזאַ טבע, אַז ווען ער האָט נישט געקאָנט אָפּנאַרן אַנדערע, האָט ער זיך אַליין אָפּגענאַרט...
„מאָרגן וועט זי זיך שוין לאָזן איבערבעטן"... — האָט

אַדאַש זיך געטרייסט און זיך געלייגט שלאָפן.

אָבער צומאָרגנס האָט פּאָלע זיך נישט באַוויזן צום פרישטיק. אַדאַש איז אַריין אין פּאָלעס צימער און דאָרט בלויז געטראָפן דאָס שטוב־מיידל.

— ווו איז די מאַדמואַזעל? — האָט אַדאַש געפרעגט.

— זי איז מיט אַ נדערהאַלבן שעה צוריק אַוועקגעגאַנגען, — האָט דאָס מיידל געענטפערט און אין אירע אויגן איז געלעגן אַ שפּאָטיש שמייכעלע...

דאָס כיטרע מיידל האָט פאַרשטאַנען, אַז דער שלום־בית צווישן דער „מאַדמואַזעל" און איר „חתן" איז נישט קיין איבעריק גוטער...

„איצטער פאַרשטיי איך שוין נאַטאַנס חוזקדיק־העפלעך שמיי-כעלע ביים פרישטיק"... — האָט אַדאַש געטראַכט.

נאַטאַן האָט ביים פרישטיק זיך געפרעגט ביי אַדאַש'ן אויף כּאַלען.

— וואָס איז זי עפּעס נישט געקומען צום פרישטיק? — האָט ער געפרעגט.

— זי פילט זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען... — האָט אַדאַש געענטפערט.

דעמאָלט האָט זיך אויף נאַטאַנס ליפּן באַוויזן דאָס העפלעכע שמייכעלע...

ווען פּאָלע האָט זיך אויך צום מיטאָג נישט באַוויזן, איז אַדאַש נאָכאַמאָל אַריין אין איר צימער.

ער האָט ווידער בלויז געטראָפן דאָס שטוב־מיידל, וועלכע האָט איבערגעצויגן דאָס בעטגעוואַנד און אַזוי אויפגערוימט דאָס צימער, ווי מען וואָלט זיך פריער פון דאָרט געהאט אַרויסגע-צויגן...

אַדאַש האָט זיך אומגעקוקט איבערן צימער...

די שענק זענען געווען ליידיק... פּאָלעס וואַליזעס זענען מער נישט געשטאַנען אויף זייער אָרט...

— מיין כלה איז נאָכנישט צוריקגעקומען? — האָט אַדאַש אַ פרעג געטאָן ביים שטוב־מיידל.

— מאַדמואַזעל בערמאַן האָט געשיקט נאָך אירע זאַכן... — האָט דאָס מיידל געענטפערט. — זי האָט זיך פון דאַנען אַרויס־

געצויגן...

אַדאַש איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער...

— זי האָט גאָרנישט באַפוילן, עפּעס איבערגעלאָזט?... — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום אַ פרעג געטאָן דעם שטוב־מיידל.

— בלויז דעם בריף האָט זי איבערגעלאָזט...

דאָס מיידל האָט דערלאַנגט אַדאַש'ן אַ פאַרקלעפּטן קאָנווערט. אַדאַש האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם קאָנווערט און אים שנעל אויפגעריסן. ס'איז פון דאָרטן אַרויסגעפאַלן אַ טויזנט־פראַנק־שטיק און אַ קליין בריוועלע.

אָט וואָס דאָרטן איז געווען געשריבן:

„איך בין שוין זאַט פון דיין גראָביונגישער באַהאַנדלונג. איך וויל דיך מער נישט קענען...

„פרווו מיך נישט זוכן אומזיסט, ווייל איך פאָר היינט אַוועק פון מאָנטע־קאַרלאָ...

„אַזוי ווי איך בין נישט אַזוי געמיין ווי דו, לאָז איך דיר איבער טויזנט פראַנק צו באַצאָלן אין פּענסיאָנאַט.

„דערביי וואָרן איך דיך, אַז טאָמער וועסטו זיך דערוועגן עפּעס צו טאָן קעגן מיר, אָדער קעגן נאַטאַנען, וועל איך וויסן וואָס צו זאָגן וועגן דיר דאָרט ווו מ'דאַרף..

פּ אָ ל ע".

דעם קאָנווערט מיטן בריוול און מיט יד טויזנט פראַנק האָט אַדאַש אַריינגערוקט אין דער בוזעש קעשענע.

— ניין, פייגעלע... — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין — אַזוי שנעל וועסטו מיר נאָך נישט אַוועקפליען...

— אָבער ווי אַזוי דערוויסט מען זיך איר נייעם אדרעס? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט.

אפשר פרעגן נאַטאַנען?... — אָבער ניין, איך וועל דערמיט זיך בלויז לעכערלעך מאַכן אין זיינע אויגן...

אָבער קיינער, חוץ נאַטאַנען, האָט פּאַקטיש נישט געוווּסט, ווו פּאָלע געפינט זיך...

באַלד באַגינען, נאָכדעם ווי אַדאַש האָט זי געשלאָגן, איז

פּאָלע אַוועק און אים מיט טרערן אין די אויגן דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

— גיי אַוועק פון אים — האָט נאַטאַן איר געראַטן — צו וואָס טויג ער דיר? ווער מיין געליבטע און עס וועט דיר גאָרנישט פעלן...

פּאָלע האָט בעסער נישט געוואָלט...

נאַטאַן האָט איר פאַרגעלייגט שוין צו פאַרלאָזן מאָנטע־קאַרלאָ, אָבער פּאָלען איז אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן די שיינע שטאָט. זי האָט דורכאויס דאָ געוואָלט פאַרבלייבן.

— און וואָס וועט זיין, אַז וועסט זיך צוזאַמענטרעפן מיט שטיינזאַלצן? — האָט נאַטאַן געפרעגט.

— וואָס פרעג איך דען נאָך אים? — האָט פּאָלע געענטפערט — איך בין דאָך נישט זיין ווייב...

„נאַטאַן וועט מיך שיצן קעגן דעם אויסוואורף" — האָט זי געטראַכט. — „אַדאַש וועט קוקן און דריקן, ווי איך לעב צו אַ גוטן טאָג מיט אַן אַנדערן"...

„איי וועט עס אים קרענקען!"...

קיין גרעסערע נקמה האָט זי ווירקלעך נישט געקאָנט נעמען אָן אַדאַש׳ן...

די גאַל האָט אים שוין איצט געפּלאַצט פון דריקעניש...

ער איז אַצינד געווען אין אַזאַ קלעגנדיקער לאַגע, אַז ערגער קאָן שוין נישט זיין...

„וואָס טוט מען?" — האָט ער געטראַכט. — „ווי אַזוי דראַפּעט מען זיך אַרויס פון דער געפערלעכער לאַגע?".

פּלוצלונג איז אים אייגעפאַלן אַ געדאַנק:

„מ׳דאַרף נאָכאַמאָל פּרובן מזל ביי דער רולעטקע... אפשר וועט זיך מיר דאָס מאָל איינגעבן"...

געטראַכט און געטאָן...

אָבער אויך איצט איז עס אים געגאַנגען שלים־שלימזלדיק.. ער האָט פאַרשפּילט איין קאָן נאָכ׳ן אַנדערן...

ווען מ׳האָט געשלאָסן דעם קאָסינאָ, האָט אַדאַש שוין געהאַט פון זיינע טויזנט פראַנק — קוים פיר הונדערט...

„מאָרגן וועט מסתמא בעסער גיין"... — האָט אַדאַש זיך געטרייסט אויף זיין שטייגער.

צומאָרגנס ביים פרישטיק זענען די בליקן פון אַלע געסט אין

פענסיאָנאַט געווען געווענדעט אויף אַדאַש׳ן. מ׳האָט שוין געוווסט, אַז זיין „כלה" איז פון אים אַנטלאָפן...

מ׳האָט אויך געוווסט, אַז נעכטן אין אָוונט איז אויך דער פראַנקפורטער באַנקיר, נאַטאַן הילדעבראַנד, פאַרשווונדן...

ס׳איז נישט שווער געווען צו פאַרשטיין, אַז עס איז דאָ אַ צוזאַמענהאַנג צווישן דיביידע פאַרפאַלן...

אַדאַש איז געווען פאַרטאָן מיט זיינע געדאַנקען אין... קאַסינאָ. אין זיין פאַנטאַזיע האָט ער געהאַלטן אין איין געווונען ריזיקע סומען...

ער האָט אין איין איילעניש אָפּגעגעסן דעם פרישטיק און זיך העגדום־פּענדום געלאָזט אין קאַסינאָ צו דער רולעטקע.

מיטאָג־צייט האָט אַדאַש שוין פאַרמאָגט נישט מער ווי צוויי הונדערט פראַנק...

אָבער באַלד נאָכמיטאָג איז אַדאַש ווידער געווען אין קאַסינאָ...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און שוין געוואָלט זיך נעמען צום ווייטערדיקן שפּילן, אָבער פּלוצלונג האָט זיין געזיכט זיך באַדעקט מיט אַ טויט־בלאַסקייט...

נישט ווייט פון זיך האָט אַדאַש דערזען פאָלען מיט נאַטאַנען...

ער האָט אויף זיי אויסגעשטעלט אַ פּאָר קיילעכדיקע, שטוינענ־דיקע אויגן...

באַלד האָט זיין בליק זיך צונויפגעטראָפן מיט פאָלעס שמייכ־לענדיקע אויגן...

אין בליק איז געלעגן אַזוי פיל שפּאָט, אַז אַדאַש׳ן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס האַרץ וועט אים פּלאַצן פון דריקעניש...

באַלד האָט ער זיך אויך צונויפגעטראָפן מיט נאַטאַנ׳ס בליק, וועלכער איז אויך געווען פול מיט גרינגשעצנדיקן שפּאָט...

אויב דאָס איז נאָך געווען ווייניק, איז פאָלע צוגעקומען צו אַדאַש׳ס טישל און זיך אַוועקגעזעצט... אויך נאַטאַן איז צוגעקומען און זיך אַוועקגעזעצט הינטער איר שטול...

אַדאַשן האָט דאָס בלוט אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין.

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט־אָט פּלאַצט אים דאָס האַרץ פון דריקעניש...

איי, וואָלט ער זיך אַצינד געוואָרפן אויף ביידע און זיי צעהאַקט אויף קרעפּל-פליייש.

אָבער צי האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן אַזאַ סקאַנדאַל ?...
פּאָליציי וואָלט דאָך אָנגעקומען...

און אַדאַש'ן האָט מער נישט געפעלט, נאָר אַז די פּאָליציי זאָל זיך אָנהויבן מיט אים פאַראינטערעסירן, וואָס ער איז און ווער ער איז...

אחוץ דעם — איז דאָך נאַטאַן נישט געווען קיין מפילקינד —

פון וואַנען האָט אַדאַש געהאַט די זיכערקייט, אַז נאַטאַן וועט אים נישט דערלאַנגען נאָך בעסער, נאָך פעסטערע קלעפּ ?

ער איז אַלזאָ געזעסן, ווי א תם, און דאָס בלוט האָט געקאָכט אין אים...

דערווייל האָט פּאָלע איינגעשטעלט אין קאָן און גענומען שפּי־לן. אויך אַדאַש האָט גענומען שפּילן.

אין אָנהויב איז זיי ביידע נישט געגאַנגען

איין קאָן נאָכן אַנדערן האָבן ביידע גלייך פאַרשפּילט.

אַדאַש האָט זיך געפּרובט טרייסטן:

„אָבי זי געווינט אויך נישט"...

די דאָזיקע טרייסט, איז אים אָבער פאַרשטערט געוואָרן. ווען ער האָט דערזען, אַז זיינע קליינע געלדער האַלטן זיך ביים אויס־לאָזן...

פּאָלע האָט געהאַט הינטער זיך דעם רייכן נאַטאַן... זי האָט געמעגט פאַרשפּילן... ס'מאַכט נישט אויס...

אָבער ער, אַדאַש ?

פאַרשפּילט ער די פּאָר פראַנק, וואָס ער האָט נאָך — בלייבט אים איבער נאָר אויפצוהענגען זיך...

וואָס וועט ער טאָן אינעם פרעמדן, ווייטן מאָנטע־קאַרלאָ אָן געלט ? צו וועמען וועט ער זיך דאָ ווענדן נאָך הילף ? וועמענס איז ער דען און ווער געהערט זיך אים אָן ? קיינער נישט...

און דאָ פאַרשפּילט ער כסדר איין קאָן נאָכן אַנדערן...

ער האָט נאָך קוים עטלעכע צענדליק פראַנק.

ער שפּילט שוין איצט טאַקע בלויז אויף קליינע סטאַווקעס, אָבער ווי לאַנג וועט עס אים קלעקן ?...

און אַז איינעם שלימזלדיק, גייט עס אים פון אַלע זייטן. צום אומגליק האָט פּאָלע אָנגעהויבן געווינען...

די הונדערטערס האָבן אָנגעהויבן לויפן צו איר מיט אַנ־

אימפעט, אַז אַ שווייס האָט אַדאַש'ן אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן...

„כ'וועל שטעלן אויפן זעלבן נומער, וואָס פּאָלע"... — איז אַדאַש'ן איינגעפאַלן.

ער האָט איינגעשטעלט די לעצטע פּאָר פראַנק...

דאָס קייקעלע האָט גענומען זיך דרייען און לויפן און ענדליך זיך אָפּגעשטעלט.

ער האָט פאַרשפּילט...

פּאָלע האָט טאַקע אויך פאַרשפּילט. אָבער וואָס האָט עס אויסגעמאַכט ביי איר? זי האָט דאָך שוין געהאַט אַ גאַנצע קופּע געוווּנען געלט...

אַחוץ דעם — שפּילט זי דאָך ווייטער. און ער — איז ליידיק און גאָל, ווי אַ ניי־געבוירן קינד...

אַ ווײַלע איז אַדאַש נאָך געזעסן ביי זיין טישל און געפּילט אויף זיך פּאָלעס שפּאָטישע בליקן, וועלכע האָבן אים געבריט ווי פייער... —

דער צאָרן האָט געברענט אין אים...

„נישט געבוג, וואָס זי האָט נישט קיין רחמנות אויף מיר, פרייט זי זיך נאָך מיט מיין אומגליק"... — האָט אַדאַש געטראַכט מיט ציין־קריצעניש...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויס פון קאַסינאָ.

זיין גאַנץ פאַרמעגן האָט איצט באַטראָפן פופצן פראַנק, וועלכע על האָט פריער אויך זיך געהאַט באַהאַלטן, ווי אַ הייליגקייט, וואָס מ'טאָר נישט אָנרירן...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט אויך פּאָלע אויפגעהערט צו שפּילן און שפּאַצירן מיט באַטאַנען. — ער האָט אויסגעזען, ווי אַ צעקבייטשטע שמאַטע...

— איך האָב געמיינט, אַז ער וועט זיך וואַרפן אויף מיר... — האָט נאַטאַן געזאָגט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל. — ווען דאָס טרעפט אויף מיר...

— ער איז אַ שרעקליכער פּחדן... — האָט פּאָלע דערקלערט — ער האָט געדאַנקט גאָט, אַז דו לאָזט אים צורוה...

אַדאַש האָט זיך דערווייל אַרומגעדרייט אין קאַסינאָ־פּאַרק... עס האָט אים געוואָרפן פון רציחה...

„און איך וועל עס איר שענקען?"... — האָט ער זיך כסדר

געגעסן די לעבער — „און דעם אויסוואורף, דעם פּאַסקודנעם יע־קע?"...

„אך, ווי גליקלעך זי האָט דאָס אויסגעזען, די געמיינע מויד. גאַנצע פּעק מיט געלט האָט זי געהאַט אין בייטל. איך האָב איר צוגעהאָלפן אויפגעריכט צו ווערן"...

„בהמה דו". — האָט ער זיך אַליין אויסגעזידלט. — „דו האָסט זיי אַליין צוגעהאָלפן צום שידוך".

ער האָט איצט חשק געהאַט זיך אַליין גוט אויסצופּאַטשן.

ענדלעך האָט גענומען צופאַלן די נאַכט. עס איז געוואָרן פינצ־טער אַדאַש האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן שוואַך־באַלויכטענעם קאַסינאָ פּאַרק און כסדר זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די, וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָעם קאַסינאָ.

אין זיין מוח איז געבוירן געוואָרן אַ פאַרברעכערישער גע־דאַנק.

ער קאָן איצט שיסן צוויי האָזן מיט איין מאָל.

אי נקמה נעמען און אי קריגן אַ היפּש ביסל געלט.

פלוצלונג האָט אַדאַש אויפגעציטערט אינגאַנצן. פאָלע מיט נאַטאַנען האָבן פאַרלאָזט דאָס קאַסינאָ.

צונויפגעטוליעטע, איינגעקלאַמערטע איינער אין אַנדערן, זע־נען פאָלע און אַדאַש אַראָפּגעגאַנגען פון די העל־באַלויכטענע, מאַרמאָרענע קאַסינאָ-טרעפּ.

זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט, ווי אַ באַהאַלטענער אין פאַר־שאָטנדן פּאַרק, טשאַטעוועט אויף זיי אַדאַש און נעמט פון זיי נישט אַראָפּ זיינע פאַרטרערטע, מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן...

דאָס פאַרליבטע פּאָרל איז אַריין אין קאָפע „ווערסאַל" און אַדאַש האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן, ביז זיי וועלן פון דאָרטן אַרויס. איצט האָט אַדאַש צייט געהאַט צו באַטראַכטן דעם פּלאַן, וואָס איז אים איינגעפאַלן; ווי אזוי אים אויסצופירן.

ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן אָן פאָלעס אָנגעשטאָפּטן בייטל מיט געלט...

„ווען דער דאָזיקער בייטל פאַלט אַריין אין מיינע הענט!". — האָט אַדאַש פאַנטאַזירט. — „איך וואָלט שוין געוועזן באַזאָרגט מיט געלט אויף אַ היפּש שטיקל צייט."

„אָבער ווי אזוי מאַכט מען עס?"

„אַפּוואַרטן זיי אין אַ הינטער געסל, באַפאַלן זיי אומגעריכט.
און דערנאָך — מיטן ערשטן צוג קיין אויסלאַנד".

„אָבער ווער ווייסט, צי זיי וועלן גיין דורך אַ הינטער־פּעסל ?".

אויף יעדן פאַל — מוז מען וואַרטן. איך האָב דען אַן אַנ־דערן אויסוועג ?. איך האָב דאָך נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה".

אַזוי האָט זיך אַדאַש געטראַכט:

כדי צו זיין גרייט אויף יעדן פאַל — האָט אַדאַש אַרויסגע־נומען פון דער טאַש דאָס מעסער, וואָס ער פלעגט ביי זיך שטענ־דיק האַלטן. ער האָט עס אויפגעעפנט און אויפגעהויבן אין דער הויך. ס'האָט אַ בליאסק געטאָן קעגן דעם קאַרגן לאַמטערן שיין.

ענדלעך האָבן פאַלע און נאַטאַן פאַרלאָזט די קאַפע „ווער־סאל".

איינגעטוליעט אין זיך, איז דאָס פאַרליבטע פאָרל אוועק אין דער ריכטונג פונעם ים־ברעג.

ווי געוויינלעך פאַרליבטע האָבן זיי אויסגעזוכט די טונקס־טע ערטער און באַהעלטענישן.

זיי זענען געווען פאַרטאָן אין זייער שמועס, וועלכער איז פון וויילע צו וויילע איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ קלינגענדיקן קוש.

זיי האָבן דעריבער גאָרנישט באַמערקט, ווי הינטער זיי שלייכט זיך אַ טונקעלע געשטאַלט, נאָכגייענדיק זיי, ווי אַ שאָטן.

די דאָזיקע טונקעלע געשטאַלט האָט אויסגעמיטן די באַלויכ־טענע ערטער און זיך געשלייכט אין די פאַרשאָטענע זייטן פון וועג...

פלוצלונג האָט פאַלע אַ ציטער געטאָן.

אין דער נאַכט־שטילקייט, וועלכע האָט איצט אַרומגערינגלט דאָס געליבטע פאָרל. האָט זי דערהערט אַ גערויש, ווי פון טריט...

זי האָט זיך שטאַרקער איינגעטוליעט אין נאַטאַנען.

— דאַכט זיך מיר, אַז עמעץ גייט הינטער אונדז. — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן מיט שרעק און זיך אַרומגעקוקט.

נאַטאַן האָט זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטאָן הינטער זיך.

— מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש. — האָט ער געזאָגט
— מסתמא טשאַטעוועט דאָ ערגעץ אַ קאַץ אויף פייגל, צי וואָס...
וואָס שרעקסטו זיך אַזוי?.

אָבער פאַלען האָט פאַרפאַלגט עפּעס אַ פאַרגעפיל און זי האָט זיך מיט פאַרדאַכט איינגעהערט אין דער נאַכטשטילקייט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי ווידער דערהערט אַ געראַוש פון טריט, אָבער איצט שוין האַרט הינטער זיך.

זי האָט זיך אויסגעדרייט און אַ געשריי פון שרעק האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר ברוסט.

זי האָט דערזען פאַר זיך אַדאַשן.

אין זיין האַנט, וועלכע איז געווען אויפגעהויבן אין דער הויך, האָט געגלאַנצט אַ בלאַנקענדיק מעסער.

ער האָט זיך געצילט מיטן מעסער אין נאַטאַנס פּלייצע.

דערהערנדיק פאַלעס געשריי, האָט נאַטאַן זיך האַסטיק אויס-געדרייט. בליץ שנעל האָט ער פעסט אַ כאַפּ געטאָן אַדאַשעס האַנט און דאָס מעסער איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

אַ פאַרצווייפלטער און אַ ווילדער פון צאָרן, האָט דאַן אַדאַש זיך געוואָרפן אויף פאַלען און געוואָלט ביי איר אַרויסרייסן דעם בייטל מיט געלט פון דער האַנט.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער געקראָגן פון נאַטאַנען אַזאַ פעסטן קלאַפּ מיט דער פויסט אין דער ברוסט, אַז ער איז אומ־געפאַלן, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים.

אַזאַ פויגל ביזטו?. — האָט נאַטאַן אויסגערופן, קוקנדיק אויפן ליגענדן אַדאַש. — אַזוי ווייט ביזטו שוין דערגאַנגען? אויס־ווורף איינער!

פאַלע האָט דערווייל געשריגן מיט אַלע כוחות און גערופן הילף. עס זענען אָנגעלאָפן עטלעכע דורכגייער. באַלד האָט זיך אויך באַוויזן אַ פאַליציאַנט.

אָבער נאָך איידער מען האָט באַוויזן צו אים צוצוקומען, האָט אַדאַש זיך שנעל אויפגעהויבן פון דער ערד און איז פאַר־שוונדן אין דער פינצטערניש.

נאַטאַן האָט אים געוואָלט נאָכיאָגן, אָבער פאַלע האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר אַן רעם און אים צוגעהאַלטן.

„לאָז אים לויפן". — האָט זי געזאָגט.

פאַלע האָט געציטערט, אַז מען זאָל אַדאַשן נישט כאַפּן. עס

וואַלטן דאָך אויפגעדעקט געוואָרן זיינע אַלע שווינדלערייען, אין וועלכע זי האָט זיך אויך באַטייליקט.

מיט שרעק האָט זי דעריבער געהערט, ווי נאַטאַן גיט איבער דער פּאָליציאַנט האָט פאַרנאָטירט אַדאַשעס נאָמען און אויסזען און שטיינזאַלץ פון פוילן.

ווען די אָנגעלאָפענע מענטשן זענען זיך צעגאַנגען און אויך דער פּאָליציאַנט האָט פאַרנאָטיזרט אַדאַשעס נאָמען און אויסזען און איז אַוועק, האָט פּאַליע זיך אָנגערופן:

— האָסט נישט געדאַרפט אָנגעבן אַדאַמס נאָמען.

— פאַרוואָס דען? — האָט נאַטאַן געפרעגט א פאַרווונדער־טער — דו האָסט אויף אים רחמנות?.

נישט דאָס. ער וועט וועלן אָן מיר נקמה נעמען, קאָן ער אויך מיך פאַרפלאָנטערן אין דעם אָנפאַל.

האָב קיין מורא נישט. — האָט נאַטאַן זי באַרואיקט. — מאָרגן פאַרלאָזן מיר סיי־ווי מאָנטע־קאַרלאָ און זוך דעם ווינט אין פעלד.

געלאָפן אַ שטיק לוועג אין דער פינצטערניש, איז אַדאַש שטיין געבליבן און זיך איינגעהערט אין דער נאַכטשטילקייט, צי מען יאָגט אים נישט נאָך.

קיינער האָט אים נישט געיאָגט.

ער האָט גענומען באַטראַכטן די לאַגע, אין וועלכע ער געפינט זיך איצט.



דפוס „אור” בע”מ פאַרלאַג ”תקוה”

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 71

ס׳איז אים נישט געווען וואָס מקנא צו זיין.

„סוף כל סוף וועל איך אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּאָ־ליציי"... — האָט ער געטראַכט און דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט פון ווייטאָג.

„אויב נישט היינט — איז מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן".

„אָבער דערווייל — מוז מען זיך ראַטעווען, ווי לאַנג מ׳קאָן"...

„קיין אויסלאַנד! קיין אויסלאַנד!"...

וועגן גיין אין פּענסיאָנאַט אַריין נאָך די זאַכן — קאָן קיין רייד נישט זיין... פּאָליציי האָט שוין זיכער אַרומגערינגלט מיין וווין־אָרט"...

„און אפילו ווען נישט? האָב איך דען צו באַצאָלן, וואָס איך בין דאָרט שולדיק?".

„צום וואָקזאַל! צום וואָקזאַל! שנעלער! עס קאָן זיין צו שפּעט".

דער וואָקזאַל איז געווען גאָר נאָענט. אין דעם מאָמענט האָט זיך גראָד אויך געהערט דאָס רוישן און פייפן פון אַן אָנפאָרנדן צוג.

אַדאַש האָט אַרויסגענומען זיין זייגער און אַ קוק געטאָן.

ער האָט געדענקט, אַז איצט דאַרף אָנקומען אַן אינטערנאַציאָ־נאַלער עקספּרעס־צוג, וועלכער גייט פון דאַנען קיין איטאַליע.

דער צוג שטייט אין גאַנצן צען מינוט.

„שנעלער! שנעלער!".

אַדאַש איז אין איין אָטעם געלאָפן צום וואָקזאַל. ער האָט פאַר די לעצטע פופצן פראַנק געקויפט אַ בילעט צווייטע קלאַס און איז אַריין אין וואַגאָן.

ער האָט מיט שרעק אַרויסגעקוקט דורכן וואַגאָן־פענצטער אויפן פעראָן.

„ווער ווייסט, צי די ידיעה וועגן דעם אָנפאַל וועט נישט דערגיין אַהער נאָך איידער דער צוג וועט אָפּגיין"... האָט אַדאַש געטראַכט.

„דאַן קאָן מען מיך אַרויסבעטן פון וואַגאָן און אָפּפירן אין תפיסה אַריין".

אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען זיינע ביינער ביים דאָזיקן געדאַנק.

„פאַל איך אַריין אין תפיסה, וועל איך שוין אַזוי שנעל פון דאָרט נישט אַרויס." — האָט ער געטראַכט — „אַז זיי וועלן אַ

זוך טאָן, וועלן זיי שוין געפונען אַ גענוג לאַנגן צעטל".
אָבער באַלד האָט דער צוג אַ פייף־געטאָן און זיך גערירט פון אָרט.
לאַנג איז דער צוג אַזוי געפאָרן אין דער נאַכט און אַדאַש איז געזעסן אויף זיין אָרט אומבאַוועגלעך, ווי אַ פאַרגליווערטער.
די שרעק פון אַן אַנטלויפנדיקן האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.
אָבער וואָס ווייטער דער צוג איז אָפּגעפאָרן פון מאָנטע־קאַרלאָ, אַלץ מונטערער איז אַדאַש ביי זיך געוואָרן.
ענדלעך האָט ער זיך מער נישט געשראָקן.
ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט און גענומען וואַנ־דערן איבער די קופּעען.
אַדאַש האָט געזוכט נייע באַקאַנטשאַפטן.
אַזעלכע פאַרשוינען, ווי ער האָבן פיינט די איינזאַמקייט.
ביי איינעם פון די קופּעען האָט אַדאַש זיך אָפּגעשטעלט.
ער האָט צו זיך אַ שמייכל געטאָן מיט צופרידנהייט און איז דאָרט אַריין.

קאַפּיטל פינף און אכציק

# סאַלאָמאָנס נקמה

מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך געגרייט צו דער חתונה־פייער־לעכקייט ביי די מאָרגענשטערנס.
די מאַדאַם מאָרגענשטערן איז געווען איר בעסטע פריינדין נאָך פון די שול־יאָרן.
ווען די דאָזיקע פריינדין אירע מאַכט חתונה איר עלטסטן זון, ווי זאָל די מאַדאַם וויינשטיין נישט גיין אויף דער חתונה?
כאָטש זי האָט נישט ליב צו גיין אויף קיין חתונות, מאַדאַם וויינשטיין האָט נישט ליב אַזעלכע פאַרווייילונגען, וואָס דאַרפן קאָסטן געלט.
"דרשה־געשאַנק מוז מען געבן, דעם סאַיווער — געבן, די כלי־זמרים — געבן, דעם בדחן — געבן, נאָר גיב און גיב"... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געטראַכט.

זי פלעגט טאַקע נישט גיין אויף קיין חתונות, וויפל מען האָט זי נישט געזאָלט בעטן.

זי האָט שוין אויסגעפונען תירוצים.

דאָ — טוט איר ווײ דער קאָפּ, דאָ — איז זי פאַרקילט און דאָ — חלשט זי אויף די פיס.

אָבער צו די מאָרגענשטערנס מוז זי שוין גיין.

ביי מאַדאַם ווײַנשטײַן איז דאָס געווען ווי אַן אומפאַרמײדלעך אומגליק, פון וועלכן מען קאָן זיך נישט ראַטעווען.

גרייטנדיק זיך צו דער חתונה — האָט זי אויפגעשלאָסן די אײַזערנע קאַסע און אַרויסגענומען די שאַכטלעך מיטן צירונג.

זי האָט געוואָלט אויסקלײַבן די שענסטע צירונג־שטיקער, אַז די שונאים אירע זאָלן פּלאַצן קוקנדיק.

מאַדאַם ווײַנשטײַן האָט 'געהאַלטן, אַז זי האָט מענגעס מיט שונאים, וואָס זענען זי מקנא און גרייט צו דערטרינקען זי אין אַ לעפל וואַסער.

מאַדאַם ווײַנשטײַן איז אַזוי געזעסן איבער אירע צירונג־שאַכטלען און געטראַכט, ווי די שונאים אירע וועלן פּלאַצן, ווייל זיי ווייסן דאָך נישט, אַז עס זענען שוין נישט קיין בריליאַנטן מיט גאָלד, נאָר אימיטאַציעס פון אַמעריקאַנער גאָלד.

דערווייל איז אין דרויסן געוואָרן אַ געוואַלד און אַן אַנלויף פון מענטשן, ווי עס וואָלט פּלוצלונג אויסגעבראָכן אַ שׂריפה.

הינטערן פענצטער איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן.

מאַדאַם ווײַנשטײַן האָט געלאָזט ליגן אירע צירונג־שאַכטלען און איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן אַ קוק טאָן.

— וואָס איז געשען? וואָס איז געשען? — האָט מאַדאַם ווײַנשטײַן געפרעגט ביי די אָנגעלאָפענע.

— דער קוימענקערער איז אַראָפּגעפאַלן פון דאַך... — האָט עמעץ געענטפערט.

מאַדאַם ווײַנשטײַן האָט זיך שטאַרק דערשראָקן.

„ווער ווייס, צו איך וועל נאָך נישט האָבן צרות דערפון"...

— האָט זי געטראַכט — „ער האָט אפשר איבערגעלאָזט קינדער און איך וועל זיי מוזן געבן אַנטשעדיקונג".

— נו, ווו איז ער? — האָט זי געפרעגט.

— ווער?

— דער געהרגעטער?

— אָט שטייט ער דאָך דאָ...

דער קוימענקערער איזווירקלעך געשטאַנען נישט ווייט פון איר און זיך געשמייכלט, ווי קיין מאָל גאָרנישט...

בייב פאַלן האָט ער זיך פאַרטשעפּעט ביי אַ לאָדן און איז געבליבן גאַנץ.

טאָ וואָס זענט איר זיך אַזוי אָנגעלאָפן? גאָפּעס? — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך אָנגעבייזערט אויפן נייגעריקגן עולם און איז צוריק אריין אין שטוב.

זי האָט זיך ווידער גענומען באַטראַכטן אירע צירונג-שאַכטלען און פלוצלונג האָט זי באַמערקט, אַז עס פעלט דאָס קייטל מיטן זייגערל...

„האַ? וואָס איז דאָס?". — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך געוווּנדערט.

אַן אויפגערעגטע, אַ בייזע איז זי אַריינגעלאָפן צו סאַלאָמאַנען, אים דערציילט די בשורה.

— סאַלאָמאַן, טייערער! אַ גנב האָבן מיר אין שטוב.

— וואָס הייסט? — איז סאַלאָמאַן אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט אַ פאַרוווּנדערטער.

— מ'האָט מיר צוגעגנבעט מיין גאָלדן קייטל מיטן זייגערל...

— וואָס הייסט?

סאַלאָמאַן איז נישט ווייניק צעטומלט געוואָרן.

„מ'וועט דאָך נישט גלויבן, אַז אַנדזשע האָט נאָכגעמאַכט אַ שליסל צו דער קאַסע". — האָט ער געטראַכט — „איך קאָן נאָך דורכפאַלן".

— איך האָב געלאָזט שטיין דאָס צירונג אַ ווײַלע אויפן טיש און איך בין אַרויס אין דרויסן. ווען איך בין צוריקגעקומען, האָט מיר געפעלט דאָס קייטל מיטן זייגערל... — האָט מאַדאַם וויינשטיין דערציילט.

סאַלאָמאַנען איז אַ שטיין פון האַרץ אַראָפּגעפאַלן.

— דאָס אַז שרעקלעך. האָט ער געזאָגט — אומדערהערט. אָבער ווער האָט עס געקאָנט טאָן?

— נו ווער? איך נישט. דו אויך נישט... — האָט מאַדאַם וויינשטיין גאַליק געענטפערט.

— רעכנסטו, אַז פון אונדזער דינערשאַפט ?. — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט.

— ווער דען ? אַ מלאך ? גיי געטרוי פרעמדע מענטשן...

— איך גלויב נישט. — האָט סאַלאָמאָן געשפּילט קאָמעדיע —גיב נאָר אַ קוק, צי דו האָסט נישט פאַרגעסן אַרויסצונעמען פון דער קאַסע.

זיי זענען ביידע אַריין אין קאַבינעט, דורכגעזוכט די קאַסע, אָבער גאָרנישט געפונען.

— ווער האָט דאָס געקאָנט טאָן ?. — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט מיט אַ נאַאיווע מינע.

— איך מיין, אַז אַנדזשע. — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט.

— וואָס רעדסטו, מאַמע ? — האָט סאַלאָמאָן אויסגערופן — איך גלויב עס נישט אויף איר.

— דו גלויבסט נישט ? האָסט זיך דאָך אַליין איבערצייגט, וואָס פאַר אַ געמיין שטיק דאָס איז. האָסט שוין פאַרגעסן ?

— דאָס איז נאָך גאָרנישט קיין באַווייז, אַז זי איז אַ גנבטע, — האָט סאַלאָמאָן זי אַלץ כלומרשט פאַרטיידיקט.

מאַדאַם וויינשטיין האָט מיט באַדויערן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דו אורטיילסט אַלע לויט זיך... אַז דו ביזט ערלעך מיינסטו אַז אַלע זענען אַזוי... אָבער מענטשן טאָר מען נישט צופיל גלויבן. נאָך דערצו דאָס פעבל. נישט קיין אַנדערער, נאָר אַנדזשע האָט עס געמאַכט. איך גיי שוין אַדורכקוקן, איר קוישל.

אָבער סאַלאָמאָן האָט אָנגעכאַפּט די מוטער פאַר דער האַנט.

— ניין, מאַמאַ! דאָס וועל איך דיך נישט לאָזן! מען דאַרף מעלדן אין דער פּאָליצײַ און זאָל זי זוכן, ווו זי פאַרשטייט.

ער איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אָנגעקלונגען אין פּאָ־ליצײַ-קאָמיסאַריאַט. ער האָט געמאָלדן וועגן דער געשעענער גנבה.

— באַלד וועט צו אייך קומען אַ פּאָליצײַ־עלטסטער מיט גע-היים-אַגענטן אויף אַן אויספאָרשונג. — האָט מען אים פון דאָרט געענטפערט.

— וואָס דאַרפן מיר זיך מישן דערין ? — האָט סאַלאָמאָן געגעבן דער מוטער צו פאַרשטיין — דערויף איז דאָך דאָ פּאָליצײַ, אַז זי זאָל אויספאָרשן דעם גנב.

ער האָט זיך אַ צופרידענער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פאָטעל און פאַררויכערט אַ ציגאַר.

די מאַדאַם איז אַרומגעלאָפן אַ צעקאָכטע איבער דער שטוב און געוואָרט מיט אומגעדולד אויף פּאָליציי.

סאַלאָמאָן האָט געזען איר צעטומלטקייט און אַ קוים־באַמערק־באַר איראָניש שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן.

„מיין מאַמעלע מאַכט דעם אָנשטעל, ווי מען וואָלט איר ווירקלעך באַגנבעט אַ גאָלדן קייטל מיט אַ זייגערל". — האָט ער געטראַכט — „זי מיינט, אַז איך ווייס נישט, אַז עס איז געווען אַמעריקאַנער גאָלד..."

באַלד איז אָנגעקומען פּאָליציי.

מאַדאַם וויינשטיין האָט דערציילט דעם פּאָליציי־עלטסטן, ווי אַזוי די גנבה איז פאָרגעקומען.

דאָס האָט געמאַכט אַ נישט דערפאַרענער גנב. — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער דערקלערט — אַ גנב וואָלט נישט גענומען איין זאַך נאָר אַלץ. זענט איר עמעצן חושד?

— דאָס דינסטמיידל. — האָט מאַדאַם וויינשטיין געענטפערט.

— איך גלויב נישט דערין. — האָט סאַלאָמאָן זיך אָנגערופן — זי איז טאַקע אַ יונג און לייכטזיניק מיידל, וואָס גיט זיך אָפּ מיט עפּעס אַ גאַסן־יונג, אָבער זי שטאַמט פון אַן אָרנטלעכער היים.

דער פּאָליציי עלטסטער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— דאָס איז גאָרנישט, וואָס זי איז פון אַן אָרנטלעכער היים, האָט ער געזאָגט, — נישט איין מאָל כאַפּט מען ביי א גנבה אפילו דאַמען פון דער העכערער געזעלשאַפט.

— וואָס זשע דאַרף מען טאָן? — האָט מאַדאַם וויינשטיין געפרעגט.

— פאַר אַלעם, מאַכן אַ רעוויזיע אין איר צימער. — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער געענטפערט — זייט אַזוי גוט און ווייזט מיר איר צימער.

אַריינקומענדיק אין אַנדזשעס צימערל, איז דער בליק פונעם פּאָליציי־עלטסטן באַלד געפאַלן אויפן קויש־ל, וווּ אַנדזשע האָט געהאַט ליגן אירע זאַכן.

איינער פון די אַגענטן האָט אַ נעם געטאָן דאָס קויש־ל און אַרויסגעשטעלט עס אויפן טיש.

דאָס קוישל איז נישט געווען פאַרשלאָסן.

דער אַגענט האָט גענומען אַרויסלייגן אויפן טיש אַנדזשעס ביסל אַרעמקייט. עטלעכע קליידלעך, פאַרטוכער, העמדער, אַ זיידן טיכעלע.

פלוצלונג האָט מאַדאַם ווײַנשטיין אַ קוויטש געטאָן, ווי אַ קאַץ ווען מ׳טרעט איר אָן אויפן עק...

דער אַגענט האָט אויפגעהויבן אין דער הויך די האַנט, אין וועלכער עס איז געלעגן דאָס קייטל מיטן זייגערל.

— נו ,זעט איר שוין! — האָט דער פּאָליציי - עלטסטער געזאָגט צו סאַלאָמאָנען — איר וועט נאָך איצט אויך גאַראַנטירן פאַר דער ערלעכקייט פונעם דאָזיקן מיידל?

— ליידער... — האָט סאַלאָמאָן אַ זיפץ געטאָן — איך וואָלט עס נישט געגלויבט, ווען איך זע עס נישט מיט מיינע אייגענע אויגן...

— איצטער ווו איז דאָס דינסט-מיידל? — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער געפרעגט.

אַנדזשע איז גראָד געשטאַנען צוזאַמען מיט סאַבינען און גע-פּרעסט די וועש.

באַלד איז אַ פּאָליציי־אַגענט אַריין צו איר און זי אַריינגערופן אין איר צימער.

אַנדזשע האָט באַטראַכט דעם אומבאַקאַנטן פון קאָפּ ביז פיס און אַ פרעג געטאָן מיט פאַרוואונדערונג:

— ווער זענט איר? ווער רופט?

— קום, פייגעלע, קום... — האָט דער אומבאַקאַנטער געזאָגט מיט שפּאָט — פּאָליציי רופט.

— פּאָליציי?

אַנדזשע איז בלאַס געוואָרן, ווי די וואַנט, אירע אויגן זענען קיילעכדיק געוואָרן פון שרעק.

— סאַבינעשי קרוין... — האָט זי געבעטן סאַבינען — קום אַריין מיט מיר... — איך ווייס נישט, וואָס מען וויל פון מיר... ווער ווייס, וואָס דאָ איז געשען.

— שרעק זיך נישט, נאַרישע קינד! — האָט סאַבינע זי גע־טרייסט — דו האָסט דאָך קיין שום שלעכטס נישט געטאָן, טאָ וואָס האָסטו מורא? איך וועל ענדיקן דאָס פּרעסן, וועל איך אַריינ־

קומען. גיי.

ווען אַנדזשע איז אַריינגעקומען אין איר צימערל, האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן דאָס האַרץ.

אין צימערל איז פול געפּאַקט געווען מיט מענטשן.

דער פּאָליציי־עלטסטער מיט צוויי אַגענטן, מאַדאַם וויינשטיין, סאַלאָמאָן...

„וואָס איז דאָ געשען?"... — האָט אַנדזשע געטראַכט מיט שרעק.

אַלע פּנימער האָבן אויף איר געקוקט שטרענג און בייז.

„וואָס האָבן זיי צו מיר?... — האָט אַנדזשע זיך געוווּנדערט.

— אַנדזשע דאַווידסאָן! — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער שטרענג אַ רוף געטאָן.

— איך בין עס... — האָט אַנדזשע זיך אָנגערופן מיט אַ ציטערנדיקער שטימע.

— צי דערקענסטו דאָס דאָזיקע קייטל מיטן זייגערל? — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער געפרעגט.

ער האָט עס אויפגעהויבן אין דער הויך אַנטקעגן איר געזיכט.

— יאָ... — האָט אַנדזשע געענטפערט און אירע אויגן זענען געווען פול מיט פאַרוווּנדערונג.

„איז צוליב דעם האָט מען מיך דאָ אַריינגערופן?" — האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין.

— און פונוואַנען האָסטו עס גענומען? — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער ווייטער געפרעגט.

— וואָס הייסט פון וואַנען?. דער פאַן סאַלאָמאָן האָט עס מיר אייערנעכטן געגעבן... — האָט אַנדזשע רואיק און געלאַסן געענטפערט.

— דער פאַן סאַלאָמאָן? — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער זיך געוווּנדערט.

דער פאַן סאַלאָמאָן האָט מיר געגעבן דאָס קייטל מיטן זייגערל... — האָט אַנדזשע נאָכאַמאָל איבערגעחזרט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף סאַלאָמאָנען און געוואַרט, אַז ער זאָל באַשטעטיקן אירע רייד.

אָבער סאַלאָמאָן האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען און פאַרקרימט דאָס געזיכט.

— אַ געהיימניש!... — האָט ער אויסגעזופן — איך האָב שוין נישט געהאַט וועמען צו שענקען מיין מאַמעס צירונג, נאָר דער דאָזיקער מויד... ס'געפעלט מיר.
מאַדאַם וויינשטיין איז רויט געוואָר[ן] פון צאָרן, ווי אַ בוראַק.
— איך האָב שוין לאַנג געזאָגט מיין זון, אַז די אַנדזשע איז אַ געמיינע מויד. נישט גענוג, וואָס זי האָט געגנבעט, וויל זי נאָך באַשמוצן מיין זון...
אַנדזשע האָט זיך צעהעשעט.
— מאַדאַם... מאַדאַם... — האָט זי געכליפּעט — איך בין דאָך אומשולדיק.
— טאָ ווער דען איז שולדיק ? — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער געפרעגט.
— איך שווער ביי גאָט, אַז דער פּאַן סאַלאָמאָן האָט מיר געשענקט דאָס קייטל מיטן זייגערל.
סאַלאָמאָן האָט ווידער אַ הויב געטאָן די אַקסלען.
— פּאַניע פּשאַדאָווניק! — האָט אַנדזשע זיך געווענדעט צום פּאָליציי־עלטסטן — לאָז דער פּאַן סאַלאָמאָן זאָגן, צי ער האָט מיר נישט געגעבן דאָס קייטל מיטן זייגערל!
— פּאַרוואָס האָט ער עס דיר עפּעס געגעבן ? — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער געפרעגט — דער פּאַן סאַלאָמאָן איז דיין פריינט ?
— ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל זיך מיט מיר איבערבעטן, גיט ער מיר דאָס קייטל מיטן זייגערל פאַר אַ חתונה-מתנה... — האָט אַנדזשע דערקלערט.
—— פאַר אַ חתונה־מתנה ?... כאַ־כאַ־כאַ... — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך צעלאַכט — ווען האָסטו דען חתונה ?
— ווען ?...
אַנדזשע האָט נישט באַוויזן צו ענטפערן, ווי דער פּאָליציי־עלטסטער האָט זי ווידער אַ פרעג געטאָן :
— דו האָסט געזאָגט, אַז דער פּאַן סאַלאָמאָן האָט זיך געוואָלט איבערבעטן. ער האָט זיך דען צעקריגט מיט דיר ?
— געקריגט ? — אַנדזשע איז רויט געוואָרן — נישט גע-קריגט !... ער האָט זיך געטשעפּעט צו מיר.
סאַלאָמאָן האָט זיך פאַררויטלט. ער האָט אָבער ווידער

אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען.

— געטשעפעט? איך האָב זי געטראָפן אין גאָרטן און גע־פרעגט וואָס זי טוט דאָ. דערווייל איז אָנגעקומען איר קאָכאַנעק און מיר געזען שטיין מיט איר.

— שטיין מיט מיר? — האָט אַנדזשע זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן — איר...

— רואיק! — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער אויסגערופן.

— דער יונג האָט זיך געוואָרפן אויף מיר. אָבער אַז איך זאָל איר צוליב דעם שענקען מיין מוטערס צירונג. דאָס איז זייער אַן אָריגינעלער איינפאַל... — האָט סאַלאָמאָן פאַרענדיקט זיינע רייד.

— אָבער דערמאָנט אייך! — האָט אַנדזשע אויסגערופן. — איר האָט דאָך עס מיר געגעבן... איר האָט מיך געפרעגט, צי כ׳האָב עס וווּ צו באַהאַלטן. געזאָגט, אַז כ׳זאָל עס קיינעם נישט ווייזן ביז דער חתונה.

— אַ ליגן מיט אַ וואָרצייכן... — האָט מאַדאַם וויינשטיין באַמערקט.

דאָס נאַאיווע מיידל האָט אויסגעשטרעקט בעטנדיק אירע הענט צו סאַלאָמאָנען:

— איך בעט אייך... זאָגט, אַז איך בין אומשולדיק. ברענגט מיך נישט אום. טאָמער איז אייער מוטער בייז, קאָן איך אייך צוריקגעבן דאָס קייטל מיטן זייגערל.

— אָך, אָך, אָך! — האָט מאַדאַם וויינשטיין געשטוינט — די חוצפּה פון דער מויד איז דאָך גאָרנישט צו פאַרשטיין! פריי־ער גנבעט זי, דערנאָך זאָגט זי ליגנט, דערנאָך...

— איך בין דאָך אומשולדיק. — האָט אַנדזשע זיך געבעטן.

דערנאָך... איז זי אומשולדיק. — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט. — איר האָט שוין געהערט אַזעלכעס.

איך בין אומשולדיק. — האָט אַנדזשע געכליפּעט.

דער פּאָליציי־עלטסטער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף אַנדזשעס אַקסל.

— נו-נו... באַרואיק זיך... — האָט ער געזאָגט — דו זעסט דאָך, אַז דו ביזט אַריינגעפאַלן. זיי זיך מודה, וועסטו קריגן אַ קליינע שטראָף. אפשר אַ חודש תפיסה.

— תפיסה ?

אַנדזשע האָט אין גאַנצן אויפגעצאַפּלט.

— פאַרוואָס... האָט רחמנות! האָט דאָס אומגליקלעכע מיידל זיך געבעטן — איך בין אומשולדיק. דער פאַן סאַלאָמאָן האָט עס מיר געגבען.

— דאָס האָבן מיר שוין געהערט... — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער געזאָגט מיט אומגעדולד.

— ער וויל זיך אין מיר נוקם זיין... — האָט אַנדזשע געכליפּעט — ווייל מיין חתן האָט אים אויסגעפּאַטשט...

סאַלאָמאָן האָט אַ צאַפּל געטאָן.

— אומפאַרשעמט... — האָט ער אַ בורטשע געטאָן. — שווייג בעסער, מוידו!

— אַנדזשע דאַווידסאָן! — האָט אויסגערופן דער פּאָליציאַנט — ביזט אַרעסטירט.

— אָבער פאַרוואָס ? פאַרוואָס ?

— אויב דו ביזט אומשולדיק, וועט דיך דאָס געריכט באַ־פרייען. אָבער כ'האָב געפונען ביי דיר די גנבה און איך מוז דיך אַרעסטירן.

אַנדזשע האָט געהעשעט אויפן קול און די טרערן זענען געפלאָסן איבער איר געזיכט.

פּלוצלונג האָט אַ פריידיק געשריי זיך ארויסגעריסן פון איר ברוסט. אין דער טיר האָט זיך באַוויזן די הויכע געשטאַלט פון איר פאָטער ליפּע דאַווידסאָן.

ליפּע איז געזעסן אין דער היים און רואיק געלייענט אַ צייטונג.

צוליבן חגא־טאָג איז ער געווען פריי פון דער אַרבעט. מאַדאַם וויינשטיינס געשעפט, ווו ער איז אַנגעשטעלט, איז געווען גע־שלאָסן.

פּלוצלונג איז ווער פון די שכנים צו אים אַריינגעפאַלן מיט דער בשורה.

— ליפּע! דו זיצסט אַזוי דאָ און דאָרט וויל מען אַרעסטירן דיין אַנדזשען...

— מיין אַנדזשען ?...

— מ'האָט אין איר קוישל געפונען דער מאַדאַמס אַ קייטל

מיט אַ זייגערל.

— וואָס? — איז פרוי דאַווידסאָן אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט און זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ — מיין אַנדזשעלע?

— זיי רואיק, טויבע! — האָט ליפע זי באַרואיקט — ס'איז מסתמא עפּעס אַ טעות. איך לויף שוין אַהין.

— רבונו של עולם! — האָט טויבע געיאָמערט — אויף מיין קינד זאָל מען אַזוינס זאָגן... אומגעציילט געלט, ווען מען טרויט עס אָן, וואָלט עס געפעלט?

ליפע איז שנעל אַריינגעלאָפן אין הויז פון דער מאַדאַם ווייג-שטיין.

ווען אַנדזשעלע האָט דערזען איר פאָטער, האָט זי זיך צו אים אַ וואָרף געטאָן זוכנדיק ביי אים שוץ.

— טאַטעשי... טאַטעשי... — האָט זי געכליפּעט — וואָס וויל מען פון מיר?.

ליפע האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די פּנימער פון מאַדאַם ווייגשטיין און איר זון.

זייערע געזיכטער זענען פול געווען מיט פאַרבאַרגענעם האַס...

— וואָס? — האָט ליפע אַ פרעג געטאָן — וואָס איז דאָ געשען? ווער וואָגט עס חושד צו זיין מיין קינד, אַז זי האָט געגנבעט?

— באַרואיקט אייך, ליפע! — האָט סאַלאָמאָן אַ זאָג געטאָן גאווהדיק — מישט זיך נישט אַריין.

— איך זאָל מיך נישט אַריינמישן?

— איר זענט דעם מיידלס פאָטער? — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער אַ פרעג געטאָן.

— יאָ פּאַניע פּשאַדאָווניק! האָט ליפע געענטפערט.

— המ... איך פאַרשטיי, אַז עס רעגט אייך אויף. מען האָט אָבער אין אייער טאָכטערס קוישל געפונען מאַדאַם ווייגשטיינס קייטל מיטן זייגערל. זי זאָגט, אַז זי האָט עס געקריגן פון פאַן סאַלאָמאָן.

— פון סאַלאָמאָנען?

— ער באַשטעטיקט עס אָבער נישט.

ליפע האָט זיך אויסגעדרייט צו אַנדזשען.

— זאָג דעם אמת, אַנדזשע! האָסט עס גענומען, צי ניין? אויב דו האָסט גענומען, זאָג דעם אמת, האָב נישט קיין מורא!

— טאַטעשי... — האָט אַנדזשע געכליפּעט — וואָס רעדט דער טאַטעשי? דער טאַטעשי גלויבט, אַז איך האָב געגנבעט? איך בין אומשולדיק.

ליפּע האָט צאַרט אַ גלעט געטאָן איבער זיין טאָכטערס קאָפּ.

— איך גלויב דיר... אי דווייס, אַז דו זאָגסט קיינמאָל נישט קיין ליגן.

— טאַטעשי. טאַטעשי. — האָט אַנדזשע אַלץ געכליפּעט.

— האָב נישט קיין מורא, אַנדזשעו! איך וועל אַלץ טאָן, כדי אויפצודעקן דעם אמתן שולדיקן. פון אונטער דער ערד וועל איך אים אויסגראָבן... — האָט ליפּע צוגעגעבן.

— אָבער נישט אַלע האָבן אַזאַ גוטע מיינונג וועגן אייער טאָכטער, ווי איר... — האָט סאַלאָמאָן אַ בורטשע געטאָן.

ליפּע האָט אָפּגעמאָסטן סאַלאָמאָנען מיט אַ פאַראַכטונגספולן בליק.

— איך קען מיין קינד, — האָט ער געזאָגט, און איך האָב זיך נישט געריכט, אַז אייער מוטער זאָל מיר אַזוי אָפּדאַנקען פאַר מיין צוואַנציק־יאָריקער איבערגעגעבענער אַרבעט אין איר געשעפט.

— איר האָט אונדז געטאָן אַ גרויסע טובה... — האָט סאַלאָמאָן אַ בורטשע געטאָן — עס וואָלט געפּאַסט, איר האָט נישט גענומען קיין פּענסיע. קומט אייך עפּעס ביי אונדז?

מאַדאַם וויינשטיין, וועלכע האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות און נישט אַריינגעמישט, האָט מער נישט אויסגעהאַלטן.

— צוואַנציק יאָר איז טאַקע גענוג. גענוג מיך רייך געמאַכט. איר מעגט זיך פון ערשטן אָן זוכן אַ נייעם פּאָסטן...

— גוט... — האָט ליפּע דערקלערט — איך נעם אָן דעם לוין פאַר צוואַנציק יאָר אַרבעט. מיין טאָכטער געמאַכט פאַר אַ גנבטע און מיך אויף דער גאַס אַרויסגעוואָרפן.

— טייטשט אייך עס אויס, ווי איר ווילט. — האָט סאַלאָמאָן ציניש אַ שמייכל געטאָן.

ליפּע האָט געוואָרפן אַ דראָענדיקן בליק אויף סאַלאָמאָנען און אַ זאָג געטאָן:

— עמעץ האָט דאָ געמאַכט אַן אינטריגע. אָבער דער דאָזיקער פאַרשוין וועט דעמאַסקירט ווערן.

— טאַטעשי. טאַטעשי — האָט אַנדזשע ווידער אַ כליפּע געטאָן — מען וועט דאָך מיך איינזעצן אין תפיסה אַריין...

— זיי רואיק, מיין קינד. — האָט ליפּע אַ צאַרטן גלעט געטאָן איבער אירע באַקן — דער אמת מוז אַרויסקומען, ווי בוימאייל אויף וואַסער.

אַנדזשע האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט פונעם פאָטערס ווערטער.

— איך וואָלט זיך כאָטש געוואָלט געזעגענען מיט דער מאַ-מען... — האָט זי געזאָגט, שלינגענדיק די טרערן.

— לאָז זי צורו. — האָט ליפּע געענטפערט, איינהאַלטנדיק די טרערן וואָס האָבן אים געשטיקט אין האַלדז — זי איז צו שוואַך אַריבערצוטראָגן אַזאַ אומגליק.

— טאַטעשי... טאַטעשי... — האָט אַנדזשע געכליפּעט.

— דו אָבער שרעק זיך נישט, אַנדזשע, — האָט דער פאָטער געטרייסט — עס איז דאָ אַ גערעכטיקייט אויף דער וועלט... דיין עוולה וועט אָפּגעמאָנט ווערן .

ליפּע האָט צוגעטוליעט זיין טאָכטער צו זיך, זי אַ קוש געטאָן און אַנדזשע האָט גענומען אַרויסגיין פונעם צימער.

הינטער איר — זענען נאָכגעגאַנגען די צוויי פּאָליציי-אַגענטן.

— טאַטעשי! — האָט נאָך אַנדזשע אַ רוף געטאָן — טאָמער וועסטו זען מאָניעקן, זאָג אים אַז איך בין אומשולדיק.

אַנדזשע איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל, ווען זי האָט פּלוצלונג דערזען סאַבינען.

סאַבינע איז שוין לאַנג געשטאַנען ביי דער טיר און זיך צו־געקוקט צו אַלעם, וואָס עס קומט דאָ פאָר.

פול מיט מיטגעפיל האָט זי אויסגעצויגן סאַבינען די האַנט.

— סאַבינע... טייערע... — האָט אַנדזשע געכליפּעט — דו גלויבסט, אַז איך בין שולדיק ?

— ניין. ניין, האַרציקע... איך ווייס, אַז דו ביזט נישט פעאיק דערויף זאָל גאָט באַצאָלן דעם אויסוואורף, וואָס האָט דיר אַריינ־געוואָרפן אין אומגליק... האָב נישט קיין מורא.. דער אמת וועט אַרויסקומען.

דער פּאָליציי־עלטסטער, וועלכער איז שוין געווען אומגעדול־דיק, האָט פונדעסטוועגן נישט געשטערט דאָס געשפּרעך מיט סאַ־בינען

סאַבינע האָט אויף אים געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק, מיט איר שיינקייט און איידלקייט.

ער האָט זיך איינגעהערט אין סאַבינעס רייד און ער האָט זיך פאַרטראַכט.

„דאָס דאָזיקע מיידל" — האָט ער געטראַכט וועגן סאַבינען — „זעט אויס ווי אַ מלאך. צי איז מעגלעך, אַז זי זאָל אַרויסווייזן אַזאַ ליבשאַפט צו אַ פשוטער גנבטע"?

פריער האָט ער געגלויבט די דערקלערונגען פון מאַדאַם וויינשטיין און איר זון, איצטער האָט ער אָנגעהויבן צווייפלען אין זייער ריכטיקייט...

אָבער געזעץ — איז געזעץ.

אַנדזשען האָט מען אָפּגעפירט אין קאָמיסאַריאַט.

אין אַנדזשעס צימערל זענען בלויז געבליבן מאַדאַם וויינשטיין, סאַלאָמאָן און סאַבינע.

מאַדאַם וויינשטיין איז אַ ווײַלע געזעסן אַ בייזע און אַן אָנגעלאָדענע. ענדלעך האָט זי אויסגעשאָסן:

— סאַבינע! נישט שטענדיק איז נויטיק, אַז דו זאָלסט זיך אַריינמישן מיט דיין מיינונג. ווי אַזוי קאָנסטו אַזוי אָפן סימפּאַטיזירן מיט אַ פשוטע גנבטע?

— איך האַלט נישט, אַז זי איז אַ גנבטע. — האָט סאַבינע רואיק געענטפערט.

— נאָר וואָס דען איז זי? אַ רביצין?

סאַבינע האָט אָפּגעמאָסטן מיט אַ פאַרוווּנדערטן בליק די מאַדאַם וויינשיין.

דער מאַדאַם וויינשטיינס פאַרביסנקייט איז פאַר סאַבינען געווען אומפאַרשטענדלעך.

— איך האָב אייך נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין עגמת-נפש... — האָט סאַבינע געזאָגט — איך האָב געהאַנדלט אַזוי, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געהייסן...



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 72

— אויב אַזוי, פאַלגט איר צופיל אייער האַרץ... — האָט סאַלאָמאָן גראַב-יונגעריש זיך אַנגערופן און זיך שפּאָטיש צע־שמייכלט. — אייער האַרץ קאָן אייך אמאָל צו ווייט פאַרפירן, אויב עס נעמט זיך אָן פאַר גנבים.

סאַבינע האָט סאַלאָמאָנען אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק, וואָס איז געווען פול מיט עקל און פאַראַכטונג.

— פאַרגעסט נישט, הער ווײַנשטיין, אַנדזשע איז נאָך נישט פאַרמשפּעט געוואָרן. פאַרוואָס טראָגט איר אַרויס אייער אורטייל פאַרן געריכט?

— מ'האָט געפונען אין איר קוישל די גנבה, צי נישט? — האָט סאַלאָמאָן זיך אויפגערעגט — דאָס איז נאָך נישט קיין גענוגנדיקער באַווייז?

— ניין!

— וואָס הייסט: ניין? וואָסערע באַווייזן נאָך זענען דען נויטיק?

— אַ באַווייז, אַז זי האָט עס דאָרט אַרײַנגעלייגט. און ווען אפילו יאָ...

— איז זי אויך אומשולדיק... — האָט סאַלאָמאָן איבערגעריסן סאַבינעס רייד.

— מען דאַרף וויסן, ביי וואָסערע באַדינגונגען זי האָט עס אַרײַנגעלייגט... — האָט סאַבינע קאַלט צוגעגעבן — איך בין זיכער אַז דאָ איז געשען אַ מיספאַרשטענדעניש, אָדער אַ געמיינע פּראָוואָקאַציע.

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט זיך אַזש אַ הויב געטאָן פון אָרט פאַר גרויס אויפרעגונג.

— דו נעמסט זיך שטענדיק אָן פאַר דער האַלאַטע... — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט צאָרן — מסתמא זענען זיי דיר נענטער, ווי מיר... זיי זענען ביי דיר מלאכים און מיר טייוולאָנים...

— פאַר מיר זענען אַלע מענטשן נאָר מענטשן. — האָט סאַבינע רואיק געענטפערט — און איך באַמי זיך צו אַלע זיין גערעכט... איך וואַרף נישט לייכט קיין באַשולדיקונגען אויף עמעצן...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט סאַלאָמאָן זיך צעכאָטשעט — פאַנגאָ סאַבינאָ! ווען איר וואָלט געווען אַ מאַנספאַרשוין, וואָלט איר געוועזן אַ גוטער מגיד...

— דו זאָגסט דאָס אַלץ נאָר דערפֿאַר, ווייל דו ווילסט אונדז ווײ טאָן... — האָט מאַדאַם וויינשטיין צוגעגעבן. — איך ווייס שוין פֿון לאַנג, אַז דו האָסט אונדז, כאָטש איך ווייס נישט פֿאַרוואָס..

— נישט אמת. — האָט סאַבינע אַלץ רואיק געענטפֿערט — איך באַמי זיך בלויז צו יעדן זיין גערעכט.

— גערעכט. אָבער נאָר צום געמיינעם פֿעבל, וואָס טוט אָפּ אַלע נידערטרעכטיקייטן אין דער וועלט.

— ניין, מאַדאַם... אמת, אַז צווישן פּראָסטן המון זענען דאָ פֿאַלן פֿון גנבות פֿון נויט... דער רייכער דאַרף נישט גיין גנבֿנען, ווייל ער האָט אַליין...

— און אַז מען האָט נישט, דאַרף מען זיך לערנען באַגיין... — האָט מאַדאַם וויינשיין געזאָגט.

סאַבינע האָט נישט אין אַכט גענומען מאַדאַם וויינשטיינס רייד און ווייטער גערעדט דאָס איריקע:

— פֿאַראַן אָבער צווישן פּראָסטן פֿאָלק זייער אידעלע נאַ־טורן... צו די דאָזיקע געהער אַנדזשע.

— נו, גענוג! — האָט מאַדאַם וויינשטיין אַ בורטשע געטאָן מיט צאָרן — כ׳האָב דיך נישט צוגענומען אַלס לערערין... פֿון ערשטן אָן קאָנסטו דיר זוכן אַ נייעם פּאָסטן...

— גוט... האָט סאַבינע אַ שמייכל געטאָן — כ׳האָב סיי ווי נישט גערעכנט לענגער דאָ צו פֿאַרבלייבן.

זי האָט זיך לייכט פֿאַרנויגט און אַרויס פֿון צימער.

— ווי געפֿעלט עס דיר עפּעס? — האָט מאַדאַם וויינשטיין אַ פֿרעג געטאָן סאַלאָמאָנען.

— זי בלאָזט זיך, ווי אַן אינדיטשקע... — האָט סאַלאָמאָן געענטפֿערט — עס וואָלט געפּאַסט זי זאָל זיין אַ פּרינצעסין און נישט קיין פּענטאַטשקע.

— פֿונדעסטוועגן איז זי מיר אַ שאָד. — האָט מאַדאַם וויינ־שטיין געזאָגט — זי בלאָזט טאַקע פֿון זיך, זי איז אָבער אַ שטילע, אַן אַרבעטזאַמע, און זי נעמט ווייניק געלט.

— פֿאַרוואָס זשע האָסטו זי אָפּגעזאָגט? — האָט סאַלאָמאָן געפֿרעג.

אויך אים איז אַ שאָד געווען, אַז די שיינע סאַבינע זאָל פֿאַר־לאָזן זייער הויז.

ער האָט נאָך געהאַפּט זי דאָך צו געווינען.
— נעמט זי דער טײַוול! — האָט מאַדאַם װײַנשטײן רעזיגנירט.
סאַבינע איז דערװײַל אַװעק צו איר אַרבעט בײַ די פּרעסן די װעש.
זי האָט נישט געקאָנט פֿאַרגעסן אָן דער אומגליקלעכער אַנ-דזשען.
„אַרעם מײדל מײַנס" — האָט זי געטראַכט — „די גאַנצע מעשה מיט דער גנבה איז זיכער סאַלאָמאָנס אַ שטיקל אַרבעט"...
„ער האָט זיך געװאָלט נוקם זײַן אָן איר פֿאַר איר אָנשטענדי-קײט און אָרנטלעכקײט"...

קאַפּיטל זעקס און אַכציק

# אַדאַשעס פּליטה

דער קופּע, אין װעלכן אַדאַש איז אַרײַן, איז כמעט לײדיק געװען.
דאָרט איז בלױז געזעסן אַן עלעגאַנטע, יונגע דאַמע, שײן װי גאָלד.
עס איז דעריבער גאָר קײן װוּנדער נישט, װאָס אַדאַשן איז געפֿעלן געראָד דער דאָזיקער קופּע.
און דערפֿאַר האָט זיך אַ צופֿרידענער שמײכל צעלײגט איבער דער גאַנצער ברײט פֿון אַדאַשעס געזיכט...
דאָס שײנע דאַמעלע איז זיך געזעסן ברײט און באַקװעם אויף װײכע קישעלעך.
אין איר האַנט האָט זי געהאַלטן עפּעס אַן אילוסטרירטן זשורנאַל.
זי האָט געמישט די בלעטער פֿון זשורנאַל און באַטראַכט די בילדער.
„װי עס זאָל נישט זײַן", — האָט אַדאַש אַ טראַכט געטאָן — „איז דאָך באַקװעמער צו פֿאָרן מיט אַזאַ שכנטע, װי מיט צװײ אַלטע באָבעס אָדער אָנגעברוגזטע הערן"...
אַדאַש האָט זיך זײער העפֿלעך פֿאַרנײגט פֿאַר דעם שײנעם דאַמעלע און זיך געזעצט אַנטקעגן איר.
יענע האָט אויף אים אַ װאָרף געטאָן אַ זײַטיקן בליק און װײַטער געמישט די בלעטער פֿונעם זשורנאַל.

אַדאַש ווידער האָט זיך גענומען גוט באַטראַכטן זיין שכנטע, ווי מען באַטראַכט אין אַ שוי־פענצטער עפּעס אַ שיינע זאַך, וועלכע מען גרייט זיך קויפן.

זי האָט געהאַט אַ געשיקט פיגורל, אַ שיין, ראָז פּנימל, שלאַנקע און געשיקטע פיסלעך.

מיט איין וואָרט: אַ ברכה צו מאַכן.

זי איז געווען אָנגעטאָן נעט און מיט פיינעם געשמאַק.

פיינע זייעדענע זאָקן, אַ קורץ, גוט געפּאַסט קליידל.

די פריזור — אַ הויכע, אָבער אַ לייכטע, ווי אויפגעכוואַליעט.

זי איז געווען געשמינקט, אָבער מייסטערהאַפט, ווי פון דער נאַטור אַליין.

פון אירע דינע, לאַנגע פינגער האָבן אַראָפּגעבליאַסקעט בריליאַנטענע רינגען.

זי איז געזעסן פאַרטיפט אין איר זשורנאַל און אויף קיין איין מינוט די אויגן נישט אויפגעהויבן.

אַדאַש האָט זיך געדרייט אויף זיין אָרט. ווי אַ שלאַנג...

„אַ שווערע פאַרשוינטע" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן — ווער ווייסט, צי פון דעם קאָרן וועט זיין ברויט."

אָבער פּלוצלונג איז אַדאַשעס בליק געפאַלן אויפן פענצטער, נעבן וועלכן די דאַמע איז געזעסן. צוליב דער נאַכט־פינצטערניש אין דרויסן האָט די שויב אַלץ אָפּגעשפּיגלט.

אין דער שויב האָט ער געזען, אַז זיין שכנטע באַטראַכט אים אויפמערקזאַם.

„אַזוי גאָר"? — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט זיך איינגעקוקט אינעם אויסדרוק פון איר געזיכט, כדי אַראָפּצולייענען וואָס פאַר אַן איינדרוק ער האָט אויף איר געמאַכט...

אינעם צופרידענעם שמייכעלע, וואָס האָט איצט אַראָפּגעקוקט פון אירע ליפּן, האָט אַדאַש דערקענט, אַז עס איז גוט.

„מען דאַרף אָנהויבן"... — האָט אַדאַש אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט אָבער נישט געוווּסט ווי אַזוי אָנצוהויבן.

אָבער אָט האָט זי אים אַליין ארויסגעפירט פון דער פאַרלעגנהייט.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף עפּעס אַ קליינער סטאַציע.

די דאַמע האָט דאַן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך געווענדעט צו אַדאַשן.

— פּאַרדאָן,, מיסיע (אַנטשולדיקט העה), צי ווייסט איר נישט ווי ווייט עס איז נאָך קיין מאַרסעל?

אַדאַש האָט העפלעך אַ שמייכל געטאָן.

— ליידער קאָן איך אייך נישט זאָגן גענוי, — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ נישט - גלענצנדן פראַנצויזיש, — איך רעכן אָבער, אַז אַכט אַזייגער אין דער פרי וועלן מיר שוין זיין אין מאַרסעל.

דאָס דאַמעלע איז פּלוצלונג געוואָרן רעדעווודיק, אַז אַדאַש האָט זיך מחיה געווען.

— אַן אויסלענדער זענט איר? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, אַן אויסלענדער.

— און איך האָב ליב צו פאַרברענגען מיט אויסלענדער. — האָט דאָס שיינע דאַמעלע געזאָגט — עס איז אינטערעסאַנט...

אַדאַש איז פּשוט צעשמאָלצן געוואָרן פון העפלעכקייט...

—— זייער אָנגענעם צו הערן. זייער אָנגענעם. האָט ער געשטאַמלט און געהאַלטן אין איין פאַרנויגן זיך.

„איך בין איר געפעלן געוואָרן" — האָט אַדאַש געטראַכט, — „ס'קאָן נאָך זיין אַ לעבן".

דאָס דאַמעלע האָט זיך געהנדלט פאַר אים, קאָקעטירט, זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַזוי, אַז איר דעקאָלטע זאָל אויסקומען וואָס

טיפער.

דערנאָך האָט זי פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס גאַרנישט צניעה־דיק און גענומען ברענען אַדאַשן מיט אירע פייערדיקע בליקן.

אַדאַש האָט זיך דערמאָנט אין וואָס פאַר אַ קלאָגעדיקער לאַגע ער געפינט זיך און ער האָט אַ טראַכט געטאָן:

„ס'זאָל מיר אויסגיין צו איר קאָפּ... אַז איך ווייס נישט ווו מ'נעמט איצט אַ פראַנק, ווי אַזוי קאָן איך איצט פאַרפירן ליבעס?"

אָבער דאָס רייצנדע מיידל האָט אים אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגעלאָזט.

אירע בליקן האָבן געפלאַקערט און איר מיילעכל האָט געשיט רייד מיט אַזאַ חן, אַז דאָס האַרץ האָט אַדאַשן געצאַפּלט, ווי אַ פייגעלע אין דער נעסט...

אומגעבעטן האָט דאָס שיינע דאַמעלע זיך גענומען פאַרשטעלן

פאַר אַדאַשן און אים דערציילן איר לעבנס-געשיכטע.

זי איז אַ :עבוירענע אין אַן אוקראַיניש שטעטעלע. ווען אירע עלטערן האָבן עמיגרירט קיין פראַנקרייך, איז זי נאָך געווען אַ קינד ביי דער ברוסט.

אָבער ער וויל וויסן, וואָס זי האָט געטאָן איצט אין מאָנטע־קאַרלאָ, דערציילט זי עס אים שוין.

זי האָט דאָרט פאַרברענגט בלויז עטלעכע טעג און זי האָט געוווּנען אַ סך געלט אויף דער רולעטקע.

דאָס איז אַדאַשן געפעלן.... זיינע גנבישע אייגעלעך האָבן אויפגעלויכטן.

ער האָט זיך פאַר איר אויך פאָרגעשטעלט :

— דירעקטאָר פון א קוילן־גרוב אין שפּאַניע.

אָבער כדי צו זיין זיכער, אַז זיין מי איז נישט קיין אַרויס־געוואָרפענע, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— און אייער מאַן איז געבליבן אין דער היים? ער האָט נישט מורא געהאַט צו לאָזן אַליין אַזאַ שיין ווייבל אין מאָנטע־קאַרלאָ?

דאָס דאַמעעל האָט זיך הויך צעלאַכט:

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!... איר האָט אַ טעות, מיסיע... איך האָב נישט קיין מאַן... איך בין זייער איינזאַם.

זי האָט אַפּגעמאָסטן אַדאַשן פון קאָפּ ביז די פיס און צוגעגעבן:

— איר זענט אויך, ווייזט אויס, אַ קאַוואַליער... איר טראָגט נישט קיין קידושין-רינגל...

— אַ קאַוואַלער... איך האָב די ערע. דאַניעל גאָמעץ...

זי האָט אים אויסגעצויגן אַ ראָז הענטל און ער האָט אַ קוש געטאָן.

— זשאַנעט... — האָט זי זיך פאָרגעשטעלט.

דער צוג איז געלאָפן איבער פעלדער און וועלדער, וואָס זענען געווען באַגאָסן מיט לבנה-ליכט.

אַרום זענען געוואַקסן פּאַלמען, ציפּרעסן און פייגן־ביימער, וועלכע האָבן זיך באַוועגט פונעם ווינט...

פון ווייל צו ווייל האָט מען געקאָנט זען אַן אָזערע, וואָס איז געלעגן ווי אַ שפּיגל און אין איר האָט געלויכטן די אָפּ-געשפּיגלטע לבנה.

אָבער אַדאַש און זשאַנעט האָבן דאָס גאָרנישט געזען און ס'האָט זיי גאָרנישט אינטערעסירט.

זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די פאָרהענגלעך פון די פענצטער און גלעזערנע טירן און זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן זייער יונג-אויפגעבליטער ליבע.

זשאַנעט האָט געהאַט ליפּן, ווי פייער... זי האָט אַדאַשן געבריט מיט זיי...

— טייערער... טייערער... — האָט זי געשעפּטשעט צו אים און אים געבריט דאָס געזיכט מיט איר ליידנשאַפטלעכן אָטעם

— האָסטו מיך ליב? זאָג...

— ליב... ליב... זשאַנעט... איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי נישט ליב געהאַט. — האָט איר אַדאַש פאַרזיכערט

דער צוג איז דערווייל געלאָפן זיין וועג און דאָס פאַרליבטע פּאָרל האָט גאָרנישט געפילט, ווי די צייט אַנטלויפט.

ווען זיי זענען ענדלעך מיד געוואָרן פון צערטלערייען, זענען זיי איינגעשלאָפן, צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, ווי צוויי טייבעלעך.

ווען זשאַנעט האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין געטאָגט אין דרויסן.

באַלד האָט אויך אַדאַש זיך אויפגעכאַפּט.

ווען זשאַנעט האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן וואַגאָן, האָט זי באַמערקט, אַז אַדאַש האָט נישט מיט זיך קיין שום באַגאַזש.

— דו האָסט דיין וואַליזע אָפּגעגעבן אויף באַגאַזש? — האָט זשענעט געפרעגט.

אַדאַש איז אַ ווײַלע געבליבן זיצן אַ צעטומלטער.

—וואָס זאָל איך איר ענטפערן?" — האָט ער געטראַכט. — „אז איך האָב טאַקע געגעבן אויף באַגאַזש? וועל איך דאָך אין מאַרסעל פאַרשיט ווערן".

— ליידער... איך האָב נישט קיין שום באַגאַזש... — האָט ער געזאָגט דעם אמת און אַ זיפץ געטאָן.

— וואָס הייסט? — האָט זשאַנעט זיך געוווּנדערט.

— נו. ווען דו וואָלסט געוווּסט ווער איך בין, — האָט אַדאַש געמאַכט אַ געהיימניספולע מינע, — וואָלסטו מיך זיכער נישט געליבט.

זשאַנעט האָט אָנגעהויבן ציטערן פון שרעק.

— וואָס ?... אַ רויבער ?... אַ מערדער ?..

— גאָט באַהיט! האָט אַדאַש זיך באַרואיקט — איך בין ניט קיין רוי־בער און נישט קיין מערדער... נאָר...

— נאָר וואָס ? — האָט זשאַנעט נאָך אַלץ געציטערט פון שרעק.

— דו קאָנס האַלטן אַ סוד, זשאַנעט ? — האָט אַדאַש געפרעגט.

— איך שווער דיר ביי מיין מוטערס קבר...

— איך בין אַ שפּאַנישער אַריסטאָקראַט, אַ מאָנאַרכיסט... איך בין פאַרמישט אין אַ פאַרשווערונג... די פּאָליציי אין מאָנטע־קאַרלאָ איז געפאַלן אויף מיינע שפּורן...

זשאַנעטס אויגן האָבן זיך צעעפנט פון נייגעריקייט.

— —דערציייל... דערצייל... — האָט זי געזאָגט.

— די פּאָליציי האָט באַלאַגערט מיין האָטעל...

— —נו ?... ווי אזוי האָסטו זיך אַרויסגעדרייט ?

— איך בין אַרויס דורך אַ פענצטער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטריק און אַריינגעשפּרונגען אין אַ לויפנדן צוג... כ׳האָב צומאָל נישט געוווסט, אַז ער גייט קיין פראַנקרייך...

— און ווו רעכנסטו איצט צו פאָרן ?... — האָט זשאַנעט געפרעגט.

— איך ווייס אַליין נישט... כ׳האָב געוואָלט אַראָפּ ביי דער ערשטער סטאַציע, אָבער כ׳האָב דיך דערזען און געמוזט בלייבן...

— און געלט האָסטו עפּעס ?

— קיין איין סענט נישט... אין דער היים האָב איך גיטער און פּאַלאַצן. עס איז אָבער אין די הענט פון די פּאָלקספראָנטלער...

אַדאַש האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך פאַרנויגט פאַר זשאַנעטן און איר אויסגעשטרעקט די האַנט.

— און איצט, מאַדמואַזעל, זייט געזונט... איר ווילט דאָך אוודאי נישט פאַרברענגען מיט אַ פאַרפאָלגטן עמיגראַנט... אַ קבצן...

זשאַנעט איז געוועזן אויסער זיך.

— וואָס רעדסטו, דאַניעל ?... ווו ווועסטו איצטער גיין ?...

— אין ערגסטן פאַל האָב איך אַ גאָלדענעם ברוילינג, וועלכער קאָן מיך באַפרייען פון דער נויט — האָט אַדאַש אַלץ גערעדט מיט אַ געהויבענעם טאָן —איידער אַריינצופאַלן אין די הענט פון מיינע פיינט...

זשאַנעט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַדאָלפס האַלדז.
—אַך, דו.. געליבטער מיינער. דו ביזט אַ העלד און איך ליב דיך נאָך מער דערפאַר.
אַדאַש האָט איר אַ צאַרטן קוש געטאָן.
— אָבער צי ווייסטו, זשאַנעט, אַז די טעג פון מיין לעבן זענען געציילטע? פאַרבינד זיך נישט מיט מיר... עס וועט דיר בלויז פאַרשאַפן לײדן.
— רעד נישט אַזוי, דאַניעל! — האָט זשאַנעט זיך געבעטן — דו וועסט נאָך לאַנג, לאַנג לעבן און מיך ליבן...
— אַך, זשאַנעט! איך בין אַ זעלנער. אַדער איך וועל זיגן, אַדער אומקומען.
— ניין... ניין... נישט אומקומען.. — —האָט זשאַנעטס קאַפּריז זיך געעקשנט — —נישט אומקומען, נאָר... קושן... גיב מיר נאָך אַ קוש.
אַדאַש האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן.
— אָבער איך האָב נישט קיין שום עקזיסטענץ מעגלעכקייטן
— האָט אַדאַש געזאָגט.
— האָב נישט קיין מורא, וועסט נישט שטאַרבן פון הונגער.
— האָט זשאַנעט אים געטרייסט — איך וועל דיר העלפן... איך וועל דיך באַהאַלטן ביי מיר און דיר אויך געבן געלט.
— טייערע... טייערע מיינע. — האָט אַדאַש געשעפּטשעט מיט אויפריכטיקער דאַנקבאַרקייט — גאָט האָט דיך צוגעשיקט צו מיר, ווי אַ מלאך.
— אַ מלאך... אַ מלאך... — האָט זשאַנעט אים אויסגעצויגן אירע ליפּעלעך, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט דורשטיק צו זיין נאָך קושן.
— ווען איך וועל נאָר אַהיים קומען אין באַפרייטן פאָטערלאַנד, וועל איך דיר דערפאַר טויזנטפאַך באַלוינען... — האָט אַדאַש צוגעזאָגט.
— איך דאַרף נישט קיין באַלוינונג... — האָט זשאַנעט דער-קלערט — מיין לוין איז דיין ליבע, טייערער.
— אויב דו וועסט וועלן, וועל איך דיר מיטנעמען קיין שפּאַניע... דאָרט וועלן מיר לעבן גליקלעכע אין איינעם פון מיינע גיטער.

זשאַנעט האָט אָבער געטרייסלט מיטן קאָפּ:
— ניין. ניין.
— פאַרוואָס?
— ווייל דו וועסט מיך פאַרלאָזן, ווען דו וועסט זיך דערוויסן ווער איך בין...
— פאַרלאָזן? איך וועל דיך קיין מאָל נישט פאַרלאָזן. זאָג, ווער ביזטו? — האָט אַדאַש געפרעגט.
זשאַנעטס אויגן זענען פייכט געוואָרן פון טרערן.
— איך קאָן דיר נישט זאָגן... — האָט זי שטיל געענטפערט.
זי האָט מיט אַ טיכעלע פאַרדעקט אירע אויגן...
— זשאַנעט! זשאַנעט! דו וויינסט?... וואָס איז דיר? — האָט אַדאַש געפרעגט.
— איך וועל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת. איך האָב דיך צופיל ליב, אַז איך זאָל דיר זאָגן ליגן... דו ווייסט ווער איך בין?
אַדאַשן איז דאָס פּאָקטיש געווען גלייכגילטיק.
— „וואָס איז מיר פאַר אַ אונטערשייד ווער זי איז?".. — האָט אַדאַש געטראַכט — „אַבי זי האָט געלט און אַ דירה, ווו צו זיין"...
— נו, זאָג, זשאַנעט! — האָט ער זי געבעטן — איך וועל דיך אַלציינס ליבן...
— איך בין... אַ... פּענסיאָנערקע אין אַן עלעגאַנטן נאַכט־לאָקאַל אין מאַרסעל... — האָט זשאַנעט געשטאַמלט — דאָרט פאַרברענגט די רייכע, אַריסטאָקראַטישע לעבע־יוגנט אין דער געזעלשאַפט פון יונגע שיינע פרויען.
— דאָס איז אַלץ?... — האָט אַדאַש אַ שמייכל געטאָן — נו, איך האָב דיך פּונקט אַזוי ליב ווי פריער. וויין נישט און זיי ווידער פריילעך.
זשאַנעט האָט אָפּגעמאָסטן אַדאַשן מיט אַ פּאָר פאַרוואונדעטע אויגן.
— דו פאַראַכטעסט מיך נישט?
— אַך, פאַרוואָס זאָל איך דיך דען פאַראַכטן, ווען דו האָסט אַזאַ ליבנד האַרץ? האָסט מיר, אַ פרעמדן, אַ פאַרוואָגלטן און אַ פאַרפאַלגטן, דערלאַנגט אַ שוועסטערלעכע האַנט.. .
זשאַנעט האָט דעמאָלט גענומען דערציילן אַדאַשן וועגן איר

לעבן.

דער נאַכט-לאָקאַל, אין וועלכן זי איז אַנגעשטעלט, געהער צו אַ געוויסער מאַדאַם מאַרזשעט. ס'איז אַן ערשטקלאַסיקער לאָקאַל, איינגעאָרדנט מיטן גרעסטן לוקסוס.

מאַדאַם מאַרזשעט האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו פירן איר „געשעפט”... זי האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אין איר „אַנשטאַלט” זאָל קיינמאָל נישט אויספעלן קיין יונגע, שיינע „פענסיאָנערקעס”. צו דעם צוועק פלעגט מאַדאַם מאַרזשעט אָפט פאָרן קיין מאָנטע־

[illegible]

קאַרלאָ.

דאָ, אין מאָנטע-קאַרלאָ, געפינען זיך שטענדיק שיינע און עלעגאַנטע „דאַמען”, וואָס פירן אַ פריי לעבן.

אַלע לענדער און פעלקער זענען דאָ פאַרטראָטן מיט פרויען פון דעם מין.

פון צווישן זיי פלעגט מאַדאַם מאַרדזשעט אַנגאַזשירן „נייע קרעפטן” פאַר איר „אַנשטאַלט”.

אויב מאַדאַם מאַרזשעט האָט צוליב אַ וועלכן עס איז טעם נישט געקאָנט פאָרן אַליין, פלעגט זי צו דעם צוועק שיקן איינע פון אירע „בעסערע” פענסיאָנערקעס.

דערביי פלעגט די פענסיאָנערקע זיך באַמיען אויף איין וועגס מיטצוברענגען פון מאָנטע־קאַרלאָ עפּעס אַ רייכן גאַסט, וועלכער איז אַ בעלן אַ לעב צו טאָן אין מאָנטע-קאַרלאָ.

— נו, האָסט עפּעס דאָרט אויפגעטאָן?... — האָט אַדאַש געפרעגט אַ נייגעריקער.

— ס'האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן, נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע... האָט זשאַנעט געענטפערט מיט אַ אומעטיקער שטים.

— כאַ־כאַ-כאַ־כאַ! — האָט אַדאַש אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער.

זשאַנעט האָט אויף אים אַ קוק געטאָן אַ פאַרוווּנדערטע.

— וואָס לאַכסטו? — האָט זי געפרעגט.

— טאָמער איז דיין רייזע געווען נאָך ווייניק שלימזלדיק, האָסטו נאָך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ שלאַק, ווי איך... — האָט אַדאַש אַלץ געלאַכט — כאַ־כאַ-כאַ-כאַ!...

— דו האַלטסט, אַז דאָס איז נישט קיין גליק פאַר מיר?... —

1948

האָט זשאַנעט געפרעגט.

— אַ שיין גליק... — האָט אַדאַש געענטפערט — מאַדאַם מאַרזשעט וועט זיך נישט איבעריק דערפרייען מיט אַזאַ גאַסט ווי איך.

— האָסט אַ טעות, דאַניעל! איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז איך האָב געוואונען אַ סך געלט אויף דער רולעטקע, כ׳וועל דיר געבן טויזנט פראַנק און דו וועסט זיי אויסגעבן אין איר לאָקאַל.

— ניין... ניין... — האָט אַדאַש זיך כלומרשט קעגנגעשטעלט

— דו ביזט צו גוט פאַר מיר. פאַרוואָס קומט עס מיר?

— ווייל איך האָב דיך ליב, מיין העלדישער געליבטער! — האָט זשאַנעט אַרומגענומען זיין האַלדז. — מאַדאַם מאַרזשעט וועט נישט וויסן, אַז דאָס איז מיין געלט און זי וועט זיין צופרידן.

— ניין... ניין...

— נו, שפּאַר זיך נישט איין, טייערער דניאל... — האָט זשאַנעט געבעטן אַדאַשן — דו וועסט פאַרברענגען עטלעכע טעג אין מיין צימער און וועסט זיין זיכער פון יעדער געפאַר.

„אפשר נעמען ביי איר דעם טויזנטער און מאַכן ויברח קיין אויסלאַנד? — האָט אַ געדאַנק אַ בליץ געטאָן אין אַדאַשעס מוח.

ס׳איז אים אָבער אַ שאָד געוועזן אַדורכצולאָזן אַזאַ גוטע געלעגנהייט אַ לעב צו טאָן אינעם ערשטקלאַסיקן נאַכט־לאָקאַל מיט אַזאַ שיינער פרוי ווי זשאַנעט.

„ווער ווייס, ווי לאַנג מיר איז נאָך באַשערט זיך אַרומצודרייען אויף דער פריי״. — האָט ער געטראַכט — „איז לאָמיר כאָטש וויסן, אַז איך לעב אויף דער וועלט...

אָבער כדי גאַר שטאַרק אָנצוציען זשאַנעטן, האָט ער אַלץ געהאַלטן אין איין איינשפּאַרן זיך.

— ניין... ניין... איך קאָן נישט דערלויבן, אַז אַ פרוי זאָל מיך אויסהאַלטן.. — האָט ער געזאָגט.

זשאַנעטס אויגן זענען פול געוועזן מיט טרערן...

— דו ליבסט מיך נישט... —— האָט זי געשעפּטשעט.

ווייַן נישט, זשאַנעט... — האָט אַדאַש זי גענומען טרייסטן

— איך גיי מיט דיר...

זשאַנעטס שיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַן אומענדלעכער פרייד.

— טייערער. טייערער. — האָט זי געשעפּטשעט — ס'אַרא גוטער דו ביזט!

זי האָט אים געקושט מיט אירע הייסע ליפּן אין געזיכט, אין די אויגן, אויפן האַלדז.

זיי האָבן זיך ווידער ביידע אַרומגענומען און פאַרזונקען אין זייערע ליבעס־צערטלעכקייטן.

ענדלעך האָט דער צוג אַ לאַנגן פייף געטאָן. ער איז פאַר־פאָרן צום מאַרסעלער וואָקזאַל און זיך אָפּגעשטעלט.

דאָס פאַרליבטע פּאָרל האָט פאַרלאָזן דעם וואַגאָן און אַראָפּ אויפן פּעראָן.

אַדאַש האָט זיך אַרומגעקוקט מיט שרעקעוודיקע אויגן. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס.

אויפן פּעראָן האָבן זיך געדרייט פּאָליציי־לייט און געהיים־אַגענטן מיט שטעכעדיקע אויגעלעך.

„ווער ווייסט, צי זיי האָבן שוין נישט אַ שטעקבריוו וועגן מיר"... — האָט אַדאַש געטראַכט מיט האַרץ-קלאַפּעניש — „עס וואָלט געווען שרעקלעך".

„איך זאָל כאָטש אַ ביסל הנאה האָבן פון דער געלעגנהייט, וואָס איז מיר אַזוי אומגעריכט אונטערגעקומען... דערנאָך זאָל זיך זיין וואָס עס וויל"...

אָבער קיינער האָט דאָ נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים.

„ווייזט אויס, אַז מ'ווייסט נישט גאָרנישט וועגן מיין אַנ־פאַל אין מאָנטע-קאַרלאָ"... — האָט אַדאַש געטראַכט מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג.

זשאַנעט האָט אַדאַשן דערלאַנגט דעם באַגאַזש-קוויט און טויזנט פראַנק.

— גיי נעם אַרויס דעם באַגאַזש! — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אַדאַש, אַדער ווי ער האָט ביי איר געהייסן: דאַניעל גאָמעץ, וואָלט זיך שלעכט געפילט, ווען אַ פרוי צאָלט פאַר אים.

זשאַנעט האָט רואיק צוגענומען די טויזנט פראַנק און דאָס האַרץ האָט געטאַנצט אין אים...

„איך בין אַ ספּריטנער יאַט און אַ מזלדיקער יונג"... — האָט

ער זיך געטראַכט און איז צופרידן געווען פון זיך אַליין. — „מיר קומט שוין שטענדיק עפּעס אונטער"..
„מ'דאַרף זיך טויגן... דער עיקר טויגן זיך".
„זיי קריגן די נכפה פאַר מיר, די נקבות"...
„ניטע געזאָרגט, אַדאַש!... דערווייל וועסטו פאַרברענגען עטלעכע טעג מיטן דאָזיקן קעצעלע.
„סאַמער וועל איך דערשנאַפּן, אַז די מאַנטע־קאַרלער געשיכטע קומט מיר קאַפּויער און עס ווערט ענג אַרום מיר... וועל איך מאַכן פליטה..."
„איך רעכן, אַז איך וועל נאָך עפּעס קאָנען אַ כאַפּ טאָן אין וועג אַריין אויך".
„און דערנאָך... אַ פאַלשער פּאַס, ווידער אַריבער די גרענעץ און מען וועט ווייטער זוכן מזל".
אַזעלכע פריילעכע געדאַנקען האָבן אַרומגעטאַנצט אין אַדאַשס מוח, ווען ער איז מיט זשאַנעטן אונטערן אָרעם אַריין אין וואָקזאַל און פון דאָרט — אַרויס אויף דער גאַס.
זשאַנעט האָט אַ רוף געטאָן צו אַ שטייענדיקן אויטאָ:
— העי, שאָפער!
דער אויטאָ האָט אַ ברום געטאָן און איז צו זיי צוגעפאָרן. זיי זענען אײַנגעזעסן אין אויטאָ און אין אייניקע מינוט אַרום האָט דער אויטאָמאָביל זיך אָפּגעשטעלט פאַרן הויז, וווּ עס האָט זיך געפונען דער נאַכט־לאָקאַל פון מאַדאַם מאַרזשעט.
— הער, דאַניעל! — האָט זשאַנעט אַ זאָג געטאָן צו אַדאַשן
— איך וועל דיר פאָרשטעלן פאַר אַ גראַף... אָבער פון וואָסער לאַנד?
אַדאַש האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.
— נו, זאָל זיין פון אונגאַרן.
— דו קענסט דען אונגאַריש?
— ניין... אָבער זיי קענען דאָך מסתמא אויך נישט...
— זאָל זיין... כאַ־כאַ־כאַ!
זשאַנעט האָט זיך געפילט איבערגליקלעך.
אַ חוץ דעם, וואָס זי וועט פאַרברענגען מיט דעם „העלדישן שפאַניער" עטלעכע טעג, וועט אויך מאַדאַם מאַרזשעט פון איר זיין העכסט צופרידן.

עס וואָלט זשאַנעטן געווען זייער אומאַנגענעם צוריקצוקומען פון מאַנטע קאַרלאָ מיט גאָרנישט...

אָבער איצט ברענגט זי מיט זיך אַן „אונגאַרישן גראַף".

מאַדאַם מאַרזשעט וועט אַרומגיין אַ גליקלעכע.

— אַט, — וועט זי זאָגן, — ווער עס פאַרברענגט ביי מיר! גראַפן און פירשטן.

„מיינע חברטעס וועלן מיך מקנא זיין"... — האָט זשאַנעט געטראַכט און זיך געפרייט ווי אַ קינד.

„ער וועט שיטן מיט געלט אויף רעכטס און אויף לינקס... איך וועל אים קיין געלט ניט זשאַלעווען... שאַמפּאַניער וועט זיך גיסן ווי וואַסער"...

זיי זענען אויסגעשטיגן פונעם אויטאָ און אַדאַש האָט אַן אַנ-טוישטער באַטראַכט דעם אָרום.

די גאַס, אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען מאַדאַם מאַר־זשעטס נאַכט־לאָקאַל, איז נישט איבעריק שיין געווען.

עס איז געווען אַ שמוציק הינטער געסל מיט אַלטע, נישט הויכע הייזער, מיט לאַנגע, האַלב-חרובע פאַרקאַנעס.

אויך דאָס הויז, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען מאַדאַם מאַרזשעטס לאָקאַל, איז ווייט געווען פון שיינקייט און לוקסוס.

בלויז אַ גרויסע, רויטע שילד מיט דער אויפשריפט „רויטע בלום", האָט צו וויסן געטאָן, אַז דאָ געפינט זיך אַ נאַכט־לאָקאַל.

אָבער אַדאַשן האָט דערוואַרט אַ פריידיקער סורפּריז.

ווען ער האָט נאָר איבערגעטראָטן די שוועל פון דער „רויטער בלום" — האָט זיך אַ צופרידענער שמייכל באַוויזן אויף אַדאַשעס ליפּן.
רלזשעטס



דפוס „אור" בע"מ　　　פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 73

דאָס וואַרטע־צימער איז געווען איינגעאָרדנט מיטן פיינסטן געשמאַק.

די ווענט זענען געווען טאַפּעטירט מיט רויטן זייד. די פּאָד־לאָגע איז געווען באַדעקט מיט פּורפּור-רויטע פּלושענע דיוואַנען.

פון וואַרטע-צימער האָט אים זשאַנעט צוגעפירט צו טרעפּ, וועלכע זענען אויך געווען באַדעקט מיט ווייכע פּלושענע דיוואַנעס.

פון ביידע זייטן טרעפּ זענען געשטאַנען מאַרמאָרענע פיגורן פון נאַקעטע פרויען, וועלכע האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט רויטע קרישטאָלענע לאָמפּן.

אַ חוץ דעם זענען אויך אין דער הויך געהאָנגען לאָמפּן מיט רויטע און ראָזע אַבאַזשורן, אַזוי, אַז דער גאַנצער אַרום איז געווען איינגעטונקט אין אַ מאַט, ראָז ליכט.

ביי די ווענט זענען געשטאַנען אין ריזיקע גרינע עמערס גרויסע פּאַלמען־בוימער.

אַן אַלטע פרוי האָט דאָ אויסגעפילט דעם אַמט פון אַ לאַקאַי.

די אַלטע האָט באַגריסט זשאַנעטן מיט איר „גראַף".

— ווו איז די מאַדאַם מאַרזשעט? — האָט זשאַנעט גע-פרעגט.

— זי איז נעכטן אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע טעג, — האָט די אַלטע פרוי געענטפערט. — איר אָרט פאַרנעמט מסיע קאַרנאָ.

— מאַדאַם מאַרזשעטס געליבטער און געהילף... — האָט זשאַ־נעט אַ שעפּטשע געטאָן צו אַדאַשן.

די אַלטע איז אַוועק און אין אַ ווײלע אַרום האָט זיך באַוויזן דער מסיע קאַרנאָ.

דאָס איז געווען אַ נידעריקער, דיקער פאַרשוין, מיט אַ ברוטאַל, חוצפּהדיק געזיכט.

ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיטן „אַריסטאָקראַטישן" גאַסט און אים אַרויסגעוויזן אַן איבערגעטריבענע העפלעכקייט, ווי דער שטייגער פון מענטשן, וואָס זענען נישט געוווינט צו קיין העפלעכער באַנעמונג.

ענדלעך איז זשאַנעט אַוועק מיט איר „אונגאַרישן גראַף" אין איר צימער.

דאָס צימער איז געווען פּרעכטיק איינגעאָרדנט. אויף די פּאָדלאָגעס — ווייכע פּלושענע דיוואַנעס, אויף די פענצטער — זיידענע פאָרטיערן.

אומעטום האָט געגלאַנצט ניקל און קרישטאָלענע געפעסן.
אויף די ווענט זענען געהאַנגען אויסגעלאָסענע בילדער, וואָס זענען געמאָלן געוואָרן פון קינסטלער.

אָבער דער עיקר האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אַ פּרעכ-טיק, ברייט „הימל-בעט" מיט אַ מין חופּה אין דער הויך.

— נישט שלעכט. נישט שלעכט. — האָט אַדאַש געזאָגט און זשאַנעט האָט זיך געשעצט גליקלעך, וואָס איר „אַריסטאָקראַט" איז אַזוי באַשיידן, אַז ער איז צופרידן דערמיט.
באַלד האָט מען אַריינדערלאַנגט אַ פיינעם פרישטיק און אַדאַש האָט געגעסן פאַר צוויי־ען.

אָפּגעגעסן, האָבן זיי זיך געלייגט שלאָפן אינעם ברייטן בעט, כדי זיך אָפּרוען נאָך דער רייזע.
ווען אַדאַש האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין צייט געווען צו עסן מיטאָג.
ער האָט דעריבער גאָרנישט פּראָטעסטירט, ווען זשאַנעט האָט באַשטעלט אַן ערשטקלאַסיקן מיטאָג.
עס האָבן אים געשמעקט אי די פיינע פיש און פלייש, אי די טייערע פרוכטן און אי דאָס פלעשל גוטער שאַמפּאַניער...
„אַך! אַ רוח אין דער וועלט אַריין!". — האָט זיך אַדאַש געטראַכט — „איך בין דאָך אַריינגעפאַלן אין אַן אמתן גן־עדן אַריין".
„וואָס קאָן נאָך בעסער זיין? איך זיץ זיך אין אַ ווייכן פאָטעל, עס מיר אַ פיינעם מיטאָג, פאַרטרינק זיך מיט שאַמפּאַניער. און טאָמער איז דאָס ווייניק — טוליעט זיך צו מיר אַ שיין מיידל".
„ווי קומט גאָר פאַליע צו זשאַנעטן?. דער טויש איז זיכער אַ גוטער".

אַדאַש איז איצט אַזוי צופרידן געווען פון זיך, אַז ער איז גרייט געווען זיך אַליין אַ קוש צו טאָן — ווען ער וואָלט עס נאָר געקאָנט.

אָבער באַלד האָט אַ טרויעריקער געדאַנק אים פאַרשטערט די גאַנצע פרייד:

„אַ ליאַדע מינוט קאָנען אָנקומען שטעק ־ בריוו נאָך מיר פון מאָנטע-קאַרלאָ. דעמאָלט וועט די פּאָליציי מיך שוין אויפזוכן און עס וועט נעמען אַ סוף צו מיין גן-עדן".

„יאָ", — האָט ער זיך באַלד דערמאָנט, — „איך האָב דאָך זיך נאָך אַפילו נישט געמאָלדן אין לאָקאַל".

זשעאַנעט האָט דערקענט אין אַדאַשעס געזיכט, אַז ער איז שטאַרק פאַרזאָרגט און זי האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ביזטו עפּעס אַזוי פאַרזאָרגט, דאַניעל?

— הער זשאַנעט — האָט ער איר געענטפערט, — איך וועל דיך ליידער מוזן פאַרלאָזן.

— פאַרלאָזן? פאַרוואָס דען? געפעל איך דיר שוין נישט מער? אין זשאַנעטס אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן.

— ווײַן נישט, זשאַנעט טייערע! — האָט אַדאַש געזאָגט — ווייל דו געפעלסט מיר יאָ, דעריבער בין איך פאַרזאָרגט, וואָס איך וועל דיר מוזן פאַרלאָזן.

— אָבער פאַרוואָס?

— דו פאַרגעסט זשאַנעט, אַז איך מוז זיך מעלדן אין לאָקאַל און אויף מיין פּאַס טאָר איך זיך דאָך נישט מעלדן.

— איך האָב דאָס גראָד נישט פאַרגעסן, דאַניעל. איך האָב שוין אַן עצה אפילו.

— וואָס פאַר אַן עצה? — האָט אַדאַשעס פּנים אויפגעלויכטן.

— ביים פּאָרט געפינט זיך אַ קנייפּע „דער זילבערנער האָרן". דאָרט וועסטו זיך ווענדן צום פּעטער זשאַן". ער וועט דיר שוין אָנווייזן אַ „מאַכער", וואָס וועט דיר אויסשטעלן אַ נייעם „ריינעם" פּאַס.

זשאַנעט האָט געגעבן אַדאַשן נאָך עטלעכע הונדערט פראַנק, אים אויפגעשריבן דעם אַדרעס און אים אונטערגעאײַלט:

— גיי שוין אַהין און דערליידיק עס.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַדאַש אַרויס פון מאַדאַם זשאַנעטס לאָקאַל און אַריינגעזעצט זיך אין אַן אויטאָ.

— צום פּאַרט! — האָט ער באַפוילן דעם שאָפער.

אין אַ פופצן מינוט אַרום איז אַדאַש אויסגעשטיגן פונעם אויטאָ ביים מאַרסעלער פּאַרט.

עס איז שוין געווען אָוונט.

קאַלירטע ליכט־רעקלאַמעס האָבן גערופן די דורכגייער אין פאַרשידענע האָטעלן, קאַפעען, וויין־קעלערן און נאַכט־לאָקאַלן. אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן די געשרייען פון שכורע מאַטראָזן.

עס האָבן זיך געהערט קוויטשערייען פון אויסגעלאַסענע פרויען. דער קלאַפּ פון צעהאַקטע גלעזער און די גרילצערייען פון ראַדיאָס — פאַרטויבט צו ווערן.

עס האָט פאַרנומען אַ היבשע צייט, ביז אַדאַש האָט זיך דערפרעגט צום „זילבערנעם האָרן".

דאָס איז געווען אַ נידעריקער שענק מיט אַ ברודיקן סופיט, וואָס איז פול געווען מיט פּאַפּיראָסן-רויך און שכורע געשרייען.

ביי די טישלעך זענען געזעסן אָפּגעריסענע פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען מיט פאַרברעכערישע געזיכטער.

צווישן די געסט האָבן זיך ארומגעדרייט עטלעכע שטאַרק געשמינקעוועטע פרויען און יעדע וויילע זיך געזעצט נעבן אַן אַנדערן גאַסט.

צו וועמען דאַרפט איר? — האָט אַדאַשן געפרעגט דער בעל-הבית פון דער קנייפּע, אַ נידעריקער פאַרשוין מיט אַ רויטן קאַרק און געזיכט .

— צום פּעטער זשאַן, — האָט דער בעל הבית אָנגעוויזן אויף אַן עלטערן, דאַרן פאַרשוין מיט רויטע אויגן.

—אָט איז ער! — האָט דער בעל־הבית אָנגעוויזן אויף אַן עלטערן, דאַרן פאַרשוין מיט רויטע אויגן.

דער „פּעטער זשאַן" איז געווען פון פאַך ליטאָגראַף און ער פלעגט זיך דעריבער פאַרנעמען מיטן מאַכן פאַלש געלט און פאַלשע דאָקומענטן.

ווען אַדאַש האָט אים איבערגעגעבן וואָס ער וויל, האָט יענער אים אָפּגעמאָסטן מיט חשד פון קאָפּ ביז פיס.

עס איז אָבער גענוג געווען, אַז אַדאַש זאָל דערמאָנען דעם נאַ־

מען זשאנעט פון דער „רויטער בלום", אַז דער פּעטער זשאַן זאָל צו אים האָבן דעם פולן צוטרוי.

אין איין שעה אַרום איז דער פּאַס געווען אַ פּאַרטיקער.

אַדאַש האָט איצט געהאַט אין טאַש אַ שפּאָגל־נייעם פּאַס אויפן נאָמען „אַדאַם שטערנבערג", אַ קאָמי־וואָיאַזשער פון פאַך.

ער האָט באַצאָלט דעם „פּעטער זשאַן" פאַר זיין אַרבעט, אויס־געטרונקען מיט אים אַ פלעשל ווין און איז אַרויס פון דער קנייפּע.

פון גרויס פרייד האָט אַדאַש גאָרנישט באַמערקט, ווי עמעצער קוקט אים שטאַרק נאָך און לאָזט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ.

אַדאַש האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ און זיך געהייסן אָפּפירן צו דער „רויטער בלום".

באַלד דערנאָך האָט דער געהיימניספולער פּאַרשוין, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק איינגעקוקט אין אַדאַשן, אויך זיך אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ.

ער איז אַדאַשן נאָכגעפאָרן.

## קאַפּיטל זיבן און אַכציק

## די פאַרברעכערישע פאַרגאַנגענהייט

רעגינע איז געבליבן שטיין, ווי אַ פאַרגליווערטע און זי האָט מיט ברייט צעעפנטע, דערשראָקענע אויגן זיך איינגעקוקט אינעם ליגנדיקן לעאָן.

ער איז געלעגן אויף דער ערד אַ פאַרחלשטער און אַ פאַר־גליווערטער.

אין שטוב איז געווען טויט־שטיל, עס האָט זיך פון ערגעץ נישט געהערט דער מינדעסטער שאָרך.

אויך דזשייקאָב מייקעלסאָן איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און געציטערט פון שרעק.

ביידע, אי רעגינע, און אי דזשייקאָב, האָבן מורא געהאַט, צי עמעץ פון דער דינערשאַפט האָט נישט געהערט דאָס געראַנגל צווישן לעאָנען מיט דזשייקאָבן.

אָבער די טויט־שטילקייט אַרום האָט עדות געזאָגט, אַז קיינער האָט גאָרנישט געהערט.

רעגינע איז אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צו לעאָנען און זיך אַריבערגעבויגן איבער אים.

זי האָט אַ ווײַלע זיך אײַנגעקוקט אין זײַן טויט-בלאַס געזיכט און אין זײַן אומבאַוועגלעכן קערפּער.

דערנאָך האָט זי שטיל אַ פרעג געטאָן דזשייקאָבן:

— ער איז טויט?

דזשייקאָב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און צוגעלייגט אַן אויער צו לעאָנס האַרץ.

— ניין. ער לעבט. ער ליגט בלויז פאַרחלשט. — האָט ער געענטפערט.

— גוט. נאָר דו אַנטלויף! שנעלער! — האָט רעגינע געשעפּטשעט צו דזשייקאָבן — נאָר זע, אַז קיינער זאָל דיך נישט זען און מיר זענען געראַטעוועט.

— און ווען וועלן מיר זיך זען? — האָט דזשייקאָב געפרעגט.

— איך וועל דיר שוין צוויסן טאָן. דײַן אַדרעס האָב איך דאָך. — האָט רעגינע געענטפערט.

זיי האָבן זיך אַרומגענומען און זיך הייס צעקושט.

דזשייקאָב איז דורך דער וועראַנדע אַרויס אין גאָרטן אַרײַן און פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די ביימער

רעגינע האָט לײַכטער אָפּגעאָטעמט.

באַלד האָט זי זיך גענומען אײַנהערן. פון קאָרידאָר האָבן זיך דײַטלעך געהערט טריט.

רעגינע האָט זיך דאַן אַ וואָרף געגעבן צו לעאָנען און זי האָט אָנגעהויבן געוואַלדעווען מיט באַנומענע קולות.

— לעאָן! לעאָן טײַערער! וואָס איז דיר? וואָס איז דיר געשען?

דער לאַקײַ, וועלכער איז געקומען גראָד מעלדן, אַז דער טיש איז געגרייט צום מיטאָג, איז אַרײַנגעלאָפן אין צימער.

דאָ האָט ער געטראָפן זײַן פאַני אַ פאַרווײַנטע און אַ יאָמערנ־דיקע. זי האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ פון גרויס פאַרצווייפ־לונג.

— געוואַלד! ראַטעוועט! — האָט זי געשריגן — לעאָן! לע־אָן! וואָס איז דיר געשען?

— וואָס איז געשען? — האָט דער איבערגעשראָקענער לאַ-

קאַי געפּרעגט.
— דער פאַן האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פוס אָן טעפּיך און איז אומגעפאַלן. איצטער ליגט ער אַ פאַרחלשטער. רוף שנעל אַ דאָקטאָר!
דער לאַקאַי איז אַרויסגעלאָפן רופן אַ דאָקטאָר און רעגינע האָט נישט אויפגעהערט צו געוואַלדעווען און יאָמערן:
— לעאָן! טייערער! וואָס איז דיר? שטאַרב נישט!
באַלד איז זיך אַנגעלאָפן די גאַנצע דינערשאַפט. עס איז אויך אַנגעלאָפן דער אַלטער מאַריץ.
— וואָס האָט איר זיך דאָ אָוועקגעשטעלט, גאַפּעס? — האָט מאַריץ זיך צעבייזערט און זיך געוואָרפן ראַטעווען דעם פאַרחלשטן לעאָן.
פאַר אַלעם האָט ער געהייסן לעאָנען אַריינטראָגן אין זיין שלאָף־צימער. דערנאָך האָט ער אַרומגעוואַשן און פאַרבאַנדאַזשירט די וווּנד.
ער האָט לעאָנען אויסגעטאָן און אַריינגעלייגט אין בעט אַריין.
אָבער לעאָן איז נאָך אַלץ געלעגן אַ פאַרחלשטער.
רעגינע האָט דאַן באַפוילן אַרויסצושיקן אַן אויטאָ נאָך איר פאָטער סאַמועל קייזערשטיין.
„אפשר וועט לעאָן שטאַרבן"... — האָט די פאַררעטערישע פרוי געטראַכט ביי זיך, — „לאָמיר כאָטש האָבן אַן אייגענעם געבן זיך".
דערווייל איז אָנגעקומען דער דאָקטאָר. ער האָט באַטראַכט לעאָנען און דערקלערט:
עס איז וואָרשיינלעך אַ מוח־דערשיטערונג. האָפנטלעך וועלן מיר דעם קראַנקן דערהאַלטן ביים לעבן. אָבער די לאַגע איז זיכער אַן ערנסטע.



דזשייקאָב איז אַרויס דורכן גאָרטן־טירל אויף דער גאַס.
ער האָט גענומען אַן אויטאָ און איז געפאָרן רעאַליזירן דעם טשעק, וואָס רעגינע האָט אים געגעבן.
אַרויסקומענדיק דערנאָך אויף דער גאַס מיט אַ פולן פאַרט־

פעל מיט באַנקנאָטן, איז ער אַריין אין אַ קאָנפעקציע געשעפט און זיך געקויפט אַן ערשטקלאַסיקן אַנצוג.
דערנאָך האָט ער זיך געקויפט שיך, אַ הוט, וועש און אַ קראַ־וואַט.
מיט דעם אַלעם איז ער אַוועק אין אַ באָד-אַנשטאַלט, ווו ער האָט זיך גוט אויסגעבאָדן.
אין אַ ווײַלע אַרום איז ער געווען אַן ערשטקלאַסיקער עלע-גאַנט.
דאָס אַלטע אָנטאָן האָט ער פאַרפּאַקט אין אַ פּעקל און געגעבן צו באַהאַלטן דעם באָד־גוי.
— דאָ האָט איר אַ זלאָטע, —האָט ער אים געזאָגט, — און האַלט מיר דאָס פּעקל ביז מאָרגן.
— פּראָשען באַרדזאָ! — האָט דער באָד־גוי זיך דערפרייט און גאָרנישט געוווסט, אַז אויך דאָס פּעקל וועט שוין בײַ אים פאַרבלייבן.
איצט האָט שוין דזשייקאָב געקאָנט אַרײַנגיין אין אַן עלעגאַנטן קאַפע, ווו ער האָט זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ.
דערנאָך איז ער אַוועק אין „האָטעל אייראָפּעיסקי" און זיך געדונגען אַ צימער.
איצט האָט דזשייקאָב זיך אַוועקגעלייגט אָפּרוען...
ער האָט זיך איצט געוועבט ראָזע פאַנטאַזיעס וועגן דער צו־קונפט.
„לעאָן וועט אוודאי שטאַרבן"... — האָט ער זיך געטראַכט — „נו, דאַן וועל איך דערגרייכן דאָס, וואָס איך האָב נישט דערגרייכט מיטן אומגעלונגענעם דועל."
„לעאָנס גאַנץ פאַרמעגן און די שיינע רעגינע וועלן דאַן גע-הערן צו מיר"...
— איך בין אַ מזלדיקער מענטש. — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט — עס איז מיר, ווייזט אויס, פאַרט באַשערט צו זיין אַ מאַגנאַט.
זיין גאַנצע לעבנס-געשיכטע האָט איצט דורכגעשוועבט אין זיין געדאַנק.
ער האָט זיך איצט געזען אַלס יונגן אָנגעשטעלטן ביים רייכן גוטבאַזיצער יאַקאָב אָסיפּאָוויטש מיכעלסאָן, וועלכער האָט

געהאַט זיינע גיטער אין ווילנער געגנט.
יאַקאָב אָסיפּאָוויטש איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן און אים, זיין איינציקן זון, איבערגעלאָזט זיין ריזיק פאַרמעגן.
נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער רייכקייט, איז אָבער יאַקאָוו אָסיפּאָוויטש גאָרנישט גליקלעך געווען.
ער איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקער, מיט אַן אַ־ראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

די סיבה פון זיין טרויער איז געווען די שיינע טאָכטער פונעם פּוילישן פּריץ יאַן נאַדראָסקי, אַננאַ...
יאַקאָב האָט זיך שטערבלעך פאַרליבט אין אַננאַן.
נישט געקוקט דערויף, וואָס יאַקאָב איז געווען אַ בילד־שיינער יונגערמאַן, מיט הויכער בילדונג און אומגעהויער רייך, האָט ער נישט געקאָנט האָפן אויף אַננאַס האַנט.
דער שליאַכטשיץ יאַן נאַדראָסקי וואָלט קיינמאָל נישט איינגע־גאַנגען צו נעמען פאַר אַן איידעם אַ ייד, אפילו ווען ער זאָל זיך שמדן.

און יאַקאָב וואָלט סיי-ווי אויף שמד נישט איינגעגאַנגען.
די האָפענונגסלאָזע לאַגע האָט יאַקאָבן אַריינגעטריבן אין אַ מרה-שחורה.
ער האָט דאָן פאַרקויפט אַלע זיינע גיטער און באַשלאָסן זיינע אַלע יאָרן אַרומצורייזן איבער דער וועלט און אַזוי אַרום פאַרגעסן אַן זיין אומגליקלעכער לאַגע.
אויף דער דאָזיקער רייזע האָט ער באַשלאָסן מיטצונעמען זיין יונגן אָנגעשטעלטן גרישאַ געלמאַן, דעם איצטיקן דזשייקאָב מיי־קעלסאָן.
„ער איז אַ ספּריטנער חברה-מאַן". — האָט יאַקאָב געטראַכט — און אַזאַ פאַרשוין קאָן אַמאָל צונוץ קומען אויף דער רייזע".
זיי האָבן באַזוכט לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין, דערנאָך איטאַליע און די שווייץ.
יאַקאָב איז פון גרישאַן געווען צופרידן, ווייל ער פלעגט זיך תמיד אַן עצה געבן און אין יעדער סיטואַציע געפונען אַן אויס־וועג.

ענדלעך האָבן זיי באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע.

זיי האָבן אַ צייט פאַרברענגט אין ניו-יאָרק, דערנאָך אין טשיקאַגאָ און אין סאַן פראַנציסקאָ. ענטדלעך האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע אין די אַנדען-בערג.

אַ רייע טעג האָבן זיי אַזוי געקלעטערט אין די בערג.

איין מאָל האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען ביים ראַנד פון אַן אָפּגרונט.

דער טאָג איז געווען אַ שיינער, לויטערער זומער-טאָג, יאַקאָב איז געזעסן און נישט געקאָנט אָפּרייסן זיינע אויגן פון דער פרעכטיקער לאַנדשאַפט אַרום.

יאַקאָווס געדאַנקען זענען געווען ווייט פון דאַנען. זיי האָבן געבלאָנדזשעט איבער די לאָנקעס פון ווילנער קאַנט.

אין דער מיט פון דער היימישער לאַנדשאַפט האָט געשיינט מיט טויזנט חנען דאָס בילד פון דער געליבטער בלאָנדלאָקיקער און בלוי־אויגיקער אַננאַ...

די שענסטע לאַנדשאַפטן אין דער וועלט זענען נישט געווען אומשטאַנד צו פאַרשטעלן פון אים די דאָזיקע הערלעכע און אַזוי וויי-טוענדע געשטאַלט.

נעבן יאַקאָבן איז געזעסן זיין אַנגעשטעלטער גרישאַ.

אויך גרישאַ איז געווען פאַרטיפט אין געדאַנקען. אָבער גאַנץ אַנדערע פון זיין בעל-הבית.

דער כיטרער גרישאַ איז געווען אַ געוויסנסלאָזער פאַרשוין. זיין איינציקער אידעאַל און שטרעבונג איז געווען — רייך צו ווערן.

קיין זאַך איז פאַר אים נישט געווען הייליק און ער וואָלט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום פאַרברעכן און נידערטרעכטיקייט, אַבי דעם דאָזיקן ציל צו דערגרייכן.

זיצנדיק אַזוי נעבן זיין בעל־הבית ביים ראַנד פון אָפּגרונט — איז אין גרישאַס מוח געבוירן געוואָרן אַ פאַרברעכערישער געדאַנק.

„דערהרגע איך איצט יאַקאָב אָסיפּדוויטש מעכלסאַנען — ווער איך דער יורש פון זיין ריזיקן פאַרמעגן און פון זיין נאָמען"...

יאקאָב האָט זיין גאַנץ פאַרמעגן געהאַט ביי זיך אין קעשענע — דאָס איז געווען אַ טשעק-ביכל און דעם פּאַס האָט יעקב געהאַט-ליגן אין דער בוזעם־קעשענע פון זיין קורטקע, וועלכע ער האָט אויסגעטאָן און אַוועקגעלייגט נעבן זיך.

און אָט האָט יאקאָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן סאַמע ראַנד פונעם אָפּגרונט, כדי צו קאָנען אַ קוק טאָן אַראָפּ אין דער טי־פעניש.

„איצט איז די פּאַסיקע צייט"... — האָט גרישאַ אַ טראַכט געטאָן — „איין שטופּ און איך בין מער נישט דער אָרעמער גרישאַ געלמאַן, נאָר דער מאַגנאַט יאקאָב מיכעלסאָן".

אַ מינוט האָט אים נאָך אָפּגעהאַלטן די שטים פון געוויסן:

„גייסט דערהרגנען אַ מענטש?"...

אָבער די דאָזיקע שטים איז פאַרטויבט געוואָרן פון דער אויפ־געפלאַקערטער גייציקייט.

„זיי נישט קיין באָבע, גרישאַ... ס'איז אַ זעלטענע געלעגנ־הייט"...

עס האָט אין אים פּלוצלונג אויפגעצאַפּלט אַ געפיל פון מורא.

מ'וועט דיך הענגען, וועט מען דיך... אַ מאָרד!"...

אָבער דער פאַרברעכערישער אינסטינקט האָט אים אויסגע־רעדט די מורא:

„ווער ווייסט דאָ וועגן אַ יאקאָב מיכעלסאָן?... ווער קען אים און ווער ווייסט וועגן זיין רייזע אין די אַנדען"?...

גרישאַ האָט שטיל צוגעשלייכט צו זיין בעל-הבית און אים אַ שטופּ געטאָן...

ס'האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעך געשריי, וואָס איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן...

גרישאַ האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און אַ קוק אַראָפּ געטאָן אינעם אָפּגרונט.

דער אָפּגרונט איז געווען אַזוי טיף און פינצטער, אַז מען האָט גאָרנישט געזען.

אַ ציניש שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אויף גרישאַס

פנים.

„איצט בין איך מער ניט גרישאַ געלמאַן, נאָר דער מאַגנאַט יעקב מיכעלסאָן, אָדער ווי ער הייסט אין אַמעריקע: דזשייקאָב מייקעלסאָן"... — האָט גרישאַ געטראַכט.

מיט אַ ציטערנדיקער האַנט האָט ער אַ כאַפּ געטאָן יאַקאָבס קורטקע און אַרויסגעצויגן פון דאָרט דעם פּאָרטפעל.

אין פּאָרטפעל איז געלעגן יאַקאָווס פּאַס און דאָס טשעקביכל.

גרישאַ האָט זיי אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע אַריין און די קורטקע אַראָפּגעוואָרפן אין טיפן אָפּגרונט אַריין..

פון דעמאָלט אָן איז גרישאַ געלמאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם אַמעריקאַנער מיסטער דזשייקאָב מייקעלסאָן...

גרישאַ אָדער ווי ער האָט איצט געהייסן: דזשייקאָב מייקעלסאָן, האָט גענומען הוליען אין די קאַבאַרעטן און אין נאַכטלאָקאַלן, אַזוי, אַז זיין קאַפּיטאַל אין דער לאָנדאָנער באַנק האָט אָנגעהויבן איינצוטריקענען...

איצט האָט עס מיט אונדזער דזשייקאָבן שוין געהאַלטן זייער שמאָל...

די איינציקע רעטונג זיינע וואָלט געווען — חתונה האָבן מיט רעגינען.

אַ חוץ דעם, וואָס רעגינע איז אַ שיין און רייצנד מיידל, קאָן איר בלייבן נאָר לעאָנען אַ שיינע ירושה...

„אַך, ווען דער דאָזיקער לעאָן מאַכט שוין ענדלעך צו אַן אויגל!"... — האָט דזשייקאָב געטראַכט און אַ טיפן זיפץ געטאָן...

קאַפּיטל אַכט און אַכציק

## אַן אומגעריכט באַגעגעניש

— מאָרגן וועלן מיר האָבן אַן אָנגעזעענעם גאַסט, סאַבינע, זע, עס זאָל זיין ווי געהעריק צוגערוימט! — האָט מאַדאַם וויינשטיין פאַראָרדנט.

געזאָגט האָט זי עס מיט אַ ברוגז׳ער, אַנגעכמורעטער מינע. זינט מאַדאַם וויינשטיין האָט רעגינען געקינדיקט דעם פּאָסטן, האָט זי נישט גערעדט צו איר גלייך, נאָר בורטשענדיק, קוקנדיק דערביי ברוגז, אָן אַ זייט.

— מען דאַרף פּוצן דאָס זילבער, צוגרייטן אַ צימער פאַרן גאַסט, ער וועט אפשר ביי אונדז נעכטיקן. — האָט מאַדאַם וויינשטיין צוגעגעבן.

סאַבינע האָט זיך גענומען מיט דער גאַנצער ענערגיע צו דער אַרבעט.

איצט איז אויך די אַרבעט פון דער אַרעסטירטער אַנדזשען געפאַלן אויף סאַבינען.

דאָס דאַזיקע שטילע, איידעלע מיידל האָט זיך אָבער נישט געקלאָגט אויף גאָרנישט און עס האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז זי האָט צען פּאָר הענט...

אָט איז זי געווען אין קיך, אָט אין גאַסט־צימער און אָט פּוצט זי גאָר דאָס זילבער...

אין פאַרלויף פון טאָג און אַ שטיק אין דער נאַכט אריין האָט סאַבינע געמאַכט אַזאַ רוים, אַז עס האָט געבלאַנקט און געפינקלט אין יעדן ווינקעלע.

מאַדאַם וויינשטיין האָט אין דער פרי זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אַרויסצוזאָגן איר פאַרוואונדערונג, — איר דירה האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ציכטיק און שיין נישט אויסגעזען...

סאַבינע האָט אַלץ איינגעשטעלט מיט אַזאַ געשיקטקייט און געשמאַק, אַז יעדעס זילבערנע, קרישטאָלענע, אָדער פאַרצעלאַנענע געפעס האָט זיך, ווי געחנדלט און געוואָרפן אין אויג...

דאָ — אַ סערוועקטע, דאָרט — אַ בינטל בלומען.

עס איז געווען פּרעכטיק.

מאַדאַם וויינשטיין האָט סאַבינען נישט געקאָנט פאַרגינען, וואָס זי האָט אַזוי שיין אויפגערוימט.

— עס איז אַביסל צופיל אויסגעסטראַיעט, — האָט די אַלטע קליפּה אַ בורטשע געטאָן, — מיר זענען באַשיידענע מענטשן און האָבן נישט ליב צו פאַררייסן די אויגן...

סאַבינע איז אַזש רויט געוואָרן פון צאָרן.

— נו... אויב איר ווילט, קאָן איך דאָס אַלץ צוריק אַוועק-

נעמען, אַז עס זאָל זיין לויט אייער געשמאַק... — האָט סאַבינע אַביסל גאַליק ערקלערט.

מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך נישט אויף קיין געלעכטער דער-שראָקן...

— ניין!... ניין!... — האָט זי געזאָגט — זאָל שוין זיין ווו עס איז.. ס'איז שוין נישטאָ קיין צייט איבערצואַנדערשן...

ענדלעך איז דער גאַסט געקומען. סאַלאָמאָן איז אים אַקעגנ־געגאַנגען און אים אַריינגעפירט אין הויז אַריין.

מאַדאַם וויינשטיין האָט פאַרבעטן דעם גאַסט אין עס-צימער. דער גאַסט, מאַדאַם וויינשטיין און סאַלאָמאָן האָבן זיך אַוועקגע־זעצט.

דער גאַסט האָט זיך אַפילו געפּרוווט קעגנשטעלן.

— איך בין אַ פאַרנומענער מענטש, — האָט ער געטענה'ט, — איך בין געקומען בלויז באַקוקן דאָס הויז און מיטן נעכסטן צוג אַהיימפאָרן.

אָבער די וויינשטיינס האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט, נאָר ער זאָל מיט זיי צוזאַמען עסן מיטאָג.

באַלד איז דאָס מיטאָג פאַרטיק געווען.

סאַבינע האָט אַרויפגעשטעלט די טעלערס אויף אַ גרויסער זיל-בערנער טאַץ, כדי צו דערלאַנגען צום טיש.

פונעם עס-צימער האָט זיך געהערט אַ לעבהאַפטער שמועס.

איבער אַלעס האָט זיך געהערט סאַלאָמאָנס מגושמדיק גע־לעכטער.

„ער לאַכט שוין ווידער, מסתמא, פון זיינע אייגענע וויצן"... — האָט סאַבינע אַ טראַכט געטאָן.

דערנאָך האָט זיך געהערט מאַדאַם וויינשטיינס קוויטשענדיקע שטים, ווי דאָס קוויטשען פון אַ קאַץ, ווען מען טרעט איר אָן אויף דעם עק...

אָבער באַלד האָט זיך דערהערט די שטים פונעם גאַסט און סאַבינעס געזיכט האָט זיך באַדעקט מיט אַ טויט־בלאַסקייט.

די שטים פונעם גאַסט איז געווען מאָדנע ענלעך צו דער שטים פון הענריעק זאַלצבערג...

„דאָס דאַכט זיך מיר נאָר אַזוי אויס"... — האָט סאַבינע גע־טראַכט און איז אַריין מיט דער טאַץ אינעם צימער.

זי האָט קוים באַוויזן אַ קוק צו טאָן אין דער אָפענער טיר פונעם עס-צימער, ווי פון איר ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי...

צווישן מאַדאַם וויינשטיין און איר געלן זון איז געזעסן הענ-ריק זאַלצבערג...

סאַבינע האָט געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער איר. זי האָט אָנגעהויבן צו ציטערן אינגאַנצן...

די טעלערס אויף דער טאָץ האָבן אָנגעהויבן אונטערטאַנצן און איינער פון זיי איז מיט אַ טראַסק אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, צעשפריצנדיק דאָס עסן אויף דער פּאַדלאָגע און ווענט פון קאָרידאָר.

מאַדאַם וויינשטיין איז אויפגעשפרונגען פון איר אָרט און ווי אַ צערייצטער טיגער אַריינגעלאָפן.

— ווי אומגעלומפּערט דאָס איז! — האָט זי געשריגן, — מ'זאָל זיך נישט קאָנען פּאַרלאָזן פון דאָנען ביז אַהער!...

סאַבינע איז געשטאַנען אַ צעטומלטע און אַ צעמישטע. זי האָט נישט געענטפערט מיט קיין וואָרט דער אויפגערעגטער מאַ-דאַם.

— נו, וואָס שטייסטו, גיי אַריין אין קיך און דערלאַנג מער נישט!... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געשריגן.

סאַבינע האָט איר עפּעס געוואָלט ענטפערן, אָבער די טרערן זענען איר געבליבן שטיין אין האַלדז און זי האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען...

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 74

סאַבינע האָט דאַן פאַרלאָזט דעם קאָרידאָר און געווישט די טרערן פון אירע שיינע אויגן...

זי האָט געפילט אויף אירע פּלייצעס דער מאַדאַם וויינשטיינס בייזע בליקן, וועלכע האָבן איר נאָכגעקוקט.

מאַדאַם וויינשטיין איז צוריק אַריין אין עס־צימער, אַליין אַריינטראָגנדיק די טאַץ מיט די טעלערס.

פון איר פּנים איז געווען אָפּגעווישט די רשעותדיקע בייזקייט און אויף אירע ליפּן איז געלעגן אַ זיסלעך שמייכעלע.

— וואָס מען האָט עס אַלץ אויסצושטיין פון די דינסטן! — האָט זי זיך געקלאָגט פאַר זאַלצבערגן, — דערלאַנגט עס אַריין עסן, פליען די טעלערס אין דער לופטן .

— אָבער דאָס מיידל האָט זיך גאָרנישט געטאָן? — האָט הענריק געפרעגט.

— ניין, דאַנקען גאָט! — האָט סאַלאָמאָן זיך געחכמעט, — דאָס מיידל איז אַרויס גאַנץ, נאָר די טעלער זענען געבליבן אינ־וואַלידן... כאַ־כאַ־כאַ!

הענריק האָט אויס העפלעכקייט אַ שמייכל געטאָן און גע־טראַכט ביי זיך, אָט דער דאָזיקער גלעלער יונג איז אַ גראָבער פליגל...

נאָכן מיטאָג האָט זאַלצבערג באַטראַכט דאָס הויז און דעם הויף.

גייענדיק אַזוי פון איין אָרט צום אַנדערן, האָט זאַלצבערג באַמערקט, ווי אין דער טיר, וואָס פירט אויפן גאָרטן אַרויף, האָט זיך באַוויזן די געשטאַלט פון אַ פרוי.

די דאָזיקע געשטאַלט האָט זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך געשראָקן פאַר עפּעס. דערנאָך איז זי שנעל אַריין אין טירל פון גאָרטן.

הענריק האָט ברייט צעעפנט די אויגן פון דערשטוינונג.

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט געזען עפּעס אַן אומנאַטירלעכע דערשיינונג.

„זאָל דאָס טאַקע זיין סאַבינע"?... — האָט ער געטראַכט אַ דער־שטוינטער — „פון וואַנען קומט זי דאָ אַהער"...

הענריק איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און האָט גאָרנישט

געדענקט, אַז סאַלאָמאָן שטייט נעבן אים.

איך סאַלאָמאָן האָט נאָכגעקוקט סאַבינען, וועלכע איז פאַר־שוונדן געוואָרן אינעם גאָרטן.

— דאָס איז דאָס מיידל, וואָס האָט פריער אַראָפּגעלאָזט דעם טעלער — האָט סאַלאָמאָן באַמערקט — איר זעט, אַז זי האָט זיך גאָרנישט געטאָן?

הענריק האָט זיך באַמיט אַרויפצוציען אויף זיין געזיכט אַ מאַס־קע פון גלייכגילטיקייט.

— דאָס איז אונדזער ווירטשאַפט־פירערין — האָט סאַלאָמאָן אינפאָרמירט הענריקן, — זי איז אַזוי צעטומלט געוואָרן, ווען זי האָט אייך דערזען, אַז...

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי? — האָט אים הענריק איבערגע־ריסן די רייד.

— ווייל זי האָט נאָך קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ צע־טומלטקייט... איך גראַטוליר אייך... זי איז אַ פּרעכטיק מיידל און אַן אומבאַזיגבאַרע פעסטונג...

הענריק האָט איצט פאַרשטאַנען די סיבה פון דעם אַראָפּלאָזן דעם טעלער..

ער האָט נישט געקאָנט פאַרנעמען סאַלאָמאָנס ביין מאָס רייד.

אַ חוץ דעם האָט הענריק געהאַט דאָס געפיל, אַז ווען סאַלאָ־מאָן רעדט וועגן סאַבינען, פאַרשמוצט ער איר נאָמען מיט זיין אומריין מויל.

— איך בין איצט מיד, הער וויינשטיין! — האָט הענריק זיך אָנגערופן צו סאַלאָמאָנען, — איך וואָלט זיך געוואָלט אַ ביסל אָפּרוען און דערנאָך וועלן מיר רעדן וועגן דעם הויז. עס קאָן זיין, אַז איך וועל ערשט מאָרגן אַהיימפאָרן.

סאַלאָמאָן האָט דאַן אַריינגעפירט הענריקן אינעם גאַסט־צימער.

ווען הענריק איז געבליבן אַליין, איז פון זיין געזיכט פאַר־שוונדן געוואָרן די מאַסקע פון גלייכגילטיקייט.

ער האָט אַן אויפגערעגטער גענומען שפּאַנען אַהין און צוריק איבערן צימער.

אין זיין האַרץ האָט איצט געבושעוועט אַ שטורעם...

ווי דורך אַ נס האָט ער זיך פּלוצלונג באַגעגנט מיט דער פרוי,

וועלכע ער ליבט און פאַרגעטערט.

זינט יענער סצענע מיט רעגינען ביינאַכט אין זיין קאַבינעט — האָט רעגינע מער נישט עקזיסטירט פאַר אים.

די פרוי, צוליב וועלכער ער איז גרייט געווען צו פאַרראַטן זיין בעסטן פריינט, האָט אים איצט מער נישט אינטערעסירט.

די איינציקע פרוי, וועלכע האָט געלעבט אין זיין טרוים, איז געווען סאַבינע.

דאָס געפיל צו סאַבינען, וואָס האָט אים באַהערשט באַלד פון דער ערשטער מינוט, ווען ער האָט זי נאָר דערזען, האָט אים פּאַקטיש נישט פאַרלאָזט די גאַנצע צייט אויף קיין איין מינוט.

אפילו ווען רעגינע האָט אין אים דערוועקט אַזאַ פייערדיקע ליידנשאַפט, האָט ער אין סאַבינען נישט פאַרגעסן.

נאָר ווען רעגינע האָט אין אים געוועקט די חיהשע אינסטינקטן, האָט סאַבינע אַרויסגערופן אַלדאָס שיינע און גוטע, וואָס האָט גע־דרעמלט אין זיין נשמה...

ווי נאָר ער האָט זיך באַפרייט פון רעגינעס איינפלוס, איז זיין האַרץ ווידער אײנגענומען באַהערשט געוואָרן פון סאַבינען.

גאַנצע טעג פלעגט ער טרוימען וועגן איר און אין די שלאָפּ-לאָזע נעכט פלעגט איר זיס געשטאַלט שוועבן פאַר זיינע אויגן...

ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז זיין ליבע צו איר איז אַ האָ-פענונגסלאָזע, אַז איר האַרץ געהערט צו לעאָנען.

ער האָט אויך געוווסט, אַז סאַבינע געהער צו יענע פרויען, וואָס ליבן נאָר איין מאָל און זענען טריי זייער ליבע ביז צום קבר...

סאַבינע וועט קיינמאָל נישט ווערן זיין פרוי — דאָס איז פאַר אים קלאָר געווען.

ער וואָלט זיך אָבער צופרידנגעשטעלט דערמיט, אַז סאַבינע זאָל געניסן פון זיין שוץ, פון אַ נאָענטן פריינט.

ער האָט געטרוימט וועגן אַרומרינגלען דאָס דאָזיקע זיסע מיידל מיט גוטסקייט און איבערגעגעבנקייט, שיצן זי פאַר דער האַרט-קייט פונעם לעבן, פון די לעבנס־זאָרגן און געפאַרן.

„איך מוז זיך זען מיט איר"! — האָט ער ביי זיך באַ־שלאָסן.

ער איז אַרויס פון זיין צימער און אַריין אין דעם גאָרטן.

סאַבינע איז נישט ווייניקער צעטומלט געוואָרן, ווי העינריק,

צוליב דער אומגעריכטער באַגעגעניש.

ווען זי האָט פּלוצלונג דערזען העינריקן אין מאַדאַם וויינ-שטיינס עס-צימער, האָבן זיך מיטאַמאָל אויפגעוועקט אַלע אירע ווונדן...

איר האַרץ איז ווידער אָנגעפילט געוואָרן מיט פאַרצווייפלונג און פיין...

„נישטאָ פאַר מיר קיין אָרט אין דער וועלט", — האָט עס געיאָמערט אין איר האַרץ, — „ווו איך זאָל קאָנען אַנטלויפן פון מיין טרויעריקער פאַרגאַנגענהייט"...

„דער גרויזאַמער שיקזאַל פאַרפאָלגט מיך"...

ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט איר אַרבעט אין קיך, האָט סאַבינע באַשלאָסן זיך אויסצובאַהאַלטן אין גאָרטן, כדי זיך מער נישט צוזאַמענצוטרעפן מיט העינריקן...

זי האָט אָבער גאָרנישט באַמערקט, אַז ווען זי האָט זיך פאַר-זיכטיק אַריינגעשלייכט אין גאָרטן אַריין, האָבן איר נאָכגעשפּירט העינריקס אויגן.

סאַבינע האָט אַ ווײַלע אַרומגעבלאָנקעט צווישן די ביימער. דערנאָך האָט זי זיך דערנענטערט צו דער אַלטאַנקע, וואָס האָט זיך געפונען אין גאָרטן. דאָרט האָט זי זיך אַוועקגעזעצט און פאַרטיפט אין אירע טרויעריקע געדאַנקען.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט דעם שטילן רויש פון מענטשלעכע טריט.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט שרעק און געוואָלט אַנטלויפן...

ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. דאָרט נעבן איר האָט זיך אָפּגעשטעלט העינריק זאַלצבערג.

— אַנטשולדיקט, שוועסטער סאַבינע... — האָט העינריק גע-זאָגט, — דערלויבט אייך צו באַגריסן...

סאַבינע האָט אים דערלאַנגט איר האַנט, וועלכע ער האָט הייס אַ דריק געטאָן.

— איך האָב אייך געזען אַריינגיין אין גאָרטן אַריין, — האָט העינריק צוגעגעבן, — איך האָב איצט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געווען די געשיכטע מיטן אַראָפּלאָזן דעם טעלער אויף דער ערד.

סאַבינע האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד

און געשוויגן.

— אָבער פאַרוואָס אַנטלויפט איר פון מיר, שוועסטער סאַבינע? — האָט הענריק געפרעגט — צי ווייסט איר נישט, אַז איך בין אייער איבערגעגעבענער פריינט, וואָס וויל גאָר אַז אייך זאָל זיין גוט?

— איך ווייס דאָס... — האָט סאַבינע געענטפערט — איך דאַרף זיך אויך פאַר אייך און אייער האַרציקער מוטער אַנטשולדיקן צוליב מיין פלוצלונגן פאַרשווינדן...

— פאַרוואָס האָט איר עס טאַקע געטאָן? — האָט הענריק געפרעגט.

— איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט. איר ווייסט וועגן מיין געהיימניש, און וויפל פיין עס האָט מיר פאַרשאַפט דאָס באַוווסט־זיין, אַז איך בין אין דער זעלבער שטאָט, וואָס לעאָן. אַזוי נאָענט און דאָך אַזוי ווייט פון אים.

פון אירע שיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן פליסן צוויי שנירלעך לויטערער טרערן.

הענריק האָט שוין איצט מער נישט געדענקט וועגן זיינע אייגענע ליידן. זיין האַרץ איז איצט געוועזן איבערגעלאָפן פון מיט־געפיל צו דער אומגליקלעכער סאַבינע.

— איך ווייס... איך ווייס... — האָט ער געזאָגט — איך נעם אייך נישט פאַראיבל. אָבער גלויבט מיר, שוועסטער סאַבינע, אויך לעאָן ליבט אייך נישט ווייניקער, ווי איר ליבט אים.

— ער געהערט אָבער מער נישט צו מיר... — האָט סאַבינע לויטערע טרערן.

— אין איצטיקן מאָמענט נישט. מען קאָן דאָך אָבער נישט וויסן, וואָס די צוקונפט וועט אונדז ברענגען. איר דאַרפט יעדנ־פאַלס נישט אַנטלויפן פון אים.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

— ס'קאָן זיין, אַז לעאָן זאָל זיך ענדלעך באַפרייען פון רעגינען און ער וועט ווידער קאָנען אייך געהערן... ווי לאַנג איר האָט זיךביידע ליב, איז נישטאָ קיין גרונט צו זיין פאַר־צווייפלט.

— די פאַרצווייפלונג איז שטאַרקער פון מיר און איך קאָן זי נישט באַהערשן. — האָט סאַבינע דערקלערט.

— אַבע רפאַרוואָס אַנטלויפט איר פון אייערע פריינט ? פאַרוואָס דערלויבט איר מיר נישט צו זאָרגן פאַר אייך ? פאַר־וואָס האָט איר זיך פאַרדונגען אין אַ פרעמד הויז ?

— איך וויל נישט קיינעם פאַלן צו לאַסט און לעבן פון מיין אַרבעט. — האָט סאַבינע געענטפערט.

— אָבער פאַרוואָס נעמט איר נישט אָן דאָס געפונענע געלט, וועלכעס געהערט צו אייך ? אויך לעאָן וויל עס נישט צונעמען, ווייל עס איז אייער... אַלץ געפינט זיך ביי מיר און וואַרט אויף אייך..

סאַבינע האָט בלויז שטום געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין״...

— אָבער פאַרוואָס ? — האָט הענריק נישט געקאָנט פאַר־שטיין — איר קאָנט דאָך שוין מאָרגן זיין רייך און נישט דאַרפן אויסשטיין די קאַפּריזן פון פרעמדע בעלי-בתים ?

סאַבינע האָט אויפגעהויבן אויף הענריקן אירע שיינע, לויטערע אויגן.

— איך טו אַזוי, ווי עס דיקטירט מיר מיין געוויסן...

— האָט זי געזאָגט. — איך ווייס, אַז איר זענט מיין אמתער פריינט, דעריבער בעט איך אייך נישט צו פּרוּוון איבעררעדן מיר...

— אָבער...

— דאָס איז מיין פעסטער באַשלוס.. איך קאָן נישט נעמען דאָס געלט, ווען איך ווייס, אַז רעגינע וועט מיר נישט מוחל זיין, וואָס איך האָב געחידשנט איר מומען...

הענריק האָט איינגעזען, אַז ער וועט ביי סאַבינען גאָרנישט פועלן.

— אויף יעדן פאַל — האָט ער צוגעגעבן — ליגט דאָס גע־פונענע באַנק ביכל ביי מיר און ווען איר וועט זיך אָפּרופן, איז עס אייערס... אָבער גאָר איין ביטע האָב איך צו אייך...

— ביטע זאָגט!

— זאָגט מיר צו, שוועסטער סאַבינע, אַז איר וועט נישט אויסבאַהאַלטן פאַר מיר דאָס אָרט, ווו איר וועט זיך געפינען... פאַרוואָס זאָל איך האָבן שלאָפלאָזע נעגט פון איבערקלערן וועגן אייך ?

סאַבינע האָט אַ קוק געטאָן אין הענריקס אויגן.

אין זיינע רייד האָט אָפּגעקלונגען אַ מאָדנער טאָן... עס האָט זיך פון זיי אַרויסגעפילט אַן אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט און גלייכ-צייטיק אַן אויסערגעוויינלעכער טרויער...

— גוט. איך זאָג עס אייך צו... — האָט סאַבינע אַ זאָג גע־טאָן — אָבער מיט איין באַדינג...

— וואָסער באַדינג ?

— איר זאָלט וועגן דעם נישט זאָגן לעאָנען...

— פאַרוואָס ?

— איך וויל נישט, אַז ער זאָל וויסן וואָס עס געשעט מיט מיר.

— גוט... —איז הענריק ענלעך איינגעגאַנגען און דערלאַנגט סאַבינען די האַנט.

סאַבינע האָט אָנגענומען זיין האַנט און זיי זענען אַ ווײַלע געשטאַנען מיט צונויפגעדריקטע הענט. זיי האָבן געקוקט שאַרף איינער אין אַנדערנס אויגן אַריין.

באַלד האָט העניק אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווייל עס האָבן זיך אין זיין געשטעלט טרערן.

— נו, איך מוז זיך אומקערן אין הויז אַריין, — האָט סאַ־בינע אַ זאָג געטאָן, — מאַדאַם וויינשטיין וועט זיין בייז אויף מיר... כאָטש איך וועל נאָך זיין ביי איר ביזן ערשטן...

— וואָס? איר פאַרלאָזט דאָס דאָזיקע הויז ? — האָט העניק איבערגעריסן אירע רייד — און וווהין וועט איר איצטער גיין ?

סאַבינע האָט געהויבן מיט אירע אַקסלען...

— דערווייל ווייס איך נאָך אַליין נישט... אָבער גאָט וועט מיך נישט פאַרלאָזן, פונקט ווי ער האָט מיך ביז איצט נישט פאַר־לאָזט...

— דאָס הייסט, אַז איר פאַרלאָזט זיך אויף נסים?... ביי מיר ליגט אייערס אַ פאַרמעגן. דערלויבט מיר אייך צו באַרגן עטלעכע הונדערט גילדן, אַז איר זאָלט נישט ליידן קיין נויט...

ער האָט אַרויסגענומען דעם פאָרטפעל און אַרויסגעצויגן פון אים עטלעכע הונדערטער באַנקנאָטן.

— פאַרשטייט... — האָט זי געזאָגט — אַז ווען איך האָב זיך אַנטשלאָסן דאָס געלט נישט אָנצונעמען, וועל איך מיין באַ־

שלוס נישט ענדערן... איר דאַרפט מיך שוין קענען.

הענריק האָט צוריק אַריינגעלייגט דעם פּאַרטפּעל אין קעשענע אַריין.

— אָבער איר וועט מיר זיכער צו וויסן טאָן, ווו איר וועט זיין? איך האָב אייער וואָרט דערויף...

סאַבינע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— איצט גיי איך! — האָט זי געזאָגט. — נאָר גיט נישט צו דערקענען ביי די וויינשטיינס, אַז איר קענט מיך... איך בעט אייך...

— גוט...

זיי האָבן זיך נאָכאַמאָל געדריקט די הענט און סאַבינע איז אַוועק אין הויז אַריין.

הענריק איז נאָך לאַנג געשטאַנען אין גאָרטן און געקוקט אויף דעם שטעגל, ווו עס איז פאַרשוואונדן סאַבינעס שיינע געשטאַלט.

ער האָט זיך געמאַכט פאָרווורפן, פאַרוואָס ער האָט נישט אַנטפּלעקט פאַר סאַבינען זיינע געפילן...

„אָבער צו וואָס?" — האָט ער זיך אַליין פאַרענטפערט — „דאָס וואָלט אפשר נאָך צעשטערט אונדזער פריינטשאַפט, וועלכע איז די איינציקע טרייסט אין מיין האָפענונגסלאָזער לאַגע"...

„גוט כאָטש, אַז איך וועל וויסן, ווו דאָס טייערע מיידל געפינט זיך"... — האָט הענריק זיך געטרייסט.

אַ טרויעריקער און דערשלאָגענער האָט ער אויך גענומען גיין צום הויז פון די וויינשטיינס.

די אַלטאַנקע איז ווידער געבליבן איינזאַם און פוסט.

פּלוצלונג האָט זיך דורכגעשלייכט אַ מענטשלעכע געשטאַלט.

ער איז שוין לאַנג דאָ געשטאַנען הינטער א בוים און זיך איינגעהערט אינעם שמועס צווישן הענריקן מיט סאַבינען.

איצט איז ער אַוועק פון זיין אָרט און פאַרשוואונדן צווישן די בוימער פון גאָרטן...

קאַפּיטל ניין און אַכציק

# אין דער „רויטער קלעם"

זשאַנעט האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויפן זייגער.

איר אומגעדולד און אויפרעגונג איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

„ווער ווייסט,, צי דאַניעל וועט נאָך צוריקקומען צו מיר... האָט זי געטראַכט מיט האַרצקלאַפּונג. — ער האָט דאָך איצט גענוג געלט. צי וועט ער נישט אַוועקפאָרן און צומאָל נישט געזעגענען זיך מיט מיר?"...

„פאַרוואָס בין איך מיט אים נישט מיטגעגאַנגען...

שוין אַנדערהאַלבן שעה, ווי אַדאַש איז געהאַט אַוועק און זשאַנעט איז וואָס אַ מינוט אַלץ אומרואיקער געוואָרן.

נאָר אָט האָט די טיר זיך געעפנט און אַדאַש איז אַריינגעקומען.

זשאַנעט האָט זיך אים געוואָרפן אויפן האַלדז און באַדעקט זיין געזיכט מיט הייסע לײדנשאַפטלעכע קושן.

— זעסט זשאַנעט? — האָט אַדאַש ענדלעך אויסגערופן — אָט האָב איך שוין אַ פּאַס, אַ נייאינקן, אַ פרישן, אָט פון אויוון אַרויס...

ער האָט זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט אין אַ פאָטעל, פאַררויכערט אַ פיינעם ציגאַר און גענומען בלעטערן די צייטונג, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

פלוצלונג איז ער בלאַס געוואָרן, ווי קרייד...

— זשאַנעט האָט דאָס באַמערקט.

— וואָס איז דיר דאַניעל? — האָט זי אומרואיק געפרעגט און געפּרוּווט אַרויסנעמען די צייטונג פון אַדאַשעס האַנט.

— גאָרנישט... — האָט אַדאַש געענטפערט און פעסט צוגעהאַלטן די צייטונג — איך פיל זיך עפעס נישט מיט אַלעמען.

— אַבער ווייז נאָר די צייטונג?... — האָט זשאַנעט נישט געלאָזט זיך פאַרדרייען די צײן.

אַדאַש האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב ער וועט איר נישט געבן

די צייטונג, וועט איר פאַרדאַכט נאָך שטאַרער ווערן... ער האָט זי איר דעריבער געגעבן.

זשאַנעט האָט אַ בליק געטאָן אויף דער זייט, וווּ אַדאַש האָט געהאַט געלייענט, און עס האָט זיך איר געוואָרפן אין די אויגן אַ גרויסער קאָפּ מיט פעטע אותיות:

## „רויב אָנפאַל אין מאָנטע-קאַרלאָ"

זי האָט אָנגעהויבן לייענען הויך מיט אַ ציטערנדיקער שטים:

„נעכטן, שפּעט אין אָוונט, איז אין מאָנטע־קאַרלאָ פאָרגעקומען אַן אויסטערלישער רויב-אָנפאַל.

„ווען דער פראַנקפורטער באַנקיר נאַטאַן הילדע־בראַנד האָט שפּאַצירט מיט זיין פריינדין ביים ברעג פון ים, איז פלוצלונג עמעץ אויף אים אָנגעפאַלן מיט אַ מע־סער אין דער האַנט.

„ווען הילדעבראַנד האָט אים דאָס מעסער פון דער האַנט אַרויסגעשלאָגן, האָט דער אָנפאַלער זיך געוואָרפן אויף הילדעבראַנדס פריינדין און געוואָלט צורויבן איר האַנט-בייטל.

„אָבער דער באַפאַלענער הילדעבראַנד האָט דעם אָנפאַלער אָנגעבראָכן די ביינער און אומגעוואָרפן אויף דער ערד.

„דער אָנפאַלער האָט זיך דאָן שנעל אויפגעהויבן און איז פאַרשוווּנדן אין דער נאַכט־פינצטערניש.

„עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אָנפאַלער איז אַן אָפטער גאַסט פון קאַסינאָ, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס אַדאַם שטיינזאַלץ, פאַבריקאַנט פון פוילן.

„פּאָליציי זוכט אים".

זשאַנעט האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אין אַדאַשעס אויגן אַריין.

אויך זי איז בלאַס געוואָרן ווי קרייד...

— פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן?... זאָג דאַניעל... — האָט זשאַנעט געשעפּטשעט.

אַדאַש האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין לייקענען וועט אים סיי ווי גאָרנישט העלפן. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו דערציילן דעם אמת, נאָר אַ ביסל, פאַרשטייט זיך, אויסגעפּײַנערט...

— איך האָב געהאַט אַ געליבטע, וועלכע איך האָב ליב געהאַט, ווי דאָס לעבן — האָט אַדאַש דערציילט, — האָט זי זיך באַקענט מיטן פראַנקפורטער באַנקיר, וועלכער האָט איר פאַרדרייט דעם קאָפּ...

— נו, און זי? — האָט זשאַנעט געפרעגט.

— זי האָט מיר פאַרלאָזן... איך בין לאַנג אַרומגעגאַנגען און שטיל געליטן... אָבער טרעפנדיק זי נעכטן שפּאַצירן צוזאַמען בײַם ים, האָט דאָס בלוט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין...

— פאַרוואָס זשע שרייבן זיי וועגן אַ רויב־אָנפאַל? — האָט זשאַנעט געפרעגט.

דאָס איז אַ נידערטרעכטיקער בלבול! — האָט אַדאַש זיך כלומרשט אויפגערעגט פון באַליידיקונג. — דאָס האָט דער דאָזיקער באַנקיר ספּעציעל אויסגעטראַכט, כדי צו באַשמוצן מיין גוטן נאָמען...

זשאַנעט האָט געקוקט אויף אים מיט אויגן פול מיט מיטגעפיל.

— עס טוט מיר לייד, וואָס איך האָב דיר אָפּגענאַרט, — האָט אַדאַש צוגעגעבן, — אָבער איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט מיך אָפּשטויסן און דאָס וואָלט מיך שטאַרק וויי געטאָן...

— איך פאַרשטיי, טייערער... — האָט זשאַנעט זי געטוליעט צו אים. — אין אַלעם איז שולדיק דיין פאַרדעטערישע געליבטע. איך וועל ניט פאַרראַטן...

— איך ווייס... איך ווייס... — האָט אַדאַש זי געגלעט איבער די באַקן, — אַז איך וועל אַ גאַנצער אַהיימקומען קיין פוילן, וועל איך דיר אַראָפּנעמען אַהין און מיט דיר חתונה האָבן...

אין אַ ווײַלע אַרום זענען שוין אַדאַש מיט זשאַנעטן געזעסן ביי אַ טיש אינעם אויפנאַם־זאַל פון מאַדאַם מאַרזשעטס נאַכט־

לאָקאַל.

אויפֿן טישל זענען געשטאַנען די פֿיינסטע שפּייזן און ערשט-קלאַסיקער שאַמפּאַניער...

דער עולם געסט האָט זיך גוט געוויילט.

מאַדאַם מאַרזשעט האָט געהאַט געקליבענע „פּענסיאָנאַרקעס" — אַלע זענען געווען שיין און גראַציעז.

כדי צו באַווייזן פֿאַר די געסט זייער גאַנצער שיינקייט, האָבן זיי אַרומשפּאַצירט אין דער מוטער חוהס קליידער...

דער וויין האָט אויפֿגעקאָכט די געמיטן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרגיע פֿון אויסגעלאַסנקייט.

די מיידלעך האָבן זיך געזעצט די געסט אויף דער שויס און זיי גענומען קושן און צערטלען.

פֿון וויל צו וויל האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ פּאָרל און איז אַרויף אויפֿן אויבערשטן שטאָק, ווו עס האָבן זיך געפֿונען די צימערן פֿון די „דאַמען"...

אַדאַש האָט געשלונגען מיט די אויגן די „פּענסיאָנאַרקעס", צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען אַ סך שענערע ווי זשאַנעט.

ער האָט אָבער געמוזט בלויז קוקן און דריקן, ווייל זשאַנעט האָט דאָך אים געהאַלטן אויף אירע קעסט...

זשאַנעט האָט פֿאַרשלאָסן די טיר און צוגעגאַנגען צו אַדאַשן, זאָגנדיק:

— קום... קום אַרויף אַביסעלע אין מיין צימער... — האָט זי אים אָנגענומען פֿאַרן אָרעם.

— שוין? — האָט אַדאַש געפּרווט זיך קעגנשטעלן. — לאָמיר נאָך זיין דאָ אַ ביסל...

אָבער זשאַנעט האָט זיך צוגעבויגן צו זיין אויער און אים אַ שעפּטשע געטאָן:

— קום... עס וועט דיר אויבן גוט זיין...

אַדאַש איז מיט זשאַנעטן אַרויפֿגעגאַנגען אין איר צימער.

זשאַנעט האָט פֿאַרשלאָסן די טיר און צוגעגאַנגען צום פֿענצטער אַראָפּלאָזן די זשאַלוזעס.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער גאַס און זי איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן.

אין דעם מאָמענט האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן אַריינגאַנג אין מאַדאַם מאַרזשעטס נאַכט-לאָקאַל — אַ פּאָליציי־אויטאָ...

זשאַנעט איז צוגעשפּרונגען צו אַדאַשן און מיט ביידע הענט אַרומגעכאַפּט זיין האַלדז.

— טייערער,, — האָט זי געכליפּעט — שנעלער! פּאָליציי!

אַדאַש איז אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער פון זיין אָרט.

— וואָס טוט מען ?... — האָט ער געזאָגט אַ צעטומלטער — אַלץ איבער דיר!... — האָט ער אויסגעלאָזט דעם כעס צו זשאַנעטן — ווען נישט דו, וואָלט איך שוין געווען אין אויסלאַנד...

זשאַנעט האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ פּלאַצט אין איר...

— איך האָב דאָך געמיינט, אַז דיר זאָל זיין גוט... — האָט זי געכליפּעט. — וואָס טוט מען איצט ? ווי אַזוי ראַטעוועט מען דיך ?...

אַדאַש האָט געבלאָנקעט מיט זיין צעשראָקענעם בליק איבערן צימער, זוכנדיק אַן אויסוועג פון דער לאַגע.

זשאַנעט האָט מיט אירע אויגן נאָכגעבלאָנדזשעט נאָך זיין פאַרצווייפלטן בליק.

פּלוצלונג איז איר בליק געפאַלן אויף דער קליידער-שאַנק.

— טייערער!... — האָט זי אויסגערופן. — איך האָב אַן אויסוועג... קום אַהער !...

זי האָט שנעל אַרויסגענומען פון דער שאַנק אַ קלייד, אַ הוט, שיך, זאָקן און אַלץ, וואָס איז נויטיק צו אַ דאַמען טואַלעט.

אַדאַש האָט שנעל פון זיך אַראָפּגעוואָרפן זיינע קליידער און גענומען אויף זיך אַרויפציען דעם דאַמען-טואַלעט...

ער האָט זיך אָנגעטאָן פיינע, זיידענע דאַמען־וועש און אַן עלעגאַנט שפּאַציר־קלייד מיט לאַנגע אַרבל און אַ הויך קעלנערל.

דערנאָך האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר זיידענע זאָקן און גענומען אַרויפשלעפּן אויף די פיס אַ פּאָר דאַמען־לעטשלעך... דאָס איז אים נישט לייכט אָנגעקומען...

ענדלעך איז ער פאַרטיק געוואָרן. די לעטשלעך האָבן טאַקע שרעקלעך געקוועטשט, אָבער אַלץ בעסער, ווי אַריינפאַלן אין די

הענט פון דער פּאָליציי...
איצט האָט זשאַנעט געמאַכט פון אַדאַשעס גרויסער גריוועאַ פיינע דאַמען־פריזור אַ־לאַ גאַרסאָן...

אויסגעפּודערט דאָס געזיכט, אָפּגעשימנקט די ליפּן און אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ מאָדערנעם הוט מיט אַ וואַלקע — און אַדאַש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עלעגאַנטע דאַמע...

דערווייל האָט די פּאָליציי געזוכט און גענישטערט אינעם נאַכט־לאָקאַל.

מסיע קארנע האָט פאַרזיכערט, אַז אין זיין לאָקאַל געפינט זיך נישט קיין מאַן מיטן נאָמען אַדאַש שטיינזאַלץ. אָבער די פּאָליציי האָט ווייטער געזוכט.

צו גרויסע סקאַנדאַלן איז געקומען, ווען די פּאָליציי האָט אַנגעקלאַפּט אין די סעפּאַראַטע צימערן פון די דאַמען...

עס האָט זיך געהערט זידלערייען און קולות פון די „דאַמען" און זייערע געסט, וועלכע זענען איצט נישט געווען געשטימט אויפצונעמען אומגעבעטענע באַזוכער.

ווען אַדאַש איז שוין געווען גרייט צו פאַרלאָזן זשאַנעטן צימער, איז די פּאָליציי שוין געווען אין דער שכנותדיקער שטוב.

שנעלער!... שנעלער!... האָט זשאַנעט אונטערגעיאָגט אַדאַשן — לויף!...

זשאַנעט האָט אַריינגעפּאַקט אַדאַשן אין דער האַנט אַריין אירע הענטשקעס, דעם בייטל און שירעם. זי האָט אים אַ הייסן קוש געטאָן אין די ליפּן און אַ שטופּ געטאָן צו דער טיר.

אַדאַש איז אַרויס אין קאָרידאָר און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

די פּאָליציאַנטן איז גאָרנישט אויסגעקומען פאַרדעכטיק.

„מסתמא אַ דאַמע פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט דאָ פאַרברענגט מיט איר געליבטן"... — האָט זיי געטראַכט און זיך אַריינגעשמייכלט אין די וואָנסן אַריין.

אויך די פּאָליציי־לייט, וואָס זענען אונטן געשטאַנען אויף דער וואַך, האָבן נישט געלייגט קיין באַזונדער אַכט אויף דער פאַרשלייערטער, עלעגאַנטער דאַמע...

אַדאַש האָט מיט שנעלע טריט זיך דערווייטערט פון דער „רויטער בלום".

באַלד איז ער שוין געווען אויף אַ רוישיקער מאַרסיליער גאַס. אַדאַש האָ ענדלעך פרייער אָפּגעאָטעמט.

„ווו גייט מען איצטער ?" — האָט ער געטראַכט.

אין דער ערשטער מינוט האָט ער גערעכנט זיך אַריינצוזעצן אין אַן אויטאָ און פאָרן צום וואָקזאַל.

ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז איצט וועט ער נישט האָבן קיין צוג און מוזן וואַרטן.

„וואַרטן אויפן וואָקזאַל איז פאַר מיר נישט קיין געשעפט"... — האָט אַדאַש זיך געטראַכט — „דאָרטן איז תמיד דאָ געהיים־פּאָליציי, וועלכע קען נאָך מיר אין עפּעס פאַרדעכטיקן"...

ער איז דעריבער אַריין אין אַ סקווער און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק.

אָפּגעזעסן אַזוי אַ לענגערע צייט, האָט ער זיך גענומען גיין צום וואָקזאַל, וויגנדיק זיך אויף די היפטן, ווי אַן אמתע דאַמע...

איינער, אַן עלטערער מאַן, האָט אפילו געפּרוווט פאַרטשעפּען די עלעגאַנטע „דאַמע", ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין דערפאָלג...

די „דאַמע" איז אַוועק פון אים מיט איילנדיקע טריט...

ענדלעך איז אַדאַשן באַפאַלן אַ טויט-שרעק. אַנגסטן האָבן אים אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן.

אַ בלאַסער, אַ צעשראָקענער איז ער געבליבן שטיין, ווי אַ פאַרגליווערטער פאַרן קאַסע־פענצטערל און זיך נישט געקאָנט אַ ריר טאָן פון אָרט.

ק אַ פּ י ט ל נ י י נ צ י ק

## די פּלוצלונגדיקע פאַרענדערונג

סאַלאָמאָן האָט אַרויסגעקוקט פון פענצטער מיט אַ בליק וואָס איז געווען פול מיט פאַרוווּנדערונג.

ווען העניק איז אַוועק זיך אַנלענען, איז סאַלאָמאָן אַריין אין זיין צימער און גענומען שפּאַנען אַהין און צוריק אַן אויפגערעגטער.



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 75

„ווער ווייסט צי זאַלצבערג וועט קויפן דאָס הויז?" — האָט ער געטראַכט מיט זאָרג — „טאָמער קויפט ער נישט, פאַרליר איך יעדע אויסזיכט צו באַקומען עפּעס אַ גרעסערע סומע אויף אַ לעב צו טאָן"...

פלוצלונג איז זיין בליק געפאַלן אויפן פענצטער און ער האָט באַמערקט, ווי הענריק גייט דורך דורכן הויף און פאַרשווינדט אין גאָרטן אַריין...

„דאָס פּרוווט ער זיך אַזוי אַ יאָג צו טאָן נאָך סאַבינען"... — האָט סאַלאָמאָן געטראַכט — „דאָס מיידל איז אים געפעלן... דער־ריבער, הייסט עס, איז ער פלוצלונג אַזוי מיד געוואָרן און גע־גאַנגען זיך אָנלענען"...

„איך וואָלט גאָרנישט געגלויבט, אַז דער זאַלצבערג איז אַ זאַ דאָן זשואַן... ער זעט אויס אַזאַ סטאָטעטשנער און געלאַסענער יונגערמאַן".

דער געדאַנק, אַז דער שיינער, עלעגאַנטער זאַלצבערג קאָן אַמאָל האָבן מער דערפאָלג ביי סאַבינען, ווי ער סאַלאָמאָן — האָט אים וויי געטאָן. די אייפערזוכט האָט אים געפרעסן.

„איך מוז זען, וואָס פון דעם וועט אַרויסקומען". האָט סאַלאָ־מאָן זיך געטראַכט.

ער איז אַרויס און נאָכגעגאַנגען זאַלצבערגן אין גאָרטן אַריין. כדי מען זאָל אים נישט דערזען, איז סאַלאָמאָן נישט געגאַנגען מיט דער סטעזשקע, נאָר צווישן דיביימער.

נישט ווייט פון דער אַלטאַנע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט הינטער אַ בוים און זיך איינגעהערט אינעם שמועס.

סאַלאָמאָן האָט חשק געהאַט צו לויפן הענדום פּענדום צו דער מוטער און איר דערציילן וועגן דעם געהיימניש, וואָס ער האָט זיך אומגעריכט דערוווסט.

ער האָט אָבער באַשלאָסן צו וואַרטן ביז די מוטער וועט קומען פון געשעפט.

„סאַבינע וועט מסתמא דערלאַנגען צום פּאַרנאַכט־עסן. עס וועט זיין אינטערעסאַנט זי דעמאָלט צו באַטראַכטן"... — האָט סאַלאָמאָן זיך געטראַכט.

ענדלעך איז מאַדאַם וויינשטיין געקומען. סאַלאָמאָן האָט אָבער

נישט געאַהט קיין געלעגנהייט צו רעדן מיט איר, ווייל ער איז שוין געזעסן מיט הענריקן ביים טיש.

צו סאַלאָמאָנס פאַרוווּנדערונג האָט צום טיש דערלאַנגט נישט סאַבינע, נאָר מאַדאַם וויינשטיין אַליין.

מאַדאַם וויינשטיינס געזיכט האָט געפלאַמט פון כעס.

— אַזוי האָט מען מיט מענטשן... — האָט זי געוואָרטשעט — פריער האָט זי אַראָפּגעלאָזט דעם טעלער, איצטער פילט זי זיך נישט גוט, די פּרינצעסין.

סאַלאָמאָן איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן... ער האָט געזען, ווי הענריקס פּנים רויטלט זיך לייכט פון צאָרן...

„אַזאַ אַלטע פּאַסקודנע קוואָקע"... — האָט הענריק געטראַכט וועגן דער מאַדאַם וויינשטיין — „ווי אַזוי זי רעדט עס וועגן דעם דאָזיקן ווונדערלעכן מיידל, וואָס איז ריין און שיין ווי אַ מלאך".

דאָס האַרץ האָט אים איצט געבלוטיקט...

ער האָט געטראַכט וועגן סאַבינעס ווייטערן שיקזאַל.

„אָט וואָס דער שיקזאַל קאָן מאַכן מיט אַ מענטש". — האָט הענריק געטראַכט — אַנשטאַט די פּרוי פון דעם מאַגנאַט לעאָן קייזערשטיין, איז איצט סאַבינע באַדינערין פון דער דאָזיקער אַלטער קוואָקע ?...

מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך נאָך נישט געהאַט באַרואיקט. זי וואָלט נאָך נישט אויפגעהערט צו שיטן פעך און שוועבל אויפן קאָפּ פון דער אומגליקלעכער סאַבינע.

אָבער סאַלאָמאָן האָט געהאַלטן אין איין ווינקען צו איר מיט פאַרצווייפלטע מינעס, אַז זי זאָל אויפהערן.

מאַדאַם וויינשטיין האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס איר זון שטערט איר אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ... זי איז אָבער פונדעסט־וועגן אַנטשוויגן געוואָרן.

סאַלאָמאָן האָט דערווייל אַראָפּגעפירט דעם שמועס אויפן הויז.

— דאָס הויז איז שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט, — האָט הענריק דערקלערט, — און מען דאַרף אַריינלייגן אַ סך געלט דערין. אין פאַרלויף פון אַ וואָך וועל איך אייך געבן ענטפער.

הענריק האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— איך וועל זיך געזעגענען, — האָט ער דערקלערט, — איך

מוז שוין גיין צום צוג.

— איר האָט דאָך געוואָלט דאָ נעכטיקן? — האָט סאלאָמאָן געפרעגט...

— איך האָב זיך פריער געפילט שטאַרק מיד. איצטער פיל איך זיך בעסער און איך דאַרף וואָס שנעלער זיין אין וואַרשע, — האָט הענריק דערקלערט זיך אָפּגעזעגנט און אַוועק.

— דאַנקען גאָט שוין פטור געוואָרן דעם קלאָפּאָט... — האָט מאַדאַם וויינשטיין אַ זאָג געטאָן צו סאַלאָמאָנען. — און ווי געפעלט דיר עפּעס די מויד, די סאַבינע.

— וואָס ווילסטו פון סאַבינען האָבן — האָט סאַלאָמאָן גע־פרעגט.

מאַדאַם וויינשטיין האָט געקריגן אַ כּאַר אויגן, ווי די רעדער, פון גרויס פאַרוואונדערונג.

— וואָס ביזטו עפּעס געוואָרן סאַבינעס אַדוואָקאַט... — האָט זי געפרעגט — און וואָס האָסטו מיר עפּעס פריער געהאַלטן אין איין ווינקען, אַז איך זאָל נישט רעדן

— איך האָב היינט ענטדעקט אַ גרויס געהיימניס... — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט שטיל און מיט אַ געהיימניספולע מינע — ווייסט כאָטש ווער סאַבינע איז...

מאַדאַם וויינשטיין האָט אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן.

— איך האָב אונטערגעהערט אַ שמועס צווישן איר מיט זאַלצ־בערגן אין גאָרטן... — האָט סאַלאָמאָן דערקלערט.

— מיט זאַלצבערגן?... וואָס פאַר אַ מחותן איז זי מיט זאַלצ־בערגן?... — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך געוווּנדערט.

— דאָ ליגט טאַקע דאָס געהיימניס...

סאַלאָמאָן האָט איבערגעגעבן דער מוטער דעם אינהאַלט פונעם אונטערגעהערטן געשפּרעך אין גאָרטן.

— אַ גרויס פאַרמעגן ליגט באַהאַלטן פאַר סאַבינען... עס איז געווען, אַז זי זאָל נאָר אַ פּיפּס טון און זי קאָן זיין זעקס מאָל אַזוי רייך ווי מיר...

— גאָט מיינער!... האָט מאַדאַם וויינשטיין אויסגערופן, דערהע־רנדיק רעדן וועגן אַזוי פיל געלט.

— סאַבינע איז, הערסטו, געווען די כלה פון באַרימטן וואַר־

שעווער מאַבֿאַט לעאָן קייזערשטיין... איך האָב געמיינט, אַז עס ווערט מיר נישט גוט, ווען איך האָב דאָס דערהערט... — האָט סאַלאָמאָן דערציילט.

— אָבער איך פֿאַרשטיי נישט, — האָט מאַדאַם וויינשטיין געפֿרעגט, — אַזאַ רייך מיידל גייט דינען?...

— דאָ שטעקט עפּעס אַ געהיימניס. — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט.

— ווען איך האָב זי באַגעגנט אין צוג, איז זי געגאַנגען אָנגעטאָן, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער, — האָט מאַדאַם וויינשטיין דערקלערט, — מסתמא האָט זי זיך פֿאַרנומען מיט פֿלעגן קראַנקע.

— און לעאָן קייזערשטיין וואָלט גענומען פֿאַר אַ כּלה אַ קראַנקן שוועסטער? — האָט סאַלאָמאָן געפֿרעגט.

— מסתמא האָט ער זיך פֿאַרליבט אין איר. — האָט מאַדאַם וויינשטיין געענטפֿערט — און דו זעסט דאָך, אַז ער האָט מיט איר טאַקע נישט חתונה געהאַט...

— אָבער דאָס אַליין, וואָס זי איז געווען לעאָן קייזערשטיינס כּלה, זעט שוין אויס עפּעס... האָט סאַלאָמאָן געזאָגט.

— זי האָט אַזאַ גרויס פֿאַרמעגן. און איך האָב זי באַהאַנדלט ווי אַ פּראָסטע דינסט... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט מיט אַ שיער נישט וויינענדיקער שטים.

— און די היינטיקע סצענע אין זאַלצבערגס אָנוועזנהייט... — האָט סאַלאָמאָן צוגעגעבן.

— גאָט מיינער! ווי אַזוי וועל איך איר קאָנען איצט קוקן אין די אויגן אַריין?... — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך געקלאָגט.

— דו מוזט זען, מאַמע, צו פֿאַריכטן דאָס קאַליע געמאַכטע... דו מוזט זיך פֿון איצט אָן באַגיין מיט איר אַזוי אַז זי זאָל פֿאַרגעסן, וואָס עס איז געווען פֿריער...

— אָבער פֿון ערשטן אָן גייט זי דאָך פֿון אונדז אַוועק...

— מען טאָר נישט דערלאָזן דערצו... דו מוזט זען, זי זאָל ביי אונדז פֿאַרבלייבן אויף ווייטער...

— אָבער וואָס גייט עס דיר אַזוי אין לעבן? — האָט מאַדאַם וויינשטיין נישט געקאָנט פֿאַרשטיין.

סאַלאָמאָן האָט פֿאַרמרוזשעט אַן אייגל...

— דאָס דאָזיקע מיידל איז דאָך אונדז ווי פֿון הימל אַראָפּ

געשיקט געוואָרן... זי האָט אַ גאַנץ שײַנעם נדן און עס איז גאָר־נישט קיין שלעכטער שידוך מיט איר...

— זי האָט אָבער ליב קייזערשטיינען?

— נו, נו, פֿאַרלאָז זיך אויף מיר, מאַמע... — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט מיט זיכערקייט אין זיך — איך וועל איר שוין פֿאַרדרייען דעם קאָפּעליוש... כאַ כאַ כאַ!...

סאַלאָמאָן איז געווען זיכער, אַז ער וועט איצט שיסן צוויי האָזן מיט אַמאָל: אי ער וועט קריגן אַ שיינע כּלה און אי אַ גרויסן נדן...

ער האָט אַפֿילו געהערט אינעם געשפּרעך פֿון סאַבינען מיט זאַלצבערגן, אַז זי וויל דאָס געלט נישט אָננעמען.

„אָבער דאָס מאַכט נישט אויס"... — האָט ער זיך אַליין געטרייסט — „נאָך דער חתונה וועט זי שוין טון, וואָס איך וויל"...

„און ווען זי זאָל אַפֿילו זיך קעגנשטעלן... וועל איך דאָך זיין איר געזעצלעכער מאַן און וועל קאָנען אַרויסטרעטן געריכטלעך אין איר נאָמען"...

„מען דאַרף גאָר דער עיקר האָבן געדולד... אַזעלכע זאַכן קאָנען זיך נישט מאַכן איינס און צוויי, מען מוז גיין לאַנגזאַם און זיכער"...

„אָבער דאָס מאַכט נישט אויס"... האָט ער זיך אַליין געטרייסט. זי וועט גאָר בעסער נישט וועלן... זי האָט דאָך נישט וווּ צו גיין...

אַזוי האָט זיך סאַלאָמאָן געטראַכט און זיין מגושמדיק געזיכט האָט געשיינט פֿון פֿרייד...

— נו, איצטער, מאַמע, גיי אַרויף צו מיין קינפֿטיקער כּלה און נעם זיך צו דער אַרבעט... — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט צו זיין מוטער — געדענק אָבער אַז זי טאָר זיך נישט כאַפּן וועגן גאָרנישט...

סאַבינע איז געזעסן אין איר צימערל אויף דעם גאָרן פֿאַרטיפֿט אין אירע טרויעריקע געדאַנקען.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט, ווי עמעץ קלאַפּט לייכט אָן אין איר טיר.

סאַבינע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ.

„די מאַדאַם וויינשטיין קאָן מיר שוין נישט פאַרגינען דאָס ביסל רו האָט סאַבינע געטראַכט — „זי האָט שוין מסתמא געשיקט נאָך מיר רופן צו אַ נייער אַרבעט".

— ווער איז? האָט סאַבינע געפרעגט.

— איך...

סאַבינע האָט זיך פאַרוואונדערט.

די שטים איז געווען מאַדאַם וויינשטיינס, אָבער ווי זי וואָלט פלוצלונג פאַרענדערט געוואָרן...

עס איז שוין נישט געווען יענער בייסיקער קוויטש, נאָר אַ צאַרט, ווייך שטימעלע, ווי פון אַ גוטער באָבען...

ווען סאַבינע האָט געעפנט די טיר און מאַדאַם וויינשטיין איז אַריינגעקומען — איז סאַבינעס פאַרוואונדערונג נאָך גרעסער געוואָרן.

מאַדאַם וויינשטיינס געזיכט איז איצט איז געווען אַזוי זיס, ווי עס וואָלט געווען באַשמירט מיט האָניק...

— וואָס איז דיר, טייער קינד? — האָט זי אָנגעהויבן מיט אַן אַ זיסלעכער שטים, אַז עס האָט סאַבינען אַזש געאיבלט — צי פילסטו זיך, הלילה שלעכט?... — ביסט הלילה נישט קראַנק?...

— איך פיל זיך נישט איבעריק גוט, — האָט סאַבינע געענט־פערט און נישט אַראָפּנעמען אירע פאַרוואונדעטע אויגן פון מאדאם וויינשטיין, — דער קאָפּ מישט זיך מיר אַביסל, דעריבער האָב איך אַראָפּגעלאָזט דעם טעלער...

— אַזוי?... און איך האָב זיך נאָך געבייזערט. זיי מיר מוחל, טייער קינד... דו ווייסט נישט? מען קומט אַריין אין כעס אַריין, באַרעכנט מען זיך נישט.

„די אַלטע מכשפה איז דאָ עפּעס אויסן"... — האָט סאַבינע זיך געטראַכט — „וואָס איז זי עפּעס פּלוצלונג אַזוי גוט געוואָרן?"

די מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימערל.

— איצט זע איך ערשט, ווי קליין דאָס דאָזיקע צימערל איז... האָט זי געזאָגט — ווייסטו וואָס, סאַבינע? אונטן איז דאָ אַ פרייער צימער, איך וועל אים דיר אָפּגעבן...

— ניין... צו וואָס? — האָט סאַבינע לייכט אַ שמייכל געטאָן — מיר האָבן דאָך אינגאַנצן עטלעכע טעג צום ערשטן...

— אַך... איך האָב גאָר פֿאַרגעסן... ווייסטו וואָס, סאַבינע? בלייב דאָ...

— וואָס עפּעס?... האָט סאַבינע זיך געוווּנדערט.

— נו, איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט אין אַן אויפֿגערעגטער מינוט... עס וועט מיר אָבער שווער זיין אָן דיר... איך האָב זיך צו דיר צוגע־וווינט, דיך ליב געקריגן...

סאַבינע האָט פֿון איר נישט אַראָפּגענומען קיין אויג. זי האָט געוואָלט דערגיין, וואָס די פֿאַלשע פרוי איז דאָ אויסן... זי האָט עס אָבער נישט געקאָנט פֿאַרשטיין.

— אָבער איר ווייסט דאָך, מאַדאַם וויינשטיין, אונדזערע מיי־נונגען וועגן פֿאַרשידענע זאַכן גייען זיך שטאַרק פֿאַנאַנ׳ער — האָט זיך סאַבינע אָנגערופֿן.

— דאָס איז אַ קלייניקייט...

— נו, מיר וועלן נאָך זען... — האָט סאַבינע דערקלערט — איך וועל זיך איבערלייגן...

— יעדנפֿאַלס וועל איך הייסן דיר צוגרייטן אונטן אַ צי־מער... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט — אַפֿילו נאָר אויף עטלעכע טעג... און קיין אַרבייטן זאָלסטו אויך נישט טאָן... ביסט צו איידל דערצו...

זי איז צוגעגאַנגען צו סאַבינען און אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל.

— איך האָב דיר אפֿשר אַמאָל דערקוטשעט, סאַבינע?... אָבער אין דעם זענען בלויז שולדיק מיינע נערוון... איך האָב דיך ווירק־לעך ליב, ווי אַן אייגן קינד.

אין מאַדאַם וויינשטיינס אויגן האָבן זיך באַוויזן פֿאַלשע טרערן...

— איך האָב אַמאָל געטרוימט צו האָבן אַזאַ טאָכטער, ווי דו... האָט זי געכליפּעט — פֿאַרוואָס זאָלסטו נישט זיין מיין טאָכטער און איך דיין מוטער...

דאָס האָט שוין גערירט סאַבינעס האַרץ...

„אפֿשר איז די דאָזיקע אַלטע טאַקע בעסער, ווי עס דאַכט זיך אויס אין פֿלוג... — האָט סאַבינע געטראַכט.

דאָס וואָרט „מוטער״ האָט אַרויסגערופֿן אין סאַבינעס האַרץ

אַ שטראָם פון וואַרעמע געפילן...

עס האָבן זיך דערמאָנט יענע גליקלעכע צייטן, ווען זי פלעגט צוטוליען איר קאָפּ צו דער מוטערס שויס און זיך אויס־וויינען...

קיין שום עגמת־נפש איז נישט אַזוי גרויס געווען, אַז מען זאָל פאַר איר נישט געפינען קיין טרייסט אין דער מאַמעס שויס...

אָבער דער אומצוטרוי צו דער מאַדאַם וויינשטיין איז ביי סאַ־בינע געווען צו שטאַרק, אַז זי זאָל זיך צופיל איבערנעמען מיט אירע זיסע ריידלעך...

— איך דאַנק אייך זייער... — האָט סאַבינע געזאָגט.

מאַדאַם וויינשטיין האָט אַ קוש געטאָן סאַבינען און פאַרלאָזט איר צימערל.

צומאָרגנס האָט סאַבינע פשוט נישט דערקענט נישט בלויז די מאַדאַם וויינשטיין, נאָר אויך נישט איר געלן זון.

סאַלאָמאָן איז אויך ווי פאַרענדערט געוואָרן אין אַן אַנדערן מענטש...

זיין העפלעכקייט און פיינקייט האָט גאָר קיין גרענעץ נישט גע־האַט.

איצט איז סאַבינע שוין זיכער געווען, אַז דאָ שטעקט עפּעס אַ באַהאַלטענע כוונה... זי האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, וואָס די כוונה איז...

מאַדאַם וויינשטיין האָט געהאַלטן וואָרט. סאַבינע האָט מער נישט געדאַרפט טאָן קיין גראָבע אַרבעט, זי האָט אַפילו נישט אַריינ־געשמעקט אין קיך אַריין.

מען האָט צוגענומען אַ פרישע דינסט. סאַבינע האָט נאָר גע־דאַרפט אַכטונג געבן, אַז די הויז־ווירטשאַפט זאָל געפירט ווערן ווי געהעריק.

סאַלאָמאָן פלעגט זיך באַמיען ווי ווייט מעגלעך אָקעגן צוקומען סאַבינעס ווונטשן.

און ווען סאַלאָמאָן האָט באַמערקט, אַז סאַבינע באַציט זיך צו אים מילדער, ווי פריער, האָט ער זיך עס אויסגעטייטשט אויף זיין שטייגער.

„זי ווערט ביסלעכווייז ווייכער"... — האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט נישט געוווּסט, אַז די דאָזיקע מילדקייט ווייזט סאַבינע אַרויס צו יעדן מענטש, אויב ער פירט זיך נאָר אויף אָנשטענדיק.

— האָסט באַמערקט, סאַבינע? האָט איינמאָל די מאַדאַם ווײַנשטיין אַ זאָג געטאָן, ווען זי איז געזעסן אַליין מיט סאַבינען — מײַן סאַלאָמאָן איז גאָר אַן אַנדערער מענטש געוואָרן...

— יאָ — האָט סאַבינע איינגעשטימט, — ער איז געוואָרן סאָלידער און געסטאַטקעוועטער...

— ווייסט כאָטש אַ דאַנק וועמען דאָס איז?...

— אַ דאַנק וועמען? — האָט סאַבינע גלייכגילטיק געפרעגט.

טאַקע אַ דאַנק דיר... האָט מאַדאַם ווײַנשטיין געענטפערט.

— אַ דאַנק מיר?... — האָט סאַבינע זיך געוווּנדערט.

— נעכטן ערשט האָט מיר סאַלאָמאָן געזאָגט: „ווען איך וואָלט פריער באַקאַנט די פריילין סאַבינע, וואָלט איך געווען גאָר אַן אַנדער מענטש"... ער וואָלט פאַר דיר געגאַנגען אין פייער אַריין...

סאַבינע האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן פון אַן איראָנישן שמייכל...

זי האָט זיך דערמאָנט אין יענער סצענע אינעם סחורה־לאַגער און די סצענע מיט אַנדושען... זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון איר אָרט.

— איך מוז גיין זען, צי מען גרייט צו דאָס מיטאָג... — האָט סאַבינע געזאָגט און פאַרלאָזט דאָס צימער.

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט זי באַגלייט מיט אַ בליק, וואָס איז געווען פול מיט צאָרן און האַס...

זי האָט באַמערקט גרינגשעצנדיקע באַציאונג צו סאַלאָמאָנען, וואָס האָט טיף באַליידיקט.

„אַ, מען רופט אַ פערד צום מנין, האַלט ער זיך דערונטער"...

— האָט מאַדאַם ווײַנשטיין געטראַכט — „זי דאַרף זיך דאָך האַלטן פאַר אַ גרויסע זכיה, וואָס סאַלאָמאָן וויל זי פאַר אַ כלה"...

„אַז מען טוט אַ הונט גוטס, בילט ער"...

דער צאָרן האָט זי געפרעסן, ווי זשאַווער...

ערשט ווען סאַלאָמאָן איז געקומען אויף מיטאָג, האָט מאַדאַם ווײַנשטיין זיך פאַר אים אויסגערעדט דאָס האַרץ.

— די מויד קרימט אויף דיר מיט דער נאָז... — האָט זי גאַליק געזאָגט — איר חוצפה איז אַזוי גרויס, ווי זי וואָלט טאַקע עפּעס געווען...

סאַלאָמאָן האָט פאַרביסן אַ ליפּ...

— און וואָס גייט עס מיך אָן, וואָס זי קרימט זיך ?... — האָט ער אַ בורטשע געטאָן — מיר גייט דאָך נאָר אָן וועגן איר נדן...

— נו, ווי אַזוי וועסטו האָבן דעם נדן, אויב דו וועסט איר נישט געפעלן ?... הער אויס, סאַלאָמאָן — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט ; דו מוזט זיך מיט עפּעס אויסצייכענען פאַר איר !...

— אויסצייכענען... אפשר זאָל איך אַרויסטרייבן די יאַפּאַנער פון כינע, אָדער די איטאַליענער פון אַביסיניען ?... — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט מיט שפּאָט. — איך טויג נישט אַנדערש, ווי אַ העלד ?...

— יאָ. דו מוזט עפּעס אַרויסווייזן פאַר איר אַ העלדישקייט ?... פּרויען האָבן דאָס ליב...

— אַ העלדישקייט ?... אַרויסרייסן אַ בוים מיט די וואָרצלען ?... אָדער דורכהאַקן אַ וואַנט מיט דער פּיסט ?...

— לאָז צורו מיט דיינע וויצן, סאַלאָמאָן ! — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך באַליידיקט — איך רעד דאָך צו דיר ערנסט !

— נו, זאָג, מאַמע, ערנסט ! וואָס קאָן איך איר פּלוצלונג באַווייזן אַזעלכעס, אַז זי זאָל קאָנען באַוואונדערן מיין העלדישקייט ?...

מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

פּלוצלונג האָבן אירע אויגן אויפגעלויכטן פון פריד.

— איך האָב ! — האָט זי אויסגערופן — קום אַריין אין קאַבינעט, וווּ קיינער וועט אונדז נישט קאָנען אונטערהערן.

## קאַפּיטל איין און נײַנציק

## חרטה !...

מאַרילע איז געזעסן אויף דער שיף און אַראָפּגעקוקט צו די ברויזענדיקע כוואַליעס פון ים.

אומעטיקע געדאַנקען האָבן געוואַנדערט דורך איר מוח...

ווי לאַנג איז דען ווען זי איז געפאָרן איבערן ים קיין אַמע־ריקע? אַ פרישע, אַ שיינע, זיכער אין איר שיינקייט און טאַלאַנט, ביים אָרעם פון איר געליבטן... פול מיט האָפענונגען אויף דער צוקונפט...

און איצט ?... ע

אַ צעבראָכענע, אַ קראַנקע, אָן שום אויסזיכטן אויף דער צו־קונפט, קערט זי זיך אום צום מאַן, וועלכן זי האָט פאַראַטן, כדי צו פאַלן אים צו די פיס און בעטן פאַרגעבונג...

מאַרילע האָט לאַנג געקעמפט מיט זיך, ביז זי האָט באַשלאָסן צו פאָלגן דזשעניס עצה און זיך צוריק אומקערן צום מאַן.

„צי וועט ער מיך גאָר אויפנעמען”?... — האָט זי געטראַכט „צי וועט ער זיך פון מיר נישט אָפקערן מיט האַס און פאַראַכ־טונג ?”...

„צי וועט ער מיר קאָנען מוחל זיין און פאַרגעסן דאָס, וואָס איך האָב געטאָן קעגן אים”?...

אויף דער שיף האָט זי זיך געהאַלטן אָפגעזונדערט און ווייט פון אַלעמען. אירע איינציקע פריינד זענען געווען אירע טרויעריקע געדאַנקען...

אין האַמבורג איז זי אויסגעשטיגן פון דער שיף און זיך אויפ־געזעצט אויף דער באַן, וואָס האָט זי געפירט קיין פוילן...

אין איינעם, אַ העלן זומערדיקן טאָג, ווען אַדאָלף איז געזעסן אין זיין קאַבינעט, אַריבערגעבויגן איבער זיינע פאַפּירן האָט פּלוצ־לינג עמיץ אָנגעקלאַפּט.

— ביטע! — האָט אַדאָלף אויסגערופן.

די טיר האָט זיך דאַן געעפנט און אויף דער שוועל איז געב־ליבן שטיין — מאַרילע...

אַדאָלף איז געבליבן זיצן, ווי אַ פאַרגליווערטער פון איבער־ראַשונג.

ער האָט געקוקט אויף איר און געפינטלט מיט די אויגן...

„צי איז עס אַ חלום”?...

„ניין, עס איז מאַרילע”...

איידער אַדאָלף האָט זיך באַוויזן צו אָריענטירן, איז שוין מאַ־רילע אַ פאַל געטאָן צו זיינע פיס...

— אַדאָלף!... — האָט זי געשעפּטשעט — אַדאָלף!...

זי האָט זיך צעכליפּעט אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין...

אַדאָלף איז טיף גערירט געוואָרן...

מיט אַ געפיל פון טיפן ווייטאָק האָט ער באַטראַכט מאַרילען, דאָס איז מער נישט געווען די שיינע מאַרילע. זי האָט איצט אויסגעזען אַלט און קראַנק...

אַדאָלפן האָט איצט באַהערשט אַ געפיל פון טיפן רחמנות.

ער האָט חשק געהאַט צוצוגיין צו מאַרילען און איר באַרואיקן און אַ גלעט טאָן איבער די האָר...

אָבער אין דעם מאָמענט האָט אויפגעלעבט אין זיין דערנערונג יענע סצענע, ווען די זעלבע מאַרילע האָט מיט אַ שרעקלעכן ציניזם געשפּאָט איבער זיינע ליידן...

— די דאָזיקע פרוי האָט באַצאָלט פאַר זיין הייסער ליבע מיט געמיינעם פאַראַט!... האָט עס געשריען פון זיין האַרץ.

אַדאָלפס געזיכט איז געוואָרן פאַרזואָלקנט און האַרט...

אָבער מאַרילע איז אַלץ געבליבן ביי זיינע פיס און געשעפּטשעט וויינענדיק:

— אַדאָלף!... זיי מיר מוחל, אַדאָלף...

אַרום איר איז געווען טויט־שטיל.

בלויז דאָס כליפּען פון דער אומגליקלעכער פרוי האָט געטריפט אין דער שטילקייט...

— קאָנסטו מיר מוחל זיין?...

— ניין!... איז ווי אַ האַרטער שטיין געפאַלן אַדאָלפס ענטפער.

מאַרילעס שלוכצן איז העכער און האַרצרייסנדער געוואָרן...

— איך ווייס... איך האָב שווער געזינדיקט קעגן דיר... אָבער איך בין דערפאַר שווער געשטראָפט געוואָרן... ווען דו זאָלסט וויסן וויפל איך האָב זיך אָנגעליטן...

— נישט מיין שולד... — האָט אַדאָלף געענטפערט — און ווען עס וואָלט דיר נישט שלעכט געגאַנגען, וואָלסטו אויך צוריקגעקומען?...

מאַרילע האָט טיף אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— דער שטאָלץ און די ליידנשאַפט האָבן מיך פאַרבלענדט...

— האָט זי געזאָגט — די ליידן האָבן מיך בעסער געמאַכט...

— די קלעפּ פונעם שיקזאַל קאָנען אַ מענטש בויגן... זיי קאָנען אים אָבער נישט בעסער מאַכן... מיר קאָנען מער נישט זיין צו־זאַמען... דעם פּאָדעם, וועלכן דו האָסט צעריסן, קאָן איך מער נישט פאַרקניפּן....

— אַדאָלף... דו האָסט דאָך מיך אַזוי ליב געהאַט...

— יאָ... אָבער יענץ געפיל איז שוין לאַנג פאַרלאָשן אין מיין האַרץ...

— אויסגעלאָשן ?... מיטן פלאַם פון אַן אַנדער געפיל, צו אַן אַנדערער ?...

אַ טיפער, ווייטאָקפולער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון מאַ־רילעס האַרץ...

אַדאָלף האָט אַ ציטער געטאָן...

מאַרילע האָט נישט ווילנדיק אָנגערירט די נאָך נישט פאַרהיילטע וווּנד אין זיין האַרץ...

— אַן אַנדער געפיל... צו אַן אַנדערער... — האָט ער איבער געחזרט מאַרילעס ווערטער און אַ טיפן זיפץ געטאָן — כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ־כאַ !...

אין אַדאָלפס געלעכטער איז געווען אַ ביטערקייט ווי גאַל... און אויך אַ ביסל פאַרצווייפלונגס־משוגעת...

מאַרילע האָט אויף אים געקוקט פול מיט מיטלייד.

— דו ליידסט... — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן.

— דו פילסט מיר מיט, האַ, מאַרילע ?... פונקט ווי „יענע" האָט מיך מיטגעפילט, ווען דו האָסט מיך פאַרראַטן... כאַ־כאַ־כאַ־כאַ !... אַלע זענט איר די זעלבע !...

— אַדאָלף... דאָס האַרץ ווערט מיר צעשניטן קוקנדיק אויף דיר... — האָט מאַרילע זיך צעיאָמערט — וואָס איז פון דיר גע־וואָרן ?...

— נו־נו... שטיי אויף, מאַרילע ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן — איך בין נישט קיין אָפּגאָט, וואָס דו קניסט פאַר מיר...

מאַרילע האָט זיך אויפגעשטעלט.

— דו ביסט מיר מוחל ?... — האָט זי געפרעגט וויינענדיק מיט טרערן פון פרייד.

— פאַראַן זאַכן, וואָס מ'קאָן קיינמאָל נישט מוחל זיין... —

האָט אַדאָלף געענטפערט — אָבער דו ביסט קראַנק... איך בין גרייט דיר צו העלפן...

— צו העלפן?...

— יאָ... דינג דיר אַ שיינע דירה, נעם דיר צו אַ דינסט, איך וועל זאָרגן פאַר דיר... נאָר איין באַדינג: זאָלסט קיינמאָל נישט קומען אין מיין הויז...

מאַרילע האָט זיך אויסגעגלייכט... אויף איר געזיכט האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן איר אַמאָליקער שטאָלץ...

— ניין!... — האָט זי אויסגערופן און ענערגיש געשאָקלט מיטן קאָפּ. — ניין, אַדאָלף!... קיין נדבות וועל איך ביי דיר נישט נעמען!... נישט די מורא פאַר אָרעמקייט און הונגער האָט מיך צו דיר געטריבן...

— נאָר וואָס דען? — האָט אַדאָלף געפרעגט.

— די שטים פון מיין געפייניגטן געוויסן... איך טרינק זיך איצט אין פאַרצווייפלונג... ווילסט מיר נישט דערלאַנגען אַ רעטנדיקע האַנט?... איך ווייס, אַז איך פאַרדין נישט דיין מיטלייד... אָבער איך בעט דיר... מיט מיינע לעצטע קרעפטן...

אַ שטראָם טרערן האָט גענומען פלייצן איבער מאַרילעס געזיכט.

מיט אַ כליפּנדיקער שטים האָט זי גענומען אַדאָלפן דער־ציילן די ליידנס־געשיכטע פון איר לעבן זינט זי איז אַוועק פון אים.

דעם דורכפאַל אין טעאַטער... די קראַנקהייט... דאָס פאַרלירן די שטימע... איר גאַנצע פאַרצווייפלונג...

דאָס אַלץ האָט זי געשילדערט פאַר אַדאָלפן אין לעבעדיקע פאַרבן, אַזוי, אַז איר אומגליק איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן אין זיין גאַנצער גרויזאַמקייט.

וועגן איין זאַך בלויז האָט זי נישט דערציילט — וועגן הער־מאַנען און וועגן זיין שולד אין איר אומגליק...

ס'איז פאַר איר געווען אַ צו גרויסע חרפּה און באַליידיקונג...

איז דאָס דאָך געווען דער זעלבער, צוליב וועלכן זי האָט אַדאָלף פאַרראַטן און פאַרלאָזט...

ווי טראַגיש איר דע רציילונג איז נישט געווען, האָט אַדאָלף

אַל נישט געקאָנט מוחל זיין מאַרילען איר פאַרראַט.

סאיז איצט געשטאַנען פאַר זיינע אויגן דאָס בילד, ווען ער האָט זי געכאַפּט אויף דער הייסער מינוט און זי האָט אים באַגעגנט מיט אַן אומפאַרשעמטן שפּאָטישן בליק...

און באַלד האָט אין זיין געדאַנק אויפגעטויכט — ליזע...

וויפל האָפענונגען האָט ער געוועבט וועגן איר !...

„נעבן איר וועל איך צוריק מיין גליק געפינען" — האָט ער געטרוימט. — „זי וועט מיך טרייסטן אין מיין ביטערער אַנטויי־שונג אָן מאַרילען"...

אָבער ווי טיף און ווי שרעקלעך האָט ער זיך אַנטוישט !...

„אַלע פרויען זענען אָן ערן־געפיל און אָן געוויסן"... — האָט אַדאָלף געטראַכט. — „אַזעלכע איז שוין די נאַטור פון דער פרוי... מיט וואָס־זשע איז מאַרילע ערגער פון אַלע אַנדערע ?..."

אַדאָלף האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און דערנאָך אַ זאָג געטאָן :

— קאָנסט זיך אומקערן אַהיים, מאַרילע...

מאַרילעס געזיכט האָט אויפגעלויכטן פון פרייד...

— איך דאַנק דיר אַדאָלף !... — האָט זי אויסגערופן און אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט. — איך וועל זיך באַמיען דיר אָפּצוצאָלן פאַר דיין גוטסקייט... אויפצולעבן די אַמאָליקע שיינע טעג...

אָבער אַדאָלף האָט טרויעריק אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ליידער... — האָט ער געזאָגט — איך גלויב נישט אין דעם... דאָס צעריסענע קאָן מען מער נישט צוריק גאַנץ מאַכן... דו קערסט זיך אום אין מיין הויז, אָבער...

